דער „קאָמיטעט צו פאראייביגען דאָס אנדענקען פון ס. יושקעוויטש“ דריקט אויס זיין הארציגען דאנק גריגאָרי דאווידאָוויטש לעסין פאר זיין גוטסקייט, א דאנק וועלכער עס איז געשאפען געוואָרען די מעגליכקייט ארויסצוגעבען אויף אידיש דריי בענדער געזאמעלטע שריפטען פון ס. יושקעוויטש.

סעמיאָן סאלאָמאָנאָוויטש יושקעוויטש איז געבוירען געוואָרען און אויסגעוואַקסען אין אָדעס, א מאָל איינע פון די רייכסטע רוסישע האפען־שטעדט, אין וועלכער עס האָט געבליהט א גרויס אידיש לעבען. אונטען אין דער שטאָדט, נישט ווייט פון דעם האפען, אין דעם הויז פון דעם אָריגינעלען אידישען ריעז, דעם אידישען סוחר סאלאָמאָן מאָיסעיעוויטש יושקעוויטש און זיין פרוי אנא גריגאָריעוונא, איז דאָס קינד געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1869, מיט צוויי יאָהר פאר דעם ערשטען אָדעסער פסח־פּאָגראָם. נישט וועניג קינדער זענען גע־וואקסען אין דעם הויז. די מוטער פון דעם דיכטער האָט אינגאנצען געהאט פיערצעהן קינדער, א טייל פון זיי איז געשטאָרבען אין זייערע יונגע יאָהרען. אָבער עס איז געוועזען א צייט, ווען דער קליינער סע־מיאָן איז געוואקסען צוזאמען מיט אנדערע זיעבען ברידערלאך און שוועסטערלאך.

דריי יאָהר אלט האָט סעמיאָן אָנגעהויבען געהען אין א אידישער עלעמענטארער שולע. מען האָט דאָ געלערנט אלע למודים אויף רו־סיש. די קינדער פלעגען דאָ פארבלייבען א גאנצען טאָג. שפּעטער, אין משך פון זיין גאנץ לעבען, האָט יושקעוויטש אָפט דערמאָנט די שולע, אמת, מיט ניט קיין בייזע, אָבער אויך מיט ניט קיין גוטע גע־פיהלען. מען האָט דאָ א סך געשלאָגען די קינדער, שלעכט געלערנט און די קליינע באשעפענישען האָבען נאָר געטראכט וועגען דעם, ווי גיכער פּטור צו ווערען פון דער שולע.

די עלטערן פון דעם יונגען יושקעוויטש זענען געווען צו פיעל פארנומען, כדי אָבצוגעבען זיך מיט דער ערציהונג פון זייערע קינדער. דער פאָטער איז שטענדיג געווען פארטהון אין דאגות פרנסה. די מוטער, א שעהנע פרוי מיט א לעבעדיגען און פראקטישען שכל, האָט אויך געהאט א סך פאמיליען־זאָרגען, שטענדיג געווען פארנומען.

דער פאָטער פון דעם דיכטער איז געווען א זעלטענע ביי אידען ערשיינונג. אונגעוועהנליך הויך און שטארק ווי א ריז איז ער געווען אָפט ביטער געשטימט, היציג, אָבער אין דער אייגענער צייט זעהר ווייך און גוט. ער האָט ניט ליעב געהאט זיינע געשעפטען, האָט נאָר געזעהען, ווי אוועקצוגעהען פון זיי. זיין גרעסטע ליידענשאפט איז געווען — טויבען. פאר א פּאָר גוטע ראסען־טויבען האָט ער גע־צאָהלט אונגלויבליכע פרייזען, האָט זיך געפּאָרעט מיט זיי גאנצע טעג. די קינדער האָבען מורא געהאט פאר'ן פאָטער, אבער אין דער אייגע־נער צייט איהם שטארק ליעב געהאט. ער פלעגט שפּיעלען אויף א גיטארע און א מאָל דערצעהלען זיי העלדען־מעשיות פון זיין שטור־מישער יוגענד.

דער יונגער סעמיאָן איז געוואקסען אייגענטליך מעהר אויף'ן הויף, אינמיטען פון א מענגע איינוואוינער, מיט וועלכע ער איז געווע־זען געקניפּט און געבונדען. דער ים מיט דער אונגעהויערער בעוועגונג אין האפען; די טויבען; דאָס שטענדיגע באָדען זיך; די רוישיגע שטאָדט; דער מארק — דאָס איז געווען די סביבה, אין וועלכער דאָס קינד איז ערצויגען געוואָרען. נישט קיין וואונדער, וואָס סע־מיאָן האָט זיך שלעכט געלערנט. פארענדיגט ווי עס איז די אידישע שולע און אריינגעטרעטען אין די צווייטע גימנאזיע, אָבער אזוי שלעכט געלערנט זיך, אז פון דעם דריטען קלאס האָט מען איהם גאָר געמוזט צונעהמען.

זיין בעסטער חבר איז געווען זיין יונגערער ברודער פּאוועל. מיט איהם פלעגט ער טיילען זיינע פריידען און זאָרגען, איהם פלעגט ער דערצעהלען מיט אימפּעט זיינע שטענדיגע פאנטאזיעס. מיט איהם צוזאמען האָט ער אויך אָנגעהויבען שרייבען זיין ערשטע טעאטער־פּיעסע, זייענדיג אנ'ערך פופצעהן יאָהר אלט. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון זיין ליטערארישער שאפונג. פון דענסטמאָל אָן האָט ער גענומען שרייבען: נאָטיצען, ארטיקלען, ערצעהלונגען — און קיין איינציגע זאך האָט מען אין ערגעץ־נישט געוואָלט אָננעהמען צום

דרוקען. דאָס האָט אָבער ניט געהאַט קיין איינפלוס אויף זיין חשק צו שרייבען. אויף אזוי פיעל, אז צוליעב דעם שרייבען האָט ער ניט געקענט זיך ווייטער לערנען. מיט גרויסער מיה האָט ער אויסגעהאַל־טען דעם עקזאמען פאר פיער קלאסען גימנאזיע און איז אריינ־געטרעטען אין אנ׳אַפּטייק, כדי צו ווערען אין צוויי יאָהר ארום גע־הילף פון א פּראָוויזאָר.

אנ׳ערך פופצעהן יאָהר אלט איז ער איצט געוועזען. דער יונ־גער מאַן האָט זיך געפיהלט ווי אויף פליגלען געטראָגען ערגיץ וואו גאָר אין דער הויך. ער האָט געליינט א סך, דיסקוטירט און רעזאָ־נירט אָהן א שיעור, שטורמיש פיינד געהאַט וואָסערע עס איז או־טאָריטעטען, האָט זיך געפיהלט ווי א גבור. ווידער געשריבען און ווידער באקומען צוריק די מאנוסקריפּטען פון די רעדאקציעס. אין דער צייט ווערען געשאפען אין זיין הארצען די טיעפע איינדרוקען און בילדער פון א סך פון זיינע שפּעטערדיגע ערצעהלונגען. ער דער־פיהלט די גאַס און זעהט גוט די ״צופאלעניש״, וואָס שפּיעלט זיך אָב פאר זיינע אויגען. פלעגט זיך פארשפּארען אָפט אין זיין צימער און שרייבען, שרייבען אָהן א שיעור. פּראָבלעמען פון רעליגיע און מאָראַל האָבען איהם באהערשט. דאָסטאָיעווסקי האָט ער פארגע־טערט. אונטער דעם איינפלוס פון דאָסטאָיעווסקי האָט ער אין א געוויסען מאָמענט ארומגעטראָגען מיט זיך סם, כדי צו פארענדיגען דאָס לעבען „ווען די צייט וועט קומען״.

אָט אין די יונגע יאָהרען פערליעבט זיך דער צוקונפטיגער דיכ־טער. ער טרעפט פאלינא פינקעלשטיין און עס הויבט זיך אָן א פלאמענדער ראָמאַן, וואָס פארענדיגט זיך מיט א שרעקליכער דראַ־מע. סעמיאָן יושקעוויטש פאָהרט אוועק קיין קיעוו, כדי דאָ צו האַל־טען עקזאמען אויף געהילף פון פּראָוויזאָר און קומט צוריק. ער איז געוואָרען ערשט זיבצעהן יאָהר אלט. ניט זאָגענדיג קיינעם פון די עלטערן קיין וואָרט געהט ער אוועק פון דער היים און האָט חתונה. דער פאָטער האָט מעהר נישט געוואָלט הערען פון דעם זון. יוש־קעוויטש בלייבט וואוינען אין הויז פון זיין שווער. זיין פארדיענסט איז קלעגליך — צעהן רובל א חודש. פון איין אַפּטייק געהט ער ארי־בער אין א צווייטער, קאָן זיך אין ערגיץ נישט האלטען צוליעב זיין היציגקייט. די מוטער האָט זיך דערבארימט און איהם ביסלעכווייז געהאָלפען, דער פאָטער האָט איהם אפילו נישט געוואָלט זעהן.

די יונגע פרוי געהט צו קינד און שטאַרבט. ביים יונגען פאַטער בלייבט אויף די הענד א זון, פּאוועל. סעמיאָן קעהרט זיך אום אין הויז פון זיינע עלטערן. דאָס איז געוועזען אין יאָהר 1888.

דעם יאָהר האָט זיך די פאמיליע אריבערגעצויגען אין דער שטאָדט אריין. די געשעפטען ביים פאָטער זענען אוועק זעהר שלעכט. די קינדער זענען שוין אונטערגעוואקסען, האָבען שוין געהאלטען ביים פארענדיגען די מיטעלשולען. דער פאָטער האָט געוואָלט, אז זיי זאָלען זיך לערנען ווייטער, אָבער קיין מיטלען דערצו זענען ניט געוועזען. סעמיאָן יושקעוויטש האָט ניט אויפגעהערט צו שרייבען, הגם אין דרוק איז נאָך גאָרנישט ניט ערשינען. ביז דער ווילען האָט דורכגעזעצט זיין'ס: די צייטונג "אָדעסקי ליסטאָק" האָט אָבגעדרוקט זיין ערצעהלונג: "ווי אזוי איוואן איליטש האָט זיך פארליעבט און אויפגעהערט צו ליעבען". פון דענסטמאָל ערשיינען פון צייט צו צייט זיינע ערצעהלונגען. פון אזא מין "ליטעראטור" האָט מען אָבער ניט געקאָנט לעבען. סעמיאָן יושקעוויטש ענטשליסט זיך צו פאָהרען קיין פאריז, כדי דאָ צו שטודירען מעדיצין. די ערשטע צייט העלפט איהם זיין פאָטער. אין א צייט ארום קומט אָן קיין פאריז זיין ברודער, מיכאיל, א סטודענט פון וויען, און טרעט אויך אריין אין דער סאָרבאָנע.ביידע ברידער לעבען צוזאמען, אָבער עס ווערט דערפון ניט גרינגער. סעמיאָן זוכט וואו צו פארדינען, זינגט אין א כאָר פון סימפאָנישע קאָנצערטען, פארדינט ביסלעכווייז מיט מאסאזש.

מיט דער רוסישער עמיגראציע קומט יושקעוויטש א סך אין באריהרונג, אָבער טרעט קיין מאָל ניט ארויס עפענטליך. ער איז שטענדיג אין דער אָפּאָזיציע צו אלץ און צו אלעמען. ער האָט שטענדיג זיין אייגענעם אמת, גריבעלט אין זיך אליין.

זומער פלעגט יושקעוויטש א מאָל קומען קיין אָדעס. אין איינעם פון זיינע באזוכען געפינט ער זיין פאָטער ביים גוסס'ען. אין יאָהר 1895 שטאַרבט דער פאָטער אין אנ'עלטער פון 56 יאָהר. אין דעם אייגענעם יאָהר קומט אָן קיין פאריז די פאמיליע זייליגער און דער ברודער מיכאיל האָט חתונה געהאט מיט איינער פון די זייליגנגערס, סאָפיא. סעמיאָן איז שוין פון פריהער בעקאנט געוועזען מיט זיין צוקונפטיגער פרוי, א צווייטער פון די זייליגערס, נאַסטאַסיאַ. אין איהר פארליעבט ער זיך מיט דעם גאנצען פייער פון זיין שטורמישען

טעמפּעראַמענט, הויבט אָן צו טראַכטען וועגען אַ נייען פאַמיליען־לעבען.

צום סוף פון זיינע סטודענטען־יאָהרען, אַרום 1900, שיקט אַוועק יושקעוויטש זיין ערצעהלונג "דער שניידער" אין דער רעדאַקציע פון דעם בארימטען מאָנאַט־זשורנאַל "רוסקאיע באָגאַטסטוואָ". וו. ג. קאָראָלענקאָ, דער בארימטער שרייבער און ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל, נעהמט אָן די ערצעהלונג זעהר וואַרם און דרוקט זי. יושקעוויטש שיקט נאָך דעם די ערשטע קאַפּיטלען פון זיין "צור־פאַלעניש", שפּעטער "נאָטיצען פון דעם סטודענט פּאַוולאָוו", אָבער קאָראָלענקאָ איז ניט צופרידען און נעהמט זיי ניט. יושקעוויטש אַר־בייט ווייטער, ער שרייבט אָן זיין ערשטע גרויסע ערצעהלונג "איטע היינע", וועלכע „רוסקאיע באָגאַטסטוואָ" דרוקט. דאָס ווערק האָט אַזאַ ערפאָלג, אַז קאָראָלענקאָ רופט אַרויס דעם שרייבער קיין פּעטערסבורג.

אין יאָהר 1901 האָט יושקעוויטש חתונה און פאָהרט אַוועק קיין פאַריז, וואו ער האַלט די עקזאַמענס. איצט הויבט זיך אָן די צייט פון זיין גרויסער ליטעראַרישער טעטיגקייט. מאַקסים גאָרקי איז געוועזען דער, וואָס האָט זיך מיט אַ באַזונדערס גרויסען אינטערעס באַצויגען צו דעם יונגען שרייבער. אין יאָהר 1903 איז ערשינען דער 1־טער באַנד פון סעמיאָן יושקעוויטש'עס ווערק אין גאָרקי'ס בעקאַנטען פערלאַג "וויסען" ("זנאַניע"). דאָס איז געוועזען אין יענע צייטען די העכסטע אָנערקענונג פאַר אַ שרייבער. די ווייטערדי־גע ווערק פון יושקעוויטש'ען הויבען אָן ערשיינען אין די זאַמעלביכער פון "וויסען". יושקעוויטש ווערט איינער פון די געלעזענסטע און איי־נער פון די פּאָפּולערסטע שרייבער אין רוסלאַנד.

געבוירען און ערצויגען אין אָדעס, אינמיטען פון אַ גרויסער אידישער באַפעלקערונג, אָנגעזעטיגט מיט דעם זאַפט פון דער רו־סישער ליטעראַטור, פלעגט יושקעוויטש ניט זעלטען זאָגען, אַז גראַ־דע דער שטאָדט פאַריז איז ער פאַרפליכטעט מיט אַלץ, וואָס איז איהם טייער: דאָ האָט ער באַקומען זיין בילדונג, דאָ האָט זיך אין איהם אויסגעאַרבייט זיין וועלטאַנשויאונג, דאָ האָט ער פיעל געשרי־בען און געשאַפען. אָבער ער לעבט איצט די גאַנצע צייט אין אָדעס, אין דעם גרויסען און באַוועגטען צענטר פון אידישען און רוסישען

לעבען. עס קאָכט ארום איהם. אנ'אָטעם פון נייע גרויסע געשעהעני־
שען שפירט זיך.

איצט שטעהט ער שוין פאר דעם יאָהר 1904. אין רוסלאנד
ווערט אונרוהיג. וואָלקען זאמלען זיך. עס ברעכט אוים די שרעקלי־
כע שחיטה פון דעם פאָגראָם אין קישינעוו. ער ארבייט גראדע איבער
זיין בעקאנט ווערק „די אידען”. אין יאָהר 1905 ערשיינט דאָס
בוך אין פעטערסבורג — אָהן דעם לעצטען קאפיטעל. די צענזור
האָט פארבאָטען דעם קאפיטעל.

אין לאנד איז געוואָרען אומרוהיג. יושקעוויטש פאָהרט ארויס
אויף א צייט קיין בערלין מיט זיין פאמיליע. דאָ שרייבט ער אָן
זיין פיעסע "אין דער שטאָדט”. גראדע אין דער צייט שפיעלט אין
אויסלאנד דאָס "מאָסקווער קינסטלער טעאטער”. יושקעוויטש לייי־
ענט זיין פיעסע דעם דירעקטאָר פון טעאטער נעמיראָוויטש־דאנ־
טשענקאָ. די פיעסע געפעלט אזוי שטארק, אז מען נעהמט זי באלד
ביי איהם און מען גיט איהם אנ'אוואנס. די פיעסע האָט מען פון־
דעסטוועגען ניט געשפיעלט אין מאָסקווא. ערשט א סך יאָהרען
שפעטער האָט זי געהאט א גרויסען ערפאָלג צוערשט אין אויסלאנד,
נאָך דעם שוין אין רוסלאנד.

סעמיאָן יושקעוויטש הויבט אָן צו שרייבען פאר דער ביהנע.
זיין "קעניג” האָט מען אָנגענומען אויף דער קייזערליכער ביהנע
פון דעם אלעקסאנדרינער טעאטער אין פעטערסבורג. די פיעסע האָט
מען איינשטודירט, שוין געוועזען די גענעראל־פראָבע. אין לעצטען
מאָמענט האָט מען געהייסען די פיעסע — ניט שפיעלען. עס האָט
זיך ארייגעמישט די בארימטע שוישפילערין סאווינא. זי האָט
עס אזוי ווייט געבראכט, אז מען האָט געשפיעלט די פיעסע אין
אנ'אנדער קייזערליכען טעאטער, אין דעם מיכאילאָווסקי, אָבער גע־
שפיעלט האָט מען זי סך הכל דריי מאָל.

סאווינא האָט עס אויך דורכגעזעצט אין יאָהר 1914, אז מען
זאָל שפיעלען זיין "מענדעל ספיוואק” — איין מאָל נאָר. זי
אליין, וועלכע האָט געהאלטען יושקעוויטשען פאר דעם "צווייטען
אָסטראָווסקי”, פאר דעם „יורש פון גאָגאָל”, האָט געשפיעלט אין
„מענדעל ספיוואק” א קליינע ראָליע.

נאָך דעם "קעניג” האָט יושקעוויטש אָנגעשריבען "געלד” אין
יאָהר 1907, אויפגעפיהרט אין טעאטער קאמיסארזשעווסקי.

אין פאָלגענדען יאָהר 1908 ערשיינט דער ערשטער באנד פון דעם גרויסען ראָמאַן ״לעאָן דריי״. סעמיאָן יושקעוויטש האָט א סך יאָהרען געטראכט און געגרייט זיך צו דער שילדערונג פון דער דאָזיגער געשטאלט, וועלכע ער האָט געהאלטען פאר א טיפּישער פיגור, טיפּיש פאר דער צופאלעניש פון דער קליינבירגערליכער אי־דישער געזעלשאפט. דאָס בוך האָט ארויסגערופען א מאסע וכוחים, גרויסע מיינונגס־פארשידענהייטען און אונענדליך פיעל ערגער פאר דעם שרייבער. סעמיאָן יושקעוויטש, א איד אין זיין גאנצען וועזען און דענקען, האָט ניט געוואָלט הערען, אז מען טאָר ניט רעדען הויך, אויפ׳ן קול, וועגען דעם, אז אויך מיר, אידען, האָבען אלערליי אויסוואורפען און געפאלענע. עס איז פאר איהם ניט געוועזען קיין פראגע פון מאָראל אָדער נאציאָנאלען שטאָלץ — עס איז פאר איהם געוועזען א ע ר ש י י נ ו נ ג אין אידישען לעבען, מיט וועלכען ער האָט זיך געפיהלט טיעף פארבונדען, וועלכע ער האָט גוט געקענט.

כמעט אין איין צייט ווערען גרייט צוויי נייע, אזעלכע פאר־שידענע פּיעסען ווי ״מיזרעך״ און די ״פאמיליען־קאָמעדיע״. 1910 פיהרט אויף דאָס מאָסקווער קינסטלער טעאטער ״מיזרעך״, דאָס אמת פאָלקסטימליכע אידישע ביהנען־ווערק. די ״פאמיליען־קאָמעדיע״ ווערט אויפגעפיהרט אומעטום מיט א ריעזיגען, שטור־מישען ערפאָלג, הגם זי רופט אויך ארויס א סך שטרייטען, באשול־דיגונגען געגען דעם מחבר.

עס דערנעהענטערט זיך דאָס יאָהר 1914. פריהלינג פון דעם יאָהר געפינט זיך דער שרייבער מיט זיין פאמיליע אין פאריז, בלייבט אָבער דאָ ניט לאנג און קעהרט זיך אום צוריק אהיים. אין עטליכע חדשים ווידער קיין פאריז און ווידער צוריק. עס האָט אויסגעבראָכען די מלחמה. אויף א מענשען מיט אזא פיינגעפיהל האָבען די געשעהענישען געמוזט מאכען א שרעקליכען איינדרוק. אָבער דער שרייבער אין איהם האָט זיך געאיילט. 1914 האָט ער פארענדיגט ״מענדעל ספּיוואק״, 1915 — דעם ״לופט מענש״, 1916 — „די מעשה וועגען דעם ה׳ סאָנקין״, „איטא׳ס שטאָדט״.

אין יאָהר 1917 איז געשטאָרבען די מוטער פון סעמיאָן יוש־קעוויטש. דעם איינענעם יאָהר איז ביי איהם געבוירען געוואָרען זיין צווייט טעכטערל. טויט און ניי לעבען כמעט אין איין צייט.

סוף מלחמה. אָנהויב פון בירגער קריג. די פריינד פון דעם שרייבער האָבען זיך דערמאָנט אין יאָהר 1919, אז עס זענען שוין אוועק 25 יאָהר פון זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט און האָבען עס געפייערט אין א אינטימען קרייז. אין דעם אייגענעם יאָהר האָט ער פארענדיגט דעם דריטען באנד פון "לעאָן דריי".

1920. דער אָנהויב פון די שווערע, ביז גאָר שווערע יאָהרען. דער אָנהויב פון א נויט. מען האָט געמוזט פארקויפען די בילדער פון הויז, אנדערע זאכען. יושקעוויטש האָט געמאכט א גרויסע אָנשטרענגונג און איז ארויסגעפאָהרען פון רוסלאנד צוזאמען מיט זיין פאמיליע. געמאכט די געפעהרליכע רייזע איבער רומעניען, אָנגעקומען קיין פאריז, געלעבט א צייט אין בערלין און ווידער צוריק קיין פאריז, וואו עס איז איהם באשערט געוועזען צו געפינען זיין לעצטע רוהע...

פאר דעם ערשיטערטען שרייבער, וואס איז פלוצלינג געבליבען אָהן אנ'אייגענער סביבה. אָהן דער מעגליכקייט פיעל צו ארבייטען, אָהן שום מיטלען, מיט א פאמיליע אויף די הענד, פאר וועלכער ער האָט דאָס גאנצע לעבען געזאָרגט אויף שריט און טריט, האָבען זיך אָנגעהויבען יאָהרען פון גרויסער מאטערניש. ער האָט נאָך פיעל געשריבען, ער איז צוויי מאָל אריבערגעפאָהרען קיין אמעריקא, וואו מען האָט געשפיעלט זיינע פיעסען מיט זעהר א שעהנעם ערפאָלג. אָבער קומען צו זיך פון דער גרויסער ערשיטערונג האָט ער שוין קיין מאָל ניט געקאָנט. די איבערקעהרעניש אין רוסלאנד בלייבט אין צענטר פון זיין אויפמערקזאמקייט. ער לעבט מיט די איינדרוקען, וואָס ער האָט איבערגעלעבט און פון די איינדרוקען בעפרייט ער זיך קיין מאָל ניט. אין דער אייגענער צייט ווערט ער באהערשט אינגאנצען פון דער מורא און די זאָרגען פאר דעם גורל פון דער פאמיליע. ער האָט געפיהלט, ווי זיין הארץ הערט אויף צו ארבייטען אזוי ווי עס דארף צו זיין, ער האָט געוואוסט, אז עפּעס האָט זיך איבערגעבראָכען אין איהם.

אין יאָהר 1923 פארברענגט דער שרייבער אין עמס און פארענדיגט דאָ דעם ערשטען באנד פון "עפּיזאָדען". דאָס בוך ווערט איבערגעזעצט אויף פארשיעדענע שפראכען און דרוקט זיך אין פארלויף פון עטליכע חדשים אין דער ניו־יאָרקער אידישער צייטונג "טאָג", וואו יושקעוויטש בלייבט א שטענדיגער פאָפּולערער מיט־

ארבייטער ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבען. דער אידישער לעזער האָט געפיהלט אין יושקעוויטש'ען דעם פאָלקסטימליכען אידישען דיכטער, וואָס שרייבט נאָר אין אַנ'אנדער שפּראַך. זיינע ביהנען־ווערק, אלץ פון אידישען לעבען, האָבען איהם צוגעצויגען א גרויסען אידישען עולם.

נאָך אייניגע פריידען זענען באשערט געווען דעם דיכטער אין די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען. אין פאריז האָט ער באלד געטראָפען א קרייז פון טרייע, איבערגעגעבענע פריינד, וועלכע האָבען איהם גרינגער געמאכט דאָס לעבען מיט זייער ווארימער פריינדשאפט. אין וויען, אין פארשיעדענע איטאליענישע שטעדט, אין ניו־יאָרק, אין פוילען האָט מען אלץ עפטער געשפּיעלט זיינע ווערק. ער האָט זיך גענומען צו דער פען און ווידער געשריבען.

דאָס זענען געווען די לעצטע פריידען. דער טויט האָט שוין געלויערט. דעם לעצטען פרייטאָג, דעם 12 פעברואַר 1927, האָט ער זיך געפיהלט מונטער, געזונד. דריי א זייגער ביי נאכט האָט דאָס הארץ געפלאצט...

# די טראגעדיע און די עפיזאדען.

פון דר. א. קאראלניק.

"די געשיכטע איז אַ גרויסער אַנעקדאָט. דער אנעקדאָט איז דער היסטאָרישער עלעמענט, דער היסטאָרישער מאָלעקול" — האָט אמאָל געזאָגט דער פיהרער פון דער דייטשער ראָמאַנטיק, דער דיכטער פון דער "בלויער בלום" פרידריך נאָוואלים.

דער אנעקדאָט, דאָס איז ניט דער "וויץ", די קורצע, שאַרפע צוגעשפיצטע, צוגעפעפערטע ערצעהלונג. ניט פון איהר רעדט נאָוואָלים, ניט פון איהר רעדט ניצשע, ווען ער זאָגט: "פון דריי אַנעקדאָטען איז עס מעגליך צו בויען דאָס בילד פון א מענשען אָדער פון א צייט, פון א גאנצער עפּאָכע".

דער אנעקדאָט — וואָס זיי מיינען, דער אנעקדאָט, וואָס איך האָב דאָ אין זין האָט געוויס גלייך אַן אנדער נאָמען: מען רופט איהם דער עפּיזאָד. א שטריך — א קאָנטור, א סקיצירונג פון א בילד, ניט דאָס בילד אליין. אזוי מאלט דער מאָלער, שאַפט דער מאָדערנער, ער וויל אייך ווייזען א "שטיללעבען". — דער אלטער האָלענדער סנידער האָט געמאָלט ברייט און "געמיטליך" און, ווי ער האָט געמיינט, רעאַליסטישער פון דער נאַטור, נאָך דער ווירקליכקייט. א טיש, אויף איהם א שיסעל, אין דער שיסעל עפּעל, בארען, פרוכטען פון אלע מינים. ער איז געווען "נאטור־געטריי" און נאטוראליסטיש, אלעס געצייכענט — אָבער פאָרט טויט. דער מאָדערנער מאָלער שענקט זיך די דעטאַליען, ער זעט בלויז פארבען, ליניען — אָנדייטונגען. און ווייל ער שטעלט זיך אָב אזוי צו זאָגען

ערגעץ וואו — בלייבט דאָס געפיהל פון גאַר־ווייטער, פון ניט־פאַרענדיגטקייט, ד"ה פון באַוועגונג, און דאָס איז: לעבען.

ליטעראַטור הויבט זיך אָן מיט דעם עפּיזאָד. עס איז די קורצע ערצעהלונג, דער פאַקט אין זיין סטאַטועסקער פאָרם. ער הויבט זיך דערנאָך אָן צו פאַרטיפען. די סטאַטוע ווערט רעליעף. סקולפּטור־מאַלעריי, מיט פּערספּעקטיווע, מיט דעטאַליען וואָס האָבען אייגענ־טליך נ״ב קיין שייכות צום פאַקט אָבער זענען אין הינטער גרונט. באַלזאַק איז דער טיפּישעסטער ראָמאַניסט פון דעם מאָלער־סטיל, אָדער פון דעם מאָלער, וואָס איז א קלאַסיקער, א נאַטוראַליסט. ער מאָלט — ווירקליכקייט, ביז אין די קלענסטע קלייניגקייטען. איהם זענען זאַכען אָפט וויכטיגער ווי מענשען. דער רעהמעל, ווי דאָס בילד אין איהם.

אָבער דער סטיל האָט זיך געביטען, אין דער מאָלעריי און אין דער ליטעראַטור. דאָס איז געווען די גרויסע רעוואָלטע פון די מאָ־דערניסטען, די קוביסטען, די אימפּרעסיאָניסטען, זיי האָבען ווידער א מאָל באַזייטיגט דאָס "ניט־באַוועגנדע" און אַקצענטואירט זיך אין דעם עצם, דעם עיקר.

אין דער מאָלעריי — דער מעטאָד. אין דער ליטעראַטור: דער עפּיזאָד.

אַזוי ווי דער נייער שניצלער, פון "פרוילייין עלזע", אַזוי ווי מאַרסעל פּראוסט, וואָס שנירט אויף איין עפּיזאָד נאָך דעם צווייטען, אַזוי ווי אין לעבען — און לאָזט זיי זעהען מיטאיינאַנד, שטעהענדיג איינער ביים צווייטען אָדער אין א געוויסער לאָגישער צונויפגע־בונדענקייט.

איך ווייס ניט, צי סעמיאָן יושקעוויטש האָט עס געטאָן באַ־וואוסטזיניג, אָדער ניט — אָבער עס איז א פאַקט: ער האָט, ווילענ־דיג צי ניט־ווילענדיג, וויסענדיג אָדער אומבאַוואוסטזיניג — אריינגעפיהרט א נייע פאָרם ערצעהלונג אין דער רוסישער ליטע־ראַטור: די פאָרם פון דעם "עפּיזאָד".

איך וויל דאָ ניט אריינגעהען אין א אַלגעמיינער אָפּשאַצונג פון סעמיאָן יושקעוויטש, דעם שריפטשטעלער. די מיינונגען איבער איהם זענען פאַרשידען. און, נאָך מיין מיינונג, אַלע אומריכטיג. סיי — די וואָס שטעלען איהם אין דער רייהע פון די בעסטע, סיי

די וואָס מאכען איהם צו קליינגעלד און ווילען אין איהם זעהען אַ מאָלער", ווי אַ מין אידישען מאמין־סיביריאַק, און דערצו נאָך איינער וואָס האָט גענומען אַ פאלשען טאָן.

מיר דאכט זיך, אַז יושקעוויטש איז געווען פאר זיך אליין אַ פּראָבלעם און אַז ער האָט איהם ניט געקענט לייזען. ער האָט געוואָלט באשרייבען די אידישע סביבה, אָבער ער האָט זי גאָר ניט געקענט — ער האָט דעם אמת־אידישען לעבען גאָר ניט געזעהען. אָדער ריכטיגער, ער האָט געזעהען בלויז די קאָנטורען, אָבער ניט דעם אייגענטליכען בילד. יושקעוויטש האָט געזעהן פון "ביטול", פון אסקעטיזם, פון ווייזען־ווערטיגקייט. פאר איהם איז די אידישע קולטור געווען אונטער זיבען זיגלען. און דערפאַר האָט ער געמוזט זיין אזוי, "נאַטוראַליסטיש" שרייבען אין אזא געקינסטעלטער שפּראַך, דערפון איז "טיזא איפּוועסטעלאָ" און נאָך אזעלכע קוריאָ־זיטעטען.

יושקעוויטש האָט ניט בעשאפען קיין איין א י ד י ש ע ן טיפּ, ווייל ניט דאָס איז געווען זיין געביעט, און ניט אין דעם זיין קראפט. ער איז געווען דורך און דורך א ר ו ס י ש ע ר שריפטשטעלער מיט רוסישע מאָטיווען, מיט א רוסישען קוק אויף דעם לעבען. זיינע "אידען" זענען ניט מעהר ווי רוסען, סלאַווען אין אידישער פארקליי־דונג און מיט א אידישען אקצענט. איהר געפינט ביי איהם דעם טיפּ פון לוקא, פון דעם הייליגען, פון דעם וואָרט טרייסטער, פון דעם צוזאגער אין אַלע מעגליכע פאָרמען און וואריאציעס.

דער גרויסער סימבאָל פון דער רוסישער ליטעראַטור האָט גע־פונען ביי איהם זיין אָפּקלאנג און זיין פאראידישונג.

אָבער עס האָט געפעהלט די פערוואקסענקייט פון דעם סימבאָל מיט דער סביבה.

און דאָס איז געווען יושקעוויטש'ס גרויסער פעהלער; ער האָט זיך ניט געקאָנט בעפרייען פון דעם סביבה־פּאָראורטייל. ער, וואָס איז געבוירען געוואָרען צו זיין א סימבאָליסט, א מאָלער פון דעם אבסטראַקטען, א מענש מיט אַן אייזערנעם סטיל און אַן אייזערנער פאָרם.

זיין סטיל: דער סטאקאטאָ; זיין פאָרם: דער עפּיזאָד.

זיין סטיל: די פאָרמלאָזיגקייט, די כאאָטישקייט אין פאָרם, דער פאקט ארויסגענומען פון דער ווירקליכקייט — פארפלאָנטערט־

קייט, דאָס ריינע געשעהנע. יושקעוויטש האָט לאַנג געזוכט זיין וועג, ביז ער האָט איהם — צופעליג ארויסגעפונען. און דוקא אין די לעצטע יאָהרען פון זיין שאַפען. און גראָד דעמאָלט, ווען זיין ״סביבה״ איז צעשטערט און פערפלייצט געוואָרען. אומגעפעהר ווי א גע־לערנטער, א ביכער ווארם וואָס ליגט א גאַנץ לעבען איבער ביכער אדער אותיות און געפינט ערשט אויף דער עלטער, ווען ער ווערט בלינד — דעם וועג צו זיך אליין, צום שאַפענדען איך.

יושקעוויטש אין רוסלאַנד, אין אָדעס איז געגאַנגען אויף דער ליניע פון דעם גרינגסטען ווידערשטאַנד. יושקעוויטש אין פּאַריז, אָבגעשניטען פון זיין הויז, האָט ענטדעקט אין זיך, — זיך אליין.

און עס איז אויסגעוואַקסען די דראַמע: ווי ״אַלע אין מאַסקען א חוץ איינער״, די ערצעהלונג ״זיבען טעג״, און — ״די עפּי־זאָדען״. צום ערשטען מאָל יושקעוויטש — דער פּרייער, דער שאַ־פענדער, איך וואָלט געזאָגט: צום ערשטען מאָל — דער קינסטלער.

אפשר זענען די ״עפּיזאָדען״ די כאַראַקטעריסטישע ערשיינונג, ווייל דאָ איז אַ גרעניץ. האַלב־סביבה און האַלב־עפּיזאָד, האַלב גע־בונדען — און דאָך שוין פריי.

אומדירעקט ווערט אַלצדינג דערצעהלט. קיינמאָל ניט — די צונויפגעבונדענקייט — תמיד די לויזע פון דעם צוזאַמענהאַנג ארויס־געריסענע פּאַסירונג, ריכטיגער — איהר רעפלעקס.

סימאָטשקע, דאָראָטשקע, סאָניעטשקע, סוחרים, מעקלערס, רוסען, אידען, מענער, פרויען, באַלשעוויקעס, ״בורזשויען״ — אלע דורכאיינאַנדער — קליינע, שימערענדע ליכטעלאַך אין א פינס־טערער נאַכט. מען זעהט זיי ניט — זיי מיט דעם בילד. מיט די ליכטעלעך, מען זעהט בלויז, ווי דער שיין טוט א ציטער. שאָקעלט זיך, צופלאַקערט זיך און פאַלט ווידער אב. אויפגעלייכט דאָ — פאַרלאָשען דאָרט א טריומף פון ליכטער און יעדער פון זיי פאַר זיך א זון — א קאָסמאָס און ארום איהם דרעהט זיך די ערד.

סימאָטשקע און דאָראָטשקע לעבען איבער די רעוואָלוציע און געהען פערביי, ניט פאַרשטעהענדיג וואָס דאָס איז. פאַר זיי — איז דאָס אויך בלויז א גרופּע פון עפּיזאָדען, אָהן א צוזאַמענהאַנג. עפּעס שיסט איינער, אַנ׳אַנדערער ווערט דערשאָסען — עפּעס הייסט איינער, אַנ׳אַנדערער פאָלגט — ווער ווער — צו וואָס, דאָראָטשקע און סימאָטשקע פאַרשטעהען עס נישט. און ווער פאַרשטעהט!

דאָס איז דאָך די טראַגעדיע פון דעם לעבען, דעם יחיד'ס ווי דעם כלל'ס. — די טראַגעדיע פון יעדעם געשעפעניש; אין דעם מאָמענט, ווען עס איז — האָט עס ניט קיין צוזאַמענהאַנג — און דערנאָך ווען עס איז געוואָרען — האָבען מיר דעם פאָדעם פאַר־לאָרען.

אַ לאַבירינט — און מיר בלאָנזשען אין איהם.

יושקעוויטש האָט אַזוי געזעהען די רעוואָלוציע. און געזעהען זי ווי אַ קינסטלער, אָהן האַס, אָהן ליעבע, אָהן אַ פּערזענליכער באַציהונג. ער האָט זי בלויז געזעהען — און אָבגעמאָלט, אַזוי ווי זי האָט זיך איהם געוויזען.

און דערפאַר איז זי אַזוי לעבעדיג, אַזוי אמת'דיג אַרויסגעקומען, פּונקט אויף פּונקט איך וואָלט געזאָגט קוק נאָך קוק — און זעה: עס שטעהט פאַר דיר אַ בילד.

בלויז דו מוזט אַליין זיך אַריינטראַכטען — כדי איהם צו פאַרשטעהען, דו מוזט אַליין געפינען אין איהם די נויטווענדיגקייט און דעם צוזאַמענהאַנג.

העכער צוואַנציג יאָהר האָט יושקעוויטש געזוכט זיין וועג צו זיך, און ניט געפונען — די גאַנצע רוסישע ליטעראַטור האָט געגאַרט און געדאַכט נאָך נייע פאָרמען. באַפרייאונג פון דעם טורגעניעוו־סטיל, דעם ריין־מאָלערישען, פון דעם דאָסטאָיעווסקי־איינפלוס, דער דיאַלעקטיק פון דעם דענקען וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר פּסיכאָ־לאָגיע.

די רוסישע ליטעראַטור האָט בעדאַרפט ווערען קינסטלעריש, די רעוואָלוציע האָט אויך דאָ געשאַפען אַ מעגליכקייט פאַר דעם איבערברוך, יושקעוויטש האָט די מעגליכקייט אויסגענוצט.

## ערשטער עפּיזאָד

I

שוין צוויי משוגע'נע טעג האָט מען זיך געאײַלט מיט דער שנעלער עוואַקואַציע. איבער די ווייסטע, אויסגעשטאַרבענע גאַסען, וואָס האָבען פון ווילדען שרעק אײַנגעהאַלטען דעם אָטעם, האָבען מאַרשירט סאָלדאַטען אין ווינטערדיגע קליידער און אָפיצירען האָבען מיט הייזעריגע, צעראַנדיגע שטימען צוגעוואָרפען צו די גרופּקעס נײַגעריגע, וואָס האָבען זיך געטוליעט אַרום די טירען:

— פאַרמאַך די טירען, אז ניט שיסען מיר.

די דאָבראָוואָלצעס זענען אַוועק. וואוהין? קיינער האָט ניט געוואוסט. געוועזען קלאַנגען, וואוהין זיי זענען אַוועק, אָבער קיינער האָט ניט געגלויבט. ווידער האָט זיך געענדיגט עפּעס אַ לעבען און אַ נייעס האָט זיך אָנגעהויבען, אַזוינס, וואָס אַלע האָבען שוין אַמאָל פאַרזוכט. און דאָס אַלץ איז אַלעמען אַזוי דערעסען געוואָרען, אַז יעדער איינער האָט געטראַכט, ווי פּטר'ט מען עס נאָר איבער און מען ראַטעוועט זיך מיט'ן לעבען.

די סאָלדאַטען האָבען פינסטער געשפּאַנט, מיט בעהאַלטענער בייזקייט, און עס האָט זיך געפיהלט, אַז ווען ניט די מורא פאַר "נאַטשאַלסטוואָ" וואָלטען זיי זיך אַן עצה געגעבען מיט דער שטאָדט איינס און צוויי. עס האָט זיי געשראָקען דער פראָסט און די נאַכט, וועלכע האָט זיך אָנגערוקט. אָבער עס האָבען זיי געמונטערט די שטימען פון די אָפיצירען:

— עי, די טויערען פארשליסט, אז ניט וועלען מיר שיסען.

און די הענט, וואָס זענען פארגליווערט געווען פון קעלט, האָבען פון זיך אליין געכאפּט זיך פאר די באַיאָנעטען און קרום, בייז האָבען געבליצט די אויגען.

אין האפען, ביי די שיפען, האָט מען פון אינדערפריה אָן געראבעוועט. די קרבנות זענען געווען יענע גליקליכע, וואָס האָבען געוואָלט פארלאָזען די שטאָדט. עס האָט געהילכט א געוואלד און א געיאָמער. קערב פלעגען פארשווינדען, מען האָט פון מענשען אראָבגעריסען די קליידער און געשלאָגען זיי.

אין שטאָדט זענען ארוים באנדעס אין גאס און גענומען זיך אריינרייסען אין די הייזער. מען האָט זיך געריכט אויסצושעכטען ביי נאכט די זשידעס און די בורזשויען. עק שטאָדט האָט מען בייז, מיט לוסטיגער נקמה, דערשאָסען אויף טויט די יעניגע, וואָס זענען אָפּגעשטאנען, אויך פארשפּעטיגטע אָפיצירען און סאָלדאטען.

אין די הייזער פון די הויפּט־גאסען האָבען מענשען געהאלטען וואך. זיי זענען געווען באוואָפנעט מיט רעוואָלווערען. די געוועהנ־ליכע קלייַדונג פון דעם בורזשוי, דער קאפּעליוש, די פוטערנע היטעל, דער קראגען, זענען פארשוואונדען.

עס איז געווען דער סוף פון א בייזען פעברואר. א שווערער, פינסטערער הימעל, פארקלאָפּט דאכט זיך אויף אייביג מיט כמארעס, און א ווינט, שארף ווי א מעסער. מען האָט געוואָלט, עס זאָל אויס־פאלען א שניי און מען פלעגט זאָגען: "די נאכט וועט געווים שנייען". אין די הויפען האָבען זיך שוין געפריינדעלט דאמען מיט באָבעס. אלע האָבען זיי געזידעלט די דאָבראָוואָלצעס. יעדער האָט זיך גע־ריסען אויסצוזעהען באָלשעוויסטישער. מען האָט מורא געהאט פאר מסירות.

אין דעם רייכען, רוהיגען, ניימאָדיש מעבלירטען גאסט־צימער ביי סעמיאָן מיכאילאָוויטש גרעסער'ן, אָדער סימאָטשקע, ווי די נאָהנטע האָבען איהם גערופען, איז געווען ווארים ווי אין מאי. נעכטען אָוועגט האָט מאשא, מיט דער הילף פון איהר מאטראָז פעדיא, גוט אויסגעהייצט אלע פיער אויוועגס אין דער וואוינונג. וועגען עוואקואציע איז נאָך קיינעם אויפ'ן זינען ניט געקומען. און איצט האָט דער טערמאָמעטער אין די צימערען געוויזען 14 גראד.

סעמיאָטשקע, אין א וועסט און שטעק־שיך, א ניט־געוואשענער און ניט־ראזירטער, האָט זיך ארומגעיאָגט איבער'ן צימער, מורא'דיג צעטומעלט פון דעם פּלוצלינגען אומגליק, און ניט געקאָנט זיך גע־פינען קיין אָרט. ער האָט מורא געהאט א קוק צו טאָן, וואָס עס טוט זיך אין גאס אָדער אין הויף; נאָר אזוי ווי קוקען ערגעץ האָט זיך איהם פאָרט שטארק געוואָלט, האָט ער זיך יעדער ווייַלע אָפּ־געשטעלט ביים טערמאָמעטער, יעדער ווייַלע איבערגעלייענט אין די געדאנקען "פּערצעהן", און סאפּעגדיג מיט'ן בויך גערעדט צו זיין דאָראָטשקע'ן:

— רעוואָלוציע! ווי געפעהלט דיר אזא רעוואָלוציע, דאָ־ראָטשקע? די כאָלערע זאָל זיי נעהמען. עפּעס א קאדריל איז עס און ניט קיין רעוואָלוציע! היינט דאָבראָוואָלצעס, מאָרגען באָלשע־וויקעס, היינט — די אהער, מאָרגען —יענע אהין. אפילו קיין רעוואָלוציע קענען זיי ניט מאכען ווי עס דאַרף צו זיין!

— וואָס־זשע דען פאר א רעוואָלוציע וואָלסטו געוואָלט? — האָט דאָראָטשקע זיך אָפּגערופען, ווארפענדיג א בליק אויף סאָנעטשקע'ן און זינאָטשקע'ן, צוויי יונגינקע אלמנות, וועלכע זי האָט מקרב געווען און אריינגענומען צו זיך אין הויז, ווען זייערע מענער זענען אומגעקומען אין מלחמה.

— וואָס פאר א רעוואָלוציע? — האָט זיך סימאָטשקע פאר־לאָרען פון דער פראגע. — וואָס מיינסטו, וואָסערע? רעוואָלוציעס פעהלען מיר? וואָס פערגעסטו פאר א זאכען? אבער אויב זיי מאכען א רעוואָלוציע זאָל עס זיין א רעוואָלוציע און ניט עפּעס קיין ראָסעל־פלייש. מען טאנצט א קאדריל אויף אונזערע רוקענס. דער רוח זאָל זיי נעהמען!

— איך פרעג ניט — האָט דאָראָטשקע באמערקט. — דו זאָגסט און איך ענטפער. דער גאנצער שמועס אינטערעסירט מיך איצט ניט.

"א מערקווירדיג קאלטבלוטיגע פרוי" — האָט סימאָטשקע א טראכט געטאָן און ווידער צוגעשפּרונגען צו זיין טערמאָמעטער. "פערצעהן גראד. ווארים, אויף מיין וואָרט. פערצעהן! אן אויס־געצייכענטע ציפער. איינס און פיער — פינף. פיער אָהן איינס — דריי. דאָס זיינען דאָך מיינע געליעבטע ציפערן. נישקשה, מיר וועלען

זיך איצט אויך ארויסדרעהען. ווען עס וואָלט זיין זעכצעהן, וואָלט געווען שלעכט. פונדעסטוועגען בין איך זעהר איבערגעשראָקען. אפשר מאכען א שנעפּסעל, כדי דערמינטערען דאָס הארץ? אָדער מען דארף ניט? הא? איך וועל נעהמען. געהט עס צום טייוועל. וועל פרעהליכער ווערען. כאָטש פון וואָס איז דאָ פרעהליך צו ווערען? ניין, מען דארף ניט. געהט עס צום טייוועל. וואָס עפּעס פון דער העלער הויט קאָניאק?" וואָס שטעה איך ווידער ביים טערמאָמעטער? א יאָ, איך ווייס — פערצעהן!

— איך מיין — האָט דראָטשקע איינגרוימט אויפ'ן אויער סאָניעטשקע'ן, א יונגער פּולבלוטיגער ברונעטקע מיט א פאררויסען נעזעל און א קאָנטראלטאָ — אז צו קיין פּאָגראָם וועט ניט קומען. ווי מיינט איהר? נאָר רעדט שטיל. סעמיאָן גריגאָריעוויטש, אז ער וועט דערהערען דאָס וואָרט "פּאָגראָם", וועט מען איהם ניט קאָנען באַרוהיגען.

— איך מיין אויך, אז קיין פּאָגראָם וועט ניט זיין — האָט סאָניעטשקע געזאָגט. — איידער די פּאָגראָמשטשיקעס וועלען זיך א ריהר טאָן, וועלען שוין די באָלשעוויקעס זיין אין שטאָדט. מיט זיי האָבען מיר ניט וואָס מורא צו האָבען.

— פארוואָס־זשע קומען זיי ניט אזוי לאנג? — האָט דאָראָטשקע אומגעדולדיג געפרעגט, פונקט ווי נאָר צוליעב איהר האָבען די באָלשעוויקעס געוואָלט איינגעהמען די שטאָדט. — שוין צוויי טעג, אז זיי מאטערען אונז. מען דארף געהן גיכער. זיי, ווי נאָר זיי וועלען אריינקומען, וועלען דאָך באלד מאכען אָרדנונג. עס וועט נאָך בעסער זיין, ווי מיט די דאָבראָוואָלצעס. איצט זיינען די באָלשעוויקעס, זאָגט מען, גאָרנישט ווי אמאָל. זיי זיינען געוואָרען ווי אלע. מעהר שיסען זיי שוין ניט. אז זיי האָבען די מאכט, טאָ צו וואָס שיסען? סעמיאָן גריגאָריעוויטש האָט פריהער מיט זיי געארבייט און וועט איצט אויך ארבייטען. די באָלשעוויקעס קאָנען זיך אָהן אונז ניט באגעהן.

—דערפאר זענען זיי טאקע אנדערש געוואָרען, ווייל זיי קאָנען זיך אָהן בורזשויען ניט באגעהן,—האָט זיך אָנגעשטויסען זינאָטשקע, א לופטיגע בלאָנדינקע מיט בלויע אויגען, ווי בא א דייטשקע, און א סאָפּראנאָ.

— אך — האָט דראָטשקע זי איבערגעשלאָגען — איך וועל זיך נאָר דעמאָלט בארוהיגען, ווען די באָלשעוויקעס וועלען שוין אָנקומען. וואָס שלעפּט זיך בא זיי אזוי? ווייסען זיי דען ניט, וואָס עס טוט זיך אין שטאָדט. ווען איין מאכט געהט אוועק און די אנדערע איז נאָך ניטאָ? מען וועט דאָך אָנהויבען ראבעווען! מיין סימאָטשקע האָט אזוי מורא פאר רויבערייען. נאָכ'ן ראבעווען הויבט זיך געוועהנליך אָן א פּאָגראָם. שוין צוויי נעכט ווי ער שלאָפט ניט.

— וואָס סוד'ט איהר זיך דאָרט? — האָט זיך סימאָטשקע צו זיי פלוצים אויסגעדרעהט.

— סוד'ן זיך! — האָט דראָטשקע דערשראָקען געענטפערט — ווייסט ניט וועגען וואָס ווייבער סוד'ן זיך? מיר האָבען גערעדט וועגען מאשא'ן און דעם מאטראָז. געפונען א צייט ווען אוועקצוגעהן פון שטוב. וואָס טהו איך ניט פאר איהר — יעדען חודש מתנות. און צוליעב וואָס טוה איך עס? צוליעב אזא מינוט ווי איצט. נעהמט זי און געהט זיך אוועק פּונקט אין אזא מינוט מיט איהר מאטראָז. דו זיץ און באשיץ דיין גוטע באריניע. איך דארף ניט דו זאָלסט זיך ארומשלעפּען. אָבער זיי האָבען שוין דערשמעקט, אז די באָלשעוויקעס קומען, און זיי פאררייסען די נעזער.

— און איך פארשטעה זי יאָ — האָט סימאָטשקע סומנע געזאָגט. — זי מעג טאקע פאררייסען די נאָז, ווייל איצט איז איהר צייט. און ווען אפילו ניט, איז זי און איהר מאטראָז פּאָרט גוים. זיי זענען ביי זיך. און איך מיט מיין גאנצען קאפּיטאל בין ווערט א גראָשען. א אידן פאר וועמען, א שטייגער, דארף מאשא און איהר מאטראָז מורא האָבען? קומען באָלשעוויקעס, זענען עס אייגענע מענשען. גענעראלען? אויך אייגענע מענשען. וואָס ארט זיי רעוואָ־לוציע? און מיר אלע וועלען אומקומען אין דער רעוואָלוציע. וואָס מיינט איהר, עס וועט זיין א פּאָגראָם?

— ווי קומט איצט א פּאָגראָם, סעמיאָן גריגאָריעוויטש? — האָט סאָניעטשקע לוסטיג געענטפערט. — זיי וועלען ניט באווייזען! די באָלשעוויקעס שטעהען שוין הינטער דער שטאָדט און וועלען ניט דערלאָזען. באָלשעוויקעס דארפען אָרדנונג, ניט קיין פּאָגראָם.

— הייסט עס, סאָניעטשקאָ, איהר זייט זיכער, אז ניט — האָט סימאָטשקע געזאָגט, דערפיהלענדיג א ווארימע האָפענונג אין הארצען.

— איך ציטער די גאנצע צייט נאָר פאר דעם. איך וויל ניט טראכטען וועגען א פּאָגראָם, און פונדעסטוועגען טראכט זיך פאָרט. איך פאר־מאך די אויגען אָדער פאררויכער א פּאפּיראָס, דערזעה איך באלד א פּאָגראָם. דאָ שעכט מען, דאָרט שעכט מען, וועט מען אהער אויך קומען.

גרעסער האָט געשוויגען, מורא געהאט ארויסצוזאָגען זיינע געדאנקען. אָט קומען פּאָגראָמשטשיקעס, רייסען זיך אריין אין הויז און פאר איהם אין די אויגען פארגעוואלדיגען זיין דאָראָטשקע.

"לאָמיר א טראכט געבען, ווי מען וועט זי פארגעוואלדיגען. מיך וועט מען, פארשטעהט זיך, האלטען ביי די הענד. איך וועל אָנהויבען שרייען, וועט מען מיר געבען קלעפּ איבער'ן קאָפּ און זאָגען: קוק זיך צו, זשידאָווסקאיא מאָרדא, קוק זיך צו! ניין, איך קאָן וועגען דעם ניט טראכטען. איך ווער משוגע".

— וואָס רעדסטו ווידער וועגען פּאָגראָמען, און נאָכאמאָל וועגען פּאָגראָמען — האָט דאָראָטשקע געזאָגט, און פון שרעק איינגעגראָבען דאָס פּנים אין די הענט. — צו וואָס זאָלסטו זיך פּייניגען אומזיסט? עס וועט ניט זיין קיין פּאָגראָם.

— קיין פראגע ניט, אז עס וועט קיין פּאָגראָם ניט זיין — האָט פארזיכערט סאָניעטשקע און דורכגעקוקט זיך מיט דאָראָטשקע'ן און זינאָטשקע'ן.

— מען וועט מורא האָבען פאר די באָלשעוויקעס — האָט זינאָטשקע באשטעטיגט.

דעם אמת געזאָגט, האָט זיך מודה געווען גרעסער, איך הויב אָן אפילו א ביסעלע ליעב צו האָבען די באָלשעוויקעס. זיי זענען דאָך געגען פּאָגראָמען. איך בין די גאנצע נאכט ניט געשלאָפען, געטראכט וועגען די באָלשעוויקעס און האָב זיי ליעב באקומען. געהערט אזא מין: מוז ליעב האָבען יענע, וועלכע ווילען מיך אלס בורזשוי פאר־ניכטען. זאָג עס א גוי, וועט ער דען דאָס פארשטעהען? וועט מיך אָנרופען באָלשעוויק...

— די באָלשעוויקעס, אז זיי וועלען אריינקומען — האָט דאָראָטשקע גענומען דערצעהלען א מעשה'לע — וועלען זיי גלייך מאכען אָרדנונג. זיי וועלען ארעסטירען די באנדיטען און כוליגאנ־נעס, און מען וועט ווידער קאָנען אין אָווענט שפּאצירען אין גאס.

מיר וועלן געהן צוגאַסט, געהן אין טעאַטער. קיינער וועט שוין מעהר ניט נאָכיאָגן זיך פאַרנאַכט נאָך אידען, ווי דאָס האָבען געטאָן מענשען אין אָפּיצירישע מונדירען, פאַרשלעפּען זיי צו זיך אין די האָטעלען און שלאָגען און בארויבען. מען וועט מעהר ניט נאָכיאָגען אידישע פרויען און מיידלעך און פאַרגוואַלטיגען זיי אין די נומערען פון די האָטעלען. די באָלשעוויקעס דאַרפען עס ניט.

— יאָ — האָט איינגעשטימט סימאָטשקע — אָבער פּונקט אַזוי האָט מען דאָך גע׳טענה׳ט פריהער, ווען די באָלשעוויקעס זענען אוועק און די דאָבראָוואָלצעס זענען אריין.

דאַראָטשקע האָט אויפגעהערט צו רעדען. אין גאַסט־צימער איז טונקעל, נאָר מען האָט קיין חשק ניט געהאַט אָנצוצינדען די עלעקט־ריק. פון דער כמורנער שטילקייט, פון דעם שווייגען אין גאַס, האָט זיך אין הארצען פאַר׳גנב׳עט א שרעק. סימאָטשקע׳ן האָט זיך שטאַרק געוואָלט א קוק טאָן דורכ׳ן פענסטער. וואָס קומט פאָר אויף דער שרעקליכער גאַס?

אָט שלייכט זיך ביי דער וואַנט א זעלנער מיט אַן אָפּענעם שינעל. די ביקס פאָראויס, ווי א גזלן אין א וואַלד. קוקט זיך אום. אויפ׳ן ראָג רויטעלט זיך נאָך פון נעכטען די ניט־אָפּגעראַמטע לוזשע מיט מענשליך בלוט, א ריעזיגער פלעק פון זשאַוווער־רויטען קאָליר. דערביי ליגט א טויטער, די הענט ברייט צעוואָרפען. ווער עס האָט איהם דער׳הרג׳עט ווייסט מען ניט. דער זעלנער שלייכט זיך אלץ צום קערפּער, ווייזט אויס, א גרויל. ווייסט איז די רעוואָלוציאָנערע גאַס און וואַרט פאַר׳צער׳ט אויף שלאַכטען. א זעלנער לעבען טויטען קערפּער. אומגעקוקט זיך, געשטעלט זיך אויף די קניע. טוט אויס דעם טויטען. און פּלוצים דער דונערדיגער קראַך פון א קאַנאָנען־שאָס. עס האָט זיך אָנגעהויבען. דער סאָלדאַט האָט זיך אראָפּגעזעצט, נאָר באַלד געטאָן א שפּרונג אויף און מיט דער ביקס אונטער׳ן אָרעם אנטלאָפען. סימאָטשקע האָט איהם שוין ניט געזעהן.

## II

— וואָס איז דאָס? — האָט סימאָטשקע ניט מיט זיין קול אויסגעשריען און צעטומעלט אָנגעקוקט די פרויען. — מען שיסט גאָר? ווער שיסט, האַ?

ער האָט זיך אויף א ווײַלע צוגעזעצט פון שרעק, פונקט ווי ער וואָלט זיך געריכט, אז דער דונערדיגער קלאַפּ וועט פאַלען אויף זײַן קאָפּ. באלד אָבער איז ער אויפגעשפּרונגען און א וואָרף געטאָן זיך טיעפער אין צימער מיט א געשריי:

— מען שיסט! האַ? וואָס איז עס געווען — א שאָס, אָדער מיר האָט עס זיך אויסגעדוכט? אפשר א דונער? נאָר ווי קומט אין פעברואר א דונער?

א נייער שאָס האָט איהם ארײַנגעזעצט אין שטול און א צוויי־טער האָט איהם אויפגעהויבען. אנטלויפען! נאָר וואוהין אנטלויפט מען? אָדער לעגען זיך אויפ׳ן דיל? די פרויען זענען אויף די פיס. פארוואָס אויף די פיס? שיסען פון קאנאָנען אויף א שטאָדט! און ווער שיסט? די באָלשעוויקעס! די דאָבראָוואָלצעסן אפילו ניט געוואָרענט אפריהער. וואָלטען זיי כאָטש אָנגעזאָגט: באהאלט זיך. מען שיסט פון קאנאָנען אויף מענשען, אויף אונז, אויף אונזערע טײַערע הייזער. פארוואָס אויף די הייזער, פארוואָס אויף אונז? וואָס זענען מיר שולדיג? און דאָס הייסט רעוואָלוציען לעג זיך אוועק, זאָג איך דיר, איך שטארב אויב דו לעגסט זיך ניט.

— וואָס שרײַסטו? — האָט איהם דאָראָטשקע אָפּגעשטעלט.

— אויף וועמען שרײַסטו? ווער הערט דיך? און ווען מען וואָלט יאָ געהערט, ווער וואָלט דיך דען געווען געפאָלגט? ווייסט דען ניט, וואָס דאָס איז? יענע האָבען גענאָרפּט אונז באראבעווען, און די דארפען אונז באראבעווען. אין דעם שטעקט די גאנצע רעוואָ־לוציע. זיי האָבען גרויס רחמנות אויף אונז, אויף אונזערע הייזער. הער אויף צו לויפען איבער׳ן צימער. האָב אין זינען דײַן הארץ.

— מיינסט אפשר, אז איך האָב מורא? — האָט סימאָטשקע געמורמעלט, דאָ זעצענדיג זיך און דאָ אויפשפּרינגענדיג ביי יעדען נײַיעם שאָס. — ניין, איך האָב ניט מורא; דאָס הייסט, איך האָב שוין אזוי מורא, אז עס איז פונקט ווי איך וואָלט קיין מורא ניט געהאט. וואָס האָב איך דאָ געזאָגט? איך פארשטעה ניט, וואָס איך האָב געזאָגט. א שרעק, א גרויל! האָט ער פּלוצים געגומען פארזיכערען סאָניעטשקע׳ן, אָננעמענדיג זי ביי דער האנט. — איהר פארשטעהט, מען שיסט אין שטאָדט ארײַן, וואו עס זײַנען פארהאן אזוי פיעל קינדער, אין סאמע שטאָדט ארײַן, אויף הונדערד־טער מענשען וואָס זענען גאָט די נשמה שולדיג. ווער האָט אויס־

געטראָגען די גאַנצע רעוואָלוציע? נאָר מיר און נאָר מיר אַליין, טאָ האָט כאָטש מיט אונז איינזעהען דערפאַר, ווען מיר וואָלטען דאָ ניט געאַרבייט, וואָלט איהר דאָך געלעגט די צייהן אויף די פּאָליצעס. זענען געקומען דאָבראָוואָלצעס, האָבען מיר זיך אונטער־געגעבען, געגעבען זיי פּרעסען, אויסגעהאַלטען זיי. זענען געקומען באָלשעוויקעס, האָבען מיר יענע אויך געקאָרמעט, יענע אויך געלט געגעבען. פאַרוואָס־זשע קומט אונז, מען זאָל אויף אונז שיסען?

— האָט ער ווידער אַ געשריי געטאָן, ווען דער מאָנסטער האָט אַרויסגעלאָזט אַ מורא׳דיגען קנאַל, וואָס האָט זיך דורכגעקייקעלט איבער׳ן דאַך.

— אין קעלער אַריין — האָט אויסגעשריען דאָראָטשקע.

— אין קעלער, — האָט גרעסער איבערגע׳חזר׳ט, געוואָלט פאַרשטעהען וואָס זי מיינט דערמיט. — גאָר פאַרגעסען, אַז אויף דער וועלט זיינען דאָ קעלערס. זאָל מען געהען!

— איהר, זינאָטשקע, נעהמט די פּלעדס, די פוטערס און אַ קישען פאַר סעמיאָן גריגאָריעוויטש׳ן. און איהר, סאָניעטשקע, לעגט אַריין אין קערבעל ברויט, קעז, וואורשט, מיט איין וואָרט אַלץ, וואָס מען דאַרף, עס הויבט זיך שוין אָן אַ טייער לעבען.

— געהט, געהט. מיר וועלען באַלד אַלץ ברענגען — האָט זינאָטשקע געזאָגט. — מיר האָבען ניט מורא. וואַרט ניט אויף אונז, סעמיאָן גריגאָריעוויטש. אום גאָטעס ווילען, געהט. זאָרגט זיך ניט פאַר אונז.

— די ליכט — האָט דאָראָטשקע דערמאָנט.

און אָט זיינען אַלע אין קעלער, וואו עס איז קאַלט און ברודנע, וואו עס זענען אָנגעוואָרפען קופּעס אַלטווארג. פאַר סימאָטשעקע׳ן און דאָראָטשקע׳ן האָט מען אַראָפּגעבראַכט צוויי שטוהלען. אויף די קיך־טרעפּ הערט מען שטימען. סאָניעטשקע און זינאָטשקע שטעהן. סימאָטשקע האָט אָנגעטאָן דעם פוטער, צוגעדעקט די פאַרפראָרענע פיס מיטן פּלעד. אַ הויכע, דינע ליכט ברענט געל, ווי אַ יאָהרצייט־ליכט. און עס בענקט זיך נאָכ׳ן היימליכען, וואַרימען גאַסט־צימער. עס ווילט זיך צולעגען זיך אויף דער זאָפע און אָן אַלץ פאַרגעסען.

אויבען, איבער׳ן דאַך שפּיעלען די דונערען. פּונקט ווי איינער וואָלט געפרעגט: "מען מענג?" און דער אַנדערער צעגערט אביסעל און ענטפערט: "יאָ". אַ שווערער, נודנער "באַך" און דערנאָך אַ

הוזשען. און עס ענטפערט אן אייזערן געמורמעל מיט א דיסקאנט: באך, באך, באך.

סימאָטשקע האָט איינגענורענט די נאָז אין דאַראָטשקע׳ס ווארימען, ווייכען אקסעל, און איז ווי געשטאָרבען. דאָס הארץ ווארט אויף א דונער, כדי אליין א בוכע צו טאָן מיט א דונער. זינאָטשקע האָט אָנגעטאָן דאַראָטשקע׳ס אלטען פוטער. זי טופּעט מיט די פיס, כדי זיך אָנצוווארימען, און דערצעהלט:

— ערשטענס — אין דער צווייטער זייט קעלער זיצט דער אדוואָקאט באָלדיראָוו מיט ווייב און קינדער. פלעגט שטענדיג אויף א דראָשקע פאָהרען, און אונזער דוואָרניק סטעפאן פלעגט זיך אפילו ניט דערוועגען צוצוגעהן צו איהר נאָהנט. און איצט דארף מען דאָ זיצען ווי א הוהן און אונטער׳חנפ׳ענען זיך צו סטעפאנ׳ען, אז ער זאל אויף איהם ניט מסר׳ן די באָלשעוויקעס. זי האָט דאָך געמיינט, אז די דאָבראָוואָלצעס בלייבען דאָ אויף אייביג. מיט זיי צוזאמען זיצט דאָך דער פרידענס־ריכטער קאָסטין מיט זיין מוטער און שוועסטער. און אין צווייטען ווינקעל די מאָדיסטקע שניידערמאַן מיט איהר ברודער און שוועסטער. איהרע טעפּיכער האָט זי באַ־האַלטען ביי סטעפאנ׳ען. מיר וואָלטען עס אויך בעדארפט טהון. די באָלשעוויקעס וועלען דאָך צונעהמען אלץ ביי די בורזשויעס.

— און נאָך ווי וועלען זיי קוילען די בורזשויעס, האָט זיך פלוצלינג אָנגערופען סאָניא. — וואָס, זענען זיי בעסער פון די דאָבראָוואָלצעס. — סעמיאָן גריגאָריעוויטש וועלען זיי ניט טשעפּען, האָט מיט א זיכערהייט געענטפערט דאַראָטשקע. ער וועט ארבייטען מיט זיי. סיי ווי סיי קאָנען זיי ניט אויסקומען אָהן די בורזשויעס.

— פארשטעהט זיך, קענען זיי ניט, האָט זינא צוגעגעבען מיט א איבערצייגונג.

— וואָס פּלאפּעלט איהר, זינאָטשקע, אלץ וועגען נאריש־קייטען? — האָט זיך סימאָטשקע אָפּגערופען. — איהר זאָגט בעסער, קאָן אהער טרעפען א קויל, אָדער ניט? איך מיין, אז עס קאָן ניט.

— איך וואָלט אין צימער אויך ניט מורא געהאט צו זיצען — האָט זי געענטפערט.

— זעהט נאָר, זעהט — האָט סאָניעטשקע שטיל געזאָגט — דער סוחר מייעראָוויטש געהט אהער מיט זיין פאמיליע. זיי טראָגען א קערבעל מיט עסענווארג און קישענס. און ער געהט מיט א ליכט.

— דאָס איז גוט — האָט זיך סימאָטשקע געפרעהט, עס וועט כאָטש זיין היימליכער. — זאָלען זיי קומען. ווי געפעלט עס אייך, נאום מאָיסעיעוויטש? — האָט ער א געשריי געטאָן צו מייעראָוויטש׳ן, וועלכער איז געגאנגען מיט אן ארויסשטארטשענדען בויך און אן אָנגעצונדענער ליכט.

— וואָס איז דאָ צו געפעלען? — האָט נאום מאָיסעיעוויטש געענטפערט מיט א שמייכעל. — געה דו, טייערינקע, אפריהער — האָט ער זיך געווענדעט צו זיין איבערגעשראָקענער פרוי און געוואַרט, זי זאָל דורכגעהען מיט די קינדער. — מיר זענען שוין געוועהנט צו אזעלכע פארגעניגענס. און איהר האָט זיך נאָך אלץ ניט צוגעוועהנט? עס איז דאָך ניט דאָס ערשטע מאָל, און מסתמא, מיט גאָט׳ס הילף, ניט דאָס לעצטע מאָל. מיר האָבען זיך דאָך געפרעהט, וואָס די רעוואָלוציע איז געקומען. איי, שוטים, איי וויפיעל שוטים זיינען דאָ אויף דער וועלט. איך האָב זיך טאקע ניט געפרעהט, אָבער וואָס קומט דערפון ארויס? איי וויפיעל שוטים זיינען דאָ אויף דער וועלט.

— מיר איז עפּעס פרעהליכער געוואָרען פון אייערע ווערטער, נאום מאָיסעיעוויטש. אפשר וועט איהר זיך צוזעצען צו אונז? סאָניעטשקע, ברענגט א שטוהל.

— איך קאָן זיך צוזעצען לעבען אייך אויך, סעמיאָן גריגאָריעוויטש. וואָס איז דער אונטערשיעד? אָט געהט צו אונז דער אדוואָקאט גרינבערג מיט א קישען און א ליכט.

— וואָס, וויקטאָר אראָנאָוויטש — האָט ער זיך געווענדעט צו גרינבערג׳ן מיט א געלעכטער — ווער איז געווען גערעכט, ווען איך האָב געזאָגט, אז די געגעראלען בלייבען נאָר איין וואָך לעבען? איך, טייערער, דערשמעק באלד א טויטען. ווי באלד דאָס ברויט האָט גענומען אויסגעהן, איז עס געוואָרען פאר׳חתמ׳עט און פארזיגעלט, מעגט איהר דאָרטען שרייבען אין די צייטונגען וואָס איהר ווילט.

— און איך זאָג אייך, נאום מאָיסעיעוויטש — האָט גרינבערג געענטפערט, אויפהויבענדיג דעם קאָלנער פון פוטער, — אז די באָלשעוויקעס וועלען זיך דאָ מעהר ווי צוויי וואָכען ניט האלטען.

— ס׳הייסט, האָט איהם איבערגעשלאָגען מייעראָוויטש, איהר ווילט, זיי זאָלען זיך האלטען דאָ ניט מעהר ווי איין וואָך. גוט וואָס

איך גלוסט זיך דאָס. מיר אויך דאָס אייגענע. אָבער זיי וועלן דאָך אונז ניט הערען...

— און איהר דארפט טאַקע האָבען, אז זיי זאָלען אונז הערען!

און אויב זיי וועלען הערען אנדערע איז אייך שלעכט. הערט וואָס איך זאָג אייך: זיי זיינען נאָך ניט אריין, און שוין שלאָגט זייער לעצטע שעה. איך האָב אינפאָרמאציעס פון א פארטרויענסווערטען מקור, אז עס געהט אהער א נייע, פרישע ארמיי. ווארט, לאכען לאכט דער לעצטער.

— ניט שטענדיג, אפילו, אָבער לאָמיר צוגעבען, אז יאָ. מילא, גאָט איז מיט אייך. און איך האָב א קאָנטר־אינפאָרמאציע, אויך פון זעהר א פארטרויענסווערטען מקור. פון צפון רוקט זיך אָן אן ארמיי, וועלכע איז רעקרוטירט געוואָרען אין די צענטראלע גובערניעס, און זי איז ניט ערגער פאר אייערער. וואָס זאָגט איהר אויף דעם, וויקטאָר אראָנאָוויטש? גלויבט מיר, אז מיינע סאָלדאטען וועלען ניט זיין ערגער פון אייערע.

— איך זאָג, אז איך וואָלט געשפּיעלט א פּאוקער, ווען איך קריג נאָך א האנט — האָט וויקטאָר אראָנאָוויטש געזאָגט מיט א געלעכטער. — וועט איהר שפּילען, סעמיאָן גריגאָריעוויטש? הא?

סימאָטשקע האָט א שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ: ״קאָרטען? איצט? גאָט איז מיט אייך.״ איך וויים ניט, אויף וואָס פאר א וועלט איך געפון זיך, — אוועקזעצען זיך שפּילען אין קארטען!

פון דריטען שטאָק איז אראָפּגעקומען דער אינזשעניר פּאוועל טימאָפעיעוויטש לאפּקין, א שרעקליכער ספּעקולאַנט און קאָרטיאָזשניק. ער איז געווען אין א פוטער און אין א נאכטהעמד און גערייכערט א ציגאר.

— אהא — האָט ער געזאָגט, — איך זעה דאָך דאָ די סמע־טענע פון אונזער הויז. אגב, נאָום מאָיסעיעוויטש, קאָן איך אייך פאָרשלאָגען א לאנגען פוטער איצט, איידער די באָלשעוויקעס זענען אריין, קאָנט איהר עס קריגען ביליג. דערנאָך וועט זיין א יקרות.

מייעראָוויטש האָט א שמייכעל געטאָן און גענומען זיך גלעטען די באָרד.

פון אלע ווינקלען האָבען גענומען ארויסקריכען מענשען מיט בלויע פּנים׳ער. מען האָט געוואָרט וואָס מייעראָוויטש וועט זאָגען

און ניט דערוואַרט זיך. מען האָט גענומען טומלען, לאַכען און אַרומ־גערינגעלט לאַפּקינ׳ען. מען האָט זיך אַוועקגעזעצט, שפּילען.

אַלץ עפּטער האָט געקנאַלט די שיסעריי. די קינדער האָבען זיך צעוויינט. די ליכט האָבען גענומען קאַפּטשען. אַ גרויל האָט פאַמעלעך גענומען קריכען אין קעלער אַריין און צוזאַמענגעדריקט אַלעמען און אַ ברענענדיגען רינג. מען האָט אַוועקגעוואָרפען די קאָרטען. מען האָט זיך צוגעהערט צום הודזשען און ברומען. סימאָטשקע האָט איינגענורעט די נאָז אין קאָלנער פון פוטער. די נאַכט האָט זיך צוגערוקט. קיינער האָט זיך מעהר ניט געוויצעלט.

## צווייטער עפּיזאָד

I

עס האָט נאָך דער פריהמאָרגען ניט פארטריבען די נאכט־שאָטענס, עס האָט נאָך דער גרין־בלויער פארטאָג געשוועבט איבער דער אומרוהיג שלאָפענדיגער שטאָדט, עס האָבען נאָך געבלאָנדזשעט איבער די בלויע גאסען קאָשמארען, ווי גרויע וואָלקענס, און סעמיאָן גריגאָריעוויטש גרעסער שלאָפט שוין ניט, און פון שווערע געדאנקען ווארפט ער זיך אין זיין איטאליענישע בעט.

"וואָס פאר א לומפ", טראכט ער, "האָט עס פארשפרייט דעם קלאנג, אז די באָלשעוויקעס האָבען זיך געביטען? און מיר האָבען געגלויבט. א שרעק, א שרעק! מיט אומגעדולד געווארט אויף זיי. אזא אידיאָטסטווע! אמת, פון די דאָבראָוואָלצעס האָט מען צום סוף ניט געקאָנט אויסהאלטען. וואָס אמת, איז אמת. מען פלעגט דער־הרג'ענען מענשען. די צעהנדליגער טויזענדער זעלנער, וואָס זענען אנטלאָפען פון פראָנט, האָבען אָנגעיאָגט א פחד אויף דער שטאָדט. אין אָווענט האָט מען מורא געהאט די נאָז ארויסצושטעקען אין גאס. אזארט־שפיל אין די קלובען, געשלעגען אין די גאסען. און די איבערפאלען, מאָרדען, אנטיסעמיטיזם. אלץ אמת. וואָס עס פלעגט זיך אָפּטאָן, וואָס עס פלעגט זיך אָפּטאָן! א שרעק! וואָס־זשע זענען מענשען שולדיג, וואָס זיי האָבען זיך פארבענקט נאָך די באָלשעווי־קעס? זיי האָבען זיך געטראכט, אפשר! מוז מען עס שטענדיג זיין א גזלן? וואָס בין איך שולדיג, וואָס איך האָב געווארט אויף זיי? איך האָב אויך געטראכט: אפשר! בעסער געוואָרען, קליגער געוואָרען! און עס האָט זיך אָנגעהויבען א סדרה! מאָרדען, דעקרעטען, רעק־

קוויזיציעס. ווידער צוריק: רעקוויזיציעס, דעקרעטען, מאָרדען. עס זענען צוגעקומען: הויז־זוכונגען. עס זענען צוגעקומען: דעקרעטען. און דערנאָך ווידער און ווידער: מאָרדען און דעקרעטען. און מען טאָר קיין פּיפּס ניט טאָן. ווייל טוסטו עס, איז גלייך אין דער טשערעזוויטשאיקע. א שרעק, א שרעק. יאָ, איך האָב פאַרגעסען, און די נאַציאָנאַליזאַציע און דאָס איינקוואַרטירען פון פרעמדע אין דיין וואוינונג!..."

סעמיאָן גריגאָריעוויטש האָט מרה־שחורה'דיג א קוק געטאָן צום פענסטער. ניטאָ קיין פריהמאָרגען. די פריהמאָרגענס זענען אויך געוואָרען עפּעס באָלשעוויסטיש. פריהער, א שטייגער, פלעגסטו זיך לעגען שלאָפען. פלעגסט זיך אויסטאָן, פלעגסט זיך אויף קיינעם ביינאכט ניט ריכטען — א מחיה. געלעגט זיך, געטראַכט א ווײלע, וועגען געשעפט און איינגעשלאָפען. איבערגעקעהרט זיך ערשט אויף דער אנדער זייט, און עס איז שוין פריהמאָרגען. און וואו זענען איצט די פריהמאָרגענס? ליג א גאַנצע נאכט און טראַכט. און וואָס קאָן איך צוטראַכטען, אז זיי זענען אזעלכע כיטרע? נו, אמת, איינגעאָרדענט זיך, וועל מסתמא ארבייטען אין "סאָוונאַרכאָז"? אָבער ליגט שוין אין דעם די ישועה? אָט האָבען זיי ארויסגעגעבען א דעקרעט, אז מען זאָל זיי אָפּגעבען די ציערונג, וואַליוטע, און צארישע געלט — אדרבא, פּרואוו זיי ניט אָפּגעבען. וואָס קאָן מיר דאָ דער "סאָוונאַרכאָז" העלפען? און דריי פון זייערע אייגענע מיטגלידער האָבען זיי דען ניט דערשאָסען די טעג? זיי שעמען זיך עפּעס! זיי ווילען, מען זאָל זיי אָפּגעבען די סחורות. עס איז דאָך פּשוט'ע גזלה! פאַרוואָס קומט אייך, איך זאָל אייך אָפּגעבען מיין סחורה? נאָר טו נאָר א פּיפּס, און באַלד ביזטו אין דער "טשערעז־וויטשאיקע". און דאָרט מאַכט מען עס איינס און צוויי: "ספּעקולאַנט, באַהאַלטען די סחורה, דערשיסען". אמת, איך און מיינע שותפים האָבען טאַקי באַצייטענס באַהאַלטען אונזער וואַרע. נאָר ערשטענס, זענען אַלע סוחרים געפאַלען אויפ'ן זעלבען שכל און האָבען באַהאַלטען זייערע וואַרען אונטער דער ערד — די שטאָדט איז דאָך איצט מעהר אונטער דער ערד ווי אויף דער ערד. צווייטענס, זענען די באָלשעוויקעס ניט קיין אידיאָטען און וועלען קריכען אונטער דער ערד אויך. און דריטענס, האָבען זיך שוין געוויזען מוסרים. אַן אומגליק מיט די מוסרים! אין וואו זשע איז דאָ די

ישועה? יאָ, און די פייער־קאַסעס! מען האָט פאַר׳חתמ׳עט די פייער־קאַסעס. ס׳טייטש, מען פאַר׳חתמ׳עט די פייער־קאַסעס! געה און שריי אין די גאַסען, אַז עס איז גראַביאַזש. און די טשעקאַ? עס גלוסט זיך דיר די טשעקאַ? איצט לאָזט זיך הערען, אַז מען וועט גאָר איינפיהרען צוואַנג־אַרבייט און מען וועט די בורזשויען הייסען אַרבייטען. שוין־זשע וועט מען מיך ניט שיקען אַרבייטען? און איך וועל מוזען האָרעווען ווי אַ פּראָסטער האָראָפּאַשניק? פאַרוואָס ניט? זיי וועלען מאַכען מיט מיר גרויסע צערעמאָניעס? אַז זיי וועלען הייסען, וועל איך געהן. אָבער פאַרוואָס? ניט געקאָנט אַנטלויפען אין צייט, געגלויבט, איצט צאָהל דערפאַר. ניט געדאַרפט זיין קיין שוטה און גלויבען אַלערליי נאַרישקייטען.

"און ווי וועל איך", האָט ער אין אַ ווייל־ע אַרום געטראַכט, "אַוועקגעבען מיט מיין גוטען ווילען מיין ציערונג, מיין וואַליוטע, ווי? און אַז איך וויל ניט? עס איז דאָך מיינס! ניט גע׳גנב׳עט. עהרליך פאַרדיענט געלט. עס איז דאָך מיינס. און די טשעקאַ? אמת, איך וואָלט געשטאָרבען איידער מען ברענגט מיך אַהין. איך וועל אויפ׳ן וועג שטאַרבען. וועל איך שטאַרק דערמיט איבערשרעקען! גאָט מיינער, פאַרוואָס, פאַרוואָס בין איך אַ בורזשוי?

סעמיאָן גריגאָריעוויטש האָט זיך ווידער אויסגעדרעהט צום פענסטער. דאַכט זיך, די זון געהט שוין אויף. ביי די שפּייז־קראָמען, מילך־קראָמען, בעקערייען מוזען שוין שטעהן הונדערטער מענשען און וואַרטען. און מיין דאָראָטשקע שלאָפט. אָנגעטאָן אַ טייערע העמד מיט שפּיצען, סטענגעס, און שלאָפט זיך. און פאַרוואָס זאָל זי טאַקע ניט שלאָפען? וואָס אַרט איהר? פאַראַן אַ סימאָטשקע. סימאָטשקע וועט קריגען. סימאָטשקע וועט ברענגען. אַ חודש איידער די באָלשעוויקעס זענען אַריין, געקויפט איהר דאָס דריטע הויז. און וואָס וועט איצט ווערען פון מיינע הייזער, דאַטשעס, ערד? און צו וואָס האָב איך דאָס אַלץ געדאַרפט קויפען? און ווי האָב איך געקאָנט ניט קויפען, אַז אַרום האָבען אַלע געשריען: "קויפט וואָס עס מאַכט זיך נאָר, ווערט פטור פון געלט. האַלט ניט ביי זיך קיין געלט!" איצט וועלען די באָלשעוויקעס צעשלעפּען די הייזער, די ערד. אַ שרעק, אַ שרעק. און דאָראָטשקע שלאָפט אַלץ! כאַפּ זיך אויף, גיב אַ טראַכט, אַז דיין מאַן האָט ניט קיין איין נאַכט קיין רוהיגע. רייד מיט איהם, טרייסט איהם. אַ גליק פון אַ פרוי! קיין קינדער האָט

זי ניט. א רוהיגע, א קאַלטע נשמה, האָט הנאה פון לעבען. און איך קום־אום פון צרות. א בורזשוי! דאַרף פאַר אַלעמען ציטערען. און זי גאַרנישט. אזא גליק באַשערט א פּרוי. מיט וואָס איז זי בעסער פאַר אנדערע? פּשוט א דיק ווייבעל פון זיבען־און־צוואנציג יאָהר. און אפילו דיק איז זי ערשט געוואָרען א דאנק מיר, אז ניט וואָלט זי ביז איצט געווען א מאָגערע. מיט קאטשקעס געשטאָפּט זי. און ווי זי האָט זיך עס צוגעכאַפּט צו די קאטשקעס! "גאָרנישט קיין אינטערעסאנטע פּרוי" — האָט ער ווייטער געטראכט און א קוק געטאָן אויף איהר רויז פּנים, קוים־קוים געשוואָלען פון שלאָף. "יאָ, די ליפּען זיינען געשמאקע און די אויגען, אָבער גאָרנישט אינטע־רעסאנט, און איז דאָך מיין ווייב. איך וואָלט איצט געקאָנט האָבען א ווייב פון גאָר א רייך הויז, א געבילדעטע, איז זי גאָר מיין ווייב. יאָ, צוגעאיילט זיך מיט׳ן שידוך! איך וועל מיט איהר אָפּלעבען נאָך דרייסיג יאָהר, און זי וועט מיט יעדען יאָהר אַלץ ערגער ווערען. און ארויסזאָגען פאַר איהר דעם געדאנק טאָר איך ניט, מוז איהם שטענדיג בסוד האַלטען. אמת, איך בין צו איהר שטארק צוגעוועהנט, איך האָב רחמנות אויף איהר, אָבער פונדעסטוועגען, וויפיעל שעהנע מיידלעך זענען דאָ אויף דער וועלט, וואָס ווינשען זיך אזא מאַן ווי איך, און קריגען איהם ניט. און זי האָט איהם יאָ!"

"יאָ, אָבער צוריק געריקט, וואָס איז מיר דאָ אזוי שלעכט מיט איהר?", איז געקומען א נייער געדאנק. "אמת, זי איז דיק, נאָר איך בין דאָך אויך ניט קיין דארינקער. ווער קאָן מיר זיין אזוי איבער־געגעבען ווי זי? זי איז דאָך פאַר מיר פּונקט ווי א פייער־קאַסע. איז מיר אומעטיג, רעד איך זיך אויס פאַר איהר; האָב איך פאַר עפּעס מורא, דערציילע איך איהר. האָב איך אַן עגמת נפש, טייל איך זיך מיט איהר. איך לעג דאָך איין איהר אריין ווי אין א פייער־קאַסע דאָס גוטע און שלעכטע, די וואַליוטע, די ציערונג, פּלענער, שרעק, קראַנקהייט. וואָס־זשע טשעפּע איך זיך צו איהר? א וואויל ווייב! זאָל זי שלאָפען, געזונטערהייט, אויסרוהען זיך, שעפּען געזונט, כח, פרישקייט. דו דאַרפסט דאָך זי נאָך האָבען. ניט קיין אַלטע אידענע: זיסע ליפּען, פולע בעקלעך, א קיילעכדיגע מאָרדאָטשקע. ניין, א וואויל ווייב. אָבער פאַרוואָס דאַרף איך זיך אַליין אָפּעסען דאָס האַרץ? מען דאַרף אינאייגעם. איצט, למשל, דאַרף מען א טראַכט טאָן, וואָס צו טאָן מיט דעם ציערונג, מיט דער וואַליוטע. כאַפּ זיך

אויף, זאָג עפּעס, גיב אַן עצה. עס געהט דאָך דיר אַן פּונקט אזוי ווי מיר. איך שלאָף ניט, טאָ שלאָף דו אויך ניט.״

— דאָראָטשקע — האָט סימאָטשקע פּלוצלינג א רוף געטאָן און דעליקאט זי אָנגעריהרט ביים אקסעל. — כאַפּ זיך אויף! א האלבע נאכט, אז איך שלאָף ניט. א דעקרעט — האָט ער איהר גענומען ערקלערן. — עפּען די אויגען. פאַרשטעהסט, א דעקרעט! מען דאַרף אָפּגעבען די ציערונג און די וואַליוטע.

דאָראָטשקע האָט פויל און קאָקעטיש דורכגעפיהרט מיט דער האנט איבער די אויגען, און ניט עפענענדיג זיי מיט א געשמאקען גענייץ געפרעגט:

— וואָס פאר א דעקרעט, סימקע? ווי שפּעט איז איצט?

— דיר איז אלץ איינס ווי שפּעט עס איז — האָט סימאָטשקע געענטפערט. — איך האָב די גאנצע נאכט פון גרויס עגמת נפש קיין אויג ניט צוגעמאכט. רעד מיט מיר. פאַרשטעהסט מיך, א דעקרעט, א דעקרעט.

— שלאָף, סימאָטשקע — האָט ניט דערהערענדיג געזאָגט דאָראָטשקע מיט א פאַרשלאָפען קול. — מיר וועלען שפּעטער רעדען. נאָר דעקרעטען ליגען דיר אין זינען — האָט זי געמורמעלט מיט א דרעמלענדיגען קול. — דעקרעט — האָט זי שטיל איבערגע׳חזר׳ט און איבערגעדרעהט זיך אויף דער אנדער זייט.

— אָבער אז איך קאָן ניט שלאָפען — האָט סימאָטשקע זיך גענומען קלאָגען. — אָבער אז איך האָב נאָך מיט קיין אויג ניט צוגעמאכט. דו שלאָפסט שוין ווידער? — האָט ער זיך פאַרוואונ־דערט — וואָס־זשע פאר א ווייב ביזטו? ניט געקאָנט מיר אַן עצה געבען אוועקצופאָהרען מיט די דאָבראָוואָלצעס, ווי אנדערע האָבען געטאָן? א פערטעל שטאָדט איז מיט זיי אוועק, און מיר זיינען געבליבען. געגעסען קאטשקעס און ניט געוואָלט זיך פון אָרט ריהרען. אין אויסלאנד זענען אויך דאָ קאטשקעס, ניט ערגער פאר אונזערע. אַן אנדער ווייב וואָלט מיך ארויסגעשלעפּט פון דאנעט, און דו האָסט געטרויט די באָלשעוויקעס. ווען דו זאָגסט א שטייגער מיט כעס: לאָמיר אוועקפאָהרען. מיר דאַרפען ניט די באָלשעוויקעס, איך וואָלט אוועקגעפאָהרען. און וואָס האָסטו געטאָן? קאטשקעס גע־געסען!

— דיך אַרט, וואָס איך האָב געגעסען קאטשקעס? — האָט

דאָראָטשקע זיך אויפגעכאפּט פון זיין קול און פון דער באַליידיגונג און זיך אויסגעדרעהט צו איהם.

— מיך ארט ניט — האָט סימאָטשקע געענטפערט, — נאָר פארוואָס האָבען דיך די קאטשקעס יאָ אויפגעהויבען, און דער דעקרעט האָט דיך ניט געקאָנט אויפהויבען? ווען ניט דיינע קאטש־קעס, וויים איך ניט וואו מיר וואָלטען איצט געווען: אפשר אין פּאריז, אין לאָנדאָן, אין בראזיליע. און אויב איצט איז דאָרט אָווענט, וואָלטען מיר זיך געזעסען אין א רעסטאָראן, געהערט מוזיק, און וואָלטען מעהר אָדער ווענינער רוהיג גערייענט וועגען די פּאסירונגען אין רוסלאנד. און צוליעב דיר דארף איך דאָ לייענען דעקרעטען.

— צוליעב מיר? — האָט זיך דאָראָטשקע פארוואונדערט — ווי קומט עס עפּעס פּלוצלינג אוים, אז צוליעב מיר און ניט צוליעב דיר?

זי האָט ביסלעכווייז פון זיך אראָפּגעוואָרפען די נעבלען פון שלאָף און נאָך ניט קלאָר פארשטאנען, וואָס ער וויל פון איהר. דעקרעטען, בראזיליע. וואָס טוט זיך דאָ?

— מיר זענען דאָך דאָ, ווי אין פּאסטקע — האָט סימאָטשקע גערעדט און געקוקט בעת מעשה אויף איהרע שטארקע, זעהר דיקע הענט, אויף איהר העמד מיט די סטענגעס און שפּיצען. ניט צו אנטלויפען, ניט מיט'ן ים און ניט מיט דער יבשה. זיץ און ווארט ביז מען וועט ביי דיר דאָס לעצטע העמד צונעהמען. און בכלל, צו וואָס זאָל איך לעבען, זאָג מיר אדרבא. איך קאָן דאָך ניט ווערען אוים בורזשוי, הייסט עס, איך מוז אוועקגעבען אלץ וואָס איך פאַרמאָג. מען וועט מיך שיקען ארבייטען. און טאָמער געפינט מען נאָך ביי מיר ברילאנטען אָדער וואליוטע, שיקט מען מיך אין דער טשעקא. און עס וועט ניט העלפען, וואָס איך וועל גיך אָנהויבען ארבייטען אין א סאָוויעט. וואָס גענעצסטו? איך האָב נאָך אין מיין לעבען ניט געזעהן אזא קאלטען מלאך. איך רעד צו איהר, און זי גענעצט.

— פארוואָס טאָר מען ניט גענעצען? — האָט זיך דאָראָטשקע ווידער פארוואונדערט. — איך קאָן גענעצען און הערען וואָס דו רעדסט. בעסער פּרואוו און שלאָף איין — האָט זי איהם גוטמוטיג גערעדט — וועסט איינשלאָפען און דערנאָך זיך אויפכאפּען מיט א פרישען קאָפּ, וועט דיר אלץ אויסזעהן אנדערש.

— אָהן שלאָפען איז ביי מיר דער קאָפּ אויך פריש — האָט סימאָטשקע קאפריזנע געענטפערט... — זינט די באָלשעוויקעס זע־נען דאָ, איז מיר דער קאָפּ פריש. מיין כאראקטער איז קאליע געוואָרען, פארלאָרען די פרעהליכקייט. משוגע׳נע געדאנקען קריכען אין קאָפּ אריין. מיט איין וואָרט, עס איז גוט. גיב מיר נאָר דעם קלימעק און לאָמיר כאָטש א קוק טאָן וויפיעל ציערונג מיר האָבען, וואליוטע, צארישע געלדער און צו וועלכען שווארץ־יאָהר האָב איך נאָך געדארפט האָבען צאריש געלד? וואו וועל איך עס אהינטאָן?

— צו וואָס? — האָט דאָראָטשקע האלב ברוגז געזאָגט. — לאָז מיר שלאָפען. וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר פּינף א זייגער פארטאָג?

— דו מיינסט דאָך אודאי, אז מען קאָן אהער ניט קומען מאכען אן אָביסק? — האָט סימאָטשקע גיפטיג געפרעגט — איך בין דער פּאָרזיצענדער פון „איספּאָלקאָם”! נעהם ארויס דאָס זעקעל, לאָמיר זעהן, וואָס איז דאָרט אינעווייניג, און א טראכט טאָן, וואו מען קאָן עס באהאלטען.

— אָבער ווערסט דאָך גיך אָנהויבען ארבייטען אין „סאָוונאר־כאָז”, איז וואָס־זשע האָסטו מורא צו האָבען? — האָט דאָראָטשקע געפרעגט. — צו אונז קומען אריין די חברים אדיקצאָוו, פּראַק, אָלעניעוו. מיר נעהמען זיי פיין אויף, טראקטירען זיי, האָדעווען זיי ווי די פערד. און אויב די באָלשעוויקעס זענען ביי דיר אין שטוב ווי אייגענע מענשען...

— די טשעקא רעכענט זיך דערמיט ניט — האָט סימאָטשקע געענטפערט שטארק דערשראָקען פון זיינע אייגענע ווערטער. — זי דערשיסט אייגענע מענשען אויך. מען וועט גאָרנישט מאכען קיין צערעמאָניעס מיט מיר, באזונדערס ווען מען וועט מיך באשולדיגען אין באהאלטען מיין ציערונג. מען וועט דערשיסען איינס און צוויי. נעהם ארויס דאָס זעקעל.

ביי דאָראָטשקע׳ן איז פון די ווערטער אינגאנצען אוועק דער חשק צו שלאָפען. זי האָט זיך אויסגעדרעהט, ארונטערגערוקט די האנט אונטער׳ן קישען און ארויסגעשלעפּט פון דאָרט א לייווענטען דיק אָנגעפּאקטען זעקעל.

סימאָטשקע האָט געווארט מיט אן אראָפּגעלאָזטען קאָפּ. אויפ׳ן שטערען האָבען זיך געלעגט פאלבען, און דאָס פּנים האָט דעריבער

אויסגעזעהן פארזאָרגט. און די ברעמען זענען פון זיך אליין ארויפ־געקראָכען העכער.

דאָראָטשקע האָט איהם דערלאנגט דאָס זעקעל און קוקענדיג אויף סימאָטשקע'ן געטראכט:

"טייערע פריהמאָרגענס האָבען מיר. אויף לעניג'ען און טראָצ־קי'ן געזאָגט געוואָרען".

— נו, — האָט סימאָטשקע געזאָגט, נעהמענדיג זיך צו דער ארבייט, — די הייזער האָב איך שוין ניט, אויס, די זומער־וואוינונגען ניט, די ערד ניט. אפשר וועט דאָס נאָך אלץ אמאָל צוריק קומען. אָבער דערווייל איז אלץ, וואָס מיר איז געבליבען, איז אָט דאָס, און מיין קאָפּ און מזל. מיינע שותפים, כעלעש, יאקאָבסאָן און דער אינזשעניר סושקין זענען ניט קיין נאראָנים און איך צווישען זיי בין אויך ניט אבי ווער. אונזער סחורה, וואָס איז ווערט א דריי מי־ליאָן, איז גוט באהאלטען, האנדלען וועלען מיר מיט סחורה, וואָס מיר וועלען נעהמען אויף קרעדיט. און אנדערע געשעפטען וועלען זיך אויך געפינען. די הויפּטזאך איז ניט ארייגצופאלען און אָט דאָס קענען אָפּהיטען.

רעדענדיג אזוי, האָט סימאָטשקע פאנאנדערגעבונדען אלע קני־פּעלעך, וואָס דאָראָטשקע האָט געמאכט, געעפענט דאָס זעקעלע און ארייגעקוקט אין איהם. דאָראָטשקע האָט געהערט, וואָס סימאָטשקע זאָגט און פון נחת ניט אראָפּגענומען פון איהם קיין אויג. ער איז איהר אינגאנצען געפעלען, מיט זיין רויטען נאקען, מיט די דיקע פינגער. אפילו די שאָטענס, וואָס זענען געלעגען אויף זיין פּנים און געמאכט עס ברוין, האָבען ניט קאליע געמאכט זיין שעהנקייט אין איהרע אויגען. פון מיטעלען וואוקס, א געזונטער, אָהן א באָרד, אָהן וואָנצעס, אָנגעגאָסען ווי אן עפּעל א גוטע נשמה. זי האָט זיך געפיהלט שטאָלץ, וואָס ער איז איהר מאן.

סימאָטשקע האָט ארויסגענומען דערווייל די קאָנטראקטען אויף די הייזער, דאטשעס, ערד, א פּעקעל וועקסלען און אקציעס און אָפּלעגענדיג זיי אין א זייט, שווער א זיפץ געטאָן. טויטע פּאַ־פּירען! דערנאָך האָט ער ארויסגעשלעפּט א גרויסען פּאקעט מיט ניקאָלאיעווסקע רובעלס, געוויזען דאָראָטשקע'ן און שטום געפרעגט, וואָס טוט מען מיט דעם פּאק? דערנאָך האָבען זיך א שאָט געטאָן מארקען, פראנקען, פונטען, און ווידער זענען די ברעמען הויך

ארויפגעקראָכען, די אקסלען האָבען זיך אויפגעהויבען. א שרעק, א שרעק — וואָס טוט מען דערמיט וואו באהאלט מען עס? עס האָבען א קלונג געטאָן גאָלדענע מטבעות. דאָראָטשקע האָט אוועקגעלעגט איהר קישען אויף זיינע פיס, ער האָט מיט דער פויסט געמאכט אין איהר א גריבעל און אריינגעשאָטען אהין אלץ, וואָס האָט זיך געפונען אין א קליין סאמעטען זעקעלע: זייגערס, גאָלדענע פּאָרטסיגארען, ברילאנטענע אוירינגלאך, שפּאָנקעס. דאָראָטשקע האָט פאָרזיכטיג ארויסגענומען די שנירלאך מיט גרויסע און מיטעלע פּערעל. סי־מאָטשקע האָט באטראכט זיין פארמעגען, שפּאָטיש א שמייכעל געטאָן און געזאָגט מיט א דערשטיקט קול:

— וואָס וועלען מיר טאָן, דאָראָטשקע? ווייסט וויפיעל ברי־ליאנטען אליין מיר האָבען? הונדערט צוויי און צוואנציג קאראט. אכט שנירלאך פּערעל. און צו דריי גאָלדענע פּאָרטסיגארען? און צו פינף פּאָר זייגערס? ווען האָב איך עס אלץ אָנגעקויפט? און די וואליוטע? און די ניקאָלאיעווסקע רובעלס?

— געדענקסט שוין ניט, ווען דו האָסט געקויפט, — האָט באַ־ליידיגט געזאָגט דאָראָטשקע. — אויף וועמען בייזערסטו זיך? אָט די דריי פּאָרטסיגארען קאָסטען איצט מעהר ווי דיינע דריי הייזער. ער בייזערט זיך אויף זיין פארמעגען!

— א שרעק, א שרעק, — האָט סימאָטשקע מרה־שחורה׳דיג געזאָגט, צעהלענדיג די איידעל־שטיינער. בלויז ברילאנטען הונ־דערט צוויי און צוואנציג קאראט. צו וואָס האָב איך געדארפט אזוי־פיעל קאראט? איך בין דאָך ניט קיין יובעליר?

— דאָס הייסט א סך? — האָט זיך דאָראָטשקע פארוואונ־דערט. — שטיין האָט צוויי הונדערט קאראט. און ער האָט זיך קיינמאָל ניט געקלאָגט אז ער האָט צופיעל ברילאנטען.

— איך קלאָג זיך ניט, — האָט סימאָטשקע געענטפערט. — אָבער די טשעקא! מען מוז דאָך עס אלץ וואו ניט איז באהאלטען, און וואו, פרעג איך דיך? איך הויב ניט אָן צו פארשטעהן אויף וועלכען טייוועל איך האָב געדארפט הונדערט צוויי און צוואנציג קאראט. און צוויי קאראט וואָלט מיר ניט געקלעקט? אָבער, אז מען האָט א ווייב ,וואָס פראנטעוועט... סימאָטשקע, קויף מיר אויררינג־לאך, — האָט ער איבערגעשפּעט דאָראָטשקע׳ס קול. געקויפט אוי־רינגלאך. צוקריגט זיך און שלום געוואָרען? א שנירעל פּערעל. צום

געבורטסטאָג א רינג? נאַ־דיר א רינג. עס איז א פאַרדרוס צו דער־מאָנען זיך, וויפיעל דו האָסט געפּאָדערט. און איך בין דאָך א שמאטע. זאָגסט נאָר „סימאָטשקע" און איך בין שוין גרייט אויפ'ן דאך צו קריכען. א שמאטע! און וואָס טוט מען איצט דערמיט? וואו זאָל איך עס אהינטאָן? א הויז? איז דוקא דריי הייזער. ברילּיאנטען? איז הונדערט צוויי און צוואנציג קאראט. און האָבען עס ביי זיך אין אזא שרעקליכע צייט. מען וואָלט מיך צוואנציג מאָל דערשאָסען, ווען מען ווייסט, וואָס איך האלט ביי זיך. א שרעק, א גרויל!

— ווייסט, וואָס איך וועל דיר ראטען? — האָט דאָראָטשקע געזאָגט, אווערקלעגענדיג די האנט אויף זיין אקסעל.

— נאָר אהן עצות, — האָט סימאָטשקע איבערגעשלאָגען. — איך קען שוין אלע דיינע עצות.

—און אפשר גראָד די עצה קענסטו ניט, סימאָטשקע? — האָט דאָראָטשקע גענומען צערטליך בעטען. — לויט מיין מיינונג, — האָט זי געזאָגט, צולעגענדיג דעם פינגער צו די ליפּען, — דארף מען פריהער פאר אלץ ארויסנעהמען אלע ברילּיאנטען, אזוי אז עס זאָלען פארבלייבען נאָר די הוילע שטיינער.

— די הוילע שטיינער? — האָט סימאָטשקע איבערגעשפּעט.

— און וואָס טו איך מיט די שטיינער? עס איז דאָך הונדערט צוויי און צוואנציג קאראט! עס איז מעהר ווי א פונט ברילּיאנטען און צווייטענס, ווי וועל איך זיי ארויסשלעפּען? א יובעליר בין איך? די שטיינער זיצען אזוי פעסט, אז דער טייוועל אליין וועט זיי ניט ריהרען פון אָרט, — און ער האָט אומזיסט געפּרואווט ארויסדראפּען מיט די נעגעל א שטיינדעל פון אן אוירינגעל.

— מיט די נעגעל ווילסטו ארויסציהען די ברילּיאנטען? — האָט זיך דאָראָטשקע געוואונדערט. — דאָס דארף מען טאָן מיט א שער אָדער א גאָפּעל. מיט איין וואָרט, זיי רוהיג. איך און סאָ־ניעטשקע וועלען שוין ארויסנעהמען און איך וועל דיר באווייזען, אז מיר האָבען נאָר א קליין הייפעלע.

— נו, זאָל זיין אזוי, — האָט סימאָטשקע נאָכגעגעבען, — כאָטש א פונט ברילּיאנטען... נו, מילא, זאָל זיין אזוי. און ווייטער? די הויפּט זאך איז דאָך — וואָס ווייטער. וואו וועסטו אהינטאָן א פונט ברילּיאנטען?

— וואו? — האָט דאָראָטשקע איבערגעפרעגט אלץ נאָך מיט'ן

פינגערל אויף די ליפּען, און באטראכט דעם צימער פון דיל ביז'ן פּאָלעב. — דאָרט, — האָט זי געזאָגט, אָנווייזענדיג מיט דער האנד, — אויפ'ן אויוועז. איך וועל זיי פארנעהען אין דעם סאמעטענעם זעקעלע און ארויפוואַרפען עס אויפ'ן אויווען. קיינעם וועט ניט איינפאלען, אז דאָרט ליגען בריליאנטען.

— טאקע? אזוי מיינסטו? — האָט סימאָטשקע סארקאסטיש געזאָגט. — נאָר אויב דיר איז איינגעפאלען צו באהאלטען בריליאַנ־טען אויפ'ן אויווען, פארוואָס זאָל א סאָלדאט פון טשעקא ניט איינ־פאלען צו זוכען זיי דאָרט? דו ווייסט כאָטש ווי אזוי זיי זוכען? מען צעברעכט די פּאָדלאָגע, מען שטעכט דורך די ווענט. און איך, למשל, זעה שוין, ווי עס קומט אריין א סאָלדאט, קוקט זיך ארום, הויבט אויף דעם קאָפּ: "די בריליאנטען זיינען דאָרטען", און מען פיהרט מיך אוועק.

— נו, אויב אזוי וויים איך נאָך א בעסערע באהעלטעניש, — האָט זיך דאָראָטשקע ניט פארלאָרען. — מיר וועלען באגראָבען די בריליאנטען אין אונזערע בלומענטעפּ. דאָרט וועט מען שוין ניט געפינען, אז אפילו צעהן מענשען וועלען זוכען. אין א בלומענטאָפּ — קיינמאָל ניט, — האָט דאָראָטשקע מיט באגייסטערונג איבער־גע'חזר'ט.

— און ווען איך וואָלט געווען אויף זייער אָרט, — האָט סי־מאָטשקע אָפּגעענטפערט, — וואָלט איך בריליאנטען געזוכט נאָר אין בלומענטעפּ. פריהער פון אַלץ דאָרטען. אויף א בלומענטאָפּ איז דאָך ממש אָנגעשריבען, אז דאָרט זיינען בריליאנטען.

— וואָס איז דאָ די קונץ, — האָט זיך דאָראָטשקע באליידיגט.

— איך זאָג דיר וואו איך וועל באהאלטען און דו געפינסט. מיר וועלען בעהאלטען, און זוכען וועלען זיי דאָך.

— און דער עיקר, וואו וועל איך באהאלטען דעם פּאַק ניקאָ־לאיעווסקי רובעלס? כאָטש נעהם און וואַרף זיי ארויס. — ער האָט האָפּנונגסלאָז זיך ארומגעקוקט אין שלאָפצימער.

— און אויב דו ווילסט ניט אין טעפּעל, — האָט דאָראָטשקע פארגעשלאָגען, טראכטענדיג וועגען איהר'ס, — וועלען מיר באהאל־טען אין דעם סלאָי מיט איינגעמאכץ. איך וועל אראָפּשטופּען דאָס זעקעלע אויפ'ן סאמע דעק, און זאָל עס דאָרט ליגען.

— מען וועט געפינען, — האָט סימאָטשקע פינסטער געענט־

פערט. וואו דו זאָלסט ניט באהאלטען, וועט מען געפינען. ווען, למשל, דיין מאמע וואָלט איצט געלעבט, וואָלט איך איינגענעהט אין איהר העמד די ברילייאנטען און מיר וואָלטען דעמאָלט געקענט זיין רוהיג. ביי אן אלטער אידענע וואָלט מען ניט געגאנגען זוכען. מען וואָלט געזוכט, וואו דו ווילסט, אויפ'ן אויווען און אין אויווען, אין טעפלאך און מאטראצען, אונטער דער פּאָדלאָגע אָבער ווענען דער אלטער וואָלט זיי ניט איינגעפאלען. דיין מאמע וואָלט אליין מיט זיי ארומגעגאנגען — האָט זיך צושפּילט די פאנטאזיע ביי סעמיאָן גריגאָריעוויטש'ען, — זי וואָלט זיי געפיהרט איבער אלע צימערען, וואָלט זיי אליין אלץ געוויזען. זי וואָלט פאר זיי געעפענט די שאַ-פעס, קאָמאָדען, שקאטולקעס, און די ברילייאנטען וואָלטען זיך רו-היג געלעגען ביי איהר. אָבער וואו איז די מאמע? — איז ער מיט אמאָל אָפּגעקיהלט געוואָרען צו זיין פּלאן. — וואו נעהמט מען די טייערע אלטעטשקע? יעדע ווייב, למשל, — האָט ער זיך גענומען קלאָגען, — האָט אשטיקעל מאמע. און דיינע, פונקט ווי אויף להכעיס, האָט זיך געאיילט אוועקצושטארבען א יאָהר נאָך דער רע-וואָלוציע. זי האָט ניט געקענט שטארבען מיט א פּאָר יאָהר שפּעטער? איצט וואָלט זי אונז צונוץ געקומען. אָבער וואָס איז דאָ צו רעדען? פארפאלען.

— וואָס דו, סימקע, צורעדסט ניט, — האָט דאָראָטשקע גע-שטוינט — האָסט טענות צו א טויטען מענשען. וואָס איז זי שול-דיג? און פארוואָס דערמאָהנסטו זיך ניט אָן דיין מאמען? זי איז געשטאָרבען פריהער פאר מיינער? פארוואָס האָט זי זיך אזוי גע-איילט? ניט געקאָנט אָבווארטען אביסעל.

הער, — האָט סעמיאָן גריגאָריעוויטש געזאָגט, — איך האָב א נייעם פּלאן. אפשר... ניין, עס טויג ניט — האָט ער זיך פאר-כאפּט און געשוויגען.

— זאָג פונדעסטוועגען, — האָט דאָראָטשקע געבעטען.

— ניין, ניט כדאי, — האָט סעמיאָן גריגאָריעוויטש גענענט-פערט. — איך וועל דיר זאָגען, איך האָב א טראכט געטאָן ווענען אונזערע קאנאריקעס. ניין, טויג ניט. פארשטעהסט, אין דער כלי מיט עסען וואָלטען מיר געמאכט א דאָפּעלטען דעק. אי-דיאָטסטווע! אויבען אָנגעשאָטען דאָס עסען, די קערנער, און אונ-טער דעם די ברילייאנטען. אידיאָטסטווע! איך וואָלט דער ערשטער

געגאנגען זוכען ביי די פויגעלאך. און אפשר וואָלט איך ניט גע־גאנגען. ווי מיינסטו? דאָס אלץ ווענדט זיך אָן אן איינפאל און אָן דעם, וואָס עס איז אָנגעשריבען ביים באלעבאָס אויפ׳ן פּנים. אויף מיין פּנים וואָלט מען גלייך איבערגעלייענט: די פויגעלאך. איך וואָלט אליין זיי צוגעפיהרט צום שטייגעל. איך האָב דאָך א מאָדנעם כאראקטער.

— די פויגעלאך זענען גוט, — האָט דאָראָטשקע פארטראכט געזאָגט. — אָבער מאשא די דיענסט־מויד? זי גיט דאָך זיי עסען.

— נו, זעהסט? — האָט סימאָטשקע איינגעשטימט. — איך האָב דאָך דיר געזאָגט: אידיאָטסטווע. און אפשר האלט גאָר דאָס זעקעלע אויף א שטריקעלע? ניט קיין פּלאן? — האָט ער געוואָלט באַ־גייסטערט ווערען. — פארשטעהסט אויף א שטריקעל. די בריליאַנטען און פּערעל זענען גאָר אין הויז ניטאָ. א? עס טויג ניט? — האָט ער אומעטיג געפרעגט. — אידיאָטסטווע? א?

— ווארט, — האָט דאָראָטשקע קוים ארויסגעזאָגט. — דאכט זיך, מען קלאפּט.

ביידע האָבען אין משוגענער פארצווייפלונג גענומען זיך צור־ הערען, צודעקענדיג מיט צושפּרייטע פינגער זייער האָב און גוטס. א שרעקליכער אויגענבליק איז פאַראיבער.

— ניין, דאָס קלאפּט מען ביי די שכנים — האָט סעמיאָן גרי־ גאָריעוויטש געזאָגט. ער איז פון שרעק געווען געל ווי וואקס. באַ־ האלט גיכער דאָס זעקעל. און וואו באהאלט מען עס? אזא פּאק! — האָט ער מיט שנאה געזאָגט. — איך וועל זיך מישב זיין מיט יאַ־ קאָבסאָנ׳ען. ער האָט דאָך, וואו ניט איז באשטאט זיין פארמעגען.

— וואָלסט זיך בעסער צוגעלעגט, סימאָטשקע, — האָט דאָ־ ראָטשקע מיט מיטלייד געזאָגט! זאָל שוין זיין גענוג זיך צו מאטע־ רען. זעהסט דאָך אוים ווי א מת.

— נו, איך וועל זיך לעגען, — האָט ער געענטפערט. אָבער צי וועל איך איינשלאָפען? אז רוחות שפּרינגען ארום אין קאָפּ! נו, גוט, איך וועל פּרובירען. איך בין אזוי פארמאטערט, ווי מען וואָלט מיך געשלאָגען מיט שטעקענס. כאָטש א פופצעהן מינוט שלאָפען, גאָט מיינער. גוטע צייטען געקומען פאר גבירים!

— הלואי אויף לעניג'ען און טראָצקי'ן געזאָגט געוואָרען, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט, באהאלטען דאָס זעקעל אונטער דעם קישען, געלעגט זיך און פארמאכט די אויגען.

## III

דעם פריהשטיק האָט סערווירט סאָניע און דרעהענדיג זיך ארום סימאָטשקע'ן, גערעדט מיט א געשמאקען טראלאָ:

— די לאטקעס האָבען זיך היינט זעהר איינגעגעבען, סעמיאָן גריגאָריעוויטש. — באלד גרייט איך צו דעם סאלאד פון אוגערקעס. די קאווע איז שוין פארטיג און איהר וועט קיין איין מינוט ניט פארלירען.

— איך ווייס גאָר ניט, פארוואָס ער איילט זיך אזוי, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט. — סעמיאָן גריגאָריעוויטש האלט זיך שטענדיג אין איין איילען. מען קאָן דאָך אלץ טאָן רוהיג און געלאסען. איך למשל, אייל זיך קיינמאָל ניט. איך ווייס, אז קיין זאך וועט ניט אנטלויפען.

— וואו־זשע איז פונדעסטוועגען די קאווע? — האָט סי־מאָטשקע אומגעדולדיג געפרעגט, ניט שענקענדיג קיין אויפמערק־זאמקייט דאָראָטשקע'ס ווערטער. ער האָט זיך ארויפגעוואָרפען אויף די לאטקעס און גלייך פארשמירט די באק מיט פוטער. — איך האָב זעהר ליעב די שמועסען. איך בין פארנומען מיט א וויכטיגער זאך. איך דארף זיך דאָך אן עצה האלטען מיט יאקאָבסאָנ'ען. ווילסט אייביג האלטען דעם קלימעק אונטערן קישען? זינע, זייט אזוי גוט, טוט א קוק אין גאס און זאָגט מיר וואָס טוט זיך דאָרט.

זינע האָט איבערגעלאָזען איהר לאטקע, איז צוגעגאנגען צום פענסטער און גענומען דערצעהלען:

— מען פיהרט מעבעל אויף וועגענער...

— נו, דאָס איז פון בורזשויסקע הייזער. — איך ווייס, — האָט סימאָטשקע געזאָגט. — וואָס נאָך?

— פארבייגעפאָהרען אן אויטאָמאָביל מיט ארבייטער.

— ווייס איך וואָס: ארבייטער! — האָט סימאָטשקע פראָ־

טעסטירט. — מסתמא "איספּאָלקאָמטשיקעס" אָדער "פּראָדקאָמ־שטשיקעס" אָדער "סאָוונארכאָזניקעס". וואָס נאָך?

— א סך מענשען שטעהען ביים קיאָסק. לייענען א צייטונג.

— מען האָט דען נעכטען דערשאָסען מענשען? וואָס איז היינט פאר א טאָג? — האָט סימאָטשקע געפרעגט. — מיטוואָך? אויב אזוי קען ניט זיין. מען דערשיסט דינסטאָג און שבת. און אזוי אין גאס זענען עפּעס דאָ מענשען?

— וועניג, — האָט זינע געענטפערט. — נאָר נעבען דער שפּייז־קראָם און נעבען דער בעקעריי. אָבער די בעקעריי איז געשלאָסען.

— און ווי לעבעדיג עס איז געוועזן אין די גאסען די ערשטע טעג, וואָס זיי זענען געקומען. —האָט סימאָטשקע געזאָגט.

— געדענקסט, דאָראָטשקע? א דאנק, זינע. מיר זענען געשטאנען אויפ'ן באלקאָן און אראָפּגעקוקט אויף דער לויה פון די קרבנות. א מיליאָן מענשען און קיין איין בורזשוי ניט. מוזיק. מיר האָבען געגלויבט. געהאָפט. נאראָנים. הונדערט אָפענע טרומנעס מיט טויטע. פּאָהנען. א מיליאָן פּאָהנען. מען האָט גענומען אין די שניט־קראָמען די גאנצע שווארצע און רויטע סחורה. צאָהלען האָבען זיי ניט ליעב. נו, מילא. נאָר וואו זענען אהינגעקומען די מענשען? פאַרוואָס זענען פּוסט די גאסען? אויך מיר הערשער! קענסט אין גאס קיין פרעהליכען הונט ניט טרעפען.

— גענוג צו רעדען, סימאָטשקע, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט.

— אָט האָט מען דיר דערלאַנגט די קאווע. אויב דו איילסט זיך, דאַרף מען ניט רעדען.

— איילסט זיך, — האָט זיך סימאָטשקע אָנגעבייזערט. — און וואָס זאָל איך טאָן אין דער היים, אז איך האָב אין דער היים א זעקעל מיט פּולווער? ביז איצט ניט געקאָנט באהאלטען. עס. זיץ און ווארט אויף דער טשעקא. איילסט זיך, — האָט ער גיפטיג איבערגע'חזר'ט. — וואָלט כאָטש יאקאָבסאָן א גוטע עצה געגעבען.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און גענומען אָנטאָן זיין באָלשעוויסטישען קאָסטיום. ארויפגעצויגען א פּאָר שטיוועל, א קאשקעט, לעדערנעם פּאַס, א דרעה געטאָן זיך וואויל־יונגעריש פאר'ן שפּיגעל (—נו, מיט וואָס ניט קיין באָלשעוויק? — האָט ער זיך געווענדעט צו דאָראָטשקע'ן) און ארויס דורך דער הינטערשטער טיהר, ווייל

די פּאַראַדנע איז געווען צייטווייליק פאַרקלאַפּט זינט די באָלשעווּיקעס זענען אַריין אין שטאָדט. אין קיך איז געזעסען דער מאַטראָס פעדיאַ, געטרונקען קאַווע און געשמועסט מיט מאַשאַ׳ן.

"טרינקט מיין קאַווע, הונט איינער", האָט סעמיאָן גריגאָריעוויטש אַ טראַכט געטאָן "און הויבט זיך אַפילו ניט אויף, ווען איך גיי פאַרביי. אָבער מען מוז שווייגען. איך וועל צוגעהן און געבען איהם די האַנט. נעהמט איהם דער טייוועל. איך וועל זאָגען אַ פּאָר גוטע ווערטער וועגען די באָלשעוויקעס. וואָס קען איך טאָן? איצט איז ער דער באַלעבאָס.

— וואָס מאַכט איהר, חבר? — האָט סימאָטשקע אַרויסגעקוועטשט פון זיך אַ פריינדליכען שמייכעל, איז אַריין אין קיך און צוגעטראָגען די האַנט צום מאַטראָס. — איהר טרינקט קאַווע.

— יאָ, לאָז זיך וואוילגעהן, — האָט כמורנע געזאָגט דער מאַטראָס, ניט קוקענדיג אויף סעמיאָן גריגאָריעוויטש׳ן.

— און פאַרוואָס, מאַשאַ, גיט איהר ניט פעדיאַ׳ן קיין פּוטער?

— האָט סימאָטשקע געפרעגט. — פאַראַן, גאָט צו דאַנקען, פּוטער אין שטוב. גיט, גיט, זשאַלעוועט ניט. די באָלשעוויקעס זענען געקומען, איז פּוטער ביליגער געוואָרען, — האָט סימאָטשקע אַ ליגען געזאָגט.

— אַזוי איז עס טאַקע אמת, — האָט פעדיאַ אַלץ נאָך כמורנע געענטפערט.

— יאָ, יאָ, ריכטיג, — האָט סימאָטשקע איינגעשטימט, ניט אויסהערענדיג אַפילו. — עס איז בכלל געוואָרען גוט. קיין איבערפאַלען ניט, קיין רויבערייען ניט. די באָלשעוויקעס האָבען אין צוויי מינוט געמאַכט אָרדענונג...

— נו, נעהמט איהם דער טייוועל, — האָט סעמיאָן גריגאָריעוויטש געטראַכט, ווען ער איז געווען אויף די טרעפּ. ער קוקט אויף מיר ווי אַ וואָלף און איך פּרוּאוו זיך אונטערלעקען. און צו וואָס פאַרפיהר איך מיט איהם אַלע מאָל אַ געשפּרעך? מיך ציהט אַלץ: רעד, רעדן

סעמיאָן גריגאָריעוויטש׳ן אַנטקעגען איז געגאַנגען די רוסיפיצירטע דייטשקע מאַדאַם פּעטערסאָן. זיך האָט זיך יעדע ווייַלע אָפּגעשטעלט, כדי אָפּצוציהען דעם אָטעם. זי האָט געטראָגען אַ קערבעל מיט שוואַרצען ברויט, קאַרטאָפעל און גרינס. אַליין איז

זי געווען אין א שווארצער פּעלערינקע, און איבער'ן ברוינעם פּנים האָט זיך געקייקעלט דער שווייס, וועלכען זי האָט יעדע ווייל֞ע אָפּ־געווישט מיט א פאטשיילקע. אין דער צייט פון מלחמה איז זי נאָך געווען א רייכע פרוי, געהאלטען דינסטען און ניט אריינגעטונקען קיין האנט אין קאלט וואסער. איצט האָט זי אליין געטאָן די גאנצע באלעבאטישקייט, באדינט איהר פאמיליע פון פינף, געוואשען די דילען, די וועש, געקאָכט, געגאנגען אין מארק. דאָס געלט האָט מען שוין לאנג אויפגעגעסען און איצט האָט די פאמיליע געלעבט דערמיט, וואָס מען פלעגט עפּעס פארקויפען פון אייגענעם לייב. מען פלעגט פארקויפען א ליילאך, א העמד, א ציכעל, און דערפון לעבען.

ווען זי האָט דערזעהן סעמיאָן גריגאָריעוויטש'ן, האָט זי איהם אָפּגעשטעלט און צואווינקענדיג איינגערוימט:

— אין א וואָך ארום!

— נו, — האָט סעמיאָן גריגאָריעוויטש צוריק געשעפּטשעט א דערפרעהטער — זיי געהען אוועק?

געהען אוועק, — האָט מאדאם פּעטערסאָן ווינקענדיג און סאָפּענדיג באשטעטיגט. — מיר האָט מיין פּלימעניק איבערגעגעבען. זיין חבר איז אין דער ארמיי. אנ'אָפיצער. א צעטעלע צוגעשיקט. ער שרייבט: ריכט זיך אויף אונז גיך. גאָט וועט העלפען, וועלען מיר גיך פּטור ווערען, — האָט זי ווידער א וואונק געטאָן מיט'ן אויג.

— הלואי, הלואי, — איז סעמיאָן גריגאָריעוויטש פרעהליכער געוואָרען. — "איך וועל גלייך אוועקפאָהרען", — האָט ער ביי זיך באשלאָסען.

קוקט נאָר אָן, וואָס איך האָב איינגעקויפט אין מארק, — האָט מאדאם פּעטערסאָן געזאָגט. סעמיאָן גריגאָריעוויטש האָט אריינגעקוקט אין קערבעל.

— ברויט? איז עס דען ברויט? — האָט זי בייז געזאָגט. — עס איז דאָך שטיין. קיין פּוטער ניט געקויפט, — דריי טויזענד. ווי קען איך? אָפּגעלייזט פאר א העמד דריי טויזענד און א טויזענ־דער נאָך דערלעגט פון דער קעשענע, און וואָס האָב איך געקויפט? נו, עס מאכט ניט אויס, אבי זייער סוף קומט. מיר וועלען זיך שוין מיט זיי אָפּרעכענען. נעכטען, — האָט זי זעהר שטיל אָפּגעזאָגט, — האָט מען ארעסטירט צוויי פּאָלקאָווניקעס, מען ווייסט ניט, אז

דאָס זענען פאָלקאָוויקעס. מען איז נאָר חושד. מען האָט זיי שוין גענומען אויף א פאַרהער. עס האַלט מיט זיי שלעכט. נאָר עס מאַכט ניט אויס, אונזערע וועלען זיך שוין אָפּרעכענען מיט די גזלנים.

— וואָס בין איך עפּעס פרעהליכער געוואָרען? — האָט סעמיאָן גריגאָריעוויטש געטראַכט, געהענדיג אין גאַס. — מסתמא צוליעב דעם שמועס מיט דער פּעטערסאָן. נו, א דאַנק גאָט. א וואוילע פרוי די פּעטערסאָן. מען דאַרף זי בעטען נעהמען ביי מיר עטליכע טעפּיכער. זי איז א דייטשקע, וועט מען ביי איהר ניט זוכען און דעם פּאָרצעלאַן זאָל איך איהר אויך געבען? אָדער מען דאַרף ניט דעם פּאָרצעלאַן. פאַרוואָס דאַרף מען ניט? עס הויבט זיך שוין אָן: מען דאַרף ניט — מען דאַרף יאָ. נו, גוט, איך וועל געבען. אָדער אפשר דאַרף מען טאַקע ניט? אפשר אוועקשטעלען ביים אייזען־באַהן־אַרבייטער? צו איהם וועט מען אויך ניט קומען. איך וועל איהם געבען עטליכע הונדערטער פון אַמאָליגען געלט. און אפשר איז פּאָרט גלייכער ביי פּעטערסאָן? הויבסט שוין אָן איבערצוטראַכטען אהין און אהער? זעה, וואָס פאַר א לאַנגע שורה מענשען ביי דער קראָם. און די קראָם איז צוגעשלאָסען. מסתמא קיין סחורה ניטאָ. גרויסע בריות! וואָס זיי האָבען עס אין איינע דריי חדשים געמאַכט פון דער שטאָדט!

אין גאַס איז געווען שטיל. דער אַספאַלט, וואָס איז צעגליהט געווען פון היץ, האָט זיך ווי ליים געזעצט אונטער די טריט. עס האָט געשמעקט מיט סמאָלע און רויך. נעבען דער פאַרשלאָסענער בעקעריי איז געשטאַנען אַנ׳עולם פון פרויען און קינדער. מען האָט זיך אין דער שטיל געקריגט צוליעב פּלעצער. אויף די טראָטואַרען און אויפ׳ן בריק איז געלעגען מיסט, וועלכע קיינער האָט ניט אויפגעראָמט און עס האָבען זיך געוואַלגערט טויזענדער שטיקלאַך גלאָז פון דער פינף־שטאָקיגער הויז, אין וועלכער מען האָט ניט לאַנג צוריק, ווען עס האָבען נאָך באַלעבאַטעוועט די דאָבראָוואָלצעס, געוואָרפען א באָמבע. סימאָטשקע האָט געקוקט אויף די שטיקלאַך גלאָז און געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. ער האָט זיך דערמאָנט ווי דיי־זעלביגע גאַס האָט אויסגעזעהן פריהער. אויפ׳ן ראָג האָט ער דער־זעהן דעם פּאָליצייסקי׳ן. עס איז אַרוים דער דוואָרניק מיט א לאָפּעטקע און א בעזים און אָפּגעשאַרט דאָס פערדישע אָפּפאַל. עס איז פאַרבייגעפאָהרען א קאָליאַסקע מיט אויסגעפּוצטע דאַמען.

דער פּאָליצייסקי האָט זיך אויסגעצויגען ווי א סטרונע און מיט דרך ארץ לאנג נאָכגעקוקט דער קאָליאסקע. אן עולם האָט זיך א שאָט געטאָן אין גאס. אָט איז פארבייגעשוואומען, בליצענדיג מיט א מאָנאָקל אי זאויג א פראנט מיט פּיס פון א זשוראָוול אין לאקירטע שיך. ער געהט געאָרעמט מיט אן אָפיצער, וועלכער קלינגט מיט די שפּאָרען. קאפּעליושען, קאפּעליושען. שטעקעלאך. דאמען אָנגעטאָן לויט דער לעצטער מאָדע. סוחרים, פרייליינס, דראָזשקעס, אָפיצערען, קינדער מיט גואווערנאנטינס, און געשעפטען, און רעסטאָראנען, פרעהליכער רויש און געטומעל, און לאכענדיגע געזיכטער. וואוהין איז דאָס אלץ אהינגעקומען? אָט זענען זיי, די וואָס זענען געקומען אויף זייער אָרט: האלב אָנגעטוענע מענשען, אלע דעקאָלטירט, אין קאשקעטען, אין שטיוועל, שטומע, מרה־שחורה'דיגע, עס וועט זיך מעהר ניט פארבייטראָגען דער טראמוויי מיט א פרעהליכען קלונג, צי א איזוואָזשטשיק, צי א אויטאָמאָביל. בלאָטיג, אָפּגעלאָזען, אומעטיג, שלעכט!

„נו, וואָס איז דאָס מיין עסק"? האָט סימאָטשקע געטראכט, פארנעמענדיג זיך אין אן אנדער גאס. „עס איז עפּעס מיין גאס? לאָמיר טראכטען וועגען אן אנדער זאך. א דאנק דאָראָטשקע'ן. פאָרט א וואוילע ווייב. אָנגעקאָרמעט מיך, דורכגעשמועסט זיך מיט מיר, און איך בין איצט אן אנדער מענש. א כוואט א יונג. אזוי מיינען טאקע אלע. און וואָס פאר א כוואט בין איך? מען האָט מיך געדארפט זעהן ביינאכט אין שלאָפצימער. ערגער ווי א אידענע. אָבער ווי איך בין אין דער אמת'ן ווייסט דאָראָטשקע. אָהן א קאָפּ, אָהן נערוועז בין איך פארבליבען פון דער רעוואָלוציע, פון דער איי־ביגער שרעק. און ווי בין איך נאר געבליבען גאנץ, פארשטעה איך ניט. וויפיעל נאָהענטע מענשען זענען אומגעקומען. נו, גאָט צו דאנקען. פונדעסטוועגען איז ביי מיר א הויז פארבליבען — ניט געטשעפּעט. אריינגענומען סאָניע'ן און זינע'ן. זאָלען זיי נעביך לעבען מיט אונז. דאָראָטשקע'ן איז פאָרט פרעהליכער מיט זיי. ניט אזוי עלענד. זי האָט מיט וועמען א וואָרט אויסצורעדען, מיט וועמען צו געהן שפּאצירען. איך האָב קיין חשק ניט געהאט אריינ־צונעהמען אין הויז צוויי פרויען. מען ווייסט דאָך — פרויען־רכילות. נאָר אז דאָראָטשקע האָט אזוי געוואָלט."

„ניט געוואָלט!" האָט זיך דער געדאנק קאפּריזנע א דרעה

געטאָן ביי סימאָטשקע׳ן, ״פארוואָס־זשע האָסטו פארפיהרט א ראָ־מאן מיט סאָניע׳ן?״

״וואָס עפּעס פּלוצים א ראָמאן?״ האָט זיך סימאָטשקע פאר־וואונדערט ביי דעם געדאנק. ״ווער האָט געטראכט וועגן א ראָמאן?״

״פרעג ניט, ווער עס האָט געטראכט, האָט ער זיך אליין געענטפערט.״ ״זאָג בעסער, צו וואָס האָסטו געדארפט האָבן דעם ראָמאן?״

״איך וויים צו וואָס? עס האָט זיך אזוי גראָד געמאכט, און עס איז געוואָרען א ראָמאן. איך האָב זי דען באזעצט ביי אונז? איך האָב דאָך ניט געוואָלט. דאָס איז דאָראָטשקע שולדיג. מיר זענען אין בעט, און זיי געהען אריין, אפילו ניט אָנפרעגענדיג. דאָראָ־טשקע׳ס פּיהרונגען! זי פּלעגט זיך צוזעצען אויף מיין בעט. מיט איינער פּלעגט דאָראָטשקע אוועקגעהן שפּאצירען און מיט דער אנדערער מיך איבערלאָזען. אלץ איהר קאלטער כאראקטער. האָט זי ניט געקענט פארשטעהן וואָס דערפון קען ארויסקומען? וואָס בין איך שולדיג? א שעהנינקע, א נאָכגעביגע, א דערשראָקענע און קושט זיך וואונדערליך.״

״אז איך וויל וועגן דעם גאָר ניט טראכטען״, איז ער אין כעס געוואָרען. ״אָט זיך צוגעטשעפּעט א געדאנק. אוועק!״ האָט ער גענומען אין די געדאנקען שרייען אויף זיך. איך דארף טראכטען וועגן עפּעס אנדערש.

״מאָדנע,״ האָט ער אין א ווייל׳ע ארום געטראכט. ״עס געהט א מענש ווי אלע און קריגט זיך, מיט זיך אליין. און וואָס למשל, טוט זיך אין קאָפּ אָט ביי דעם מענשען? אָדער אָט ביי יענעם, וואָס איילט זיך ערגעץ וויפיעל פּוסטע געדאנקען עס קומען אין קאָפּ אריין. דאָס פּנים איז ערנסט און די געדאנקען נארישע. וועגען וואָס טראכט איך איצט? איך האָב דאָך געדארפט טראכטען וועגען אן ערנסטער זאך. נו, איך וועל טראכטען. ניין, נאָר ניט וועגען סאָניע׳ן. איך וויל ניט. אוועק! וואָס האָט זי זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? געה אוועק! נאָר איין זאך קען איך ניט פארשטעהן,״ האָט ער אומבאמערקט פאר זיך גענומען ווידער טראכטען וועגען איהר. ״ווי האָט עס דאָראָטשקע ניט באמערקט? אן אנדערע וואָלט עס גלייך באמערקט, און זי ניט. און ווי קען מען טאקע מיך חושד זיין אין אזא זאך? דער געטרייסטער מאן אין דער וועלט. און דער ראָמאן

איז גאָר אפילו קיין אמת'ער ראָמאַן ניט געווען. אזוי זיך א צופאַל. איך ווייס אפילו ניט, ווי עס איז געשעהן. א מינוט פאר דעם האָב ניט איך און ניט סאָניע געוואוסט, אז עס קען פּאָרקומען. זעהר וואויל געקושט זיך. איך וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געגלויבט, אז אזא שטילע, שעהמעוודיגע..."

"ווידער געקושט זיך," האָט ער זיך געכאַפּט ביי דעם זינדיגען געדאנק. "טראכסט ווידער וועגען דעם. אַן אומגליקן איך בין גראָד ביים קיאָסק. איך וועל צוגעהן און א קוק טאָן, וואָס טוט זיך אין דער ציימונג, און וועל פארגעסען אָן סאָניע'ן. זי הויבט מיך ניט אָן צו אינטערעסירען."

סימאָטשקע האָט שוין געוואָלט צוגעהן צום ציימונגס־קיאָסק, וואָס איז געווען ארומגעקלעפּט מיט מענשען, ווי מיט פליגען. אָבער פּלוצים האָט ער באמערקט ווי עס געהט זיך מיט א געל שטעקעלע אין האנד דער וואליוטע־מעקלער כלאווע מייערסאָן און פאר־קירוועט זיך צו איהם.

"איך וועל כאפּען א שמועס מיט איהם," האָט סימאָטשקע צו זיך געזאָגט. "פון איהם וועל איך זיך דערוויסען מעהר נייעס, ווי פון א ציימונג. וואָס איז, ער דערקענט מיך גאָר ניט?"

— מייערסאָן! — האָט ער א געשריי געטאָן — הער אָדער חבר מייערסאָן, וואוהין האָט איהר זיך עס פארקוקט? איהר דער־קענט מיך ניט? קומט נאָר אהער. וואָס הערט זיך נייעס? איהר מאַכט עפּעס געשעפטען? און וואָס הערט זיך בכלל גוטס?

— ערשטענס, — האָט כלאווע מייערסאָן געענטפערט, צור־געהענדיג צו איהם אָהן חשק, — שרייט ניט. ווער שרייט עס איצט אין גאַס? איהר האָט פארגעסען, אז עס איז איצט ניט פריהער־דיגע ציימען. צווייטענס, וואָס מאכט איהר? איך האָב אייך טאקע זעהר גוט דערקענט, — האָט ער ווייטער גערעדט, א גלעט טוענדיג פון געוועהנהייט דאָס גרוי שיטערע בערדעל. — נאָר איך האָב אומישנע ניט געוואָלט אייך דערקענען. וואָס איהר דארפט ווייס איך אויסגעצייכענט.. נאָר איך בין איצט ניט מיט געשעפט, איך האָב זיך קיינמאָל ניט פארנומען, און אזוי לאנג ווי די באָלשעוויקעס זענען אין שטאָדט, בעט איך אייך, איהר זאָלט איין מאָל פאר אלע מאָל אָן דעם פארגעסען. און אויב איהר זענט ניט מסכים דערמיט, וועלען מיר ביידע זעהר גיך האָבען אונזער סוף אין דער טשרעזווי־

טשאיקא. און דריטענס וויל איך אייך זאָגן: רעדט בכלל שטיל. די גאסען זענען פול מיט שפּיאָנען.

— ווער האָט עס אייך געזאָגט? — האָט זיך סימאָטשקע דערשראָקען און אומרוהיג זיך ארומגעקוקט.

— מען האָט מיר שוין געזאָגט, מענשען וואָס ווייסען, — האָט כלאווע מייערסאָן געענטפערט. — און איך בעט אייך, טוט מיר די טובה און קוקט זיך ניט ארום. מאכט א גלייכגילטיג פּנים, ווי אלע מענשען אין גאס. איצט איז אויף אייער פּנים אָנגעשריבען, אז איהר זענט א קאָנטר־רעוואָלוציאָנער, כאָטש איהר געהט אָנגעטאָן מעשה באָלשעוויק. און וואָלט איך געווען א טשעקא־אגענט, וואָלט איך אייך אויפ׳ן שטעל ארעסטירט.

סימאָטשקע האָט זיך פון די ווערטער נאָך מעהר פארלאָרען און אין איילעניש געבראכט זיין פּנים אין אָרדנונג. דער שמייכעל איז פון שרעק ארויס א ניט־געלונגענער, אָבער איהם האָט זיך געדאכט, אז דער שמייכעל האָט זיך יאָ איינגעגעבען און ער האָט איהם געוויזען כלאווע מייערסאָנ׳ען.

— איצט איז א קאפּעטשקע בעסער. — האָט כלאווע איהם דערמוטיגט, — אויב איהר ווילט מיט מיר ווייטער רעדען, דארפען מיר זיך פריהער אָפּרעדען וועגען וואָס מיר רעדען.

— איך פארשטעה ניט, — האָט סימאָטשקע געמורמעלט, שוין אינגאנצען ביי זיך אראָפּגעפאלען און געווישט דעם שווייס אויפ׳ן האלז.

"אפשר זיך אָפּטראָגען פון איהם?" האָט ער געטראכט. "נאָר ווי טראָגט מען זיך אָפּ? ניט שעהן, און צו וואָס האָב איך איהם אָפּגעשטעלט. שטענדיג דארף איך זיך פארדרעהען, וויים דער טייוועל מיט וואָס, און אפשר איז ער גאָר אליין געוואָרען א שפּיאָן?" האָט זיך ווי א בליץ דורכגעטראָגען דער געדאנק. "מען דארף גאָר קיין בעסערען שפּיאָן ניט האָבען. א מענש, וואָס איז אויסגעבונדען מיט א האלבער שטאָדט."

און סימאָטשקע האָט ווידער גענומען קוקען אין אלע זייטען און אָנגעשריבען דייטליך אויפ׳ן פּנים, אז ער וויל שטעלען פּיס...

— וואוהין? — האָט אים כלאווע מייערסאָן אָפּגעשטעלט.

— קומט, לאָמיר רעדען.

— ניין, איך אייל זיך אין ערגעץ ניט — האָט סימאָטשקע

ציטערנדיג געענטפערט. — איך האָב זיך דען ערגעץ געאײַלט? — האָט ער גענומען פּאררעדען. — מסתמא האָב איך גענעסען אין דער פריה א ניט־פרישע איי. איהר ווייסט דאָך וואָס פארא פּראָ־דוקטען עס זענען איצט.

— איהר עסט נאָך איצט אויך אייער? — האָט מייערסאָן מיט דרך ארץ געפרעגט.

— דאָס הייסט... — האָט זיך סימאָטשקע פארלאָרען.

"דעם צונג וואלט איך זיך ארויסגעריסען! — האָט סימאָטשקע זיך אליין געזידעלט. — וואָס פּלוידער איך?"

— אויב אזוי, גראטוליר איך אייך, — האָט מייערסאָן גע־זאָגט. — ווער קאָן זיך עס איצט ערלויבען צו עסען אן איי א חוץ "זיי"? נעכטען, א שטייגער... — האָט מייערסאָן ווייטער גע־שעפּטשעט. — קומט, לאָמיר זיך שטעלען ביים וואנט: דאָ איז זיכערער. נעכטען, א שטייגער, איז געווען אזא פאל: מען האָט נאָכגעשפּיאָנירט צוויי געשעפטמאכערס, גערשמאנ'ען און מאנדעל־בוים'ן. איר קענט זיי געוויס: נאפּט־הענדלער. (סימאָטשקע האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ). זיי זענען געשטאנען אזוי ווי איך און איהר. גערעדט צווישען זיך. זענען צוגעגאנגען צוויי חברה־לייט, אנגעטאָן אזוי ווי איהר, צענומען זיי העפטליך, אָפּגעפיהרט יעדען אָן א זייט און געבעטען יעדען איינעם ער זאָל דערצעהלען וואָס ער האָט געשמועסט מיט'ן צווייטען. יענע האָבען, פאר־שטעהט זיך, ניט אָפּגערעדט צווישען זיך, און עס איז ארויס־געקומען שוין איינמאָל א פּלאָנטער. מען האָט זיי ביידען ארעסטירט אלס ספּעקולאנטען און אָפּגעפיהרט אין דער טשעקא. דאכט זיך מאנדעלבוים'ען האָט מען שוין דערשאָסען. היינט געהערט.

— און איך — איז סימאָטשקע געל געוואָרען דאָס הערענדיג — האָב ברילליאנטען אליין הונדערט צוויי און צוואנציג קעראט, און איך האָב זיי נאָך ניט באהאלטען. מיך וועט מען הונדערט צוויי און צוואנציג מאָל דערשיסען.

— מען מוז — האָט כלאווע מייערסאָן גע'טענה'ט—אָפּמאכען צווישען זיך וועגען וואָס מיר רעדען. לאָמיר זאָגען, אז מיר זענען זיך מישב וואו צו קויפען שיך.

— אפשר — האָט סימאָטשקע פאָרזיכטיג פאָרגעשלאָגען — וואָלטען מיר זיך בכלל צוגאנגען? צו וואָס זאָלען מיר ריזיקירען?

אז ניט, מילא, זאָל זיין שיך — האָט ער א פּאַרציטערטער איינגעשטימט. — יע, הייסט עס וועגן שיך. איז וואו זאָל איך זיי קויפן דענקט איהר?

— הערט, סעמיאָן גריגאָריעוויטש — האָט כלאַווע מייערסאָן גענומען פּלוצים פליסטערן מיט א גלייכגילטיגער מינע, — אפשר דאַרפט איהר פונטען? איך קאָן היינט פאַרקויפן שפּאָט־ביליג. פאַרפעהלט ניט די געלעגענהייט.

„אבי איך האָב איהם שוין געהאַט אָנגענומען פאַר א שפּיאָן — האָט סימאָטשקע זיך אליין פאָרגעוואָרפן. — וואָס פאַר א מאָדנער נפש איך בין, גוט נאָך וואָס איך האָב פון שרעק כאָטש קיין נארישקייט ניט געזאָגט".

— איך? פונטען? — האָט זיך סימאָטשקע פאַרוואונדערט, פונקט ווי ער וואָלט זיי גאָר קיינמאָל ניט געקויפט. — צו וואָס זאָל איך פון דער העלער הויט קויפן פונטען? און צוריק גערעדט... א פופציג פונט וואָלט איך יאָ געקויפט — האָט אומערוואַרטעט פאַר זיך אליין געזאָגט סימאָטשקע. — ברענגט זיי צו מיר אהיים — האָט סימאָטשקע געפּלאָנטערט מיט דער צונג און שוין חרטה געהאַט און ניט געוואוסט ווי אזוי זיך ארויסצודרעהען. — אָדער ניין, מען דאַרף ניט! — האָט ער זיך אָנגעטאָן א כח און כמעט אויסגעשריען. — איהר פאַרשטעהט? — האָט ער מיט חניפה אריינגעקוקט מייערסאָנ'ען אין די אויגען — עס האָט זיך ביי מיר נאָר ארויסגעריסען פון מויל. קיין פונטען דאַרף איך גאָר ניט. און אפשר פאָרט נעהמען? — „שטום דאָך אמאָל!", האָט א געשריי געטאָן אין זיין קאָפּ. — ניין, מען דאַרף ניט, מייערסאָן. איהר זאָגט מיר בעסער, צי מיר וועלען נאָך לאנג פון זיי ליידען?

— דריי וואָכען — האָט מייערסאָן געענטפערט, געבענדיג א ווינק מיט'ן אויג.

— טאקע? — איז סימאָטשקע מונטער און לעבעדיג געוואָרען. „גלייך אויף דער שיף"!, האָט א בליץ געטאָן אין געדאנק. — נו, נו, מייערסאָן, דערצעהלט. איך האָב שוין היינט ג'יהאַט א גוטע בשורה. אדרבא, טרייסט, דערצעהלט. דערפרעהט דאָז הארץ.

„א וואויל מענשעל אָט דער כלאַווע מייערסאָן — האָט זיך צושפּיעלט ביי סימאָטשקע'ן דער געדאנק. „אפשר געבען איהם צו לייזען? איך וועל ביי איהם קויפן די פונטען. אָדער מען דאַרף ניט.

אַ? זאָל איך קויפען? אַ? אָדער איך זאָל ניט קויפען? נעהמט זיי דער טייפעל, די פונטען!"

— אז מייערסאָן זאָגט איך: ניט מעהר ווי דריי וואָכען — האָט כלאַווע גע'טענה'ט — מעגט איהר זיכער זיין, אז ער איז זיך אפילו אין קיין שעה ניט טועה. איך האָב ריכטיגערע נייעס ווי זיי ביי זיך אין שטאָב. מיין שניערס שוועסטערקינד דיענט ביי די דאָב־ראָוואָלצעס. ער האָט די טעג צוגעשיקט א צעטעלע. ווי אזוי ער האָט צוגעשיקט, דאָס איז זיך א באזונדער געשיכטע. איז אין דעם צעטעלע שרייבט ער, אז "מיר וועלען גיך לאָדען זאַלץ".

— איך פארשטעה — האָט סימאָטשקע געזאָגט, אונטערווינ־קענדיג מיט'ן אויג.

— ניטאָ דאָ וואָס צו פארשטעהן — האָט מייערסאָן פון אויבען אַראָפּ געזאָגט. — אין דריי וואָכען ארום וועט מען קומען און מען וועט איינמאָל פאר אַלעמאָל פארמאַכען אונזער משוגעים־הויז. איהר האָט זיך צוגעקוקט צו די מענשען אין גאַס? — האָט ער פּלוצים געפרעגט. — דאָס זענען דאָך משוגעים. שטילע, פאָלגענדיגע, טשעפּען קיינעם ניט, נאָר זיי זענען דאָך אַלע פון דעם ערשטען ביז'ן לעצטען משוגע. און איך און איהר זענען אויך משוגעים. באָטש מיר טשעפּען ניט קיין מענשען.

און סימאָטשקע האָט אויף איין קורצען אויגענבליק דערזעהן ווי מייערסאָנ'ס אויגען האָבען א בליץ געטאָן ווי ביי א משוגענעם.

— און ווילט איהר ניט קויפען קיין שיך? — האָט מייערסאָן געפרעגט. — א שאָד. און איך וואָלט אייך דוקא געראַטען. נו, אַ גוטען טאָג, און פארגעסט ניט, אז איך בין איצט ניט איך. איך האָב ניט קיין געשעפט און האָב קיינמאָל קיין געשעפטען ניט געהאַט.

און ער, ווי ער וואָלט ניט געווען ער, איז פּאַמעלאַך און גלייכ־גילטיג אוועק איבער דער גאַס, שטיל קלאַפּענדיג איבער די שטיינער מיט זיין דין, געל שטעקעלע.

## IV

סימאָטשקע איז אוועק פון מייערסאָנ'ען מיט א ווירוואַר פון געדאַנקען: איבער דריי וואָכען! אַ? ער וועט אוועקפאָהרען. די ערשטע זאַך אוועקפאָהרען. אָדער ער זאָל ניט פאָהרען? צו וואָס איצט

דאָס פּאָהרען? אויב זיי וועלען קומען, וועלען זיי שוין קומען אויף שטענדיג. צוואַנציג מאָל אהין און צוריק קאָן דאָך ניט זיין. אַזוינס איז דאָך נאָך אין דער געשיכטע ניט געווען. אָדער ער וועט פונ־דעסטוועגען פּאָרט אוועקפאָהרען? נעהמט זיי דער וואַטענמאַכער. ער וועט אוועקפאָהרען. ער וועט נאָר פארקויפען די הייזער און גלייך אויף א שיף. די דאַטשעס וועט ער ניט פארקויפען. מאַלע וואָס קאָן זיך מאַכען. אָדער די דאַטשעס אויך פארקויפען? אַ? ניין. מען דארף ניט. הויבסט שוין אָן צו דרעהען אהין און צוריק? גענוג. די דאַטשעס פארקויפט ער ניט! די געשעפטען וועלען זיך גיך פאַר־בעסערען. עס וועלען זיך אָנהויבען גילדערנע צייטען. נו, פאַר־קויפסטו די דאַטשעס צי ניט? אוועק פון מירן וואָס ביזטו צוגע־שטאַנען מיט די דאַטשעס? האָב הנאה פון דער גוטער בשורה. אז מייערסאָן זאָגט, איז עס ריכטיג ווי גאָלד. און פּעטערסאָן. איז ווי־זשע מיט די דאַטשעס? ווידער דאָס זעלבע. מייערסאָן איז טאַקע געדעכט: מיר זענען אַלע אראָפּ פון זינען. בין איך דען א מענש מיט נערוועןָ? פון די דאָזיגע קאַדרילען זענען די נערווען געוואָרען אמת׳ע שמאַטעס. אין אויסלאַנד וועל איך צו זיך קומען. אָט געהט דער גראָבינקער באַנקיר גריידענבערג. לאָמיך איהם דערפרעהען מיט דער טייערער בשורה. אָבער פאַרוואָס איז ער עפּעס אָנגעטאָן פונקט ווי א קאָמעדיאַנשטשיק אין צירק?

— גוט מאָרגען, מאָסעי אַלעקסאַנדראָוויטש! — האָט געזאָגט סימאָטשקע. — וואוהין קלייבט איהר זיך עס אין אַזא קאָסטיום?

— גוט מאָרגען, גוט מאָרגען, סעמיאָן גריגאָריעוויטש! — האָט מאָיסעי אַלעקסאַנדראָוויטש אויסגעשריען מיט א וואַרימען באַס, שאָקלענדיג מיט דער ברוינער האַנט אין דער לופטען — אַלע אין גאַס האָבען זיך אומגעקוקט, ווען מען האָט דערהערט א הויך קויל — איך געה אויף גימנאַסטיק. אויב איהר ווילט, וועל איך אייך אויך פארשרייבען.

אָנגעטאָן איז ער געווען ווי א גימנאַזיסט: ווייסע הויזען, ווייסע שיך, א ווייסע, ווייכע העמד אויפגעשפּיליעט אויפ׳ן האַרצען, אָהן א רעקעל און אָהן א היטעל, לויט דער מאָדע נאָך. דורך די שיטערע האָר וואָס האָבען גענומען גרוי ווערען, האָט זיך דורכגעלויכטען א בראָנזענער פּליך.

— וואָס שרייט איהר ? — האָט סימאָטשקע גענומען שעפּ־

טשען דריקענדיג דעם באַנקיר׳ס האַנד, אויף וואָס יענער האָט גע־זאָגט: „האַנדדרוקען זענען אָפּגעשאַפט.״ — ווייסט איהר דען ניט, אַז די גאַסען זענען פול מיט שפּיאָנען ?

— טאַקע ?—האָט זיך מאַיסעי אַלעקסאַנדראָוויטש דערשראָקען.

נו, געוויס, — האָט סימאָטשקע געענטפערט. — מען הערט אונטער, מען פאַרהאַלט, מען פרעגט, און אַבי עפּעס, — אין דער טשעקאַ אַריין. נעכטען האָט מען צוויי מענשען אָפּגעשטעלט און אין אָוועגנד זיי דערשאָסען.

— טאַקע אַזוי ? — האָט גריידענבערג געזאָגט און איז בלייך געוואָרען. אַ לעבען ! צייטען ! וואָלטען מיר, סעמיאָן גריגאָריעוויטש, זיך ווען פאַרגעשטעלט, אַז אַזעלכע צייטען וועלען קומען ? עך, וואָס פאַר אַ נאַראָנים מיר זענען, ניט געקענט אָפּפאָהרען באַצייטענס ?

— טאָ רעדט־זשע שטילער,—האָט זיך סימאָטשקע געבעטען.— איך וועל אייך אָנזאָגען אַ גוטע בשורה. אָבער פריהער לאָמיר ביי זיך אָפּמאַכען, וועגען וואָס מיר רעדען, — האָט ער געשעפּטסמעסיג פאָרגעשלאָגען, — מיר רעדען וועגען שיך.

— גוט — האָט מאַיסעי אַלעקסאַנדראָוויטש איינגעשטימט.— האָט איהר געהערט, — האָט ער שטיל געפרעגט, אַז מען קלייבט זיך צו פערמאַכען אַלע געשעפטען. אַלע !

— סטייטש ? — האָט סימאָטשקע ארויסגעקרעכצט. — וואו־זשע וועלען מיר קענען קויפען?

— אין די סאָוויעט־קראָמען, — האָט זיך גריידענבערג צעלאַכט, אָדער וואו איהר ווילט. איך, סעמיאָן גריגאָריעוויטש, — האָט ער פּלוצים געזאָגט, — געה אויף גימנאַסטיק נאָר פאַר אַן אויסרייד. דאָס גרייט איך זיך צו אַנטלויפען.

— איהר מיינט, ווייזט אויס, אַז זיי וועלען נאָך דאָ לאַנג בלייבען ? — האָט סימאָטשקע מיט חוזק געפרעגט. — טאָ לאָז איך אייך וויסען, אַז זיי וועלען דאָ באַלעבאַטעווען ניט מעהר, ווי . . .

— אַ שטייגער. אַ שטייגער? — האָט אויך מאַיסעי אַלעק־סאַנדראָוויטש געזאָגט מיט חוזק.

— ווי צוויי־דריי וואָכען, — האָט סימאָטשקע פעסט געזאָגט.

— צוויי יאָהר גאַראַנטיר איך אייך, סעמיאָן גריגאָריעוויטש.— האָט גריידענבערג געזאָגט. — אומזיסט וואָלט איך ניט געזוכט צו אַנטלויפען. איך האָב דאָ אַ גוטען פריינד, אַ געוועזענעם ווייסען

אָפּיצער, ער ארבייט ביי זיי אין שטאַב. אַהער רוקט זיך אַן ארמיי פון די צענטראַלע גובערניעס. „יענע" וועלען באלד זיין קאפּוט, גלויבט מיר. און האָט איהר געהערט, אז מען האָט פּאָלקאָווניצקי'ן דערשאָסען? שווין־זשע ניט געהערט? וואו לעבט איהר? איבער־מאָרגען וועט איהר עס איבערלייענען אין דעם צעטעל פון די דער־שאָסענע. פאראן דאָרט נאָך אינטערעסאנטע נעמען. מען וועט זיך אין שטאָדט ביים קאָפּ כאַפּען. איך רעקאָמענדיר אייך, מאַכט גימ־נאסטיק.

און ווידער איבערגע'חזר'ט: „האנט־דרוקען זענען אָפּגע־שאפט," און מיט טאַנצענדיגע טריט אוועק איבער דער גאַס, פרעה־לאך, קוקענדיג אויף די פאַרבייגעהער.

, מיר זענען גוט ארייגעפאלען, האָט סימאָטשקע געטראכט און צעשטרייט באגריסט א באקאנטען, וואס איז פארבייגעגאנגען. „ווער זאָל עס זיין? איך האָב איהם ניט דערקענט. נו, מילא. מיך נעמט אַזש דורך א קעלט פון די אלע טייערע נייעס. אַבי איך האָב שוין געגלויבט מייערסאָנען. אָט אזוי לעב איך, ווי א נאר. יעדען איינעם גלויב איך. און ווען מען האָט געקענט אוועק־פאָהרען, בין איך ניט געפאָהרען. ווער שטעקט עס מיר די האנט? איך האָב אויפגעהערט צו דערקענען מענשען. איך וואָלט דאָך איצט געקענט זיצען אין פּאַריז. אָבער ווער קען עס זיין? א שרעקליך באקאנטע צורה. איך וועל זיך מאכען, אז איך קען איהם, און דערנאָך וועט שוין קלאָר ווערען. דערווייל וועל איך שמייכלען גלאט אין דער וועלט אריין.

— זדראַווסטוואויטיע, זדראווסטוואויטיע, — האָט סימאָטשקע געזאָגט און פריינדליך געדריקט די האַנט א באוואָנצעלטען בלאָנדין, א פעסטען, בלוי־אויגיגען, אָהן אַ הוט. — וואָס מאַכט איהר?

„וואו־זשע האָב איך איהם געזעהן?" האָט סימאָטשקע זיך דעם קאָפּ געבראָכען. „איך קען דאָך איהם אויסגעצייכענט. וואָס איז עס געוואָרען מיט מיין קאָפּ? אזא באקאנט פנים, — האָט ער געטראכט, צוקוקענדיג זיך צום בלאָנדין.

— זדראווסטוואויטיע, סעמיאָן גריגאָריעוויטש, — האָט דער בלאָנדין געענטפערט האַלב־שפּאָטיש מיט אן עכט רוסישען אק־צענט. — וואָס קוקט איהר עפּעס אויף מיר ווי א קראָה אויף אַ שטיקעל קעז? בראָנפען פאראן?

— פאַראַן, פאַראַן, — האָט סימאַטשקע אויסגערופען צופרידען, דערפון וואָס ער האָט גלייך לויט דער פראַגע דערקענט דעם גימנאַזיע־לעהרער, סאַפראַן אַנדרעיעוויטש סאַוויצקי'ן. — נו, וואָס, נו, וואָס, סאַפראַן אַנדרעיעוויטש, פאַראַן עפּעס נייעס?

און אין דער מינוט, וואַרטענדיג אַזוי אַ שטיקעל נייעס, דערמאָנט זיך: אַז סאַפראַן אַנדרעיעוויטש, איידער ער נעמט אַ ביסעל בראָנפען, מאַכט ער שטענדיג פריהער אַ ביטערע מינע, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ און דעם בראָנפען גיסט ער אין האַלז אַריין מיט רציחה און דערנאָך כראַקעט ער.

— אָבער דערצעהלט שטיל,—האָט ער בשעת מעשה גערעדט.— אַ שנעפּסעל איז דאָ. קומט, וועלען מיר טרינקען אַ פּאָר גלעזלאַך. און פאַראַן עפּעס נייעס? גוטע?

— איך וועל אומבאַדינגט קומען. עך, איהר, יאַנקעל, — האָט פריינדליך זיך צעלאַכט, און סימאַטשקע האָט פריינדליך צוגעכיכיט.

זיי זענען געוועזען גאַנצע ידידים צווישען זיך, און סימאַטשקע האָט דעם לעהרער גענוג טובות געטאָן און ניט איין מאָל אַרויסגעהאָלפען איהם מיט געלד אין שלעכטע צייטען.

— אַוועק די גוטע צייט'ען, — האָט סאַפראַן אַנדרעיעוויטש גערעדט, נאָר נישקשה, זיי וועלען זיך מיט גאָט'ס הילף אומקעהרען. איהר האָט געהערט? מען זאָגט, אַז מען האָט שוין דעם רויך געזעהן.

— וואָס פאַר אַ רויך? — האָט זיך סימאַטשקע פערוואונדערט, אָבער דאָס האַרץ זיינס האָט פרעהליך אַ טיאַקקע געטאָן.

— וואָס הייסט, וואָסערען. די פּאַפּירען ברענט מען.

— נו, — האָט סימאַטשקע ניט געגלויבט, — דאָס איז דאָך פאַר'ן אַוועקגעהן.

— אודאי פאַר'ן אַוועקגעהן, — האָט סאַוויצקי פרעהליך באַשטעטיגט. — נאָך אַ וואָך איז זיי דאָ פאַרבליבען און דערנאָך פאַרנעם דיינע בעבעכעס און געה. איהר האָט געזעהן זייער בילדעל אין „אַגיטאַטדיעל?" „עס שלאָגט די צוועלפטע שעה." נו, דאָס שלאָגט איצט זייער צוועלפטע שעה.

— איך וואָלט אייך, סאַפראַן אַנדרעיעוויטש, צעקושט פאַר דער בשורה, ווען דאָס זאָל זיין אמת, — האָט סימאַטשקע שטיל געזאָגט, פיהלענדיג ווי ברייט און וואַרים עס ווערט איהם אויפ'ן האַרצען.— אָבער ווער האָט געזעהן דעם רויך?

— וואס הייסט ווער עס האָט געזעהן? מענשען האָבען געזעהן, — האָט סאפראן אנדרעיעוויטש מיט זיכערקייט געזאָגט. — אין פינף טעג ארום, נעהם דיינע בעבעכעס מיט דיינע קאָמיסארען און געה צום שווארץ יאָהר, דו, הינטישער זוהן.

— ווען מיר וועלען פון זיי פּטור ווערען, קומט, און מיר וועלען נעמען צו גלעזלאַך, — האָט סימאָטשקע פאַרגעשלאָגען שוין אָהן ענטוזיאזם, באליידיגט פונדעם וואָרט בעבעכעס. אָבער געבען יענעם צו פיהלען, אז איהם איז אוּאנגענעהם, האָט ער ניט געוואגט.

— אומבאדינגט, — האָט סאפראן אַנדרעיעוויטש געענטפערט אין שוין גאָר אַ געהויבענער שטימונג פון דעם געדאַנק, אַז באַלד וועלען זיך די קאָמיסארען אָפּטראָגען און פון דעם, וואָס ער קען זיך לוסטיג מאכען איבער סימאָטשקע׳ן. — מיר וועלען נעמען צו גלעזלאך לכבוד דעם, וואָס מיר וועלען פּטור ווערען פון די שנעקעס און אויך פון אייערע אידעלעך — האָט ער געזאָגט מיט א ליכטיגען שמייכעל, פּונקט ווי סעמיאָן גריגאָריעוויטש וואָלט גאָר קיין איד ניט געווען. — אוי, וועט מען אייך נאָך ברעכען די ביינער פאר זיי.

„און איך האָב ניט געוואוסט, אז ער האָט א וואָלפיש פּנים,” האָט סעמיאָן גריגאָריעוויטש געטראכט, א קוק טוענדיג פון דער זייט אויף סאָפּראן אנדרעיעוויטש׳ן און גלייך אויפהערענדיג קוקען, ווי ער וואָלט זיך שעהמען. „יאָ, קיין שום ספק ניט, — פּונקט ווי א וואָלף. און א שמייכעל געטאָן אויך ווי א וואָלף.”

— און פאר וואָס זאָל מען אונז ברעכען די ביינער? — האָט ער געפרעגט אויך מיט א שמייכעל, פּונקט ווי דאָס אלץ וואָלט געווען א שפּאָס. — מען האָט אונז דען ניט גענוג געשלאָגען?

— פאר לייבע טראָצקי׳ן, און פאר יאנקעל סטעקלאָוו׳ן, — האָט אלץ לוסטיג געענטפערט סאָפּראן אנדרעיעוויטש, — א סך צרות האָבען אונז די מענשען אָנגעטאָן, — האָט ער ווי מיט באַדויערען געזאָגט. — נעמט א שטייגער מיך, סעמיאָן גריגאָריעוויטש. איך בין ניט קיין אַנטיסעמיט. איך האָב א סך גוטע פריינד צווישען אידען, און פונדעסטוועגען הויבען זיך ביי מיר די פויסטען געגען אָט די סרוליקער־קאָמיסארען. פון די אנטיסעמיטען איז אָפּגערעדט. יאָ, איך האָב מורא איהר וועט קיין האָניג ניט לעקען, — האָט ער אלץ גערעדט ווי מיט באַדויערען.

„איך וואָלט איהם געדארפט אָנשפּייען אין צורה,” האָט סעמיאָן

גריגאָריעוויטש געטראַכט, „אָבער מען טאָר ניט. ער מעג און איך טאָר ניט. און נאָך א לעהרער. און ווי פארשטעהט ער ניט, אַז מען טאָר עס מיר אין די אויגען ניט זאָגען? און טאָמער אַ נויט, וועט ער קומען צולויפען צו מיר נאָך א טובה, וועט קריכען זיך קושען, און איך וועל איהם ניט אָפּזאָגען. אַ מצוה אויף מיר. חבר זיך ניט מיט קיין גוי."

— איך ווייס ניט צי עס איז אמת צי ניט — האָט זיך אלץ משמח געווען סאַפּראָן אַנדרעיעוויטש. — ווי איך האָב געקויפט, אַזוי פארקויף איך. מען זאָגט, אַז אין מאָסקווע האָבען די אידען ארויסגעוואָרפען אלע איקאָנעס פון די קלויסטערס און אָנגעשריבען דאָרט, אַז רעליגיע איז אָפּיום פאַר'ן פאָלק. לענין איז אַ רוס, אָבער א רוס איז א נאר, א איד קען איהם הונדערט מאָל ארומדרעהען ארום פינגער, אז יענער זאָל זיך גאָר ניט כאפּען. און אפשר איז לענין גאָר אויך א איד? — ער האָט ניט געהאַט קיין מוט צו זאָגען „זשיד" — ווער קען וויסען? די גאַנצע רעוואָלציע איז ניט קיין רוסישע זאַך.

סעמיאָן גריגאָריעוויטש האָט גענומען שטילערהייט ציטערען. וואָס פאר א קלאַנגען עס טראָגען זיך ארום! ווי ווייט האַלט עס צו א פּאָגראָם? און דער איז דאָך נאָך ניט דער ערגסטער. גלאַט אזוי זיך, אַן אומשעדליך אנטיסעמיטעל. און די גאנצע שמחה, וואָס מען האָט געזעהן א רויך, וואָס די באָלשעוויקעס האַלטען אין אָפּטרעטען, איז אוועק. מען קען זיך ריכטען אויף פּאָגראָמען, אויף אומגליקען.

וואָס־זשע האָט איהר זיך פארטראכט, סעמיאָן גריגאָריעוויטש,— האָט סאפּראָן געפרעגט. — דערשראָקען זיך? גיט א שפּיי אויף דער גאַנצער געשיכטע. אַבי וואָס עפּעס — גלייך צו מיר מיט'ן ווייב. מיר וועלען אייך באַהאַלטען, האָט קיין מורא ניט. און ווען וועלען מיר מאַכען א שנעפּסעל?

— קומט אַריין אין מיטען וואָך, — האָט סעמיאָן גריגאָריע־וויטש מיט א טויטען שמייכעל געענטפערט. איך וועל צוגרייטען א געשמאַקען פארבייסענס.

ווידער א פעסטען האנדדרוק, א פריינדליכער שמייכעל, ווידער וועגען רויך, ווידער „יאַנקעל," און סימפּאַטישקע איז אַליין אויף דער קאַלטער משוגענער גאס מיט די האַלב אָנגעטוענע מענשען. דאָ אַ רייהע מענשען, דאָרט אַ רייהע מענשען. אומדערבארמדיגע היץ.

אומעטום מיסט, ווידער א וואָגען מיט אימיצענס מעבעל. פארהאקטע קראָמען און טויטע שטילקייט. עס קלאַפּען ניט קיין פּאַדקאָוועס. עס רוישען ניט ליבליך קיין מענשען. אַלץ איז ווי פאַרשטומט געוואָרען, אין שטוינען פארגליווערט געוואָרען אויף אייביג. אָהן לעבען הערשט דאָ דאָס לעבען . . .

## V

אָט איז די הויז, וואו עס וואינט מאטוועי סאמוּאילאָוויטש יאַקאָבסאָן, סעמיאָן גריגאָריעוויטש'עס שותף. דער פּאַראַדנער ארייני גאנג איז אויך דאָ צייטווייליג פארמאכט. מען דארף געהן דורכ'ן טויער. אין הויף איז שמוציג. עס שטינקט, אומעטום אָפּפאַל. דאָס גערטעל מיט דער טשוגונער צוים איז חרוב. אין דער פּרעכטיגער קוואַרטיר אויפ'ן ערשטען שטאָק האָט מען געמאַכט א קאַזאַרמע. אויף די פענסטער ליגען אין ברודנע העמדער מיט די בייכער אַראָפּ סאָלדאַטען. אין דער טיף זעהען זיך די שלאַפבענק. עס שמעקט מיט באָרשטש און שוואַרצען ברויט. סעמיאָן גריגאָריעוויטש האָט זיך אָפּילו ניט אומגעקוקט און געגאנגען ווייטער. אין די ווינקלען ביי די ווענט, ווי שפּינוועבס. אונטער די פיס בלאָטע. ביי די טירען עמערס מיט אָפּפאַל.

סעמיאָן גריגאָריעוויטש איז ארויף אויפ'ן דריטען שטאָק און לויט זיין געוואוינהייט גענומען זוכען דאָס גלעקעל, א שטוים געטאָן די טיר און איז אריין אין קאָרידאָר. קיינער איז ניט ארויס צו איהם אנטקעגען, און ער איז אוועק אין דער ריכטונג פון די שטימען. מען האָט זיך געאמפּערט. סעמיאָן גריגאָריעוויטש האָט דערקענט דאָס קול פון קירויושא, יאקאָבסאָנ'ס פערצעהניעהריג אינגעל. אומ־גערן איז ער געבליבען שטעהען.

— אמת'ער סאָציאַליזם איז באָלשעוויזם, — האָט קירויושא געערעדט מיט א באס. — פּלעכאַנאָוו איז געווען געפּענטעט פון דער אינטערנאציאָנאלער בורזשואזיע.

און איך באהויפּט, — האָט געקוויטשעט אן אנדער קול'בעל, — אז אונזער רעוואָלוציע איז א בורזשואזע.

— הויבט זיך ניט אָן, — האָט זיך דערהערט דאָס קול פון

א דריטען אינגעל. — מיר וועלען אָנצינדען דעם פלאקער פון רע־וואָלוציע איבער דער גאנצער וועלט.

ביזט אן אנארכיסט, — האָט דער צווייטער אויסגעשריען.

סעמיאָן גריגאָריעוויטש איז געשטאנען א געפּלעפּטער און מיט דרך ארץ געהערט די טיפע חכמות.

— "איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אז קיריושא איז אזא גע־בילדעטער, — האָט ער געטראכט. — אָבער קיריושא איז דאָך יאַ־קאָבסאָנ׳ס זוהן, אַ זוהן פון א בורזשוי. הייסט עס, אז ער געהט געגען זיין טאטען. ער איז דאָך א באָלשעוויק. א שרעק, א שרעק. איך האָב גאָרניט געוואוסט, אז יאקאָבסאָנ׳ס זוהן איז א באָלשעוויק.

די געשרייען זענען געוואָרען אלץ העפטיגער. פון אינסטינק־טיווע שרעק האָט סעמיאָן גריגאָריעוויטש אויפגעהערט זיך איינצו־הערען און געלאָזט זיך געהן צום קאבינעט אין דער האָפנונג, אז ער וועט פאָרט געפינען יאקאָבסאָנ׳ען.

יאקאָבסאָן, א ברייט־פּלייציגער, פון א יאָהר פערציג, מיט גרויסע הענד און א שעהנער קאשטאנאָווער באָרד, מיט אויגען פון קאווע־קאָליר און א באוועגליך שמייכלענדיג פּנים, האָט באגעגענט סימאָטשקע׳ן מיט די ווערטער:

— אָט געהט אונזער באָלשעוויק, — האָט ער געשמייכעלט. באלד אָפּגעווישט דעם שמייכעל און צוגעגרייט א צווייטען וועלכער האָט דערווייל געציטערט אין די מוסקולען פון געזיכט.

— וואָס פאר א נייעס וועט איהר אונז דערצעהלען? — האָט ער געפרעגט, ווייזענדיג זיין שמייכעל און באהאלטענדיג איהם.

אין קאבינעט איז געזעסען א גאסט, צו וועלכען סימאָטשקע איז גלייך מיט גרוים פארגניגען צוגעגאנגען. דאָס איז געווען דער זייף־פאבריקאנט, אָסיפּ סעמיאָנאָוויטש קאץ, פריינד, וועמען די גאנצע קאָמפּאניע סימאָטשקע׳ס האָט ליעב געהאט. א הויכער, פון א יאָהר פופציג, מיט א גרויער באָרד, מערקווירדיגע מילדע אויגען און צערטליכע, ווייכע באַרוהיגענדע זשעסטען האָט ער יעדען איי־נעם צוגעצויגען צו זיך. ער האָט סימאָטשקע׳ן מיט א פינף יאָהר צוריק געשטעלט אויף די פיס און איהם איז, פארשטעהט זיך, גע־ווען זעהר טייער.

— ווי גוט, ווי גוט, וואָס איך האָב אייך באגעגענט, — האָט סימאָטשקע געזאָגט, גלעטענדיג ווי א זוהן קאץ׳ס הארטע ביינער־

דיגע האנד. — וואָס הערט זיך ביי אייך? וואָס הערט זיך מיט זאוואָדען?

— איהר ווייסט ניט, וואָס עס הערט זיך? — האָט אָסיפּ סע־מיאָנאָוויטש געענטפערט. — מען האָט די זאוואָדען צוגענומען. איצט קומט נאָך עפּעס ערגערס: זיי ווילען איך זאָל זיי אָפּגעבען די סחורה, וועלכע איך האָב ניט. עפּעס שאַרלאַטאַנעס האָבען גע־מסור'ט, אז איך האָב באַהאַלטען סחורה.

— נו, נו, — האָט זשעדנע געפרעגט סימאָטשקע.

— נו, טשעפּען זיי זיך, — האָט קאַץ געענטפערט. — גיעב! ווי־זשע זאָל איך געבען, אז איך האָב ניט. מען האָט שוין געמאַכט א הויז־זוכונג. און מען וועט נאָך מאַכען. אלץ גיעב. מען האָט מיך שוין געשלעפּט צו א פאַרהער.

— נו, נו, — האָט אלץ זשעדנע געפרעגט סימאָטשקע, פיה־לענדיג ווי עס וואַרפט איהם אין קעלט און אין היץ.

— וואָס פרעגט איהר אלץ? ניטאָ קיין פרעהליכע נייעס. גאָר ניטאָ. נאָר מיינע אַרבייטער האַלטען מיט מיר. איך ריכט זיך יעדע נאַכט, מען זאָל מיך אַרעסטירען...

— נו, נו, — פרעגט ווייטער סימאָטשקע, פּונקט ווי צו דעם עיקר קומט עס נאָך ניט, אז ער וויל דוקא הערען דעם עיקר.

— נו? וואָס נו? צי איך האָב מורא? איך פרעג אייך אליין. די אַרבייטער האַלטען טאַקע מיט מיר, אָבער ווי האָט מען עס ניט קיין מורא.

— יאָ, יאָ, אָט דאָס איז דער עיקר, טייערער אָסיפּ סעמיאָ־נאָוויטש, — האָט סימאָטשקע געזאָגט. — איהר שטעלט זיך פאָר סצענעס. איך וואָלט, דאַכט זיך, פון שרעק אליין געשטאָרבען, ווען איך וויים, אז מען קומט מיך אַרעסטירען. אָבער פאַר וואָס? אן אומשולדיגער מענש.

יאַקאָבסאָן, די הענט פאַרלעגט אויף הינטען, האָט אַרומגע־שפּאַצירט איבערן צימער, כמעט ניט צוהערענדיג זיך צו זייער גע־שפּרעך. ער האָט געהאַט זיין עגמת נפש. מען האָט נעכטען אַרעס־טירט זיין שוואָגער, דעם אינזשעניער, און היינט האָט מען שוין געוואוסט, אז עס האַלט מיט איהם שמאָל. יאַקאָבסאָן האָט געהאַל־טען בסוד פון ווייב איהר ברודערס אַרעסט און א גאַנצען טאָג גע־טראַכט, וואָס וועט זיין אין פאַל פון א קאַטאַסטראָפע. און טראַכ־

טענדיג וועגען דעם און סאַפּענדיג מיט דער נאָז, פּונקט ווי ער וואָלט געפּייפּט, האָט ער די גאַנצע צייט געוויזען א שמייכעל און באַלד באַהאַלטען איהם.

— און די ציערונג האָט איהר כאָטש באַהאַלטען? — האָט סימאָטשקע געפּרעגט. — פּלוצלינג געפינט מען און מען דערשיסט. א? איך ראַט אייך צו באַהאַלטען, אויב איהר האָט נאָך ניט באַהאַלטען. מיט די באָלשעוויקעס איז שלעכט, און אָהן זיי קען זיין נאָך ערגער, — האָט ער זיך פּלוצים דערמאָנט אָן סאַוויצקי'ס סטראַשונקעס. — א? ווי דענקט איהר? ביי מיר איז בכלל דער קאָפּ ניט אין אָרדנונג פון די אַלע משוגעת'ען, מיט די באָלשעוויקעס איז א צרה. אז א גוי וויל ניט די באָלשעוויקעס איז א קלאָרע זאַך. אָבער אז איך וויל, איז עס גאָר ניט קלאָר. איהר פאַרשטעהט, טייערער, אָסיפּ סעמיאָנאָוויטש?

— איך פאַרשטעה ניט, סעמיאָן גריגאָריעוויטש... איך האָב ליעב אהין, אָדער אהער.

— נו, נו? — האָט סימאָטשקע געפּרעגט, ווי ער וואָלט וואַרטען אויף תורת־משה.

— נו, וואָס נו, מיט רוצחים קען מען דען לעבען?

— יא, יא, מען קען ניט. איך פאַרשטעה, — האָט סימאָטשקע מיט א פאַלש קול געענטפערט.

— און ווי איז מיט די ציערונג? וואָס וועט איהר מיר זאָגען וועגען דעם?

— יאַקאָבסאָן'ס פרוי, בערטהא באָריסאָוונא, א דיקע וואַזשנע דאַמע, איז אריינגעקומען און געזאָגט:

— וואָס זיצט איהר אַלץ אין קאַבינעט? קומט אריין אין עס־צימער. דער סאַמאָוואַר איז אויפ'ן טיש, בעלעש מיט זיין פרוי זיינען דאָ.

יאַקאָבסאָן האָט א קוק געטאָן אויף זיין פרוי מיט א זיפץ, אָבער פּאָרט א שמייכעל געטאָן און געזאָגט:

— באַלד געהען מיר אריין.

סעמיאָן גריגאָריעוויטש איז צוגעגאַנגען זיך באַגריסען מיט איהר. קאַץ, ווען מען האָט פאַרגעשלאָגען געהן אין עס־צימער, האָט זיך אויפגעהויבען. נאָר אז ער האָט זיך אויפגעהויבען, האָט ער שוין מעהר ניט געוואָלט בלייבען, כאָטש ער האָט זיך אין ערגעץ

ניט געאײַלט. װיפֿיעל יאַקאָבסאָן האָט זיך בײַ איהם ניט געבעטען, האָט ער זיך דאָך געזעגענט און איז אַװעק. אַלע האָבען זיך אַװעקגעלאָזט אין עס־צימער, און יאַקאָבסאָן, נעהמענדיג סימאָטשקע׳ן אונטערן האַנט, האָט געזאָגט, װײַזענדיג און באַהאַלטענדיג זײַן שמײכעל:

— דאָס האַרץ שרעקט מיר פֿאַר קאַץ׳ן. ער געהט װי מיט פֿאַרבונדענע אױגען. די אַרבײטער װעלען איהם שטיצען! װעמען װעלען זײ שטיצען? װאָס פֿאַר אַ דעה האָבען זײ?

אין דעם זעהר גרױסען עס־צימער איז געװען האַלב־ליכטיג פֿון די אַרונטערגעלאָזטע שטאָרען. דאָ האָט זיך נאָך כלומר׳שט געפֿיהלט רײַכקײט, אָבער די װענט זענען געװען הױל. די טײַערע בילדער האָט מען שױן ערגעץ באַהאַלטען. דער בופֿעט איז געשטאַנען אַ לעדיגער, אָהן זילבער, אָהן בריק־אַ־בראַק, דעמבענע שטוהלען זײַנען געשטאַנען מיט פֿראָסטע, װי מען װאָלט מיט אַ כיון געװאָלט, אַז דער לוקסוס זאָל פֿאַרטרונקען װערען אין אָרימקײט. מען האָט מעהר ניט געזעהן די רעספּעקטפֿולע דיענסט, װעלכע פֿלעגט ערשט מיט אַ האַלב יאָהר פֿריהער אַרײַנקומען אין עס־צימער אױף די שפּיץ־פֿינגער: — ״אפשר פֿאַרלאַנגען עפּעס די הערען?״ אין װינקעל איז געשטאַנען פֿאַר׳יתום׳ט אַ געמאָהלענע װאַזע, די אַנדערע האָט מען ערגעץ אָבגעראַמט. אױפֿ׳ן טיש איז געלעגען אַ פּראָסטער טישטוך, די אַנדערע, טײַערע, האָט מען באַהאַלטען אין שטאָדט בײַ אַן אָרימער קרובה. אומבאַמערקט איז אַרײַנגעקראָכען די אָרימקײט און שטילענקערהײט אַרײַנגעשלונגען דעם פֿײַנעם טאָן און רײַכע געװאױנהײטען. עס פֿלעגט זיך שױן מאַכען, אַז בערטהאַ באָריסאָװנאַ אַלײן פֿלעגט זיך מטריח זײַן און געהן אין מאַרק אָרים אָנגעטאָן, און איז געװען צופֿריעדען צו טרעפֿען זיך בשעת־מעשה מיט די אָרימע שכנ׳טעס פֿון הױף — עס װעט אַמאָל צו נוץ קומען, װען מען װעט דאַרפֿען באַװײַזען, אַז זי אַרבײט אױך, אַז זי איז ניט קײן בורזשויקע.

סימאָטשקע האָט זיך באַגריסט מיט זײַן צװײטען שותף, דעם קאַראַים כעלעש, און מיט זײַן װײַב, דער פֿראַנטיכע און קאָרטען־שפּיעלערקע. און אַזױ װי ער האָט זיך פֿאַרבענקט אַהײם, האָט ער גענומען רעדען װעגען זײַן ענין, גלײַך װי די װירטין האָט נאָך דער־לאַנגט אַלעמען טהע.

— הערט, — האָט ער זיך געווענדעט צו יאקאָבסאָנ'ען און פון פארלעגענהייט זיך אָפּגעבריהט מיט די טהע, — וואָס זאָל איך טאָן מיט מיין ציערונג? גיט מיר אן עצה, וואו קען איך עס באַהאלטען. איך בין שוין אוים מענש דערפון.

אלע האָבען איהם פארוואונדערט אָנגעקוקט. קיינער האָט זיך ניט געריכט אויף אזא פראגע. מען האָט געמיינט, אז ער האָט שוין לאנג אלץ באהאלטען.

— סטייטש, — האָט יאקאָבסאָן ערשטוינט אויסגערופען: — איהר האלט זיך מיט דעם ביז איצט אין דער היים? מיך וואונדערט, וואָס מען האָט אייך נאָך ביז איצט ניט דערשאָסען.

— אָט אזוי האלט איך זיך, — האָט סימאָטשקע געענטפערט מיט א פארלאָרענעם שמייכעל. — מיין פרוי מיינט, אז אזוי לאנג, ווי זי האָט די ציערונג אונטער דעם קישען, וועט עס קיין בן־אדם ניט געפינען.

— נו, איהר זייט באמת עפּעס א... — ער האָט ניט געוואָלט זאָגען "משוגע'נער" און דאריבער זיך איינגעהאלטען. — לויפט גלייך אהיים און באהאלט אלץ וואָס איהר האָט.

— אָבער, דאָ שטעלט זיך דאָך די גאנצע פראגע: וואו באַהאלט מען, — האָט סימאָטשקע געזאָגט, — עס איז דאָך ניט קיין שפּילקע. א גרויסער קלימעק. איך האָב שוין טויזענד ערטער צוגעטראכט, און אלע טויגען ניט.

— די בריליאנטען איז גוט צו פארקלאַפּען אין שוך, אין אָפּצאס. — האָט יאקאָבסאָן געזאָגט. — וואָס איז עס פאר א פראגע, וואו מען באהאלט? קויפט א פּאָר אלטע שיך און די בריליאנטען טוט אריין אין די אָפּצאסען. אָט האָט איהר א ראיעלען אָרט, — האָט ער אויף שנעל א שמייכעל געטאָן.

— טאקע אן אויסגעצייכענטער פּלאן — איז סימאָטשקע באַגייסטערט געוואָרען. — איך וואונדער זיך, וואָס מיר אליין איז עס ניט איינגעפאלען. איהר האָט זיי אויף פארקלאפּט אין אָפּצאס? — האָט ער געפרעגט, באטראכטענדיג יאקאָבסאָנ'ס אלטע שיך.

— און איך טראָג א טהייל פון די בריליאנטען אין די האָר, — האָט כעלעש'עס פרוי געזאָגט. — וואָס הייסט, וואו מען באהאלט? איך וואונדער זיך אויף אייך, סעמיאָן גריגאָריעוויטש. מאדאם באַדאיאן, למשל, האָט אריינגעלעגט איהרע בריליאנטען אין א וואנע

מיט מולינעס, און באלדינא — אין דעם רעהר פון דער וואנע. איך קען איינעם, וואָס האָט באגראָבען זיין ביסעל ציערונג אויף זיין מוטערס קבר.

— טאקען — האָט סימאָטשקע אויסגערופען מיט באגייסטע־רונג — אָט אן איינפאל פון א מענשען! ווי־זשע האָט ער דערטראָ־גען די ציערונג? מען האָט דאָך איהם געקענט אין מיטען גאס ארעס־טירען. און ווי האָט ער אויסגעגראָבען דעם קבר? וואו האָט ער גע־גענומען א לאָפּעטע?

— וואָס פרעגט איהר אזעלכע קשיות? — האָט כעלעש גע־זאָגט, גלעטענדיג זיינע באקען־בארדען מיט א טהע־לעפעלע. — דער עיקר איז, דער אָרט איז גוט, און דאָס איבעריגע איז ניט וויכטיג.

— איך זאָג ניט, אז דאָס איז ניט דער ראיעלסטער פלאץ. אָבער די איינצעלהייטען? זיי זיינען דאָך דער עיקר. איך וואָלט נאָך היינט אוועק אויפ׳ן בית־עולם. אָבער ווי קען איך געהן איבערן גאס מיט מיין פעקעל? לאָמיר זאָגען, איך וועל עס בשלום דערטראָגען, און א לאָפּעטע? נו, מילא, א לאָפּעטע. איך האָב שוין געקראָגען א לאָפּעטע. ווער־זשע וועט מיר ערלויבען צו גראָבען מיין מוטערס קבר? אָדער אפשר דארף מען עס טאָן ביי נאכט? האָט ער גע־פרעגט און א פארלוירענער אלעמען אָנגעקוקט. — ווי־זשע געהט מען איינער אליין ביינאכט אויף א בית־עולם? ביינאכט איז דאָך בכלל ניט ערלויבט צו געהן. ניין, דער פלאן טויג אויף כפרות. א שטיק אידיאָטסטווע. זעהט איהר, מיט׳ן אָפּצאס איז אן אנדער זאך. מיט׳ן קעלער, אויך.

— און אויב די שטוב ברענט אָפּ, — האָט זיך כעלעש אנט־קעגענגעשטעלט. — פלוצים איז א שרפה און אייער גאנץ האָב און גוטס געהט אוועק מיט׳ן פייער.

— דער ראיעלסטער אָרט, — האָט זיך יאקאָבסאָנ׳ס פרוי אריינגעמישט, — איז אויפ׳ן בוידעם. ערגעץ נעבען קוימען.

און אויב א שריפה, — האָט אלץ ניט אָפּגעלאָזט כעלעש, גלעטענדיג זיינע באקען־בארדען. — איך האלט מעהר פון בית־עולם, פון דער מוטער׳ס קבר.

— וואָס רעדט איהר אלץ וועגען שריפות, — האָט מיט פאר־דרוס געזאָגט מאדאם יאקאָבסאָן, ווי קען איצט זיין א שריפה. —

קיין באַלייכטונג איז ניטאָ, קיין נאַפט — ניטאָ. קיינער וועט איצט ניט אונטערצינדען קיין הויז. איך ראַט אייך — אין קעלער, — האָט זי זיך אויסגעדרעהט צו סימאָטשקע'ן, — אָדער אויפ'ן בוידעם.

— און איך ראַט אייך אין דער מוטער'ס קבר, — האָט זיך בעלעש איינגעשפּאַרט.

— נאָר אויף דער מוטער'ס קבר, — האָט איהם זיין פרוי צוגעהאָלפען.

— גוט, האָט סימאָטשקע איינגעשטימט, — אָבער ווי קומט מען אהין?

— דאָס איז שוין אייער זאַך. מיין חוב איז נאָר געווען צו געבען אייך א גוטע עצה. דאָס איבעריגע געהט מיר ניט אָן.

יאַקאָבסאָן האָט געוויזען זיין שמייכעל און באַלד באַהאַלטען איהם. סימאָטשקע איז געזעסען א דערשלאָגענער דערפון, וואָס ער וועט פאַר קיין פאַל ניט קענען צוקומען צו דער מאַמע'ס קבר. דער פּלאַן איז א גוטער, אַן אויסגעצייכענטער פּלאַן, אָבער דורכפיהרען איהם קען מען ניט. ער וואָלט באַגראָבען אין קבר און שוין, אוים מורא! וואָלט זיך רוהיג געשלאָפען. אומשולדיג ווי א זויג־קינד. און פאַר שפּיאָנען ניטאָ וואָס מורא צו האָבען. אָבער די עצה וועגען אָפּצאָס און וועגען בוידעם וועט איהם פונדעסטוועגען צו נוץ קומען. געה זוך בריליאַנטען אין אַן אָפּצאָס! ווער עס גאָר איינפאַלען? עפּעס בענקט זיך מיר אהיים. ביי מיר אין דער היים איז היימליכער פרעהליכער.

— און איך, — האָט זיך ענדליך יאַקאָבסאָן אָפּגערופען, — וואָלט אייך פאָרגעשלאָגען צו קויפען א הונד. נאָר א גרויסען הונד. מעג זיין א פּראָסטער, נאָר א גרויסער.

— וואָס־זשע וועל איך טהאָן מיט א גרויסען הונד? — האָט סימאָטשקע פאַרוואונדערט געפרעגט, אוועקשטעלענדיג די ניט־דערטרונקענע גלאָז טהע. — זאָגענדיג דעם אמת, האָב איך בכלל מורא פאַר הינט. איך האַלט זיך פון זיי פון דערווייטענס.

— א שאָד, — האָט יאַקאָבסאָן א שמייכעל געטהאָן. — מיין הונט טראָגט, למשל, אין זיין מאָגען צוואַנציג קאַראַט בריליאַנטען, ווער וועט עס טרעפען און געהן זוכען ביי א הונד?

— טאַקע? — האָט זיך בעלעש האַרציג צולאַכט. — ווי־זשע

קומען זיי צו איהם אין מאָגען? אן אינטערעסאנטע אידעע, ניט אמת, טהייערינקע? — האָט ער זיך געווענדעט צום ווייב.

— איך האָב זיך געמאטערט אזוי לאנג, ביז איך האָב איהם צוגעוואוינט. — האָט יאקאָבסאָן געענטפערט. אין די קאָטלעטען, איינמאָל ניט איינגעגעבען זיך, דאָס צווייטע מאָל ניט, און דערנאָך איז עס אוועק ווי געשמירט. אמת, מען טאָר דעם הונט ניט ארויס־לאָזען אין גאס, מען מוז אויף איהם אכטונג געבען, אָבער דאָס זענען קלייניגקייטען.

סימאָטשקע איז געזעסען ווי אויף שפּילקעס. ער האָט קיין זאך ניט באזאָרגט, און זיינע פריינד, יאָ: הינט, וואנעס, שיך. זענען רוהיג. אלץ באהאלטען. האָבען זיי ניט וואָס מורא צו האָבען. און ביי מיר נישטערט איצט אפשר אין אלע ווינקעלעך א טשעקאַ־אגענט. די האָר שטעלען זיך קאפּויר. און איך זיץ. וואָס זיץ איך? אידיאָט איינער! זיצט! איך וועל געהן, נעהמט עס דער וואטען־מאכער.

יאקאָבסאָן האָט באגלייט סימאָטשקע'ן ביז דער טיר, געוויזען זיין שמייכעל און באהאלטען איהם און געזאָגט:

— און ביי מיר, סעמיאָן גריגאָריעוויטש, איז א גרויס עגמת־נפש. מען האָט ארעסטירט מיין שוואָגער. אפשר וואָלטען אונזערע באָלשעוויקעס, אָדינצאָוו, פראק, געקענט מיט עפּעס העלפען? איך האָב נאָר פאר איין זאך מורא — מען זאָל איהם ניט דערשיסען.

— פארוואָס? מען קען פּרובירען, — האָט סימאָטשקע גע־ענטפערט, א דערשראָקענער פון וואָרט "שיעסען". רעדט זיך דורך מיט זיי. חבר פראק האָט, דאכט זיך מיר, א שטיקעל איינפלוס.

— מאָרגען וועל איך ביי איהם זיכער זיין, — האָט יאקאָבסאָן געזאָגט. — איך געה ארום א גאנצען טאָג ווי אָהן א קאָפּ. און די לאדונג סאָדע, וועגען וועלכער כעלעש האָט אייך געזאָגט, האָב איך געקויפט. זיי האָבען פון דעסטוועגען נאָכגעלאָזט דעם פּרייז. אז מיר וועלען נעהמען ארבייטען אין "סאָוונאַרכאָז", וועלען מיר עס דאָרט אָפּזעצען.

— אויסגעצייכענט, — האָט סימאָטשקע געגעבען זיין הסכמה.

— אז איהר וועט זי זעהן מיט פראק'ן פארגעסט ניט צו דערמאָה־נען וועגען מיר.

מיר ליגט עס איצט ניט אין זינען, — האָט יאקאָבסאָן גע־

ענטפערט. — ווענגען אייך איז שוין סיי ווי א באשטימטע זאך, דאכט מיר, מען וועט אייך זיכער ארייננעהמען אין "סאָוונארכאָז".

— נו, איז גוט, — איז סימאָטשקע מונטער געוואָרען פון די ווערטער. — מיר דאכט זיך אזוי. א גוטען טאָג...

"אבי נאָר אין דער היים זאָל אלץ זיין בשלום" האָט ער גע־טראכט ארויסגעהענדיג אין גאס. "אבי עס זאָל נאָר דאָרט זיין בשלום".

## דריטער עפּיזאָד

### I

עס איז פרעהליך אין הויז ביי סעמיאָן גריגאָריעוויטש'ן. סאָניע און זינע פּאָרען זיך ארום אין זייערע ווייסע פּאַרטיכער, לויפען ווי משוגע'נע פון עס־צימער אין קיך אריין און פון קיך אין עס־צימער. דאָס ערוואַרט מען צו מיטאָג סעמיאָן גריגאָריעוויטש'ן פון "סאָוו־נאַרכאָז". שוין דער דריטער טאָג ווי ער געהט צו דער ארבייט. גע־וואָרען א סאָוונאַרכאָזניק. דאָס האָבען אַלץ איינגעאָרדענט די חברים אָרדינצאָוו און פּראַק. איצט איז שוין ניטאָ וואָס מורא צו האָבען. סאָניע פליהט אין קיך אריין, זינע אין עס־צימער. אַלע שמור־עסען דרעהען זיך ארום דעם, צי דער מיטאָג איז היינט געראָטען, צי סעמיאָן גריגאָריעוויטש וועט בלייבען מיט איהם צופרידען. וואָס מיר באָלשעוויקעס... הויז־ארבייט ווייסט ניט פון קיין שום באָל־שעוויקעס. שורות מענשען ביי די קראָמען? קיין ברויט ניט צו קריי־גען? שוין צוגעוואוינט דערצו. די שטאָדט איז א משוגעים־הויז? פאַר וועמען איז עס א משוגעים־הויז און פאַר וועמען ניט. איהר, סאָניעטשקע, שטעלט די טעלער, שוין צייט; און איך וועל אריינ־געהן אין קיך. ווי מיינט איהר, מען קאָן שוין נעהמען פרעגלען די קאַלבס־קאָטלעטקעס, צי עס איז נאָך צו פריה? מען דאַרף פרעגען דאָראָטשקען:

דאָראָטשקע זיצט אין שלאָפצימער און וויל זיך ניט ווייזען אין עס־צימער ביז סימאָטשקע'ס קומען. זי וועט איהם שוין אָפּשפּילען א סצענע. זי וויל ניט, זי דאַרף ניט קיין סאָוונאַרכאָז. זאָל ער זיך אויך פּרובען מאַטערן מיט מאַשא'ן ווי זי. וואָס איז זי, פון אייזען?

זינט די באָלשעוויקעס זענען דאָ האָט די מערזאוועקע אזוי פארריסען די נאָז, אז עס איז גאָר ניטאָ קיין כח פון איהר אויסצוהאלטען. זי און איהר מאטראָס זענען דאָ געוואָרען די גאנצע באלעבאטים. פארוואָס־זשע צאָלט זי איהר געלט! און נאָך וואָסערע געלט! און קיין וואָרט טאָר מען איהר ניט זאָגען. ניין, גענוג. איך דארף ניט קיין סאָוונארכאָז. זיץ מיט מיר.

— טייערע דאָראָטשקע, — האָט סאָניע געזאָגט אויפ׳ן שוועל פון שלאָפצימער, — מען קאָן שוין ארויפלייגען אויף דער סקאָ־וואָראָדע די קאלבס־קאָטלעטקעס, אָדער עס איז נאָך צו פריה?

— אך, מיין ליעבע סאָניע — האָט דאָראָטשקע געענטפערט מיט א ליידענד קול און מיט א שענעם זשעסט, צונויפגעדריקט די שלייפען מיט די שפיץ פינגער — צו וואָס פרעגט איהר מיך וועגען דעם? טוט א קוק, טייערע, אויפ׳ן זייגער און רעכענט אליין אויס, אויב עס איז געבליבען צעהן מינוט ביז סעמיאָן גריגאָריעוויטש׳עס קומען, מעג מען, אויך מעהר, טאָר מען נאָך ניט.

— עס איז געבליבען פופצעהן מינוט, טייערע דאָראָטשקע, אָבער סעמיאָן גריגאָריעוויטש קאָן דאָך קומען מיט א פינף מינוט פריהער. וואָס־זשע איז אייער עצה?

— אך, טייערינקע, איך ווייס אליין ניט. איך בין אזוי אויפ־געבראכט אויף מאשא׳ן, אז איך קאָן צו זיך ניט קומען. אזא חצופה! איך האָב אזש קאָפּוועהטאָג באקומען צוליעב איהר. ווען איך האָב ניט מורא פאר איהר מאטראָס, וואָלט איך זי נאָך היינט ארויסגע־טריבען. מיר קאָן דער קאָפּ פּלאצען פון וועהטאָג. צו וואָס דארף איך א מאטראָס אין שטוב? מיר קאָנען זיך באגעהן אָהן א דיענסט. מיר זיינען זאלבעצווייט און קאָנען זיך אליין אויך ספּראווען. מיר שפּייען אויף מאשא, מיר דארפען ניט קיין מאשא, מיר זענען אליין מאשא.

—אודאי דארפען מיר ניט קיין מאשא, מיר זענען אליין מאשא — האָט סאָניע באשטעטיגט.

—און ווי קאָן איך זי אָפּשיקען, אז איך האָב מורא פאר׳ן מאטראָס? און פאר איהר אליין, מיינט איהר, האָב איך ניט קיין מורא? זאָל סעמיאָן גריגאָריעוויטש מיט איהר רעדען.

— טייערינקע — איז פּלוצים אריינגעפלויגען זינא מיט א צו־פלאמט און אויפגערעגט געזיכט — אייער קאטשקעלע איז שוין

אינגאנצען פארטיג. א שמעק געטאָן! א מחיה! איך גרייט גלייך צו דעם סאלאד. אָבער עס איז שוין צייט צו זעצען זיך צום טיש. אויב אזוי ארויסנעמען די קאטשקעלע, וועט זי אָפּגעקיהלט ווערען. אויב איבערלאָזען, וועט זי צוגעברענט ווערען. איך ווייס ניט וואָס צו טאָן.

— און וואָס טוט דאָרט די פּאָדליאנקע מאשא? — האָט זיך דאָראָטשקע ווידער צובייזערט און צונויפגעדריקט די שלייפען מיט די פינגער.

— עסט זיך מיט איהר מאטראָס. ביי מיר האָט שיער די גאל ניט געפּלאצט. וואָס איז זי, די באלעבאָסטע, וואָס זי זעצט זיך די ערשטע עסען?

— צו וואָס־זשע דערצעהלט איהר דאָס? — האָט דאָראָטשקע מיט פּאָרוואורף געזאָגט — גיט מיר א פּראָשעק אנטיפּירין און לייגט מיך אוועק אויף דער קאנאפּע.

— איז ארויסנעמען די קאטשקעלע? — האָט זינע אָנשטאָט צו ענטפערען געפרעגט — אָבער איך ווייס שוין, וואָס איך וועל טאָן — האָט זי באגייסטערט אויסגערופען, באמערקענדיג, אז דאָראָטשקע האָט געמאכט א ליידענדע מינע.

— און איך וועל געהן צופרעגלען די קאָטלעטקעלאך, האָט אויסגערופען סאָניא. פריהער וועל איך אייך געבען אָנטיפּירין, דערנאָך מאכען א סאלאד מיט א הארט איי, ווי איהר האָט ליעב, און איהר, טייערע, לייגט זיך צו און שלאָגט זיך ארויס די געדאנקען פון קאָפּ. דער קאָפּוועהטאָג וועט באלד אריבערגעהן.

און ביידע האָבען זיך גענומען פאָרען פרעהליך, לעבעדיג. אויפ׳ן שוועל האָבען זיי זיך אומגעקוקט אויף דאָראָטשקע׳ן, א שמייכעל געטאָן און פארשוואונדען.

דאָראָטשקע האָט זיך אויסגעצויגען אויף דער קאנאפּע, צוגע־מאכט די אויגען און גענומען טראכטען וועגען דעם, אז מען דארף ניט טראכטען. צוערשט האָט זי דערזעהן איהר סימאָטשקע׳ן, דער־נאָך איז סימאָטשקע פארשוואונדען און אויף זיין אָרט איז אויס־געוואקסען חבר פראָק. זי האָט א קוק געטאָן אויף פראק׳ן און א טראכט געטאָן: נעבאך, פארוואָס איז ער אזוי דאָר? אלע באָלשע־וויקעס זענען דארע, ניט אזעלכע קיילעכדיגע, זאטע, ווי איהר סי־מאָטשקע. אלע דארע. מסתמא עסען זיי ניט צו זאט. אָבער איך גיב זיי שוין גוט צו עסען. עס וואָלט גוט געווען צו ווערען א פריינד

מיט'ן חבר פראק. אָבער זיי זענען דאָך אזעלכע שרעקליכע, די באָלשעוויקעס. פונדעסטוועגן קומען זיי צו אונז, עסען מיטאָג, שטיפן, מאכן זיך נאריש. דאכט זיך, דער קאָפּ האָט אויפגעהערט וועה טאָן. אויסגעצייכנט! איך וועל באלד אָנטאָן מיין ווייס קלייד מיט די שפּיצן און קורצינקע ארבעלעך, וואָס סאָניע האָט מיר אויפגענעהט. אפשר וועט צו מיטאָג עמיצער קומען.

... סעמיאָן גריגאָריעוויטש איז אהיים געגאנגען אין דער בעסטער שטימונג. ערשטענס, איז נאָך פריש געווען ביי איהם די שמחה, וואָס ער ארבייט אין א סאָוויעט. ווי ניט ווי, איז עס פּאָרט עפּעס אן אָנהאלט. צווייטענס, האָט איהם אָפּגעגליקט און ער האָט באַגעגענט אויפ'ן וועג דעם מעקלער מייערסאָן און אויסגעפיהרט מיט איהם א צוויי גוטע געשעפטן. מייערסאָן האָט איהם אָנגעבאָטען א פּאַרטיע לעדער, וואָס איז געווען גוט באהאלטען, און א ברילליאנט פון זעקס קאראט, וועלכער איז באגראָבען אין דער ערד. סעמיאָן גריגאָריעוויטש האָט ביידע זאכען געקויפט צוליעב דריי טעמים: ערשטענס, איז דער מקח געווען זעהר און זעהר א פּאסיגער; צווייטענס, ווערט ער אויף אזא אופן פּטור פון א טייל ניקאָלאיעווסקע רובלס און וואַליוטע, און דריטענס, וועט דער ברילליאנט זיין א פיינע מתנה פאר דאָראָטשקע'ן.

ביז איצט, ווען די פראגע וועגען זיין אָנקומען אין "סאָווּנארכאָז" איז נאָך געהאנגען אין דער לופטען, האָט ער קיין צייט ניט געהאט א טראכט צו טאָן, וואו צו באהאלטען די צירונג. אָבער היינט נעמט ער זיך דערצו. דעם גרעסטען טייל וועט ער באגראָבען אין קעלער, און א פערציג קאראט ברילליאנטען און די בעסטע שנורען פּערל וועט ער אריינטאָן אין די אָפּצאסען, און זאָל מען זיי ביי איהם זוכען. ער וועט אפילו ארומשפּאצירען אין די שיך מיט ברילליאנטען. ווע‏מען וועט איינפאלען? און ס'איז בכלל ניט קיין סכנה נישקשה, מען קאָן נאָך לעבען. נאַראָנים קאָנען ניט, אָבער קלוגע יאָ. און בכלל, די גאסען זענען גאָר ניט אזוי געפעהרליך. מען האָט זיך צוגעוואוינט דערצו, אז זיי זאָלען זיין בלאָטיג. בלאָטע איז געקומען צוזאמען מיט דער רעוואָלוציע, און שורות מענשען פלעגט מען פריהער אויך זעהן. וואָס־זשע איז? וואָס קרימט מען זיך דאָ אזוי? ניין, עס איז גאָר ניט אזוי שלעכט — געשעפט בלייבט פונדעסטוועגן געשעפט. און בכלל...

ער איז אריין. אין טויער און אפילו ניט געפיהלט זיך באליידיגט דערפון, וואָס די פּאראַדנע טיר איז פארקלאפּט. מען וועט עפענען, ער האָט זיך שוין דורכגערעדט וועגען דעם מיט א באַלשעוויקעל. די הויפּטזאך איז, ווי א מענש פיהלט זיך. אז מען פיהלט זיך גוט, איז אלץ גוט. און בכלל... איך וועל באלד זעהן דעם מאטראָס, ווען איך וועל פארבייגעהן די קיך. נו, נעמט איהם דער וואטען־מאכער, ער שטערט מיר ניט; אדרבא, פארקערט, איך וועל איהם דערלאנ־גען די האנד. נעהמט איהם דער טייוועל! מען קאָן דאָך ניט ניט געבען די האנד. צו וואָס זאָל איך זיך מאכען א שונא?

— וואָס מאכט איהר, חבר? — האָט זיך סעמיאָן גריגאָריע־וויטש נאָכגעפרעגט, ארײנשטעקענדיג דעם קאָפּ אין קיך אריין — איהר עסט מיטאָג? נו, עסט, עסט!

דער מאטראָס האָט מיט זיין פּארמאזאַליעטער האנט געדריקט סעמיאָן גריגאָריעוויטש'עס האנד, און ווייטער קייענדיג, פינסטער ארויסגעברומט: "גוט מאָרגען!"

"וואָס זאָל איך איהם זאָגען?" — האָט סעמיאָן גריגאָריעוויטש געטראכט — "פאר די פיער חדשים האָב איך איהם שוין אלץ גע־זאָגט. איך וועל איהם פארשלאָגען א גלעזעל וויין".

— אפשר ווילט איהר א טרונק וויין, חבר? — האָט ער געפרעגט.

— פארוואָס ניט? — האָט דער מאטראָס געענטפערט — ויין שאדט ניט! פארוואָס ניט נעמען קיין ביסעל וויין? מאשא נעם א גלאָז — האָט ער זיך געווענדעט צו דער קעכין מיט דער פאררי־סענער נאָז.

— באלד, באלד — האָט סעמיאָן גריגאָריעוויטש צוגעלייגט — איך וועל זיך נאָר אויסטאָן, אפּוואשען זיך. איהר עסט דערוויילע.

— קריכט אויף אלע פיער — האָט דער מאטראָס איינגערוימט מאשא'ן — בורזשויסקע מאָרדע! ווארט, באלד וועלען מיר זיך צו אייך נעמען! היטען זיך זייער פעלעבעל. אָבער מיר זענען אויך ניט קיין נאראָנים. מיט וויין וועסטו אונז ניט אָבקויפען.

סעמיאָן גריגאָרעיוויטש האָט אוועקגעטראָגען זיין האנד, וועל־כע דער מאטראָס האָט געדריקט, מיט אזא געפיהל, ווי זי וואָלט גע־ווען פארפּעסטעט; ניט אויסגעטאָן אפילו דעם קאשקעט, גלייך אריין

אין באַדרצימער און גענומען זי ענערגיש וואַשען. די מולינעס אין דער וואַנע האָבען איהם דערמאָנט אין די בריליאַנטען. ער האָט באַטראַכט די וואַנע, א טראַכט געטאָן און געזאָגט: עס טויג ניט! א שמעק געטאָן די האַנט, צי עס הערט זיך ניט פון איהר דער מאַטראָסקער ריח, באַגאָסען זי מיט אָדעקאָלאָן און איז אַוועק צום שלאָפצימער, זייענדיג זיכער, אַז ער וועט דאָרט געפינען דאַראָטשקע'ן אויף דער קאַנאַפּע.

„ביי מיר איז גאַנץ היימליך", האָט ער געטראַכט, „א ווייב, עס איז לייכט, פרעהלידן עס איז דערפאַר, ווייל איך אליין בין א לייכטער מענש, א פרעהליכער מענש, ניט קיין פינסטערער, אָהן קונצען. ביי מיר איז גאָר אַן אַנדער אַטמאָספערע, די לופט אַן אַנדערע".

דאַראָטשקע איז געשטאַנען פאַר'ן שפּיגעל אין א ווייסען שפּיצען־קלייד מיט א גרויסען דעקאָלטע, קורצינקע אַרבעלאַך, און זיך געפּודערט די נאָז. אַז זי האָט דערזעהן סימאָטשקע'ן אין שפּיגעל, האָט זי פּלוצים, אָהן דער מינדסטער אָנשטרענגונג, צעוויינט זיך און מיט דער פּוכאַוועקע אין האַנט גענומען זיך קלאָגען, אַז זי וועט אמאָל נאָך פון דער מאַשאַ און איהר מאַטראָס משוגע ווערען.

— גוט — האָט זיך סימאָטשקע אָפּגערופען, ניט וועלענדיג זיך איינרייסען — וואָס האָט דיר מאַשאַ געטאָן? איך האָב זי נאָר וואָס געזעהן. זי עסט זיך רוהיג מיטאָג.

— ערשטענס — האָט דאַראָטשקע אָנגעהויבען — וואָס איז אויף איהר די איילעניש מיט'ן עסען? ווער איז דאָ די באַלעבאָסטע? און צווייטענס, האָט זי זיך היינט אָפּגעזאָגט אויפצוראַמען די צימערן. וואָס איז היינט פאַר א יום־טוב? פאַרשטעהסט זיך, אַז איך האָב געשוויגען, ווייל אין קיך זיצט דער מאַטראָס. נאָר איך צאָהל איהר אַזויפיעל געלט, האַלט דעם מאַטראָס, און די באַלעבאָסטע איז זי נאָר, ניט איך. איך האָב אליין געמוזט פאַרבעטען די בעטען. סאָניע און זינע האָבען זיך אָנגעהאָרעוועט, פאַרוואָס? זיינען מיר דען רייך, כדי צובאַדיענען אונזער דיענסט? דו מוזט איהר גלייך אָפּזאָגען. מיר דאַרפען ניט קיין מאַשאַ, א כפרה מאַשאַ, מיר זיינען אליין מאַשאַ.

„א מערקווירדיגע פרוי", האָט סימאָטשקע געטראַכט, קוקענ־

דיג אויף איהר מיט פארגעניגען. ״עס ארט איהר גאָר ניט, וואָס מיר זענען אונטער די באָלשעוויקעס. א מערקווירדיגער כאראקטער!״

— פארוואָס זאָלסטו איהר אליין ניט זאָגען? — האָט סי־מאָטשקע פאָרזיכטיג פאָרגעשלאָגען.

— ווי־זשע קאָן איך זאָגען, אז דער מאטראָס זיצט דאָרט ביי איהר? — האָט זיך דאָראָטשקע באליידיגט — און אויב דער מאט־ראָס וועט מיך אויסזידלען?

— און אויב דער מאטראָס וועט מיך אויסזידלען? — האָט סימאָטשקע געפרעגט. — לאָמיר בעסער וועגען דעם ניט רעדען. מיט וועמען ווילסטו זיך אָנהויבען? אז די באָלשעוויקעס וועלען אוועקגעהן, וועלען מיר פון זיי פטור ווערען. איך וועל דיר בעסער דערציילען א שטיקעל נייעס. איך האָב איצט איינגעהאנדעלט א פּארטיע לעדער און פאר דיר א בריליאנט. פארשטעהסט, פאר דיר א מתנה. דער בריליאנט איז אין דער ערד. זעקס קאראט, פון ער־שטען סאָרט. ווער פרעהליכער און קום צום טיש. מען דארף נעמען טראכטען וועגען דער צירונג.

דאָראָטשקע האָט גלייך דערפיהלט, אז עס ווערט איהר גוט און זיס אויפ׳ן הארצען, און האָט א קוש געטאָן סימאָטשקע׳ן. נו, מילא, האָט זי היינט פארבעט די בעטען; גאָט צו דאנקען, זי קאָן ארבייטען, זי קאָן אָפּטאָן מעהר ווי דריי דיענסטען. וואָס, האָט זי דען ניט געארבייט, ווען סימאָטשקע איז ניט געווען רייך? זי וואָלט וועלען אָנקוקען די מתנה. נו, מילא, זאָל עס דערווייל ליגען אונטער דער ערד. אָבער ווי פּאסט איהר דאָס קלייד?

— געפעלט דיר מיין קלייד, סימאָטשקע? — האָט זי געפרעגט, אָפּגעהענדיג און צוגעהענדיג צום שפּיגעל.

— זעהר, זעהר — האָט סימאָטשקע געענטפערט, וויסענדיג, אז א קאָמפּלימענט וועט אלץ פארגיטיגען. — דאָס קלייד איז זעהר שעהן און פּאסט דיר זעהר. וויש אָפּ די פּודער, האָסט צופיעל ארויפגעלעגט אויף דער נאָז.

— ניין, ניין, איך וועל ניט אָפּווישען, זאָל ליגען — האָט זי געענטפערט. — זי וועט אליין אראָפּגעהן. קום צום טיש. מסתמא איז שוין אלץ גרייט. מיר האָבען היינט קאלבס־קאָטלעטקעס און א קאטשקעלע, א יונגינקע! איך האָב אָנגעזאָגט, מען זאָל ניט קויפען קיין אלטע. א היץ!

ביי סימאָטשקע'ן האָט גענומען ציהען אונטער'ן לעפעלע און ער איז איהר שווייגענדיג נאָכגעגאנגען.

— איך אייל זיך זעהר — האָט סימאָטשקע געזאָגט, אויס־שפּרייטענדיג די סערוועטקע אויף די קניע — איך וועל שוין היינט אין סאָוונארכאָז ניט געהן. איך דארף אויסארבייטען א פּראָיעקט פאר'ן סאָוונארכאָז, און דער עיקר באשליסען, וואָס צו טאָן מיט דער ציערונג, מיט דער ציערונג, פארשטעהסט? סאָניע טייערע, דער בוליאָן איז אויסגעצייכענט! — פארוואָס האָב איך איהר געזאָגט "טייערע"? האָט ער א טראכט געטאָן — זעהט, איילט דאָרט צו מאשא'ן. די ציערונג, די ציערונג!

ער האָט אויסגעטרונקען אביסעל וויין, דערמאָנט זיך, אז מען דארף ארייננשיקען דעם מאטראָס א גלאָז וויין, געהייסען עס טאָן און ווייטער געאיילט זיך, אלעמען אריבערגעיאָגט; געפאָדערט די קאָטלעטקעס, ווען די איבעריגע האָבען נאָך געגעסען סופּ; אָפּגעריסען א שטיקעל קאטשקע, ווען מען האָט זיך נאָך ניט ספּראוועט מיט די קאָטלעטקעס; איינגעשמירט זיך די באקען מיט פעטס; און אלץ גע־יאָגט זיך, געאיילט: — וואו־זשע איז דער קאָמפּאָט? ווער וועט מיר אָנגיסען וויין? די ציערונג, די ציערונג! — און אלעמאָל אריבערגע־שפּרונגען צו אן אנדער זאך: — א פּארטיע סאָדע. מיר וועלען פאר־קויפען. איצט באָרנע זאלץ, לעדער, געהילץ, א מאסע פּראָיעקטען.

— רוה זיך אָפּ א ווײלע — האָט זיך דאָראָטשקע גענומען בעּ־טען — לאָז אונז רוהיג אָפּעסען. זינע, גיט איהם שוין דעם קאָמ־פּאָט. זאָל ער זיך געהן ארבייטען.

— איך האָב היינט באגעגענט אין גאס אונזער קאץ'ן. דאכט זיך, עס האלט מיט איהם שמאָל. איך האָב איהם געראטען, ער זאָל זיך באהאלטען. וויל גאָרניט הערען. פארלאָזט זיך אלץ אויף די אר־בייטער. יאָ, היינט אין סאָוונארכאָז האָט מען געשמועסט, אז מען קלייבט זיך צומאכען די קראָמען. די שילדען וועט מען אראָפּרייסען.

— וואָס הייסט, א שטאָדט אָהן קראָמען? — האָט זיך דאָ־ראָטשקע פארוואונדערט און א קוק געטאָן אויף זינע'ן.

—אָט אזוי, אָהן קראָמען — האָט זיך סימאָטשקע צולאכט

— עס איז פּונקט ווי א מענש אָהן א קאָפּ. מיינסטו? בראוואָ באָלשעוויקעס!

— ניטאָ דאָ וואָס צו לאכען — האָט דאָראָטשקע געזאָגט,

ארומוויקלענדיג יעדעם שטיקעל קאטשקע מיט סאלאד — וואָס הייסט, א שטאָדט אָהן קראָמען? וואָס־זשע וועט זיין אָנשטאָט קראָ־מען אין די אונטערשטע עטאַזשען? א חרפה! עס וועט אפילו אומ־אנגענעהם זיין דורכצוגעהן זיך אין גאַס.

— נו, מען וועט ביי אונז קיין עצות ניט פרעגען –– האָט סי־מאָטשקע געזאָגט, שנעל שלינגענדיג די קארשען צוזאממען מיט די ביינדלעך — איך געה אויסארבייטען דעם פּראָיעקט. אפשר נעהמען נאָך א טרונק וויין, אָדער מען דארף ניט, אָ? וועל מאַכען לחיים פאר דעם סאָוונארכאָז. פארט א וואוילע אינסטיטוציע.

— און מיר וועלען ארייגעהן אין גאסטצימער — האָט סאָניע זיך געווענדעט צו דאָראָטשקע'ן — איך וועל אייך צושניידען א בלוזקע. איהר וועט זעהן, וואָס איך האָב צוגעטראכט. דאָ וועלען זיין פעלדעלעך — האָט זי גענומען ווייזען מיט די הענט אויף זיך — און דאָ אן אויפגעפּוישטע קרוזשעווע און א ברייטער באנד מיט לאנגע שפּיצען, וואָס וועלען אראָפּהענגען.

דאָראָטשקע האָט איינגעבויגען דעם קאָפּ און גענומען עסען די קארשען.

## II

סעמיאָן גריגאָריעוויטש איז אריין אין קאבינעט, גלייך פאר־רויכערט און געזעצט זיך צום טיש. גענומען א ריינעם בויגען פּאפּיר, א טראכט געטאָן און שנעל אָנגעשריבען עטליכע פראזען.

"עס געהט ווי געשמירט", האָט ער געטראכט "ארבייטען נאָך מיטאָג איז א באפעהל... איך וועל אָפּשפּילען א קנעפּעל. אזוי וועט זיין גרינגער. נו, מיר שרייבען ווייטער. אָ? אָדער מען דארף ניט? נעהמען א ביסעל וויין? אָ? אפשר זיך אָפּרוהען? אזעלכע ברייטע פּאָטעלען! קאָמפּאָרטען און ווי קאָן מען עס באהאלטען אין אָפּצאס בריליאנטען? איך וועל זיך זעצען אין פּאָטעל, וועל אראָפּשלעפּען דעם שוך און וועל זעהן. אָדער מען דארף ניט? פריהער דעם פּראָ־יעקט? נו גוט, זאָל זיין דער פּראָיעקט. וואָס האָב איך דאָרט שוין אָנגעשריבען? נאָך גאָר ניט אָנגעשריבען. מאָדנע. היינט ביינאכט באהאלט איך אין קעלער די ציערונג, די וואליוטע, און א טייל ברי־ליאנטען אין שוך אריין, וועט איינס פּארפאלען ווערען, וועט דאָס

אנדערע בלייבען. מען קען דאָך ניט אַלץ אין איין אָרט. איך וועל לויז מאַכען נאָך א קנעפּעל. יע, די קאַטשקע! וואָס־זשע האָב איך פאַרט אָנגעשריבען: "נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט די אינטערעסען פון דעם ארבייטערקלאַס"... נו, געוויס. אָבער ווי פונדעסטוועגען קען מען טאַקע אַריינשטופּען די בריליאַנטען אין אַן אָפּצאַס? איך וועל זיך צוזעצען אויף א ווייַלינקע אין פּאַטעל, וועל אַראָפּציהען א שוך און וועל זעהן. גוט, וואָס מען האָט ביי מיר די מעבעל ניט רעקוויזירט. דאָס האָב איך צו פאַרדאַנקען דעם חבר פּראַק. אָדינ־צאָוו האָט זיך אויך איינגעשטעלט. איך וועל זיך אוועקזעצען אין דעם ניט רעקווירטען פּאַטעל. צופּיעל וויין געטרונקען. שווער זיך אויפצוהויבען".

ער האָט אַראָפּגעצויגען דעם שוך און ברייט זיך צעלייגט אין טיפען שטול, וועלכער האָט איהם איינגעשלונגען.

"נו, לאָמיר אָקאָרשט זעהן, וואָס איז דאָרט אַזוינס", האָט ער צו זיך געזאָגט, באַטראַכטענדיג דעם שיך און מיט אַמאָל דערפיהלט, אַז אויב ער כאַפּט זיך ניט אויף, שלאָפט ער פון דער היץ און דעם וויין גלייך איין.

"א שעהן שטיקעל ארבייט", האָט ער געטראַכט און געעפּענט די אויגען אַזוי ברייט ווי מעגליך. "איך פאַרשטעה ניט, ווי מען קאָן מאַכען א לאָך אין אָפּצאַס? פרעגען אפשר ביי א שוסטער? און אויב ער וועט מיך מסר'ן? וועט ער דען וויסען, צו וואָס איך דאַרף עס? און אויב ער וועט פרעגען? אַ? אָט א פאַרדרעהעניש! אַן עצה געבען איז גרינג, אָבער געה פיהר עס אויס. איך האָב גאָרניט געוואוסט, אַז שיך האָבען אַזאַ שלעכטען ריח. מיט וואָס שמעקען זיי עס אַזוי? אָבער איך וויל, דאַכט זיך, כאַפּען א דרימעל. אפשר אָפּלייגען? און אויב עס וועט זיין א הויז־זוכונג? וואָס פאַר א הויז־זוכונג? ביז איצט ניט געוועז און פּלוצים היינט וועט זיין. און איך בין דאָך עפּעס א סאָוויעטסקער ארבייטער. דאַכט זיך, איך האַלט שוין ביידע שיך אין די הענט. עס קלעפּען זיך די אויגען. ניט געדאַרפט אַזוי פיעל וויין טרינקען. אין אַזאַ צייט איז גענוג איין גלאָז אויך. אָהאָ, דריי שיך אין די הענט. מיט וואָס שמעקט עס אַזוי שלעכט?

— מעג מען אריין? — האָט זיך פּלוצים דערהערט א ווייכע צערטלענדיגע קאָנטראַלטאַ־שטימע.

"דאַכט זיך, עס איז סאָניע", האָט סימאָטשקע א טראַכט גע־

טאָן, שנעל עפּענענדיג די אויגען און ניט פאַרשטעהענדיג, צו וואָס האַלט ער זיך מיט א שוך אין האַנט.

מען מעג, מען מעג, — האָט סימאָטשקע האַרציג געענטפערט.
— אמת, איך בין זעהר פאַרנומען, נאָר איהר וועט מיר ניט שטערען.

— ענטשולדיגט, איך בין נאָר אויף א ווייליגקע, — האָט זי געזאָגט אַריינגעהענדיג אויף די שפּיץ פינגער און געוואָרפען אויף איהם א געטריי־צויבערליכען בליק. — האָב איך דאָ אפשר געלאָזען די שער? — האָט זי ווי זיך אליין געפרעגט. — סעמיאָן גריגאָ־ריעוויטש, ארבייט ווייטער, איך וועל זעהן אייך ניט צושטערן.

אלץ אזוי געטריי, די אקסעל צוריקגעוואָרפען, איז זי צוגעגאַנגען צום טיש, איינגעבויגען זיך און גענומען זוכען. די לייכטע שפּינוועביגע בלוזקע האָט זיך אַראָפּגעגליטשט, און עס האָט זיך ענטבלויזט א יונגינקער, אָפּגעברענטער אקסעל. זי האָט עס דערפיהלט און דערשראָקען פאַרשטעלט דעם אקסעל מיט דער האַנט. פאַררויטעלט.

— וואו־זשע האָב איך זי אהינגעטאָן? — האָט זי ווייטער זיך אליין געפרעגט, א קוק געטאָן אויף סימאָטשקע'ן און אַרונטערגעלאָזען די אויגען.

"דאַכט זיך, זי פלירטעוועט. א חוצפה!" האָט סימאָטשקע געטראַכט, מיט א כיון ניט אויפגעהויבען די אויגען, אָבער געפיהלט איהר יעדע באַוועגונג. "און ווי אויף להכעיס קליידט איהר זעהר דאָראָטשקע'ס ראָזע בלוזקע. קושט זיך, אז עס איז א פאַרגעניגען", איז דורכגעלאָפען אן ערינערונג. און ווי אויף להכעיס האָב איך אויסגעטרונקען צופיעל וויין. ווידער? פאַר קיין פאַל ניט! און וואָס האָב איך זיך אזוי אויפגערעגט? אפילו די שלעפעריגקייט איז אַריבער. וואָס־זשע געהט זי ניט אוועק? איך וואָלט איהר געזאָגט, אָבער עס פּאַסט ניט.

— מאָדנע, — האָט סאָניע געזאָגט, — איך געדענק, אז איך האָב זי דאָ געלאָזען, און זי איז ניטאָ.

"דאַכט זיך, אז איך וועל זי באַלד אַרומנעמען", האָט סימאָטשקע געטראַכט. "אָדער מען דאַרף ניט. אָט א פאַרדרעהעניש. ווידער וועט דאָס געוויסען מאַטערען. קושט זיך וואונדערליך. אָדער אַרומנעמען? קיין זינד איז עס ניט און אבסאָליוט אָהן געפאַהר. דאָס פאַרגעניגען איז גרויס און קיין שום פאָלגען. איך וועל איהר

שענקען א פינגערל. א פרישינקע, שלאנקע, נאָכגיביגע. אָדער מען דאַרף ניט? איינהאַלטען זיך! אַ? אָבער א שעהנינקע! זעהר א סימ־פּאַטישע, א נאָכגיביגע. ניין, מען דאַרף ניט. אַ? אָדער ארומנעמען?

— אך, — האָט סאָניע געזאָגט. — איך האָב זיך דערמאָנט. די שער איז אין שלאָפצימער אויפ׳ן טישעל. — און אלץ אויף די שפּיץ פינגער געגומען זיך דערווייטערען, צויבערליך זיך וויגענדיג און רופענדיג איהם מיט די קאשטאנעווע קרייזלעך אויפ׳ן נאקען.

סימאָטשקע האָט דערפיהלט ווי מען וואָלט איהם געשלעפּט אויף א שטריק. ער האָט זיך גיך אויפגעהויבען, א שליידער געטאָן דעם שוך אויפ׳ן שטול און הינקענדיג איהר נאָכגעשפּרונגען ביז ער האָט זי דעריאָגט אויפ׳ן שוועל פון שלאָפצימער.

— דו האָסט עס אומישנע אזוי געמאכט, — האָט ער זי גענומען באשולדיגען און ארויפגעלייגט א הייסע האנט אויפ׳ן אקסעל, וועל־כער איז איהם געפעלען.

זי האָט געשוויגען. געלעגט זיינע האָר און עס איז געוואָרען אזוי, ווי עס איז שוין איין מאָל געווען...

אלץ אויף די שפּיץ פינגער, אויסגלייכענדיג דאָס צעקנייטשטע קלייד, איז זי ארויס פון צימער.

„אָט אַ פארדרעהעניש", האָט סימאָטשקע געטראכט, שטעהענ־דיג ביים פענסטער און באטראכטענדיג די שורה מענשען, וועלכע האָט זיך געדולדיג געטאָפּטשעט ביי דער קאָאָפּעראַטיווער קראָם. „און צו וואָס האָב איך עס גענדארפט? גאָר ניט קיין אינטערעסאנטע פרוי! מסתמא איז עס אן אָפּקומעניש צו שטעהן ביי דער קראָם אין אזא היץ. און וואָס פאר א פּראָדוקטען זענען עס. א שרעק. און וואָס האָב איך זיך אזוי צעהיצט? גאָר ניט קיין אינטערעסאנטע פרוי. ווי קומט זי צו דאָראָטשקע׳ן? א שרעק! א שרעקן און פאראן נאָך א זינע אויך. בין זיך רוהיג געזעסען, געווען פארנומען מיט א וויכטיגער זאך און פּלוצים אזא געשיכטע! זי האָט דאָך מיר אויסגעזעהן א שעהנהייט! אזא אינטריגאנטקע! איך וועל איהר אמאָל זאָגען, אז אויב זי דערוועגט זיך נאָך איין מאָל צוצוגעהן צו מיר, וועל איך זי מעהר ניט האלטען אין שטוב. און דאָראָטשקע׳ן פאלט גאָר ניט איין. זי קושט זיך מיט איהר. ניין, מען מוז מאכען א סוף.

— דאָראָטשקע, דאָרע! — האָט ער א געשריי געטאָן און צו־געהונקען צום שטוהל.

— וואָס ווילסטו? — האָט זיך דערהערט איהר קול.

— קום אריין צו מיר אויף א מינוט, — האָט סימאָטשקע ענטשלאָסען געענטפערט און א וואָרף געטאָן זיך אין פּאָטעל, וועל־כער האָט איהם איינגעשלונגען — איך דאַרף דיר זאָגען א פּאָר ווערטער.

וואָס איז? — האָט דאָראָטשקע געפרעגט, אריינשטעקענדיג דעם קאָפּ אין קאבינעט.

— דו קום פריהער אריין און פארמאך די טיר, — האָט ער מיט ווירדע געענטפערט. — און דערנאָך פרעג. — זיצסט זיך מיט דיינע טייערע פריינדינס, פארנעמסט זיך מיט מאָדעס און טראכסט גאָרניט וועגען דעם, אז מיר זענען ביי די באָלשעוויקעס אין די הענט.

— וואָס איז שוין ווידער? — האָט זי פארוואונדערט געפרעגט.

— גאָרנישט, — האָט ער געענטפערט — טו, אדרבא, א קוק אין פענסטער. פון אינדערפריה באלאגערען מענשען די קראָם. די זון ברענט, — האָט ער ווייטער גערעדט, ניט וויסענדיג ווי צו־צוטרעטען צו דער טעמע. — דיר איז ניט אויסגעקומען צו שטעהן אזוי. ווארט, די באָלשעוויקעס וועלען אונז ווייזען ווי ארומצוגעהן פּוסט און פּאַס. מען וועט מיר נאָך הייסען רייניגען מיסט־קאסטענס און וואטער־קלאָזעטען, ווי אנדערע בורזשויען, און דעמאָלט וועסטו וויסען. אזא קאלטבלוטיגע פרוי האָב איך נאָך אין מיין לעבען ניט געזעהן.

— אָט צוליעב דעם האָסטו עס מיך אריינגערופען? — האָט דאָראָטשקע מיט פאָרוואורף געפרעגט.

— אי צוליב דעם, אי צוליב נאָך א זאך, — האָט סימאָטשקע שטרענג געענטפערט. — זיי אזוי גוט, זאָג מיר, צו וואָס שיקסטו אהער סאָניע׳ן? האָסט ניט געוואוסט, אז איך בין דאָ פארנומען מיט א וויכטיגער זאך? וואָס עפּעס פּלוצים א שער, ווען איך זיץ און ארבייט? אָנגעטאָן דיין ראָזע בלוזקע און שפּאצירט זיך דאָ ארום, ווי אויף א בולוואר.

— איך פארשטעה ניט, האָט זיך דאָראָטשקע אָפּגערופען. — מיר דארפען א שערעל צי מיר דארפען ניט? א פערטעל שעה האָט יענע נעביך געזוכט ביז זי האָט געפונען און דו האָסט נאָך צו איהר טענות.

— אָט א בהמה! — איז סימאָטשקע פארציטערט געוואָרען, אן אמת'ער גלאָמפּ! זאָל זיך באָטש עפּעם אָנשטויסען!

— יע, א פּערטעל שעה, — האָט ער באַליידיגט געזאָגט. — און פאַרוואָס קומט מיר צו ליידען? קיין צוויי שורות אפילו צוליב איהר ניט אָנגעשריבען. הער, — האָט ער פּלוצים געזאָגט — מיינסט ניט, אז זיי האָבען זיך ביי אונז צו לאנג פארזעסען? ווי לאנג איז דער שיער זיך צו האלטען מיט זיי?

"נארישקייטען, איך רעד נארישקייטען", האָט געטאנצט ביי איהם אין קאָפּ. "זי וועט מיר באלד דערלאנגען".

דאָראָטשקע איז געווען אזוי ערשטוינט פון זיינע ווערטער, אז פון גרויס צאָרן איז זי געבליבען אָהן לשון. זי האָט געוואָרפען אויף איהם א פארניכטענדען בליק און מאיעסטעטיש, מיט אויפגעהויבענע אקסלען, ארויס פון צימער.

"די באָלשעוויקעס האָבען פארשאדט זיין מוח", האָט זי גע־טראכט. "בלייבען אָהן סאָניע'ן און זינע'ן איז פונקט ווי בלייבען אָהן הענט, אזא פאנטאזיאָר! וואָס איהם פאלט איין. ער איז נאָך גאָר א קינד. ערשט די טעג האָבען מיר גערעדט, אז סאָניע אָדער זינע זאָלען איהם אָנהויבען מאססירען דעם בויך. און ער — פארזעסען זיך. ווער־זשע וועט טאָן די ארבייט, ווען מאשא וועט אָנהויבען מיט איהרע קאפּריזען? און ווער וועט אונז אינדערפריה דערלאנגען די קאווע אין בעט? ער האָט אָן אלץ פארגעסען. און ווער וועט אזוי ארומטאַנצען ארום אונז ווי זיי? און וואָס קאָסטען זיי אונז? גאָר־נישט מיט גאָרנישט. אן אמת קינד.

"נארישקייטען גערעדט", האָט סימאָטשקע הרטה געהאט און ווידער גענומען דעם שוך אין האנט אריין. "איך וועל זעהן גראָבען אין קעלער ביי דער סאמער וואנט. אין מיטען איז געפעהרליך. אָבער וועמען זאָל איך נעהמען צו הילף? דאָראָטשקע וועט ניט געהן אין קעלער אריין. איך וועל נעהמען זינע'ן. סאָניע'ן פאר קיין פאל ניט. כאָטש מען וואָלט געקענט סאָניע'ן אויך נעהמען. איצט וועל איך קיין יצר־הרע ניט האָבען. און דער עיקר, יא יצר־הרע, צי ניט יצר־הרע, דעם קלומעק מוז מען באגראָבען. זינע וועט געפינען א שומ־טער. זינע איז א בריה און ווייסט אלדינג. סאָניע איז א שרעקיגע. סאָניע איז אַן אנדערע. וועט זיין ביי מיר בייננאכט אן "אָביסק" צי ניט? דריי שיך אין די הענט. ווי ווערט עס פון איין שוך דריי?

סאָניע איז א שרעקיגע. וואָס איז דאָ אויף איהר אין כעס צו זיין? א ליבענקע, א שעהנינקע. ווידער וואויל געקושט זיך. און די הויט ווערט ביי איהר אזוי פיין אָפּגעברענט. ביי מיין דאָראָטשקע׳ן ווערט די הויט קיינמאָל ניט אָפּגעברענט. זי איז שטענדיג אָדער ווייס אָדער רויט. אָבער קיינמאָל ניט שאָקאָלאדנע. קיינמאָל ניט שאָקאָ... וועגען וואָס האָב איך עס געטראכט? און וואו איז דער שוך? אויף די קני. ווי קומט ער צו מיר אויף די קני? נו, זאָל ער ליגען. אזא אינטריגאנטקע! א שרעק! און די קראָמען! א? וואָס? מיין דאָראָטשקע׳ן דערשיסען?...

די ברעמען האָבען זיך פיינליך אויפגעהויבען. דער שוך האָט זיך ווי א קאָטער צולעגט אין שויס און שלאָפט. א פליג דרעהט זיך איבער דער נאָז.

דאָראָטשקע איז פאַרזיכטיג אריין אין קאבינעט. זי וועט ערנסט אוועקשטעלען די פראגע. מעהר וועט ער זיך ניט דערוועגען צו רעדען וועגען סאָניע׳ן און זינע׳ן.

אָבער סימאָטשקע שלאָפט. זי געהט צו צום פענסטער און פארטראכט זיך... אין גאס איז אלץ ווי געווען: צוגליטער שטויב, היץ, שורות מענשען. האלב־אָנגעטועטע מענשען, פארזאָרגטע און דערשראָקענע, ווארפען זיך אין אלע זייטען, כדי צו ראטעווען זייער לעבען, אָבער אין יעדען ווינקעל זיצט שגעון מיט ארויסגעסטאר־טשעטע אויגען און שאפט מיט שטאָלץ דאָס זייניגע.

## III

די ערשטע טעג איז דאָראָטשקע געווען צופרידען. אלץ האָט זיך גאָט צו דאנקען איינגעאָרדענט. די שקאטולקע מיט ציערונג האָט מען באגראָבען אין קעלער. אפילו זי אליין האָט אויך צוגעהאָלפען. געווג אָנגעליטען זיך דערביי, מייז, נאכט, מען האָט קיין ליכטעל ניט געטאָרט אָנציינדען, מען האָט געגראָבען אין דער פינסטער, גע־ציטערט ביי יעדען קלאפּ פון דער לאָפּעטע. סימאָטשקע איז געווען ווי משוגע. אָבער מען איז איבערגעקומען. זינע האָט ערגעץ געפונען א שוסטער, און מען האָט אין אן אָפּצאס פארקלאפּט צוואנציג קאַ־ראט ברילִיאנטען און דריי שנורען פּערעל, דוקא די בעסטע. מען

האָט באַשלאָסען די אַלטינקע שיך צו האַלטען בייטאָג אין קאָרב מיט שמוציגע וועש. אַמאָל פּלעגט זיי סימאָטשקע גאָר אָנטאָן און האָבען דערפון הנאה. און ביינאַכט, פּלעגט זי איהם האַלטען אונטער'ן קישען, ביז מען האָט זיך ניט צוגעוואוינט, האָט מען מען אַלץ גע־האַלטען אין איין פרעגען: וואו איז דער שוך? האָסט איהם אָנגעטאָן? וואו איז ער? אין קאָרב? מסתמא אין קאָרב. טו נאָר א קוק. און מען האָט זיך נאָך געפרעהט בשעת מעשה. מען האָט זיך ארומגע־טראָגען מיט'ן שיך ווי מיט א קינד. דאַראָטשקע פּלעגט אין שפּאַס איהם אויך אָנטאָן און ארומגעהינקט אין איהם אין גאַסט־צימער, באַגלייט פון סאָניע'ס און זינע'ס געלעכטער. אַמאָל פּלעגט זיך מאַכען, אז מען פּלעגט איהם פארגעסען אונטערן בעט, בשעת מאַשאַ האָט געהאַלטען אין ראַמען. דעמאָלט האָט מען פון שרעק זיך גע־בראָכען די הענט און מען פּלעגט בעטען זינע'ן, זי זאָל איהם ארויס־גנב'ענען. און צוזאַמען איז דער שפּיל אייגענטליך געפעלען. אָבער איינמאָל האָט זיך געטראָפען, אז דאַראָטשקע האָט זיך פאַנאַנדער־געשמועסט מיט א באַקאַנטער וועגען פּערעל, און יענע האָט געזאָגט, אז פּערעל, ווען מען טראָגט זיי ניט אויפ'ן האַלז, שטאַרבען זיי. און זייט דעמאָלט איז דאַראָטשקע געוואָרען אויס מענש. א קליי־ניגקייט, איהרע בעסטע פּערעל וועלען שטאַרבען אין שוך. איהרע בעסטע, איהרע טייערסטע פּערעל!

סימאָטשקע'ן זענען די פּערעל איצט ניט געקראָכען אין קאָפּ. דעם זייף־פאַבריקאַנט קאַץ האָט מען ארעסטירט גיך נאָך זיין באַזוך ביי יאַקאָבסאָנ'ען. א דעפּוטאַציע פון זיינע ארבייטער האָט גאָר ניט געקענט פּועל'ן ביי די באָלשעוויקעס, און זיין לעבען איז געהאַנגען אויף א האָר. צו דעם צער פאַר'ן פריינד'ס לעבען איז נאָך צוגע־קומען דער שרעק פאַר זיך אַליין. סימאָטשקע איז אַמאָל געווען גע־שעפטליך פאַרבונדען מיט קאַץ'ן, אַזוי, אז אויב מען וועט וועלען, וועט מען איהם אויך קענען אריינשלעפּען אין דער געשיכטע. פאַר־וואָס? אויף וועלכען גרונד? סימאָטשקע האָט ניט געוואוסט. אָבער מען קען. א בורזשוי איז דאָך ערגער ווי א הונט. וואָס איז, עס איז זיי שווער צו דערשיסען נאָך א בורזשוי? נו, ארבייט ער אין סאָוור־נאַרכאָז. נו, פריינדעלט ער זיך מיט די באָלשעוויקעלאַך פראַק און אַדינצאָוו, וואָס עסען ביי איהם מיטאָג א דריי מאָל א וואָך. אָבער קאַץ האָט געהאַט גרעסערע באַקאַנטשאַפט, און עס האָט ניט גע־

האַלפּען. ווי פּיהלט זיך איצט קאַץ? און וואָס וועל איך פּיהלען, ווען מען וועט מיך ארײַנשלעפּען? אָבער פארוואָס זאָל מען מיך שלעפּען? מען וועט שלעפּען! מען וועט זיך נעהמען גראָבען אין קאַץ'ס אלטע ביכער. מען וועט געפּינען מײַן נאָמען און מען וועט זאָגען: זאָל מען פאר אײַנוועגס פארנעהמען דעם בורזשוי אויך. צי וואָס האָב איך געדארפט האנדלען מיט קאַץ'ן? און ווי צופרידען איך בין עס דעמאָלט געווען. דאָס געשעפט האָט געבליהט, איך האָב געמאַכט שטיקער גאָלד. און איך האָב ניט געוואוסט, אז דאָס גראָב איך זיך א קבר. גאָטעניו, ראטעווע מיך נאָר דאָס מאָל. זאָל מען מיך ארעסטירען צוליב אן אנדער זאך, ניט צוליב דער. פון אן אנדער זאך וועל איך זיך ווי ניט איז ארויסדרייהען. נאָר פון דער ראטעווע מיך. אָבער קיינער וועט דיך ניט טשעפּען. וואָס בעטסטו זיך? פאר־וואָס זאָל מען דיך ארעסטירען? שרײַב בעסער דײַן פּראָיעקט. ניין, איך וועל פאררויכערען און וועל זיך דורכגעהן איבער'ן צימער. ווי פינסטער עס איז אין גאס. דאכט זיך, א שאָס. ניין, עס האָט זיך בלויז אויסגעוויזען...

דאַראָטשקע זיצט אין גאסט־צימער, אָנגעטאָן אין א ראָזען־קלייד, און שמועסט שטיל מיט סאָניע'ן. זינע העפט. די טיר, וואָס פיהרט אין קאבינעט, איז אָפען און דאריבער, כדי ניט צו שטע־רען סימאָטשקע'ן ארבייטען, רעדען זיי אלץ שטילער.

— "ניין, זי איז אומצופרידען. סימאָטשקע איז צופרידען און גלויבט ניט, אז פערעל קענען שטארבען, אז עס איז א ליגען. קען זײַן. מאדאם סטאַווסקע האָט איהר געזאָגט, אז אפילו ניט יעדער קערפּער קען לעבעדיג מאכען א שנור פערעל. ווען א פרוי איז בלוט־אָרים, שטארבען אויף איהר האלז די פערעל. ביי זינען וואָלטען די פערעל געשטאָרבען און איך בין א פול־בלוטיגע פרוי. אָבער די פע־רעל זיינען אין שוך. ווען מען איז אײַנגעפאלען אזא משוגענער גע־דאנק? זיי זיינען אלע פון שרעק פון זינען אראָפּ, אי יאקאָבסאָן, אי שטיין, אי אָווערבאך. אלע האָבען באהאלטען זייערע בריליאנטען און פערעל אין די שיך. ווענען בריליאנטען ווייס איך גאָרניט. אפשר איז עס נאָך בעסער פאר זיי. אָבער פערעל? פיינע פערעל וועלען זיי האָבען! און סימאָטשקע וואָלט זיך כאָטש א קרום געטאָן. ווידער וועגען קאַץ'ן און אָבער וועגען קאַץ'ן. איך האָב אויך גרויס רחמנות אויף קאַץ'ן, נאָר קאָן איך איהם דען ארויסרײַסען פון זייערע הענט?

אָדער ער קען? ער איז שוין צוליב דעם קאַץ'ן געוואָרען שווארץ ווי די ערד".

— סימאַטשקע, — האָט זי מיט א מאָל הויך געזאָגט, — וואָס שפּאַנסטו אַלץ ארום און ארבייטסט ניט? מיר רעדען אומישנע שטיל, כדי דיר ניט צו שטערען. אויב דו האָסט געענדיגט, קום אריין צו אונז.

— אַך, לאָז מיך, — האָט סימאַטשקע געענטפערט. — טשעפּע מיך ניט.

— טראכסט ווידער וועגען קאַץ'ן? עס וועט איהם גאָרניט זיין, קאַץ'ן. מען וועט איהם האַלטען א ווייַלע און ארויסלאָזען. און דו וועסט דערווייל פארלירען דאָס געזונט.

— לאָז מיך צורוה, איך בעט דיך, — האָט ער אומגעדולדיג געענטפערט, — אויב דו ווילסט רעדען, רעד מיט סאָניע'ן. מיך טשעפּע ניט.

— שוין אין כעס געוואָרען. — האָט זיך דאַראַטשקע פארוואונדערט. — קום אריין, לאָמיר בעסער זיך דורכרעדען וועגען די פּערעל. איך בין זיי גרייט צו טראָגען אויפ'ן האלז. זיי וועלען דאָך אוועקשטארבען אין שוך.

— ווידער דאָסזעלביגע? — האָט סימאַטשקע אומגעדולדיג געפרעגט.

— וואָס הייסט, ווידער? — האָט זיך דאַראַטשקע אָפּגערופען — זיי וועלען דאָך שטארבען.

— פארוואָס זאָלען זיי שטארבען, — האָט סימאַטשקע אויסגעשריען, דערצאָרענט דערפון, וואָס מען האָט איהם איבערגעשלאָגען זיינע געדאנקען.

— סטאַווסקע האָט געזאָגט!

— סטאַווסקע האָט איהר געזאָגט, און דאריבער דערגעהסט זי מיר די יאָהרען שוין א גאנצע וואָך, — האָט סימאַטשקע מיט פארדרוס כלומרשט צו זיך אליין געזאָגט. א קליינינגקייט — סטאַווסקע זאָגט.

— וואָס רעדסטו דאָרט? — האָט דאַראַטשקע ניט דערהערט.

— קום אריין אהער.

— איך רעד קיין זאך ניט און לאָז מיך שוין איינמאָל צו רוה מיט דיינע פּערעל. — האָט זיך סימאַטשקע צוהיצט. — זאָלען זיי

שטארבען. ביזטו צופרידען? איך וויל זיי זאָלען שטארבען, — האָט ער מיט שמחה איבערגע'חזר'ט.

— און איך וויל, אז זיי זאָלען לעבען! — האָט צאָרנדיג אויסגעשריען דאָראָטשקע, ערשיינענדיג אויפ'ן שוועל פון קאבינעט. וואָס הייסט? מיינע פערעל! און נאָך די בעסטען אויב דו און דיין יאקאָבסאָן האָבען זיך געריהרט פון זינען, בין איך נאָך אָבער גאָט צו דאנקען קלאָר. אין שוך איז דאָך קאלט.

— און אויפ'ן גרונט פון ים איז זיי ניט קאלט? — האָט זיך סימאָטשקע צוליארמעט. — יע, אויפ'ן גרונט פון ים אין דער מושעל? דו ווייסט, וואו פערעל וואקסען? אויפ'ן גרונט פון ים, ניט אויף ווייבערשע העלזער. זאָג עס דיין אידיאָטקע סטאַווסקע'ן, אויסטראַכטען אזא אידיאָטסטווע און צוויי וואָכען מיר דערגעהן דאָס לעבען דערמיט. וואו קען איך אהינטאָן די פערעל, ווען איך נעהם זיי ארויס? ווילסט אז מען זאָל מיך צוליב סטאַווסקע, אָט דער בהמה, דערשיסען? זיי ליגען אין אָפּצאַס און זיי וועלען פארבלייבען אין אָפּצאַס.

— אויפ'ן גרונט פון ים? — האָט דאָראָטשקע איבערגע'חזר'ט.

— און וואָס געהט עס מיר אָן, אויב עס זענען דאָ פערעל, וואָס וואקסען אויפ'ן גרונט פון ים? איך רעד וועגען מיינע פערעל. זיי וועלען אין שוך אוועקשטארבען.

— ווידער אוועקשטארבען! — האָט סימאָטשקע געליארמעט.

— אוועקשטארבען וועל איך, ניט זיי. דו טרייבסט מיך אין קבר אריין. ווער איז דאָ סוף כל סוף דער מאן, איך, אָדער די משוגענע, די אידיאָטקע, די צודרייטע סטאַווסקע? פארשטעה־זשע דאָך, — האָט ער גענומען מיט איהר איינטענה'ן — אז אויב אויפ'ן גרונט פון ים...

— און אויב אין שוך... — האָט שנעל ארייגעשטעלט דאָראָטשקע.

—צום שווארץ יאָהר! — האָט סימאָטשקע אויף דער העכסטער אקטאַווע געשריען — איך וויל ניט... איך וויל ניט מעהר רעדען. זיי ליגען אין שוך און דאָרט בלייבען זיי. דעם האלז וועל איך זיך לאָזען שניידען און זיי ניט ריהרען. איך וויל נאָך לעבען... דו וועסט ערשט דעמאָלט גלויבען, ווען איך וועל זיך וואלגערען אין דער טשרעזוויטשאיקע.

א פֿלוצלינגער קלונג האָט איבערגעריסען די פאמיליענסצענע. זינע איז ארויס און גלייך ארייגעפיהרט יאקאָבסאָנ'ען, וועלכער איז שטום אריין אין קאבינעט. סימאָטשקע האָט אין זיין פּנים דערקענט, אז עס איז געשעהן אן אומגליק און א וואָרף געטאָן זיך צו איהם.

— נו, יא, נו, יא — האָט יענער געמורמעלט. — שוין אלץ אוים. אלץ. נאָר וואָס געלאָזט מיר וויסען.

— דערשאָסען? — האָט סימאָטשקע אָהן א קול געפרעגט.

— נעכטען ביינאכט. קיינער האָט ניט געוואוסט. מען האָט זיך ניט געריכט. — האָט יאקאָבסאָן שווער געצויגען פון זיך ווערטער. — איך בין ווי משוגע. מען דערצעהלט, אז ווען ער האָט זיך אויסגעטאָן, האָט ער א געשריי געטאָן: זאָל לעבען דער באָלשעוויזם! אין די הויכע פענסטער האָט מען זיך דערוואוסט וועגען דעם און מען האָט זעהר באדויערט, וואָס מען האָט איהם דערשאָסען, ער איז דאָך ניט געווען זייערער קיין געגנער. ניטאָ מעהר אונזער קאץ. וויפיעל מאָל האָב איך איהם געזאָגט: באהאלט זיך. ניט געוואָלט. א שטאָלצער געווען. געגלויבט.

— הערסט, — האָט סימאָטשקע א געשריי געטאָן צו דאָראָטשקע'ן — ניטאָ מעהר מיין קאץ, מיין פריינד.

ער האָט באגראָבען דאָס פּנים אין די הענט און האָט שטיל געוויינט. יאקאָבסאָן האָט געשפּאנט איבער'ן צימער, ארויסגעפּליקט הערלאך פון דער באָרד און שנעל גערעדט:

— יא, אומגעקומען אונזער קאץ. מיר וועלען איהם שוין מעהר קיינמאָל ניט זעהן. מען זאָגט, אז ער איז געשטאָרבען ווי א העלד. און מיט'ן שוואָגער האָט זיך דוקא גוט אויסגעלאָזען. מען וועט איהם מיסתמא ארויסלאָזען. נו, א דאנק גאָט דערפאר. מיין פרוי וואָלט עס ניט איבערגעטראָגען. איצט איז א נייע געשיכטע. די אפּטייקארס. מען באשולדיגט זיי, אז זיי האָבען באהאלטען סחורה. נו, זייט מיר געזונט. איך בין אריין אייך וואָרנען: האלט גאָרנישט אין שטוב. אומעטום הערט מען וועגען מסירות. עך, נאראָנים זענען מיר אלע. ניט געקענט באצייטענס אוועקפאָהרען...

... נאכט. שטיל. דאָראָטשקע איז וויינענדיג איינגעשלאָפען. סעמיאָן גריגאָריעוויטש שלאָפט ניט און וויינט אין זיך, כדי ניט מצער צו זיין דאָראָטשקע'ן. וויינט און זעהט ווי מען שיסט קאץ'ן.

פארטאָג האָט ער איינגעדרימעלט, נאָר ניט אויף לאנג. אויפגעכאפּט זיך און א טראכט געטאָן, אז מסתמא איז יאקאָבסאָן געקומען איהם וואָרנען, נאָר ניט געוואָלט איהם איבערשרעקען און דאריבער פאַרשוויגען. "גאָר אָן זיך פארגעסען, אפשר האָט מען געפונען אין די פּאפּירען מיין נאָמען. און איך בין פארפאלען! וואו איז דער שוך? אונטער דעם קישען בריליאנטען! אויף וועלכען טייוועל דארף איך בריליאנטען. און ווען פּלוצים פאלט זיי איין צו זוכען אין שוך. אפשר ארויסווארפען דעם שוך אויפ'ן גאס? עס איז אויף איהם ניט אָנגעשריבען, אז ער איז מיינער? אַ? ארויסווארפען? גלייך? אַ? אָדער נאָך א טראכט טאָן? מען וועט ארעסטירען, אָהן שום ספק ארעסטירען. מען וועט קומען, מען וועט אָנקלאפּען און מיך פארנעהמען און ער וועט זיך בעטען. ער הערט אפילו זיין אייגען קול: "איך ארבייט אין סאָוונארכאָז." "איך בין א סאָוויעטסקער ארבייטער". אָבער עס וועט ניט העלפען. "און די בריליאנטען?" וועט מען זאָגען, נו, איך וועל זיך אָנטאָן. און ווי וועל איך עס אויסהאלטען? אפשר וועט דאָס הארץ פון שרעק פּלאצען? אַ? זייער דאגה, מיין הארץ וועט פּלאצען!...

"און ווי וועלען זיי עס מיך דערשיסען? אנו, לאָמיר זיך פאָרשטעלען. מיסתמא טוט עס שרעקליך וועה, אַ? אָדער עס טוט ניט וועה?"

"און ווי וועל איך אראָפּגעהן אין שרעקליכען פּאדוואל?" שוינזשע וועלען מיינע פיס אראָפּגעהן אין פּאדוואל? ווי וועל איך ניט פּרואווען אנטלויפען? און דער סאָלדאט מיט'ן רעוואָלווער פון הינטען? נו, איך וועל געהן. מען וועט באפעהלען: טו זיך אויס! שוין־זשע וועל איך זיך אויסטאָן? וועל זיך אויסטאָן, כדי מען זאָל מיך דערשיסען? א גרויל, א גרויל! "

"איך וועל אויפשפּילען דאָס קנעפּעל," האָט סימאָטשקע שווער אָטעמענדיג געטראכט. "איך וועל אראָפּציהען דאָס רעקעל. שוין־זשע וועל איך אויסטאָן דאָס רעקעל? ניין, וועל מסתמא זיך ווארפען אויף די קני, וועל וויינען און בעטען. יא, וועל זיכער וויינען און בעטען. וועט מען דערלאנגען מיט'ן רעוואָלווער איבער'ן קאָפּ. מסתמא האָט מען קאץ"ן אויך איבער'ן קאָפּ געשלאָגען. ניין, ער האָט אודאי פארפרעסט די ליפּען און שטום זיך אויסגעטאָן. אנו, לאָמיר א טראכט טאָן, ווי אזוי ער האָט זיך אויסגעטאָן. איך האָב א שוואכען כא־

ראקטער. דער סאָלדאט וועט אויף מיר א געשריי טאָן און איך וועל פאָלגען און זיך אויסטאָן. דערנאָך וועט מען מיך צופיהרען צו דער וואנט, א גרויל, א גרוילן שוין־זשע וועל איך צוגעהן? וועל איך זיך גאָר ניט ראנגלען? גלייך צוגעהן?

"וועט זיך דער מאטראָס אוועקשטעלען הינטער מיר". סימאָ־טשקע האָט פאר די אויגען געזעהן א ריזיגען מאטראָס. "ער וועט צושטעלען דעם רעוואָלווער צום נאקען און איך וועל א פליה טאָן אויף דער פאָדלאָגע. וועל איך א פליה טאָן? נו, לאָמיר זיך פאָר־שטעלען ווי אזוי דאָס קומט פאָר. אָט האָט ער צוגעשטעלט דעם רע־וואָלווער צו מיין נאקען. אויסגעשאָסען. די קויל האָט דורכגעלעכערט דעם מארך, האָט סימאָטשקע געטראכט, צומאכענדיג פון וועהטאָג די אויגען. "וואָס האָב איך דערפיהלט? אפשר בלינד געוואָרען! דער סאָלדאט שלעפט מיין גוף... א נו, לאָמיר זעהן, ווי אזוי ער שלעפט מיך. יא פאר די הענט," האָט סימאָטשקע א פארצי־טערטער דערזעהן. "טוט מיר וועה ווי די קויל געהט אריין אין מיין מארך? איך וועל אָנהויבען פון אָנהויב. איך שטעה. איך ציטער. דער פיבער א שרעקליכער. איך טו זיך אויס. ווי־זשע וועל איך זיך אויסטאָן? איך וועל, דאכט זיך, פון זינען אראָפּ. און מיין דאָראָ־טשקע שלאָפט. א כאראקטער! ווערט אלץ גרעבער און שלאָפט. איצט ווען זי טוט אויס איהר העמד, אויף אָנצוטאָן א נאכט־העמד, איז זי נאקטערהייד עהנליך צו אן אטלעט. א גרויל, א גרויל! און ווען איז זי דאָס אזוי גראָב געוואָרען? די קאטשקעס האָבען זי גע־מאכט פאר אן אטלעט. א ווייב אן אטלעט! יעדע האנט איהרע וועגט ניט ווייניגער ווי א פוד. און ווי געהט אריין א קויל אין מארך? איך וועל אָנהויבען פון אָנהויב. נאָר זאָל שוין זיין גענוג זיך צו שיסען. מען האָט דיך נאָך אפילו ניט ארעסטירט, און דו האָסט זיך שוין הונדערט מאָל דערשאָסען!"

"... נו, איז ווי געהט אריין א קויל אין מארך? איך פאל. וועל אודאי די פיס זיך צעברעכען. א גרויל, א גרויל! דער מאטראָס נעהמט ביי מיר אלץ צו, איך וועל אלץ אוועקגעבען, נאָר ניט. אזא טויט! אום גאָטעס ווילען!..."

# פיערטער עפּיזאָד

.1

דאָס מאָל איז מען געווען געלאַדען צו א מאָלצייט ביים סי־מאָטשקע׳ן. יעדעס מאָל, ווען א וויכטיג שטיקעל געשעפט פלעגט אָפּגעהן כשורה, פלעגט איינער פון די שותפים, גרעסער, יאַקאָבסאָן, סושקאָוו אָדער כעלעש, מאַכען א סעודה, א מין באַל אזא, אויף וועלכען מען פלעגט פאַרבעטען די נייע יונגעלייט. אייגענטליך לכבוד זיי פלעגט מען עס מאַכען די סעודה, אויף אזעלכע הוליאַנקעס פלעגט מען טרינקען, גוט עסען, שטיפען, טאַנצען, פלירטעווען מיט די דאַמען. די נייע יונגע לייט פלעגען זיך האַלטען זעהר פריי, אָבער מען פלעגט עס פאַרקוקען, ווייל פון אָט די יונגע לייט פלעגט מען שעפּען דעם גאַנצען כח. אָהן די דאָזיגע יונגע לייט האָט מען זיך קיין דרעה ניט געקענט טאָן, קיין איין געשעפט ניט געקענט דורכ־פיהרען. זיי האָבען געוואוסט אלע סודות, געווען אויסגעבונדען מיט עטליכע הויכגעשטעלטע פּערזאָנען פון די רעגירונגס־קרייזען און ניט ווייניגער ליעב געהאַט א לעב צו טאָן, ווי די קאָמפּאַניע בורזשויען, וואָס האָט געאַרבייט מיט זיי אין סאָוונאַרכאָז.

א דאַנק סאָניע׳ס און זינע׳ס אָנשטרענגונג, האָט זיך דער מאָלצייט איינגעגעבען, א פאַרגעניגען. מען האָט געטרונקען שאַמ־פּאַניער, וואָס חבר אדינצאָוו האָט געבראַכט. מען האָט געטרונקען קאָניאַק, וואָס חבר פראַק האָט געבראַכט. אָנגעהויבען האָט זיך דער מיטאָג גאַנץ באַשיידען. מען האָט זיך צעזעצט, ווי דער מנהג איז, יעדע דאַמע מיט א פרעמדען קאַוואַליער. דראָטשקע מיט׳ן חבר פראַק פון רעכטס און יאַקאָבסאָנ׳ען פון לינקס. יאַקאָבסאָנ׳ס פרוי

מיט בעלש׳ן פון רעכטער האנט און חבר גריוואנאָוו, א אינגעל פון א יאָהר ניינצעהן, פון דער לינקער. מאדאם בעלעש, די פראנטיכע, האָט זיך אוועקגעזעצט צווישען חבר אדינצאָוו און סושקאָוו׳ן. ווען מען האָט געהאלטען ביים ענדיגען דעם מיטאָג, איז געוואָרען אוים אָרדנונג. נאָך אין אָנהויב ווען מען האָט גענומען צו גלעזלאך בראָנ־פען, און אפילו אין מיטען מיטאָג, ווען מען האָט סערווירט די עופות, זענען נאָך אלע געווען אויף זייערע ערטער. אָבער ווען מען האָט אויסגעטרונקען שאמפאניער, האָט מען זיך גענומען בייטען מיט די ערטער. די יונגעלייט האָבען צו אלעמענס פארגעניגען אויפגעהערט צו בלאָזען זיך, געוואָרען גוטברודעריש, און ווען אימיצער פון זיי האָט אויפגעהויבען דעם פעכער, האָט ער דוקא געטרונקען לחיים פאר אימיצען אָדער פאר עפּעס, געקראָכען קושען זיך מיט די מענער, און אונטערזינגענדיג די "אינטערנאציאָנאלע" צוגעשטאנען:

— חבר, איין קוש, און ניט דעם לעצטען.

סימאָטשקע פלעגט זיך אויפהויבען, און מיט׳ן בעכער אין דער האנט פארשפּיצען די ליפּען. יאקאָבסאָן פלעגט זיך ניט אויפהויבען, נאָר ווייזען א שמייכעל און קריגען דעם קוש אין די צייהן. בעלעש פלעגט פשוט אונטערשטעלען דעם אָרט צווישען די באקענבאָרדען, ווי איינער זאָגט: "טוט מיט מיין גאָמבע וואָס איהר ווילט". סוש־קאָוו פלעגט אונטערטראָגען פאָטערליך זיין רונדען שטערען און געשראָקען מיט דער בייזער בעלמע.

דאָראָטשקע האָט געלויכטען מיט דער זומערדיגער שעהנקייט פון איהר דעקאָלטירט בלייך־ראָז קלייד און מיט פארגעניגען אויס־געהערט די קאָמפּלימענטען פון דעם וויכטיגסטען יונגעמאן, חבר פראק, און געווען איבערצייגט, אז איצט געהערט איהר דער גאנצער סאָוונארכאָז, אז זי איז דאָרט די גאנצע מאכערקע. נאָר צוהערענדיג זיך מיט פארגעניגען צו פראק׳ס קאָמפּלימענטען, האָט זי אויף קיין איין רגע ניט אויפגעהערט צו שטאָלצירען מיט איהר סימקע׳ן, וועל־כער האָט ממש געשיינט אין זיינע באָלשעוויסטישע בגדים, א גלאַט־ראזירטער און אָנגעפּודערטער. סימאָטשקע האָט זיך געסטארעט צו האלטען זיך ווירדיג; ווען עס איז נויטיג געווען אונטערגעכאפּט א טאָאסט פאר׳ן וואויל פון דער סאָוויעטסקער רעפּובליק און פאר "נידער מיט די בורזשויען", ווייל קיין בורזשויען זענען דאָך דאָ ניט געווען. ווען עס איז נויטיג געווען, געלויבט די מעשים פון די

באָלשעוויקעס: "די באָלשעוויקעס מאכען קיין פּאָגראָמען ניט". און בכלל מיט זיין גאנצען אויסזעהן אויסגעדריקט צופרידענקייט. אין שטיוועל (דער שוך מיט די בריליאנטען איז געווען אונטער'ן שלאָס אין קאָרב מיט די שמוציגע וועש), מיט א ברייטען פּאַס ארום דער טאליע, מיט אן אויפגעשפּילעט הארץ און א שטארקען האלז, האָט ער געמאכט דעם איינדרוק פון א יונג א כוואט און איז זעהר גע־פעלען געוואָרען איינינגע דאמען. באזונדערס זינע'ן, וועלכע איז אין דער שטיל געווען צו איהם גאָר ניט גלייכגילטיג. פונדעסטוועגען האָט זיך אין סימאָטשקע'ס נשמה, נאָך אומבאוואוסטזיניג פאר איהם אליין, געקליבען א כמארע.

פון דער קאווע, און נאָך מעהר פון פראק'ס אויסגעצייכענטען קאָניאק, האָבען זיך אלע דערפיהלט נאָך נעהנטער. זינע האָט צו־געדרוקט איהר פיסעל צו סימאָטשקע'ס פוס, זייענדיג זיכער, אז אויב זי האָט אויסגעטרונקען צוויי גלעזלאך קאָניאק, איז זי באַ־רעכטיגט דערצו. סאָניע האָט געוואָרפען נעבעלדיגע בליקען אויף יאקאָבסאָנ'ען, וועלכער האָט דאָ געוויזען און דאָ באהאלטען זיין שמייכעל. ער האָט אין דער מינוט געפרואווט באווייזען דעם חבר גריוואונאָוו, אז דער סאָוויעטסקער רעזשים וואָלט געווען אויס־געצייכענט, ווען ניט איינינגע עקסצעסען; און דער אינזשיניר סושקאָוו האָט איהם געשטיצט אין דעם פונקט, בליצענדיג מיט זיין בעלמע. דעריבער האָט יאקאָבסאָן ניט באמערקט סאָניע'ס פיעל־זאָגענדיגע בליקען.

גריוואונאָוו, אין פלוג דאכט זיך גאָר א שטיל איינגעל, האָט אויסגעהערט זיין באבערדעלטען שכן מיט א סקעפּטישען שמייכעל און דערנאָך ענטשלאָסען ערקלערט, אז דער עיקר זענען טאקע אָט די עקסצעסען (דאָס האָט זעהר איבערגעשראָקען סושקאָוו'ן און באזונדערס יאקאָבסאָנ'ען, וועלכער האָט גלייך אָנגעטראָגען סוש־קאָוו'ן אויפ'ן פוס אונטער'ן טיש), אז אָט אזוי מוז מען באקעמפען א קאָנטר־רעוואָלוציע, און ווען ניט די זאָגענאנטע עקסצעסען וואָלט איהר דאָ באלעבאטעוועט, ניט מיר, און די בעלי־בתים ווילען זיין מיר, און וועלען זיין. פאר'ן סאָוויעטסקע'ן רעזשים, חבר!

יאקאָבסאָן האָט שנעל אויפגעהויבען דעם באָקאל, געלאָזט זיך א קוש טאָן אין די צייהן, און סושקאָוו, אונטערכאפּענדיג מיט

ענטוזיאזם: "פאר'ן סאָוויעטסקע'ן רעזשים", האָט אונטערגעטראָ־
גען זיין משופּע'דיגען שטערען.

סימאָטשקע האָט געשמועסט מיט אדינצאָוו'ן וועגען ליעדער, אָבער בשעת מעשה געסטארעט זיך צו כאפּען א וואָרט דערפון, וואָס גריוואונאָוו רעדט. און דאָראָטשקע, אז זי האָט אויסגעטרונקען דאָס פערטע גלעזעל קאָניאק, האָט ענטדעקט, אז זי איז א פּרוי מיט געפיהלען און האָט פארלאָזען איהר סימקע'ן. דעריבער האָט זי פון רחמנות־וועגען ערלויבט דעם מוטיגען חבר פראק אָנצוריהרען פון צייט צו צייט איהר ענטבלויזטען אָרעם. און אלץ וואָס ער האָט גערעדט האָט זי געמאכט צום לאכען און, ווי איהר האָט זיך געדאכט, געמאכט צום לאכען אלעמען ביים טיש.

איצט, אז סימאָטשקע האָט קלאָר דערזעהן, ווי פראק'ס הענט זענען טעטיג, האָט ער פארשטאנען וואָס דאָס איז געווען אזוינס, וואָס האָט איהם די גאנצע צייט געעגבערט. אלץ איז דאכט זיך געווען ווי עס דאַרף צו זיין, און דאָך ניט ווי עס דאַרף צו זיין. איין אויער זיינער איז גענזעסען לעבען יאקאָבסאָנ'ען און געלערענט פּאָליטיק; דער אנדערער האָט געהערט אדינצאָוו'ס פּראָיעקט וועגען ליעדער; און די אויגען זיינע האָבען מיט פאָרוואורף געקוקט אויף דאָראָטשקע'ן.

"געהערט אזוינס?" — האָט ער זיך געקאָכט, מיט איין אויער הערענדיג גריוואונאָוו'ן און מיט'ן אנדערען יאקאָבסאָנ'ען — "וואָס עפּעס הענט אין מיטען דערינען? איך בין פעהיג איצט צו מאכען א סקאנדאל. איך וועל מאכען א סקאנדאל, צום שווארץ יאָהר. איך וועל איהם זאָגען, וואָס איהם קומט; איך וועל איהם זאָגען, אז ער זאָל זיך ניט דערוועגען צו טשעפּען זיך צו מיין ווייב. יאָ, א סקאָנדאל איז א גוטע זאך" — האָט ער געטרויסט. "אָבער די רעזולטאטען? חבר פראק איז א גאנצער מאכער אין סאָוונארכאָז, ער האָט מיך אהין רעקאָמענדירט. ער פיהרט דורך אלע געשעפטען. אָהן איהם מעגסטו זיך געזעגנען מיט די געשעפטען. דאָס איז ערשטענס. שול־דיג איז דאָראָטשקע און ניט ער, דאָס איז צווייטענס. איך האָב זי געדארפט אוועקזעצען לעבען זיך, דאָס איז דריטענס. און פערטענס, מוז איך זיך מודה זיין, אז זי איז איצט זעהר א שעהנינקע און געפעלט מיר, אז ס'איז א שרעק. וואָס עפּעס, איך קען זי דען ניט? איך קען זי יאָ, אָבער זי געפעלט מיר איצט, אז ס'איז א שרעק. א

געשיכטע! און אפשר ארייַנרופֿן זי אין שלאָפֿצימער און מאַכן איהר א סצענע. אָדער פרעגן זי, צי זי האָט מיך ליעב? מסתמא האָט זי מיך ליעב."

— חבר, איין קוש נאָר — האָט גריוואונאָוו געזאָגט, אוועק־שטעלענדיג זיך אנטקעגן סימאָטשקע'ן.

— פאר דער אויפבליהונג פון סאָוונארכאָז! — האָט סימאָ־טשקע געענטפערט, מיט דרך־ארץ זיך אויפגעהויבען און אויס־געשפיצט די ליפען פאר א קוש.

— און פאר'ן אינטערנאציאָנאל! — איז גריוואונאָוו ניט געבליבען קיין בעל־חוב און אוועקגעלאָזט זיך צו בעלש'ן, וועלכער איז שוין געשטאנען גרייט מיט א באָקאל אין איין האנט און אין דער אנדערער מיט א גאָפּעל, מיט וועלכען ער האָט צעקעמט זיינע באקענבאָרדען.

"וואָס קען שאדען דער אינטערנאציאָנאל?" — האָט סימאָ־טשקע ביי זיך געטראכט — "אבי ניט קיין פּאָגראָם. און ער שוין ווידער מיט די הענט!" — האָט ער זיך צעקאָכט, ווען ער האָט באמערקט ווי פריי חבר פראק האָט ארויפגעלעגט זיין האנט אויף דאָראָטשקע'ס קניע. "וואָס־זשע ערלויבט זי עס איהם? זי זעהט דען ניט וואָס ער וויל? אפילו א קינד וואָלט פארשטאנען" — האָט ער זיך געפּייניגט — "און זי פארשטעהט ניט. א שעהנע פרוי! זי איז דאָ שעהנער פאר אלעמען, און איך דארף צוזעהן, ווי ער קוקט אויף איהר מיט שמאלציגע אויגען. אָבער זי אליין, איז זי אן עהרליכע פרוי צי ניט? ווי קאָן זי איהם ערלויבען אָנצוריהרען איהרע וואונ־דערליכע קניען? כאָטש צוריק גערעדט, האָט ער אָנגעריהרט בלויז איין מאָל. און אפשר איז צווישען זיי קיין זאך ניט? איך בין דאָך א פאנטאזיאָר! אָט רעדט ער שוין מיט מאדאם בעלעש! א־הא! אוועקגעלעגט א האנט אויף איהרע קניען אויך. זאָל בעלעש אויך אביסעל נחת האָבען! דאָס איז ביי איהם גאָר אזא געוועהנהייט, א באָלשעוויסטישער שיק אזא. דאָראָטשקע געהט איהם גאָרנישט אָן. און זי איז גאָר ניט אזא קראסאוויצע, ווי מיר האָט זיך געדאכט" —איז סימאָטשקע מיט אמאָל אָפּגעקיהלט געוואָרען צו דאָראָטשקע'ן, ווי נאָר חבר פראק האָט זיך פון איהר אָפּגעקעהרט. "וואָס האָט זיך מיר עפּעס אויסגעוויזען, אז זי איז שעהנער פאר אלעמען? נו, א

פולע, נו, א ווייסע, א פרישען איך וועל בעסער מיט קאָפּ הערען, וואָס מיין באָלשעוויקעל טענה'ט דאָרט."

יאקאָבסאָן האָט ענדליך באמערקט סאָניע'ס בליקען, אין פלוג פארגעסען אז גלייך דאָ זיצט זיין שעהנע ווייב און הויך אויס־געשריען:

— סאָפיא סאמאָילאָוונא, איך וויל מיט אייך טרינקען לחיים.

סאָניע האָט זיך פאררויטעלט און דערפיהלט זיך אויפ'ן זי־בעטען הימעל.

— מיט פארגעניגען — האָט זי ארויסגעשטאמעלט, קוקענדיג פון דער זייט אויף זיין ווייב.

אָבער דאָ האָט זיך היציג ארייַנגעמישט סושקאָוו, און שרע־קענדיג אלעמען מיט זיין בעלמע פארלאנגט, אז ניט אנדערש, אלע דאמען זאָלען אויסטרינקען. די דאמען האָבען געגומען פּראָטעס־טירען. בערטא באָריסאָוונא, יאקאָבסאָנ'ס ווייב, האָט א וואָרף געטאָן אויף איהם, און פאר איינוועגס שוין אויפ'ן מאן, א צאָרנ־דיגען בליק. יאקאָבסאָן האָט א שמייכעל געטאָן, און באלד דעם שמייכעל איינגעשלונגען. פראק ווידער האָט דעם פאָרשלאָג געשטיצט און אָנגעגאָסען גלעזלאך קאָניאק זיך און דאָראָטשקע'ן. סימאָטשקע איז ווידער געוואָרען אן אויפגעקאָכטער.

"אזא אומאָנגענעהמער פּארשוין" — האָט סימאָטשקע געטראכט, ארומגעהענדיג דעם טיש מיט געסט און טרינקענדיג מיט יעדען לחיים. "כאָטש ער איז אלט בלויז צוואנציג יאָהר, האָט ער פונדעסטוועגען עקעלהאפטע ברוינע אויגען, ווי ביי א סאָווע. אן אמת'ע סאָווע" — האָט זיך סימאָטשקע געטראכט. "און זעהט, ווי ער גיסט עס אריין! לחיים, חבר!" — האָט ער אָנגעקלונגען אָן חבר פראק'ס גלעזעל און א וואָרף געטאָן בשעת מעשה אויף דאָראָטשקע'ן א פארניכטענדען בליק, וועלכען זי האָט ניט פאר־שטאנען. "ווי מאָדנע. עס איז גאָר ניט צו פארשטעהן, ווי שנעל זי בייט זיך עס. און ווי אויסגעדארט דער דאָזיגער פראק איז עס! הויט און ביינער! אזש מיאוס צו קוקען. אָבער א דורכגעטריבענער יונג, א באָלשעוויק. אן אמת'ער באָלשעוויק. האָט פאר קיינעם קיין מורא ניט. אז ניט, וואָלט איך איהם שוין געוויזען."

נאָכדעם ווי מען האָט דעם גאנצען ווייַן אויסגעטרונקען און אָנגערעדט זיך ביז צום חלש'ן, האָט זיך די יונגעלייט פארוואָלט

טאנצען. סימאָטשקע, כדי צו שטילען דעם צאָרן, האָט אַריינגעגאָסען אין זיך צוויי גלעזער שאמפּאַניע מיט איין ציה. דאָס האַרץ איז איהם אָפּגעגאַנגען און האָט גענומען איינלאַדען דאַמען. געטאַנצט מיט דאָראָטשקע׳ן און זיך איבערגעבעטען מיט איהר. אָבער ווען פּראַק האָט זי אַרומגענומען און אַוועקגעלאָזט זיך מיט איהר איבער׳ן צימער, האָט ער זיך מיט אַמאָל אויסגעניכטערט און גענומען איהר נאָכקוקען ווי אַ גזלן. דערנאָך אַ מאַך געטאָן אויף אַלץ מיט דער האַנט און פון גרויס עגמת נפש גענומען טאַנצען מיט קאַוואַליערען. ער האָט איינגעלאַדען דעם יונגינקען גריוואָנאָוו און געדרעהט זיך מיט איהם ביז עס האָט זיך איהם גענומען שווינדלען אין די אויגען. ער האָט פּראַק׳ן אויך איינגעלאַדען, אָבער יענער האָט זיך שטייף און העפליך אָפּגעזאָגט און געהיימניספול ערקלערט, אַז דער באַל־שעוויזם וויל ניט טאַנצען מיט׳ן קאַפּיטאַליזם, אויף אַלץ איז דאָ אַ צייט. יאַקאָבסאָן, וועלכער איז דערביי געשטאַנען, האָט גלייך אָנגע־טראָטען סימאָטשקען אויפ׳ן פוס, און סימאָטשקע האָט דעריבער אומ־געדען אַ קוויטש געטאָן. אַלע האָבען זיך צעלאַכט און גענומען זיך געזעגענען.

אין הויז איז געוואָרען געדויס און אומהיימליך שטיל. דאָראָטשקע איז אַוועק אין שלאָפצימער זיך איבערטאָן. עס איז שוין געווען צעהן אַזייגער ביינאַכט. סימאָטשקע איז איינזאַם געזעסען אין גאַסטצימער, געפּרואווט פאַרשטעהן, וואָס אייגענטליך איז געשעהן, פּאַרוואונ־דערט זיך און אַריין אין שלאָפצימער, פּיהלענדיג, אַז זיין כעס איז ניט נאָר ניט איינגעשטילט, נאָר צעוואַקסט זיך נאָך.

— נו, אַ דאַנק גאָט, — האָט ער געזאָגט, ווען ער האָט דער־זעהן דאָראָטשקע׳ן אויף דער סאָפע. — דער מיטאָג האָט זיך איינגע־געבען: אַנ׳אַנטיק! איך בין מיעד. לאָמיר געהן שלאָפען.

— אָך לאָז, סימקע. איך וויל נאָך ניט שלאָפען, — האָט דאָ־ראָטשקע געענטפערט. — לאָז מיך ליגען און טרוימען.

— גוט, וויפיעל דאָס האַרץ גלוסט, — האָט סימאָטשקע מיט געמאַכטער העפליכקייט געענטפערט. — און איך וועל זיך לעגען. גענוג זיך אָנגעליטען, — האָט ער מיט ווירדע צוגעגעבען.

זי האָט איהם פאַרוואונדערט אָנגעקוקט, און ניט וועלענדיג קאַליע מאַכען זיך די גוטע שטימונג, געשוויגען.

— איך וועל זיך אויסוואַשען די ציין, — האָט סימאָטשקע

ווייטער גערעדט און צוגעגאַנגען צום וואַשטיש. — ביי מיר איז אין מויל אינדיק, סאַרדינען און אַבריקאָסען, אַ חוץ דעם שאַמפּאַניער. איך וועל זיך וואַשען די צייהן און דו טרוים. אַזאַ אויסגעדאַרטער נפש, דער סאַשאַ פּראַק, און שאַמפּאַנער טרינקט עס ווי אַ פערד, און זעהט אוים ווי אַ סאָווע. מיינסטו ניט, אַז ער זעהט אוים ווי אַ סאָ־ווע? שווייגסט? נו מילא, טרוים.

"ניט קיין מיאוס ווייבעל", — האָט זיך גענומען טשעפּען אַ געַ־דאַנק, איז דרייסטער געוואָרען און גענומען לעבעדיג אַרומשפּרינ־גען. "איך בין צו איהר צוגעוואוינט, באַמערק איך עס ניט, אָבער פאַר אַ יונגענמאַן פון אַ יאָהר צוואַנציג, דערצו נאָך אַ גראָביאַן און אַ באָל־שעוויק, כאָטש ער איז הויט און ביינער, איז זי אַ געשמאַקער ביסען... עס הויבט זיך שוין ווידער אָן... און ווי אומשולדיג זי ליגט זיך עס אויף דער סאָפע, פונקט ווי ביי מיטאָג וואָלט גאָרניט געווען, פונקט ווי די סאָווע וואָלט זי ניט געהאַלטען ביי דער האַנט.

„אָבער איך וועל איהר גאָרניט זאָגען", האָט סימאָטשקע גע־טראַכט מיט רציחה רייבענדיג די ציין. וועל ניט זאָגען. זאָגען וויל איך, אָבער איך וועל ניט זאָגען, איך וועל פארשליסען די ליפּען און וועל ניט זאָגען. איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל ניט זאָגען, וועל איך ניט זאָגען. אָבער אינטערעסאַנט, וועגען וואָס טראַכט זי עס איצט? נו, זאָל זי זיך טרוימען און שווייגען, ווייל אַז ניט, טאָמער זאָגט זי עפּעס, וועל איך זיך ניט איינהאַלטען. איך קען זיך. די ציין זענען, דאכט זיך, אין אָרדנונג. נו, פיהל איך נאָך דעם איינדרוק? ניין, איך פיהל ניט דעם אינדיק און וועל ניט זאָגען. וועל פאַר קיין פאַל ניט זאָגען".

"זיך איבערגעדרעהט", האָט ער זיך אומגעקוקט, ווען ער האָט דערהערט אַ טראַסק הינטער זיך. „אַ פּרעכטיגע פּלייצע. איך פער־שטעה, פאַרוואָס זי איז דער סאָווע געפעלען. אַ זיסע פּלייצע. און ווער האָט די פּלייצע באַשאַפען? איך! מיט די בעסטע פּראָדוקטען געקאָר־מעט דאָראָטשקע'ן. אַלץ אין איהר אַריינגעלעגט: אייער, פּוטער, קאַטשקעס. קאַטשקעס אַליין וויפיעל זי האָט עס אויפגעגעסען. גאָלד אין האַלז איהר געגאָסען... דאַכט זיך, געבליבען נאָך דער טעם פון די סאַרדינען אין מויל... ניין, זיך אויסגעוויזען בלויז. דאַריבער איז זי ווייך, ווייס, געשמאַק. און די אַקסלען? אַלץ איך. וואָס זשע האָט ער דאָ צו טאָן? וואו איז מיין נאַכט־העמד? גוט, וואָס זי שווייגט,

אַז ניט, וואָלט איך געזאָגט. אָבער איך וועל ניט זאָגן. וואָס שטופּט ער זיך? איך האָב די פרוי פאַר זיך אויסגעפּאַשעט, ניט פאַר חברים. נו, מען דאַרף זיך לעגען, אַז ניט וועל איך צושלאָגן דעם שלאָף אויף אַ גאַנצע נאַכט".

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן בעט, און דאָס בעט האָט אַ קראַך געטאָן, פּונקט ווי די ביינער אין איהר וואָלטען אַ קנאַק געטאָן, דאָראָטשקע האָט זיך אויפגעהויבען און אויסדרעהענדיג זיך צו איהם מיט דער פּלייצע, געזאָגט:

— שפּילע מיר אויף די בלוזקע. איך וועל זיך אויך לעגען. איך בין אַזוי מיד, אַ שרעק. איצט געהט פון מיר אַרויס דער שאַמפּאַניער, און עס איז זעהר מאָדנע, ווי ער געהט אַרויס: דורך די הענט! טו אַ שמעק, אמת די הענט שמעקען מיט שאַמפּאַניער?

סימאָטשקע האָט זיך ווי אַ טיגער שנעל אויסגעדרעהט צו איהר און טראַגיש אויסגעברומט:

— גיב די הענט שמעקען פראַק'ן, ניט מיר. די בלוזקע וועל איך דיר יאָ אויפשפּילען, מיט פאַרגעניגען אפילו.

— וואָס האָט עס צו טאָן מיט חבר פראַק? — האָט זיך דאָראַטשקע פאַרוואונדערט. — און זיי אַזוי גוט, גלעט מיר ניט די פּלייצע. דיינע הענט זיינען הייס.

— דאָרע, — האָט סימאָטשקע שטרענג געזאָגט און אויסגעדרעהט זי צו זיך. — דאָרע, ביזט שוין געוואָרען אַן אויסגעלאַסענע פרוי?

דאָרע האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט, אויסגעסטאַרטשעט די אויגען און גענומען זיך אַליין אויפשפּילען.

— אַן אויסגעלאַסענע פרוי? — האָט זי איבערגעפרעגט. — ווער? איך? מיט וואָס אַן אויסגעלאַסענע?

— מיט וואָס? — האָט סימאָטשקע טריאומפירענדיג געענטפערט, — פרעג ביי פראַק'ן מיט וואָס, ניט ביי מיר. איך וואָלט נאָך אין עסצימער געמאַכט דיר אַ סקאַנדאַל, ווען ניט די דאַמען.

„איך האָב אָבער געוואוסט, אַז אויב זי זאָגט אַ וואָרט, וועל איך זיך ניט איינהאַלטען", האָט זיך דורכגעטראָגען אין זיין קאָפּ.

— וואָס הייסט, האָט ער ווייטער גערעדט, דערזעהן אַן אויסגעדאַרטען נפש און גלייך געוואָרען אויסגעלאַסען? אויף אַלץ האָב איך זיך פון דיר געריכט, אָבער ניט דאָס...

— אָבער וואָס האָב איך דען אַזוינס געטאָן? — האָט דראָצטש־קע אומשולדיג געפרעגט.

— איך וויל ניט ענטפערען — האָט סימאָטשקע שאַרף גע־ענטפערט און זיך אויסגעדרעהט צו דער וואַנט.

„ער איז דאָך אייפערזיכטיג", האָט זיך דראָטשקע סוף כל סוף אָנגעשטויסען. „ער בייזערט זיך אויף מיר, און מיר איז אָנגענעהם, וואָס ער בייזערט זיך. אַ נו, לאָמיר נאָר הערען, וואָס ער האָט נאָך צו זאָגען. ער איז קיינמאָל ניט געוועזען אייפערזיכטיג אויף מיר. ווי אינטערעסאַנט!"

— סימקע! — האָט זי איהם געבעטען, — דרעה זיך אויס צו מיר.

— אויסדרעהען זיך צו דיר? — האָט זיך סימע דערפרעהט, וואָס ער הערט פון איהר אַ וואָרט, — צו וואָס זאָל איך זיך אויס־דרעהען, אַז דו דאַרפסט,האָט ער אַרויסגעשווימט, אַז דו דאַרפסט נאָר פראַק'ן. מיט א ווייב, וואָס דאַרף פראַק'ן, האָב איך ניט וואָס צו רע־דען, — האָט ער ווייטער גערעדט, בליצענדיג מיט די אויגען. — און איך וויל מעהר מיט דיר ניט רעדען. איך וויל שלאָפען.

„אָבער ער איז מיט אַן אמת אייפערזיכטיג", — האָט זיך דראָ־טשקע געפרעגט. — געהערט ווערטער? איז דאָס איז עס אייפער־זוכט. אַ נו, לאָמיר הערען, וואָס ער קען נאָך זאָגען. מסתמא שלאָפט ער ניט, ער מאַכט זיך נאָר. איך האָב נאָך קיינמאָל אַזאַ פאַרגניגען ניט געהאַט. אָבער איך בין אַ רייכע פרוי, מעג איך זיך פאַרגינען צו וויסען, וואָס איז אַזוינס אַ מאַנ'ס אייפערזוכט. איך וועל איהם אַ קיצעל טאָן. וועט ער זיך עס אַ ביסעל בייזערן.

— וואָס פאַר אַן אָנשיקעניש! — האָט סימע אַ געשריי גע־טאָן, אָבער טיף אין הארצען איז ער געוועזען שטאַרק צופרידען. — לאָזט ניט שלאָפען. קיצעל פראַק'ן, ניט מיך.

— ווי שעהמסטו זיך ניט, סימקע, צו רעדען אַזעלכע ווערטער,

— האָט דראָטשקע איהם פאָרגעוואָרפען, אויך שטאַרק צופרידען.

— פאַרוואָס־זשע האָסטו זיך ניט געשעהמט, ווען די סאָווע פלעגט דיך אָננעהמען ביי די הענט? — האָט סימאָטשקע אויסגערו־פען און זיך אַוועקגעזעצט. — ווי האָט ער געהאַט די חוצפּה צו האַל־טען דיינע הענט? זיינע הענט זיינען עס? ניין, מיינע הענט זיינען עס! — האָט ער גע'טענה'עט, באַוואונדערענדיג איהרע פּודיגע הענט. —

צוליב איהם האָב איך עס אָפּגעהיט דיינע הענט, באַפּוצט זיי מיט בראַסלעטען? און דו ביסט געזעסען ווי אַ נאַר, כלומרשט „טו מיט מיר וואָס דו ווילסט".

— איך בין גאָרניט געזעסען כלומרשט „טו מיט מיר וואָס דו ווילסט". וואָס ווילסטו? — האָט דאָראָטשקע פּראָטעסטירט. — איך בין געזעסען ווי מען באַדאַרף. איך בין ניט קיין קבצנ'טע, גאָט צו דאַנקען. איך ווייס, ווי מען דאַרף זיצען.

— ווייסט ניט, — האָט זיך סימע ווידער צושריען. — האָט ער דען, דער גראַביאַן, ניט אַוועקגעלעגט זיין פּאַסקודנע האַנט אויף דיין, דאָס הייסט אויף מיין, — האָט ער זיך פאַרריכט, — קניע? ביזט געזעסען ווי אַ וואָראָנע: נאַ, טו מיט מיר וואָס דו ווילסט... וואָס האָט ער דיר געשושקעט אויפ'ן אויער?

— עס איז שוין שפּעט, — האָט זיך דאָראָטשקע געקלאָגט. — איך וויל זיך לעגען. לאָז מיך.

— איצט „לאָז מיך", — האָט סימאָטשקע געזאָגט. — ניין, פאַר קיין פאַל ניט. זייַ און ענטפער.

— איך וועל גאָרניט ענטפערן, — האָט דאָראָטשקע מיט כעס אַ וואָרף געטאָן. — ווערטער גערעדט, איינפאַכע ווערטער.

— וואָס מיינט עס „איינפאַכע"? — האָט סימאָטשקע געפאָדערט. — איך דאַרף וויסען. האָט ער דיר געזאָגט, אַז דו ביזט אַ שעהנע?

דאָראָטשקע האָט גלייך געמאַכט אַ נאַרישע מינע און גענומען זיך כלומרשט דערמאָנען.

— אַ שעהנע? איך געדענק עפּעס ניט. אָך ניין, ניט אַזוי, — האָט זי זיך פאַרריכט. — ער האָט געזאָגט, אַז איך בליה ווי אַ רויז. נו, איך געדענק ניט אַלע ווערטער. עס זענען דאָך ניט קיין פּשוט'ע ווערטער ווי למשל: מענש, ברויט, וויין. פּשוט'ע וואָלט איך געדענקט. און פון מיין קלייד איז ער גאָר נתפעל געוואָרען — האָט זי זיך ניט געקענט איינהאַלטען און ניט בעריהמען זיך. — ער האָט געזאָגט, אַז דאָס קלייד איז אויף מיר ווי אויסגעגאָסען... ווי האָט ער עס געזאָגט? — האָט זי אַ קוק געטאָן אויפ'ן סופיט. — ווי אין שופען. יאָ, אַז איך בין אין קלייד, פּונקט, ווי אין שופען. — אָט וואָס ער האָט געזאָגט.

— אַזויפיל האָט ער דיר מיט אַמאָל געזאָגט? — איז סימע פאַרציטערט געוואָרען. און דו האָסט געשוויגען, און דו האָסט זיך

ניט באַליידיגט? און וואָס איז עס זיין דאגה, אז דו בליהסט, — האָט ער ווידער גענומען טראגיש שעפּטשען, דערמאָנענדיג זיך, — אז מען טאָר ניט שרייען, ווייל סאָניע און זינע וועלען דערהרען. — אַ דאנק איהם בליהסטו עס? ווי האָסטו זיך ערלויבט צו הערען אזעלכע מיאוס׳ע ווערטער? אויב דו בליהסט, איז עס מיין זאַך, ניט זיינע. און דו, ווי אַן אַנשטענדיגע, עהרליכע פרוי, האָסט איהם געדארפט אָפּשטעלען און קאַלט זאָגען: „חבר פראַק, איהר פארגעסט זיך״. האָסטו איהם געזאָגט: ״איהר פארגעסט זיך״?

— ווי האָב איך איהם געקענט זאָגען: „איהר פערגעסט זיך״, האָט דאָראָטשקע געפּרעגט, באַאומרוהיגט פון סימע׳ס צאָרן, אַז ער האָט מיך מיט קיין זאַך ניט באַליידיגט. און צווייטענס, פון איהם הענגען דאָך אָפּ אונזערע געשעפטען.

— דו האָסט זיך ניט וואָס צו זאָרגען פאַר מיינע געשעפטען, — האָט סימע פינסטער געענטפערט. איך וועל שוין פאַר זיי אַליין זאָרגען. ווי אַן עהרליכע פרוי האָסטו איהם געמוזט זאָגען: „איהר פאַרגעסט זיך״, און דו סאָווע ביזט שטום געבליבען.

— נו, גוט, — האָט דאָראָטשקע כלומרשט איינגעשטימט. — אַ צווייטען מאָל וועל איך איהם זאָגען.

— איהר פאַרשטעהט, — האָט סימאָטשקע אימיצען געסטראַשעט, — מען קומט צו דיר, מען פרעסט, מען שיכור׳ט, מען טאַנצט און דאָס ווייב וויל מען נאָך אויך פאַר א צוגאָב צונעהמען. יאָ, זי איז אַ שעהנע, טאַקע זעהר אַ שעהנע. זי געפעלט טאַקע, אָבער האָט ניט די העזה צו זאָגען עס איהר. ניט אייער דאגה, וואָס זי איז אַ שעהנע.

— יאָ, נאָר ווי טוט מען עס? — האָט זיך דאָראָטשקע אָפּגערופען, לעגענדיג זיך אין בעט. איך קען דאָך ניט זאָגען: חבר פראַק, ווערט ענטציקט פון מיר, נאָר זאָגט עס מיר ניט.

— קענסט! — האָט זיך סימע איינגע׳עקשנ׳ט. — איך וואָלט געזאָגט.

— וואָלסטו געזאָגט, — איז דאָראָטשקע בייז געוואָרען. — און זאָל שוין זיין גענוג צו קריגען זיך. אויב דו ווילסט מיר א קוש טאָן, טו אַ קוש אויף גיכער. איך וויל שלאָפען. דערנאָך וועסט זיך בעטען, וועל איך ניט לאָזען.

„אודאי וויל איך״, האָט סימע געטראַכט. „איך בין אַזאַ שמאַטע. איך האָב געשריען, געשריען, און וואָס קומט אַרויס דערפון. גאָר אָהן

כאַראַקטער. אָדער ניט אַ קוש טאָן? ניין, איך וועל ניט קיין קוש טאָן. מען דאַרף זיך ניט נאָכגעבען. און ווען איז דאָ דאָ צו קושען? זי איז דאָך אַן אַטלעט! אַ ווייב אַן אַטלעט! וואָס זשע געפעלט זי מיר איצט אַזוי? פראַק איז ניט קיין נאַר. פרעכטיגע הענט. זי האָט זיי אומישנע געלאָזט אָפּגעדעקט אויף דער קאָלדרע. אַ כיטרע. איך וועל פראַק'ן דורכטרייבען. עס ווילט זיך שרעקליך אַ קוש טאָן. אָדער מען דאַרף ניט. אָט אַ שמאַטע! קען זיך גאָר ניט גובר זיין. נו, נעהמט עס דער טייוועל, איך וועל אַ קוש טאָן...

— אַ גוטע נאַכט, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט, פיהלענדיג, אַז דער שאַמפּאַניער האָט זיך נאָך פון איהר ניט אויסגעוועפּט.

ווי נאָר זי האָט זיך געלעגט, האָט זיך דער סופיט אַ וויג געטאָן, און דער צימער האָט זיך גענומען פּאַמעלאַך דרעהען ווי אַ קאַרוסעל. זי האָט צוגעמאַכט די אויגען און געטראַכט, אַז זי וואָלט איצט מיט פאַרגניגען גענומען אַ טרונק וואַסער, נאָר עס האָט זיך איהר ניט געוואָלט מטריח זיין סימע'ן. זאָל ער שלאָפען. דער נעבעל אין קאָפּ האָט זיך אַ ביסעל צואוועהט און ווי אין וואָלקענס האָט זי דערזעהן דעם חבר סאַשאַ פראַק מיט אַ דעקאָלטירט האַרץ, אַ לאַנגער נאָז און ברוינע אויגען. זי האָט צו איהם שמייכעל געטאָן. איהר שמייכעל זעהט דאָך קיינער ניט. וואָס זשע האָט ער איהר געזאָגט? אַ שאָד זי האָט ניט קיין זכרון פאַר פיינע ווערטער. עפּעס האָט ער איהר געזאָגט, וועגען איהר ליב. ווי מאָדנע, וואָס ביי סימאָטשקע'ן הייסט איהר ליב זיינס. מיר ווועלען נאָך זעהען וועמעס ליב דאָס איז — זיינס צי מיינס. ערשטענס, נאָך אַ רייכער קען מען ניט נאָכלויפען. נאָך וועמען זשע זאָל מען נאָכלויפען? נאָך אַ קבצנ'טע? נאָך זינע'ן אפשר? צווייטענס, מעג אַ רייכע פרוי הנאה האָבען, ווען מען לויפט איהר נאָך און זי וועט הנאה האָבען, מעג זיך סימאָטשקע רעדען וואָס ער וויל.

ווידער איז ערשינען חבר פראַק. זי האָט געזעהען, ווי ער לעגט די האַנט אויף איהר קניע און זי האָט זיך דערשראָקען. ווי האָט ער דערביי געזאָגט? איהר זייט... אַ פראַכטפולע פרוי.

„איך בין אַ פראַכטפולע פרוי”, האָט זי גליקליך געזאָגט, צומאַכענדיג די אויגען און איבערגע'חזר'ט פאַר זיך דאָס וואָרט.

„איך בין שוין אַזוי פיל יאָהר פאַרהייראַט, און סימאָטשקע האָט מיר נאָך קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז איך בין אַ פראַכטפולע פרוי. הייסט

עס, איך בין שטענדיג געווען אַ רייצענדע פרוי, און ניט געוואוסט עס? חבר פראַנק טדוימט איצט אויך מסתמא וועגען מיר און זאָגט זיך: אַ פּראַכטפולע פרוי. פראַק איז אַזאַ נייער, געבילדעטער און געברויכט גאָר אַנדערע ווערטער. סימאָטשקע ווייס גאָר ניט אַזעלכע ווערטער. ווי איז ער מסתמא פארבענקט, אַז אפילו איך בין פארבענקט. ליגט זיך מסתמא ווי איך אין בעט און זעהט מיך, פונקט ווי איך זעה איהם. אַ שאָד, וואָס איך האָב זיך מיט איהם פריהער ניט באַגעגענט. אָבער ער איז דאָך נאָך כמעט אַ אינגעל. ער איז אינגאַנצען אַלט נײַנצעהן יאָהר, כאָטש ער זאָגט, אַז ער איז צוואנציג. איך בין מיט אַכט יאָהר עלטער פאַר איהם, אָבער דערפאַר איז ער אַ סאָלשעוויק. באָלשעווי־קעס מוזען דאָך זיין יונגינקע. זיי האָבען זיך דאָך ניט לאַנג ערשט געוויזען. און מיר געפעלט, וואָס ער איז אַ באָלשעוויק. עס כאַפּט אַזש אָן אַ שרעק: איך און אַ באָלשעוויק. איך און סימאָטשקע זענען אַזעל־כע שרעקיגע, און ער איז אַ העלד, שטענדיג גרייט צו שטאַרבען. סי־מאָטשקע האָט זיך געבייזערט, וואָס ער האָט מיר אַרויפגעלעגט די האַנט אויף די קניע. איך האָב איהם אויך געמאַכט אַ באַמערקונג, און ער האָט אַ שמייכעל געטאָן און געזאָגט: דאָס זענען אָבערגלויבענס! מסתמא ביי זיי מעג מען, און ביי אונז ניט. זיי זענען דאָך עפּעס באָלשעוויקעס און מיר זענען בורזשויען".

זי ליגט נאָך אַלץ מיט ברייט געעפענטע אויגען. דער שאַמפּאַ־ניער האָט זיך שוין פון איהר אויסגעוועפּט, דער בישוף האָט זיך אָפּ־געטאָן. אָבער זי וויל נאָך אַלץ פאַנגען פראַק'ס געשטאַלט אין נעבעל און קען ניט. אַט איז ארויסגעשוואומען אַ קאַנט פון טיש. פראַק זיצט און זיין קאָפּ זעהט מען ניט. די זעהונג איז פערשוואונדען און נאָר דער שטערן זיינער זעהט זיך. דער שטערן איז פאַרשוואונדען און האָ־בען אַ שיין געטאָן נאָר די אויגען. זי קען פאַר קיין פאַל ניט דערזעהען זיין גאַנץ פּנים. און זעהר מעגליך, אַז ער זעהט איצט אויך בלויז שטיקלאַך פון איהר פּנים און זי האַלט אין איין פאַרשווינדעו. ער שלאָפט ניט, מוטשעט זיך, ווייל אַלץ דערזעהן איהר גאַנץ פּנים. ווי גוט! אַ באָלשעוויק! גוטע נאַכט, סאַשאַ!

זי האָט אַ שמייכעל געטאָן, ווייל זי האָט געזאָגט „סאַשאַ". זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, אַרומגעקוקט זיך, אונטערגעלעגט די האַנד אונטער דער באַק און אַ גליקליכע צוגעמאַכט די אויגען.

## פינפטער עפיזאָד.

### I

אַ טומעל, אַ טרעוואָגע, אַ ליאַרעם אין שטאָדט. מען האָט געלאָזט וויסען, אַז מען וועט ביי דער בורזשואזיע רעקוויזירען אַלע אַרטיקלען, וואָס זענען ניט פון ערשטער נויטווענדיגקייט.

סימאָטשקע איז געקומען צולויפען פון סאָוונאַרכאָז בלייך ווי די וואנט און שרעקליך פאַרהיקענדיג זיך געפּרואווט אָנזאָגען:

— פּ־פּ־פּ... ר־ר־ר... שטעהסט, רעק... איך... ט־ט־ט...

— וואָס, וואָס? — האָט דאָראָטשקע געפרעגט. — הער זיך אויף צו פאַרהיקענען. וואָס איז עס פאַר אַ פאַרהיקעניש אַרויף אויף דיר? וואָס איז געשעהן, רעד־זשע.

— קק...ען ניט. דעררר...שררר...אָקען, — האָט ער אַרויסגעשטאַמעלט אַליין פאַרוואונדערט, וואָס איהם האָט פּלוצים אָפּגענומען דאָס לשון. — ניטטט רררעדען — אַרבייטען.

אַ גאַנצען טאָג האָבען זיי זאַלבעפערט געאַרבייט, כאָטש סימאָטשקע האָט אייגענטליך ניט געהאט וואָס מורא צו האָבען. אויף דער פּאַראַדנער טיר איז געהאָנגען אַ צעטעלע, אַז סעמיאָן גרעסלער איז אַ סאָוויעטסקער אַרבייטער און אַלס אַזעלכער געהערט ער ניט צום בורזשויסקען קלאַס. אָבער זיין שרעק איז געוועזן אַזוי גרויס, אַז ער האָט דאָס צעטעלע אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנד. הויז־זוכונג. ער וועט פאַלען אַ טויטער, ווי נאָר די באָלשעוויקעס וועלען אַריינקומען. וואָס איז דאָס גאַנצע צעטעלע? קיין גראָשען ניט ווערט. פאַר די היימישע באָלשעוויקעלאַך האָט ער קיין מורא ניט, אָבער פאַר פרעמדע! וואָס האָבען זיי אין הויז? זוכט, זוכט, צערייסט די פּאַפּירען, נעמט זיי דער

טייוועל. קען ער דען געדענקען, וואָס ער האָט אַמאָל געשריבען? אַן אַלטער פּאַספּאָרטן צערייסען! וואָס איז דאָרט נאָך פאַראַן? בריף פון סוחרים. צערייסען, צערייסען. עפּעס אַ שינעל. וואָס פאַר אַ שינעל? מען וועט נאָך מיינען, אַז ער איז אַ געוועזענער אָפיצער. צעשניידען, אַ? פערברענען? וואָס? עפּעס אַ לאַנגער מעסער, ווי קומט צו זיי אַזא מעסער? אַ מעסער! אַ שרעק, אַ גרויל. אַ לאַנגער מעסער — עס שמעקט דאָך דערמיט, אַז מיר האַלטען ביי זיך געוועהר. וואָס נאָך? אַ מעדאַליאָנטשעק. פון וואנען נעמט זיך דער מעדאַליאָן? עס איז דאָך גאָלד! אַזוי האָסטו עס איינגעפּאַקט די גאַנצע צירונג! וועסט מיך אומברענגען. וואָס טוט מען מיט'ן מעדאַליאָן? נעמט איהם גע־זונטערהייד, סאָניע. ער איז ניט מיינער. זאָל איך איהם אין מיינע אויגען ניט זעהן. גיט איהם אַוועק די באָלשעוויקעס, אָדער באַהאַלט איהם, ניט מיין זאַך. וואָס נאָך? זוכט, זוכט, שאַרט אַרום אַלע ווינ־קעלאַך, טוט אַ קוק אונטער אַלע בעטען, זעהט וואָס טוט זיך אויבען, אויף די שאַפעס, און אין שפּייכלער זענט איהר געוועזען? אין שפּייכלערעל. אַז אַ מיליאָן ווינקעלאַך זענען דאָ אין שטוב. איך וויים אַליין ניט, וואָס איך פאַרמאָג און וואָס ניט. אַזא גרויסע באַלעבאַטישקייט צו אַל־די שוואַרץ יאָהר. מען האָט שטענדיג געקויפט און געקויפט און ווידער געקויפט. צעהן קאָסטיומען, גלאַט שטיקער שטאָף, דריי מיינע פוטערס, פינף איהרע פוטערס, און מאַנ־טאָס, און פאַי און מינק, און וויים דער טייוועל וואָס. טראָגט עס צום דוואָרניק, צו מאַדאַם פעטערסאָן. איך וועל באַצאָהלען, וויפיעל מען וועט וועלען. נעמט דעם פּאָרצעלאַן, בילדער, דיוואַנען.

און אָט איז געקומען דער פייערליכער טאָג. מען האָט פּלוצים אַרומגעקייטעלט אַ רייהע גאַסען און ביי יעדען טויער אַוועקגעשטעלט סאָלדאַטען און גענומען רעקוויזירען. גרופּעס פון אַרבייטער און באַ־וואָפענטע קאָמוניסטען פלעגען אַריינקומען אין אַ הויף, ווייזען זייערע מאַנדאַטען, אַריינגעהן אין די קוואַרטירען און זיך נעמען צו דער אַרבייט.

„גזלנ'ישע פּנימ'ער", האָט ער געטראַכט. „אונדערבאַרמדיגע! נאָר אַ דאַנק גאָט, איך האָב ניט וואָס פאַר זיי מורא צו האָבען. אַנ־דערע שוטים האָבען ניט אָפּגערייניגט זייערע קוואַרטירען און עס ציטערט אויף זיי די הויט, אָבער ניט איך. באַוואָפענט. און אַלץ אַזעל־כע שוואַרצע, פינסטערע. אַ פיין שטיקעל אַרבייט געהען זיי טאָן. וואָס

שושקען זיי זיך אַזוי לאַנג מיט'ן פּאָרזיצענדען פֿונ'ם „דאָמקאָם". וואָלטען זיי כאָטש ניט געמאַטערט און באַלד אָנגעהויבען. ווער וואָלט עס אַמאָל געגלויבט, אַז מען קען אָפּען אַריינקומען אין הייזער ראַבעווען. און אָט געהען זיי, און עס דאכט זיך, אַז עס איז גאָר קיין עולה ניט. ניט אָפּגעטראָגען זיך באַצייטענס, אידיאָט איינער. קומט דיר טאַקע אַזוי. כאָטש וואָס האָב איך מורא צו האָבען? ריין ווי אַ קינד, איך האָב ניט קיין מורא. דער עיקר, זיי זאָלען ניט אַריינקומען, און צו וואָס זאָלען זיי אַריינקומען? ניט קיין בורזשוי, אַ סאָוואַרבייטער.

— ווי מיינסטו, דאָראָטשקע, זיי וועלען אַריינקומען, צי זיי וועלען ניט אריינקומען?

— וואָס ציטערסטו? — האָט דאָראָטשקע געפרעגט, נייגעריג אַרויסקוקענדיג אין הויף. — טו אַ קוק אויף זיך. בלייך ווי די וואַנט. אמת, מען וועט ניט אַריינקומען.

— מען וועט ניט אריינקומען? — האָט סימאָטשקע איבערגעפרעגט. — דו ביזט זיכער? און אויב יאָ? דו זאָגסט, אז איך בין בלייך? ניין, איך האָב קיין מורא ניט. קיין האָרעלע ניט. איך וואָלט נאָר וועלען וויסען, צי זיי וועלען אַריינקומען, צי זיי וועלען ניט אַריינקומען.

— ווי אזוי קאָנען זיי אַריינקומען — האָט זיך סאָניע אָפּגערופען — אז איהר זענט גאָר קיין בורזשוי ניט? אויף דער פּאראדנער טיר שטעהט דאָך אַזוי בפירוש אָנגעשריבען.

— יאָ, אודאי בין איך ניט קיין בורזשוי — האָט סימאָטשקע איינגעשטימט. — איך בין א סאָוויעטסקער מענש. אָבער יעדענפאַלס, אַז מען וועט אַריינגעהן, וועל איך זיך באַהאַלטען. וועט מען מיך נאָר דערזעהן, וועט מען באלד לויט'ן פּנים זאָגען, אַז איך בין אַ בורזשוי. צום טייוועל, דאָס פּנים איז אַ בורזשויסקע, די פיגור אַ בורזשויסקע. און פאַרוואָס זעה איך אויס ווי אַ בורזשוי? פאַראַן בורזשויען, און וועסט אויפ'ן לעבען ניט זאָגען, אַז דאָס זענען בורזשויען. געבאָרענע באָלשעוויקעס. און איך — אַזאַ מיאוס'ע בורזשויסקע פּנים. איך זאָג ניט, אַז איך בין אומצופרידען מיט מיין אויסזעהן, נאָר עס איז ניט אַם פּלאַץ. איך וויים ניט, וואָס איך וואָלט געגעבען, כדי אויסצוזעהן ווי יענער אַרבייטער, — און ער האָט אָנגעוויזען

אויף א פּאַרשוין אין דער קופּקע, וועלכער האָט זיך זאָרגלאָז אַרומ־געקוקט.

— זיי זענען אַוועק, אַוועק — האָט זינע גענומען שעפּטשען. — אינטערעסאַנט צו וועמען.

— צו מייעראָוויטש'ן? — האָט סימאָטשקע דערשראָקען געפרעגט און אַ לאָז געטאָן זיך אינסטינקטיוו טיעף אין די צימערען.

— זיכער?

„אַ מאָדנע זאַך ווי מיין מאָגען ביי אַ ליאַדע זאַך ווערט גלייך קאַליע", האָט ער געטראַכט. „שוין אָנגעהויבען זיך. אָ, מעג דיך דער טייוועל נעהמען מיט אַזאַ מאָגען. וואָס שרעקסטו דיך, עס איז דאָך ניט צו דיר."

— ניין, דאָס געהט מען גיכער צום אדוואָקאַט גרינבערג, — האָט זיך סאָניע אָפּגערופען.

— וואָס שרייט איהר? — האָט זיך סימאָטשקע אָנגעבייזערט. מען וועט אייך נאָך דערהערען.

— מען וועט ניט דערהערען, ניט דערהערען — האָט זיך דאָ־ראָטשקע באַליידיגט. — מיר זענען דאָך אין שטוב.

— אָבער טאָמער יאָ — האָט סימאָטשקע אָפּגעשניטען שרעק־ליך צערודערט. — טאָמער יאָ? ווי אַזוי? איך ווייס ניט. נאָר טאָ־מער פּאָרט. זיי וועלען דערהערען אייערע קולות, פאַררייסען די קעפּ און אַ לאָז טאָן זיך צו אונז. אַ נו, ווער קאָן דאָ וואוינען? גיב מיר פינף טראָפּען אָפּיום. פרעג ניט צו וואָס, גיב.

— ווידער אָפּיום? — האָט זיך דאָראָטשקע פאַרוואונדערט — האָסט דאָך שוין איינמאָל גענומען פינף טראָפּען. ווערסט זיך נאָך אַמאָל פאַר'סמ'ען מיט דיין אָפּיום.

— ניט דיין דאגה, גיב. איך וועל זיך ניט פאַר'סמ'ען. מען וועט אַריינקומען צו אונז, און קיין ליגענס קאָן איך ניט זאָגען, וועט מען מיך גלייך אַרעסטירען. וואו זשע איז דער אָפּיום? און צו וואָס האָב איך אַזאַ לומפּיגע בורזשויסקע צורה. אַ דאנק, סאָניעטשקע. וועט אפשר דאָראָטשקע אויך נעהמען פינף טראָפּען? נעהם. איך קען דאָך דיין מאָגען. ביי מיר איז אַ גאַנצער אָרקעסטער אין מאָגען. ווייס דער טייוועל, וואָס פאַר אַ מאָדנער אָרגאַניזם. נו, ווערסט נעהמען?

— גיב שוין. מען קאָן זיך דען אָפּטשעפּען פון דיר? — האָט דאָראָטשקע געזאָגט.

— פארשטעהסט — האָט סימאָטשקע געטענה׳ט — די הויפּט־זאַך איז, אַז זיי זאָלען ניט אַריינקומען. זינע, געהט אַרוים אויף די טרעפּ, דערוויסט זיך, וואו זיי זענען און וואָס עס הערט זיך בכלל, און דערנאָך קומט אַריין אונז זאָגען.

— אָבער זעץ זיך כאָטש צו, באַרוהיג זיך אויף אַ ווײַלע — האָט דאַראָטשקע געזאָגט.

— שוין געזעצט זיך, געזעצט זיך. פאַרוואָס ניט? — האָט סי־מאָטשקע געענטפערט. — איך בין, ·פאַרשטעהסט מיך, פעט געוואָ־רען. ווײַס דער טייוועל צו וואָס איך עס אַזוי פיעל. אַ מאָרדע אַבי־סעל! דאָס איז דען אַ פּנים פון אַ הונגעריגען מענשען? אַזאַ פּנים קומט פון אינדיקעס, גענז, דײַנע קאַטשקעס,, און ווײַס דער טייוועל נאָך פון וואָס. ווייב! האָסט מיך ניט געקאָנט מאָרען מיט הונגער? זאָל זיין, אַז אַפילו איך בעט. דו שרייַ אָן אויף מיר דעם הונד, שרעק מיך אָן, לאָז ניט.. וואָס איז עס פאַר אַ קאַטשקעס אין באָלשעוויסטי־שע צייטען? האָסט ניט געקאָנט געהן זיך שלאָגען מיט מיר, אַבי איך זאָל ניט פרעסען אזוי פיעל אין אזעלכע געפעהרליכע צייטען? אז א קאָמוניסט וועט דערזעהן נאָר מיין בויך, דערשיסט ער מיך אויפן שטעל. ווען האָט אַ קאָמוניסט געזעהן אַ קאַטשקע אין זיינע אויגען? זעה, אדרבא, וואָס זיי עסען אין זייערע אנשטאַלטען? שוואַרץ ברויט. און איך, האָב איך כאָטש אַ שמעק געטאָן דעם שוואַרצען ברויט? קאַטשקעלעך, קאַטשקעלע! מערדערין!

— וואָס האָסטו זיך צו מיר צוגעטשעפּעט? — איז דאַראָטשקע ברוגז געוואָרען. — בין איך שולדיג, אַז דו היטסט זיך ניט? און ווער פרעגט: ,,פּאַראַן אַן איבעריג שטיקעל הוהן, גיב אַהער!״

— אָט דאָס טענה איך דאָך, דו זאָלסט ניט געבען — האָט סימאָטשקע אָפּגעענטפערט. — און וואָס הערט זיך, למשל, מיט׳ן מאַסאַזש? האָסט דאָך צוגעזאָגט, אַז זינע וועט מיר אָנהויבען מאַ־כען מאַסאַזש. פאַרוואָס מאַכט זי ניט? נו, וואָס, זינע, איהר האָט זיך עפּעס דערוואוסט? — האָט ער געפרעגט ביי זינע׳ן, וועלכע איז נאָר וואָס אַריין.

— זיי זיצען ביי אונזער מייעראָוויטש׳ן — האָט זינע אָנגע־זאָגט מיט אַ סודות׳דיגען קול — אַ שרעק ווי זיי זוכען. אויפגעע־טרענט די סאַמעטענע סאָפע.

— די סאָפּע? — האָט שוואַר אַרויסגעשטאַמעלט סימאָטשקע — אויפגעטרענט.

— יאָ, — האָט זינע געזאָגט. — די קעכין האָט מיר איינגע־רוימט, אַז מען האָט עפּעס געפונען אויף׳ן סופיט לעבען קאַנדעלאַבר. מייעראָוויטש איז בלייך ווי אין הינערפּעלט. איך האָב מורא, מען וועט איהם אַרעסטירען.

— נון — האָט סימאָטשקע אַ קרעכץ געטאָן — זעהסט, זעהסט. איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז עס איז ניט קיין שפּילכעל. מען האָט מסתמא געפונען די בריליאַנטען, וואָס ער האָט באַהאַלטען. אויפן סור־פּיט! געפונען אַן אָרט! וואָס טוט מען מיט מיין שוך? אַרויסוואַרפען איהם איז געפעהרליך. אַ, אפשר איהם אָנטאָן? נו, געהט ווידער זינע. טוט אַ שמעק און קומט צוריק. מיר וועלען שוין האָבען אַ וואויל נעכ־טעל. גאָט מיינער, גאָט מיינער, זאָלען זיי כאָטש ניט אַרויפקומען אהער. אָבער איך בין דאָך אַ סאָיוועטסקער. אַ? וואָס האָב איך מורא צו האָבען? וועלען זיי קומען אהער?

— מען פיהרט איהם אַוועק, מען פיהרט איהם אַוועק! — איז זינע אַריינגעלאָפען אַ צעטראָגענע. — מייעראָוויטש׳ן! ער וויינט! אין דער טשעקאַ, אַך, וואָס פאַר אַן אומגליק, וואָס פאַר אַן אומגליק. דאָס ווייב איז האַלב טויט. די קינדער שרייען!

סימאָטשקע איז צוגעלאָפען צום פענסטער. סאָניע און זינע זענען אַראָפּגעלאָפען פון די טרעפּ. דאַראָטשקע איז געשטאַנען אַ פאַרלאָרע־נע אין מיטען צימער. פון דעם האַלב־באַלויכטענעם הויף האָט זיך געטראָגען אַ ווירוואַר פון שטימען. עס זענען געלאָפען מענשען מיט זייערע אומגעלומפּערטע שאָטענס. סימאָטשקע האָט זיך אויסגעצוי־גען מיט׳ן בויך אויף׳ן פענסטער און אין דער שטיל מתפּלל געווען, אַז דאָס אומגליק זאָל איהם אויסמיידען. מייעראָוויטש איז אַרויס, נאָכשלעפּענדיג אַ ריעזיגען שאָטען, וועלכער האָט זיך געלעגט אויף דער קעגענאיבערדיגער וואַנט און זיך איבערגעבראָכען. סימאָטשקע האָט זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין דעם אומגליקליכען, ווי ער וואָלט וועלען אין איהם אַריינקריכען, כדי גענוי צו וויסען, וואָס יע־נער פיהלט. אָבער מייעראָוויטש׳ן האָט מיט זיין שאָטען צוגעדעקט אַ באַוואָפענטער באָלשעוויק. מען איז צוגעקומען צום טויער. דער עולם אין הויף איז פאַרגליווערט געוואָרען.

— אַ פאַרפאַלענער מענש אונזער מייעראָוויטש. מיר וועלען

איהם שוין מעהר קיינמאָל ניט אָנזעהן — האָט סימאָטשקע אָפּגע־זיפצט און אויסגעדרעהט זיך צו דראָטשקע'ן — איך האָב געזאָגט, אַז עס איז ניט קיין שפּאַס, ניט קיין שפּילכעל.

— זיי זענען אַוועק צו ליבערמאַנ'ען — האָט אַריינקומענדיג געזאָגט סאָניע.

— צו ליבערמאַנ'ען, צו דעם אַלטען — האָט סימאָטשקע אי־בערגעפרעגט — נו, דאָס איז אויף לאַנג. גאָט מיינער, ווי שפּעט איז איצט?

— ערשט עלף — האָט סאָניע געענטפערט. — די הויז־זוכונ־גען וועלען געמאַכט ווערען ביז אין דער פריה.

— איך וועל ביז אין דער פריה ניט אויסהאַלטען. איך וועל פאַלען. מען וועט אַריינקומען צו מיר, צי ניין? וואָלט געווען קאָניאַק אין שטוב, וואָלט איך זיי אָנגע'שכור'ט, און זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך. וואָס מיינען זיי זיך, מיר זענען אָהן אַ הארץ? וואָס טרענען זיי אונז די אָדערען? און וואָס בין איך פאַר אַ בורזשוי, בעט איך אייך. און וועו אַפילו איך וואָלט געווען אַ בורזשוי, כאָטש וואָס פאַר אַ בור־זשוי בין איך? — האָט סימאָטשקע ניט געקאָנט פאַרשטעהן — און וואָס איז אַ בורזשוי? אַ חיה? וואָס בין איך געווען, אַ גזלן, אַ רוצח? וואָס איז אַ בורזשוי? און וואָס טוט איהר, אַז איהר ראַבעוועט אונז איצט? איך וויל זאָגען עפּעס אַ קלוגע זאַך, אָבער עס קומט ניט אַרויס. שדים שפּרינגען אַרום אין קאָפּ...

— זאָל שוין זיין גענוג צו רעדען — האָט זיך דראָטשקע אַריינגעמישט. — מאָהלסט דאָך ווי אַ מיהל. מיט וועמען טענה'סטו זיך אויס? ווער וועט דיר ענטפערען?

— וואַרט, שטער נישט, זינע האָט עפּעס נייעס.

— ביי ליבערמאַנ'ען — האָט זינע סאָפּענדיג דערצעהלט — האָט מען געפונען... אַ קאַסטען מיט זילבער. עפּעס אַ משוגע'נער. אַ גאַנצען קאַסטען מיט זילבער. מען האָט פאַר'חתמ'עט די דירה און איהם פיהרט מען אַוועק.

סימאָטשקע האָט אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ און אויף זיין פּנים איז געווען אַזאַ מין אויסדרוק: "זאָגט מיר, מען וועט מיך באַלד דער־שיסען?"

אויף די טרעפּ האָט זיך דערהערט אַ טומעל. אַלע האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן צו די טירען.

מיט א ווייסער באָרד, אַ געל־בלויער, גאָרנישט זעהענדיג און נישט פאַרשטעהענדיג, איז געגאַנגען ליבערמאַן און אָנגעהאַלטען זיך מיט אַ ציטערדיגער האַנט אָן דעם געלענדער.

סימאָטשקע האָט ארויסגעשטעקט דעם שפּיץ נאָז און זיך א וואָרף געטאָן צוריק.

„אין שטעלכעל", איז איהם דורכגעלאָפען אַ געדאַנק. „אָדער ניט אין שטעלכעל? וואוהין דען אַנדערש? אין שטעלכעל", איז איהם ווידער ליכטיג געוואָרען אין קאָפּ. „איך וועל זיך איינדעקען מיט שמאַטעס, און דערנאָך וועלען מיר זעהען. גוט וואָס איך האָב אַ שטעלכעל. אַנדערע האָבען ניט, און איך יאָ. גאָט צו דאַנקען. אין שטעלכעל. וואָס הייסט עס, אין שטעלכעל? נו, איך וועל דערנאָך ער־קלערען. אָדער מען דאַרף ניט אין שטעלכעל. וויים דער טייוועל וואָס מען דאַרף טאָן. מסירות!", האָט זיך פון דער זייט אַ יאָג געטאָן אַ געדאַנק. „אַ שרעק, שרעק!"

אַזוי איז ער געשטאַנען אין דעם לאַנגען קאָרידאָר, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, גע'טענה'עט צו זיך אַליין און געמאַכט מיט די הענט.

דאָראָטשקע האָט איהם ווי אַ קינד אַוועקגעפיהרט אין שלאָפצי־מער.

## II

זיבען אַזייגער אינדערפריה איז די אָבטיילונג אַוועק. דעמאָלט האָט מען זיך געלייגט אין בעט. אין בעט האָט מען געטרונקען קאַווע וואָס זינע האָט אויפגעקאָכט. מען איז געקומען אביסעל צו זיך. מען האָט איבערגערעדט וועגען די פּאַסירונגען פון דער נאַכט. דער עיקר — מעהר וועלען זיי ניט קומען. וואָס געווען איז געווען. דער עיקר — זיי וועלען ניט קומען. עס האָט געטריפט אַ דריבנער רעגענדעל. פון ניט שלאָפען האָבען אַלע געהאַט גרינע פּנים'ער. די קאַווע האָט אויסגעזעהען אויסערגעוועהנליך געשמאַק.

— ברענגט אריין אַביסעל וואַסער — האָט סימאָטשקע גע־זאָגט. — איך וועל זיך אָפּפרישען, פאַרקעמען. מילא, שלאָפען וועל איך שוין ניט. און איהר טוט ווי איהר ווילט.

זיצענדיג אין בעט האָט ער זיך אָפּגעוואַשען, צעפּליעסקעט דאָס וואַסער. דאָראָטשקע האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָנגעבלאָזען. מען האָט

געבראַכט אַ האַנט־שפּיגעלע. סימאָטשקע האָט אַ קוק געטאָן אויף זיך און נשתומם געוואָרן. אונטער די אויגן — פּונקט ווי מען וואָלט מיט שאָקאָלאַד אויסגעשמירט.

,,נו, מילא! אַבי, גאָט צו דאַנקען, איבערגעקומען. און וואָס איז מיט די, וועלכע מען האָט נעכטן אַרעסטירט? ווי פיהלען זיי? מייע־ראָוויטש איז אין דער טשעקאַ. גאָר קיין פראַגע ניט, אַז מען וועט איהם דערשיסען. און דעם אַלטען וועט מען דערשיסען. מעהר ווי צוויי פּוד זילבער באַהאַלטען. און איך בין, אַ דאַנק גאָט, אין דער־היים. גוט וואָס איך בין אַ סאָוויעטסקער אַרבייטער. דאָס איז פראַק׳ן צו פערדאַנקען. איך וועל עס ניט פאַרגעסען. אין סאָוונאַרכאָז וועל איך באַלד זיך דערוויסען נייעס. איך וועל זיך דערוויסען וואָס עס הערט זיך ביי יאַקאָבסאָנ׳ען. איך וועל דערצעהלען וועגען אונזער מייעראָוויטש׳ן. נו, צייט אויפצושטעהן״.

אין דער הינטערשטער טיר האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ. סי־מאָטשקע האָט זיך אומגעקוקט אויף דאָראָטשקע׳ן, דאָראָטשקע האָט זיך איבערגעקוקט מיט זינע׳ן. אַלעמען האָט דורכגענומען איין גע־דאַנק: ווער איז דאָס? אוי; אַ ווייַלע איז געוואָרען שטיל, מאָדנע, אונבאַגרייפליך.

— אַכט אַזייגער אינדערפריהן — האָט סימאָטשקע פאַר־טראַכט געזאָגט. — ווער קאָן עס זיין, אַ?

,,פון דער טשעקאַ״, איז ווייט דורכגעגאַנגען אַ געדאַנק. ,,אומ־מעגליך. פאַרוואָס? אַ מסירה״, האָט געעגבערט דער געדאַנק. ,,אין שטעלכעל. אַן אומשולדיגער מענש״.

— דאָס איז מסתמא מאשא מיט איהר מאטראָס איצט געקו־מען און קלאַפּען — האָט דאָראָטשקע געזאָגט.

— איך וועל געהן עפענען די טיר — האָט זינע זיך אַ וואָרף געטאָן און אַרויסגעלאָפען מיט סאָניע׳ן פון שלאָפצימער.

״ניין, ניט מאשא״, האָט דאָס האַרץ אונטערגעזאָגט, און פון שרעק האָבען זיך די האָר אויפ׳ן קאָפּ אַ שטעל געטאָן קאַפּויר. ״אָ, ווען דאָס איז מאשא! אַ מיליאָן פאַר מאשא׳ן״, האָט זיך משוגע געטראָגען אין קאָפּ. דאָס גאַנצע בלוט איז אַראָפּ אין די פיס. איך פיהל גאָרניט, אַז איך האָב פיס. ווי־זשע וועל איך זיך אויפהויבען?״

פון קאָרידאָר האָבען זיך דערטראָגען זעהר פראָסטע שטימען. פון דער טשעקאַ. אַ גרויל! דער קאָפּ איז אַרויפגעפאַלען אויפ׳ן

אקסעל. די הויזען און די טרייסלענדע הענט האָבען א פליה געטאָן אויף די הוילע פיס.

"דאכט זיך, דראָמשקע ווײנט. נעביך. נו, זאל זי ווײנען".

די שיך האָבען א פליה געטאָן אויף די הוילע פיס. א פאפיראָס אין מויל.

"עס ווילט זיך שרעקליך רויכערן. ווי טוט מען אָן דאָס העמד? גאָר פארגעסען ווי מען טוט אָן א העמד. אָך, קנעפלעך, קליינינקיי־טען! א? וואָס? לאָז מיך. איצט פרעגסטו מיך וועגען דעם? איך ווייס ניט. וואָס? ווער? פארשטעהסט ניט? פון דער טשעקא. יא, יא, פון דער טשעקא. און דו האָסט געמיינט, אז דאָס זיינען פריילינס צו מיר געקומען. אָבער פארוואָס? א מסירה? אפשר א מסירה! פרעג מיך ניט. אָבער וויין ניט הויך. ניט שעהן".

עס האָט איהם א טראָג געטאָן אין קאָרידאָר. ער האָט אליין ניט געוואוסט ווי אזוי ער קומט אהין.

"זיי זענען זאלבעדריט צי זאלבעפערט? ניין, זאלבעדריט. און אפשר זאלבעפערט. יא, "פון דאָרט!", איז דאָס הארץ אָפּגעשטאָר־בען! "אלע שווארצע. און רעוואָלווערען", האָט דאָס הארץ אויפ־געלעבט. "מען וועט דערשיסען", איז ווידער דאָס הארץ געשטאָרבען.

— סעמיאָן גריגאָריעוויטש גרעסער?

סימאָטשקע האָט זיך פארטראכט בשעת מען האָט עס געפרעגט.

"רעוואָלווערען. מאָדנע. פון זיי שיסט מען. נו, לאָמיר א טראכט טאָן ווי אזוי די קויל געהט אריין אין קארק".

— איהר זייט סעמיאָן גריגאָריעוויטש גרעסער? — האָט דאָס אויער דערהערט.

— יא, איך, אָדער ניט איך, טאקע איך — האָט סימאָטשקע מיט איין אָטעם דריי מאָל געענטפערט און שטעהן געבליבען, ווי מען וואָלט איהם איבערגעשניטען דעם האלז.

— א טעות! — האָט ער געזאָגט מיט טויטע ליפּען.

— טוט זיך אָן. איהר פאָהרט מיט אונז — האָט דער שווארצער מענש געזאָגט.

"פארפאלען, פארפאלען סימאָטשקע"...

— וואוהין פאָהר איך? — האָט ער מיט א שמייכעל געפרעגט.

— דאָס הייסט, איך ווייס וואוהין — האָט ער זיך פארריכט. — גאָר אן אומשולדיגער מענש.

"זאָגען, אז איך בין א סאָוויעטסקער?", האָט א שוועב געטאָן אין קאָפּ. "אפשר וועט עס העלפען? אָדער ניט זאָגען?"

— אָהן פראַגען, זייט אזוי גוט — האָט דער שווארצער אָפּגעשניטען — טוט זיך אָן. די דראָזשקע וואַרט.

— האָט איהר א מאנדאט? — האָט זיך סימאָטשקע דערוועגט צו פרעגען, היקענדיג מיט דער צונג. — יא — האָט ער זיך אליין גלייך געענטפערט — איהר האָט א מאנדאט. איהר וועט אָהן א מאנדאט ניט קומען.

— זיי וועלען דערשיסען. אין קארק. אין פּאָדוואל. א נאַקעטען — האָט זיך ארומגעיאָגט אין קאָפּ. עס וואָלט גוט געווען צו וויינען, נאָר ער שעמט זיך.

— אויפ'ן באפעהל פון דער "טשרעזוויטשיינער" קאָמיסיע...

— האָט ער דערהערט.

— יא, יא, לייענט ניט. איך גלויב. איך וועל באלד, באלד. מיט פארגעניגען — האָט סימאָטשקע געשטאמעלט, אליין ניט וויסענדיג וואָס ער רעדט. — נאָר פארוואָס? יא, יא, איך וויים פארוואָס.

און ער איז איבערגעפלויגען אין שלאָפצימער. ער האָט גערעדט געשעפטליך, פונקט ווי ער וואָלט ברענגען א פרעהליכע בשורה.

— איך פאָהר אין טשעקאַ. זעהסט, איך האָב געטראָפען. גלייך פאָהר איך. פארפאלען. וואו איז מיין קאשקעט? מיין קאפעליוש? א? זיי געזונט. קוק מיר אריין טיעף אין די אויגען! אָדער מען דארף ניט. גיב מיר א נאָזטיכעל. וויין ניט אזוי הויך, ניט שעהן. איך האָב דיך זעהר ליעב. מיט'ן גאנצען הארצען ליעבן זעהסט, איך האָב דערפאר די גאנצע צייט מורא געהאט און עס איז טאקע געשעהן. זעה, טו דאָ עפּעס. זשאלעווע ניט קיין מיליאָן. מען דארף מיך ניט קושען. ועסט מיך א קוש טאָן, וועט מען מיך דערשיסען. וועסטו מיך ניט א קוש טאָן, וועט מען מיך ניט דערשיסען. נו, מילא, קוש, אלץ איינס.

און פיהלענדיג איהרע טרערען אויף דעם ניט־ראזירטען פּנים האָט ער געטראכט עפּעס מיט איין ווינקעל פון באוואוסטזיין:

"אן אטלעט! א ווייב אן אטלעט! כאָטש נעהם און שיק זי אין צירק אריין. אלץ די קאטשקעס! אָבער אָטעמען אָטעמט זי דוקא לייכט. פּשוט מקנא צו זיין: איך קאָן ניט אָטעמען. און אפשר בין איך שוין דערשאָסען? א?

אזוי האָט ער זיך געזעגנט און ניט געוואוסט, אז ער געזעגנט זיך, געשמייכעלט און פארטראכט זיך, און אזוי איז ער אויסגעוואקסן אין קאָרידאָר: פארטיג! פאררויכערט א פאפּיראָס און געפרעגט: "רויכערן איז ערלויבט? נו, א דאנק!" און דעם פּאפּיראָס אוועקגעוואָרפן. עס האָט איהם א טראָג געטאָן אין גאס ארויס. ""מסתמא קוקט דראָטשקע ארויס פון פענסטער. א דאנק איהר. א טייערע נשמה. זי האָט גוט געוויינט, פּונקט ווי צו מיין לויה. א דאנק!"

אויף דער דראָזשקע איז ער געזעסן אזוי ווי ער וואָלט ניט געווען ער. עפּעס א פרעמדער איז געזעסן. ער אליין איז גאָר איצט אין סאָוונארכאָז. א נו, לאָמיר א טראכט טאָן, וואָס איך טו איצט אין סאָוונארכאָז. ערגעץ האָט מען געקלונגען: "מען וועט דערשיסען! דערשיסען! אויף די ווענט זיינען געהאנגען ריעזיגע פּלאקאטען: היינט ווערט דערשאָסען סעמיאָן גריגאָריעוויטש גרעסער!"

"דערשיסען"ן וואָס פאר א וואָרט האָט מען אויסגעטראכט. וואָלט מען אזא וואָרט ניט אויסגעטראכט, וואָלט מען קיין מענשען ניט דערשאָסען. און אפשר וואָלט מען דעמאָלט אויסגעטראכט דערפאר אן אנדער נאָמען?

"דערשיסען"! האָבען אויסגעהאמערט די פּאָדקאָוועס פון די פערד אויפ'ן שטיין. "דערשיסען"!

סימאָטשקע האָט אויסגעדרעהט דעם קאָפּ און אויף דער וואנט דערזעהן זיך, ווי ער געהט אין פּאָדוואל. דער סאָלדאט פון הינטען האָט אין איהם אויסגעשאָסען און ער האָט זיך אראָפּגעקייקעלט אונטען.

"איך זעה ניט", האָט ער געשריען, אָפּשטויסענדיג פון זיך דאָס בילד. "איך זעה ניט!"

אָבער דער סימאָטשקע, וועלכער איז געזעסן אויף דער דראָזשקע מיט'ן קאָמוניסט, האָט מיט א ציטערדיג קול גערעדט:

— גאָר קיין פראגע ניט, חבר, אז מען וועט מיך גלייך ארויסלאָזען. איך בין א סאָוויעטסקער ארבייטער. עס איז פשוט א טעות. חבר פראק קען מיך. אן אומשולדיגער מענש. ערלויב, חבר, פאררויכערן, אויב מען מעג.

ער האָט גלייך פארגעסען וועגען פּאפּיראָס און איז ווידער איינגעשרומפּען געוואָרען פון שרעק. די ווירקליכקייט האָט זיך גע־

נומען דריבלען. ווי לאַנג פֿאָהרט ער שוין? אפשר איז ער פון אייביג אָן געזעסען אויף דער דראָזשקע? מען פֿאָהרט און מען פֿאָהרט. ער האָט דערפיהלט דעם פּולס אין די אויגען. מען פֿאָהרט אייביג און צום לעצטען מאָל. אָט דאָס פערד וועט איהם שוין קיינמאָל מעהר ניט זעהן. טשיקאווע. א נו, לאָמיר א טראכט טאָן, וואָס מיינט עס אזוינס "צום לעצטען מאָל"? און די זון אויך: צום לעצטען מאָל.

אָנגעקומען. א באַקאַנטע געביידע. דראָטען. א גרויל. דראָטען! אין שטאָדט! זעלנער! אן אָנגעלויף פון מענשען און קיישלעך. מאָרגען וועט דאָ דאָראָטשקע אויך שטעהן מיט א קיישעל. "בין איך טאַקע אין טשעקאַ?", האָט ער זיך א טרייסעל געטאָן און באַלד ווי געשטאָרבען. דער ים פון באַוואוסטזיין האָט אויפגעהערט צו שטורעמען. שטיל איז אין קאָפּ. א דינינקער געדאנק. דאָ א שוואַר־צינקער און דאָ איז ער א בלויאינקער, האָט זיך ווי א דין רויכעל געצויגען אין מוח: "אָט בין איך אין דער טשעקאַ, און גאָרנישט!" און ווידער האָט דער פּולס גענומען שלאָגען אין די אויגען. אונטער דער הויט האָט זיך געפיהלט דאָס ווארימע בלוט.

דער קאָמוניסט איז פארשוואונדען. די זעלנער האָבען איהם איבערגעגעבען צו א וועכטער, יענער צו א צווייטען, און דער צוויי־טער איז מיט איהם אוועק.

— אך דו, הונט איינער, בורזשויסקע מאָרדע, אין דיין טאַ־טען'ס טאַטען אריין. אריינגעפאַלען, בלוטזויגער דו.

"דאכט זיך, אז דאָס מיינט ער מיך", האָט סימאָטשקע זיך גענומען טרייסלען.

— אין דיין טאַטען'ס טאַטען אריין!" האָט דער סאָלדאַט געליארמעט, בייטענדיג זיך אין פּנים פון בלוי אויף רויט און פון רויט אויף בלוי. — האָסט געמיינט, וועסט זיך שטענדיג ארומ־שפּאצירען פראַנק און פריי. מען וועט דיך דאָ ווייזען, דו הונט, דו, דו כאַם.

"יא, דאָס מיינט ער מיך", איז געשפּרונגען ביי סימאָטשקע'ן אין קאָפּ. "ער וועט מיך באַלד דערשיסען. זיי געזונט דאָראָטשקע. און אפשר שטעלען זיך אויף די קני? ניין, איך וועל ניט. איך שעהם זיך. געלט וועל איך געבען — א מיליאָן." האָט געברויזט אין מוח. "און אָט אזוי דערשיסט מען עס? גלייך אין הויף? וואוהין פיהרט ער מיך? א טיר! וואָס פאַר א טיר? אין פּאָדוואַל?

— חבר, חברן — האָט ער גענומען שעפּטשען. — אין פּאָד־וואָל. ניין. נו, אודאי אין פּאָדוואָל. נאָר נישט אין פּאָדוואָל אריין.

— דו גייט, הונט איינער. וואָס קוועקעלסטו זיך? — האָט איהם דער סאָלדאט גענומען שלעפּן. איך וועל דיר ווייזען א ניט געהן. גייט ווען מען זאָגט דיר, אין דיין טאטענ׳ס טאטען...

— איך גייט שוין, אודאי גייט איך, — האָט סימאָטשקע געזאָגט באגיסענדיג זיך מיט קאלטען שווייס. — שלעפּט מיך ניט. "ער וועט מיך באלד צוממית׳ן", האָט ער פארזשמורעט די אויגען פאר שרעק און גלייך אריינגעפאלען אין א נייעם אָפּגרונד: די שיך! ער האָט אָנגעטאָן די שיך מיט די בריליאנטען. דריי מאָל וועט מען איהם דערשיסען. ווי אזוי האָט ער זיי גאָר אָנגעטאָן? וואו איז געווען דאָראָטשקע. מען דארף פארריכטען דאָס פּנים. מסתמא איז ביי מיר אויפ׳ן פּנים אָנגעשריבען, אז איך האלט אין שוך ברי־ליאנטען, און ווי פאררירכט מען דאָס פּנים? עס ציהט שרעקליך א קוק צו טאָן אויפ׳ן שוך: צי עס איז קענטיג, צי ניין. אפשר אוועק־שענקען זיי דעם סאָלדאט? דער פּוס, דאכט זיך, הויבט מיר אָן אָפּצודארען.

— וואָס האָסטו גענומען הינקען? — האָט דער סאָלדאט געליארמעט.

— ניין, הינק איך דען? — האָט סימאָטשקע געבאָמבעלט מיט דער צונג. איך גייט ווי מען באדארף. קיינמאָל אויף די פּיס ניט קראנק געווען. איך קען גייט אויסגעצייכענט, שעה׳ען לאנג. איך גייט אויסגעצייכענט, — האָט ער געשטאמעלט, קוקענדיג אויפ׳ן שוך.

"מען קען דאכט זיך דערקענען. און אפשר ניט", האָט ער געטראכט. איך וואָלט געזאָגט א דאנק, ווען אימיצער בייסט מיר אָפּ דעם פּוס. אָבער ווי געפינט מען א בעלן דארויף?

דער סאָלדאט האָט דערווייל געעפענט די טיר און סימאָטשקע האָט מיט א מאָל זיך דערזעהן אין א גרויסען חדר, געפּאקט מיט מענשען. ער האָט ניט באוויזען זיך ארומצוקוקען, ווי אימיצער איז איהם געפאלען אויפ׳ן האלז מיט א געשריי:

— סעמיאָן גריגאָריעוויטש, טייערער, איהר אויך דאָ. מיר זענען פארלאָרען, מיר זענען אלע פארלאָרען.

סימאָטשקע'ס קאָפּ איז איצט געלעגן אויף מייעראָוויטש'עס האלז, און יענער האָט כליפּענדיג געקלאָגט:

— קיין שום האָפנונג. אינגאנצען פארלאָרען דעם מוט. איך בין שוין ניט איך. איהר געדענקט מייעראָוויטש'ן, דעם סוחר, דעם כוואט. יענער מייעראָוויטש איז שוין אויף דער וועלט ניטאָ. פארלאָרען דעם מוט. נאָכ'ן פארהער האָט ביי מיר דער בויך איינגעטריקענט. אפשר היינט, און אפשר מאָרגען. און אייך פארוואָס?

אז סימאָטשקע האָט געקראָגען צוריק זיין קאָפּ, האָט ער געמאכט א פּאָר טריט אויף צוריק, א קוק געטאָן אויף מייעראָוויטש'ן, דערנאָך אויף זיין שוך, דערנאָך ארום און ארום, אָבער ער האָט געשוויגען. ער האָט געוואָלט רעדען און ניט געקענט. די מענשען ארום איהם האָבען זיך געדרעהט, פארטיפט אין איין איינציגען געדאנק. אנדערע זענען געלעגען. ביי אַלעמען זענען די פּנים'ער געווען געל און פארשלאָפען. איינער א האלב־נאקעטער, מיט'ן שפּיץ באָרד צווישען די צייהן, איז צוגעגאנגען צו סימאָטשקע'ן, איינגעקוקט זיך אין איהם מיט קורצזיכטיגע אויגען און געפרעגט:

— פארוואָס האָט מען אייך ארעסטירט? אויב פאר דיזעלבע זאך, וואָס מיך, איז גוט. און אויב ניט פאר דיזעלבע איז ניט גוט. איך זאָג עס באשטימט. מילא, אין אָוונט וועלען מיר זעהען. איהר האָט שטארקע נערוועןן? וועלען זיי אויפהערען צו זיין שטארק. איך רעד באשטימט...

— האָט איהר געזעהען מיין ווייב? — האָט געפרעגט מייעראָוויטש, אָפּשלעפּענדיג דעם צודולטען סימאָטשקע'ן פון דעם האלב־נאקעטען נפש. — ניט געזעהען? זי מיהט זיך דאָרט, קערט וועלטען. אָבער צי וועט זי באווייזען יעדע מינוט איז פול מיט פייער. פאר'ן אָוונט שרעק איך זיך. אָך, דער אָוונט. איך בין פארלאָרען, סעמיאָן גריגאָריעוויטש.

סימאָטשקע האָט דערפיהלט ווי דאָס פּנים הויבט איהם אָן געשוואָלען ווערען. ער האָט געוואָלט זיך צוכליפּען פּונקט ווי מייעראָוויטש כליפּעט, ווען דער סאָלדאט איז אריין מיט א געשריי:

— וואו איז דער נייער בורזשוי? אהער געה, הונט איינער. וועסט באלד די פּאָדלאָגע וואשען. געה נעהם דעם עמער און דעם וואש־בעזעם. אָבער די פּאָדלאָגע, זעה, זאָל מיר ווי א שפּיגעל

בלאַנקען, אַז ניט וועל איך דיך אין דיין טאַטענ'ס טאַטען... איך וועל דיר מיט'ן בעזעם די מאָרדע אויסוואַשען. קום!

סימאַטשקע האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אויף מייעראָוויטש'ן. יענער איז געזעסען מיט אַ געזונקענעם קאָפּ. אַ חרפּה! ווי אַזוי וועט ער וואַשען אַ פּאָדלאָגע? נו, וואָס־זשע דען? ער וועט זיך אָפּזאָגען? מילא, ער וועט וואַשען. אַ חרפּה, אָבער נעהמט עס דער טייוועל. אַז מען איז ביי גזלנים אין די הענט. וואָס טוט מען? דער עיקר דער שוך. און ווי איז, אויב פּלוצים רייסט זיך אָפּ דער אָפּצאַס? אפשר האָט עס דער שוסטער געמאַכט אבי־ווי, און דער אָפּצאַס וועט זיך באַלד אָפּרייסען? איך וועל פּאַלען אויפ'ן אָרט, אויב אַזוינס וועט געשעהן.

ער איז נאָכגעגאַנגען נאָכ'ן סאָלדאַט, טרעטענדיג אַזוי פּונקט ווי ער וואָלט געגאַנגען באָרוויס! אין פּאָרהויז, וואו איהם האָט באַגעגענט דער דונערנדער געלעכטער פון סאָלדאַטען (אימיצער האָט איהם אַלץ געשטופּט מיט דער האַנד אין בויך אַריין, און ער האָט זיך אַלץ געהאַלטען אין איין דרעהען אין אַלע זייטען מיט אַ ליבלי־כען שמייכעל) האָט ער גענומען דעם וואַש־בעזעם און דעם עמער און אוועק צוריק. דער סאָלדאַט איז געגאַנגען פון הינטען און באַפוילען: וועסט אָנהויבען פון פענסטער צו דער טיר און צוריק פּונקט אויפ'ן זעלביגען מאַניער.

סימאַטשקע האָט זיך איינגעבויגען, גענומען דעם וואַש־בעזעם, אַ שטעק געטאָן אין וואַסער. די יעניגע וואָס האָבען זיך אַרומ־געדרעהט, האָבען זיך פאַרקליבען אין די ווינקלען. אַ פּאָר זעלנער זענען אַריין און אומישנע גענומען כאַרקען אויף דער פּאָדלאָגע. סימאַטשקע האָט געריבען מיט'ן וואַש־בעזעם און בשעת מעשה דערמאָנט זיך, ווי ער פלעגט אין אַ פּראַק שיינען אויף די בעלער, און די דינער פלעגען פול מיט דרך ארץ איהם אָפּטרעטען דעם וועג און נייגען זיך פאַר איהם ביז צו דער פּאָדלאָגע. און איצט קען איבער איהם קאָמאַנדעווען אַ רשע, אַ סאָלדאַט. און ווען דערזעלבער סאָלדאַט וואָלט געקומען צו איהם אין די פריהעריגע צייטען בעטען עפּעס אַ טובה, וואָלט ער אויפ'ן בויך געקראָכען, און ער, סימאַטשקע, וואָלט איהם געטאָן אַ טובה, ווייל ער האָט נאָך קיינמאָל קיינעם ניט אָפּגעזאָגט, שטענדיג גוטס געטאָן, ווען נאָר עס איז געווען אַ געלעגענהייט, און איצט אפילו העלפט ער אויך אַרויס אַ סך מענשען.

פרואוו עס זאָגען דעם סאָלדאט, וועט ער דיר א וואָרף טאָן: בורזשויסקע מאָרדע!

דער סאָלדאט איז נאָכגעגאנגען טראָט ביי טראָט און געזידעלט זיך:

— וואשסט ניט, ווי מען באדארף, בורזשוי פארשאָלטענער. דו וואש אזוי, אז עס זאָל ווי א שפּיגעל בלאנקען. און וואָרף אראָפּ די שטיוועל, הינטישער זוהן, וואָס וואשסטו מיר אין די שטיוועל? האָסט מורא די פּיסעלאך איינצונעצען? שטעל ארויס די שטיוועל הינטער׳ן טיר, אָבער איינס־צוויי, לעבעדיג.

—איך וועל ניט אראָפּנעהמען, — האָט סימאָטשקע געטראכט. — איך וועל זיך לאָזען דער׳הרג׳ענען, אָבער איך וועל ניט אראָפּנעהמען. דערשמעקט, ווייזט אויס! א שוויים האָט מיר ארויס־געשלאָגען. ניט געהייסען דאָס העמד אויסטאָן, נאָר די שיך טו איהם אויס.

— חבר — האָט סימאָטשקע זיך גענומען בעטען, — וואָס מאכט אייך אויס, צי איך וואש אין די שטיוועל, צי אָהן זיי. איך וועל ריין אויסוואשען. וואָס, איך וועל די פּאָדלאָגע ניט אויסוואשען? נאָך ווי אויסוואשען, איהר וועט צופרידען בלייבען.

— דו געהסט נאָך ענטפערן, דו הינטישער זוהן. — האָט דער סאָלדאט גענומען ליארמען. — דו רעד מיר נאָר נאָך א וויילע.

— ניין, ניט ענטפערן, גאָט באהיט, — האָט סימאָטשקע געענטפערט, סטארענדיג זיך ווייך צו מאכטן דעם סאָלדאט׳ס הארץ, מיט א בעטענדיגען שמייכעל. — נאָר וואָס איז אייך, חבר סאָלדאט, דער אונטערשיד? איהר מיינט, אז אויב איך בין א בורזשוי, קען איך ניט ארבייטען? וואָס, ווייניג האָב איך זיך אָנגעארבייט אין מיין לעבען?

— אָנגעארבייט, — האָט דער סאָלדאט פארעכטליך געזאָגט.
— און מאָזאָליעס האָסטו? אָט אזעלכע, — און ער האָט אונטער־געטראָגען סימאָטשקע׳ן זיין שווארצע לאפּע מיט געלע פּאסען.
— צעהל: איינע, צוויי, דריי...

— איך האָב אויך געהאט מאָזאָליעס — האָט סימאָטשקע דערשראָקען א פּינטעל געטאָן מיט׳ן אויג. פון דעם סאָלדאט׳ס האנד האָט זיך געטראָגען אן איבעלדיגער ריח, פון וועלכען סי־מאָטשקע האָט שיער ניט גענומען ברעכען. — נאָך וועלכע מאָזאָ־

ליעם געהאט. אָט אזעלכע, — האָט ער אָפּגעמאָסטען מיט די פינגער. איהר גלויבט ניט? אויף מיין עהרענוואָרט. ערלויבט, חבר סאָלדאט, אין די שטיוועל צו ארבייטען. וואָס איז אייך דער אונ־טערשיד?

— נו, מילא, צום שווארץ יאָהר, — איז דער סאָלדאט ווייבער געוואָרען. — אָבער גיכער, ריהרעוודיגער.

— איהר ווייסט, — האָט סימאָטשקע צו אימיצען גע׳טענה׳ט, אליין ניט ווייסענדיג צו וועמען און ביז שוויים געארבייט מיט׳ן וואש־בעזעם, — אויב מען וועט מיך ביז מאָרגען ניט באפרייען, וועל איך זיכער משוגע ווערען. איך קען זיך. מאָרגען וועט איהר האָבען ביי זיך א משוגענעם.

דער האלב־נאקעטער האָט דערהערט זיינע ווערטער און פון דער ווייטענס געענטפערט:

— איך זאָג באשטימט, אז אויב פאר דיזעלבע זאך וואָס איך, וועט איהר ניט משוגע ווערען. און אויב ניט פאר דיזעלבע וועט איהר אפשר יא משוגע ווערען. אָבער מיר וועלען זעהען אין אָווענט.

דער טאָג האָט זיך געשלעפּט. דער אינזשענער גוסטין, וועלכער איז געווען עלטסטער אין דער קאמער, האָט איינגעאָרדנעט סי־מאָטשקע׳ן נעבען זיך, און יענער פון דאנקבארקייט האָט גענומען דערצעהלען, ווי אזוי מען האָט איהם ארעסטירט. אנדערע האָבען זיך אויך צוגעזעצט, געוואָלט הערען די געשיכטע. אָבער גערעדט האָט סימאָטשקע ווי אין שלאָף, ניט הערענדיג זיך אליין. גערעדט און געטראכט: רעד איך עס, צי מיר דאכט זיך נאָר? און אפשר בין איך אין סאָוונארכאָז? און אפשר האָט מען מיך שוין דערשאָסען?

— איהר פארשטעהט, רעקוויזיציעס. און איך הינטער׳ן פאָר־האנגעל, — האָט ער געפּלוידערט, — נו, דער מאָגען... ביי מיר אבי עפּעס, רופט זיך גלייך אָפּ אויפ׳ן מאָגען. איך — אָפּיום. אָבער וואָס קען אָפּיום העלפען? דאָ דארף מען קוקען, דאָ דארף מען אנטלויפען. אייך געזעהען, — האָט ער זיך געווענדעט צו מייעראָוויטש׳ן, — ווען מען האָט אייך ארויסגעפיהרט אין הויף. און דערנאָך נאכט. און דערנאָך פריהמאָרגען, ווי שפּעט איז איצט?

— דאָס איז מסתמא צוליעב א מסירה, — האָט איינער פון די צוהערער באמערקט.

— אודאי א מסירה, — האָט סימאָטשקע געענטפערט. — אַן אומשולדיגער מענש. און א שטעלכעל!

— וואָס פאר א שטעלכעל? — האָט דער אינזשענער געפרעגט.

— ניין, דאָס האָב איך זיך גלאַט דערמאָנט. און מען דערשיסט טאקע?

— לעגט זיך בעסער צו, — האָט דער אינזשענער געזאָגט.

— ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן. פון א שאָס איז גרינגער צו שטארבען ווי פון א קראנקהייט. איין שאָס איז פארטיג.

— מען וועט מיך זיכער, — סימאָטשקע האָט געוואָלט זאָגען "דערשיסען", אָבער דערווייל חרטה געהאט און געזאָגט: — ניט דערשיסען. אייך פארוואָס? — האָט ער זיך דערמאָנט צו פרעגען.

— פאר גאָרניט. פאר דאָסזעלבע וואָס אייך. — האָט דער אינזשענער געענטפערט. — לעגט זיך.

... מען האָט געגעסען אָנבייסען, צי מען האָט ניט געגעסען. מען איז געגאנגען, געדרעהט זיך איבער דער קאמער. און אפשר איז מען געלעגען. מייעראָוויטש האָט ווידער געוויינט. מיט א טיכעלע זיך פארשטעלט דאָס פּנים. דער טאָג האָט זיך גערוקט, און עס איז געוואָרען אלץ פאנטאסטישער. געשפּרעכען, שווייגען. און ווידער שווייגען, און ווידער געשפּרעכען. א שושקעריי צווישען מענשען. ביי אלעמען האָבען די בייכער וועה געטאָן. די סאָלדאטען האָבען ערגעץ געפיהרט. די זון איז געווען, די זון איז אוועק. מען האָט געשריען: "באשטימט, באשטימט", דער אָוונט האָט זיך אָנ־גערוקט. מען איז געלעגען אויף די שלאָף־בענק, אויף דער פּאָדלאָגע. און פּלוצים האָט מען גענומען ווארטען. סימאָטשקע האָט ניט פאר־שטאנען. דאָס ווארטען האָט געשטראָמט פון איינעם צום אנדערען. דער ערשטער האָט גענומען ווארטען מייעראָוויטש. איינגאנצען באדעקט זיך מיט פייערדיגע רינגען. צוגעשלעפּט סימאָטשקע'ן, אוועקגעזעצט איהם נעבען זיך אויף דער פּאָדלאָגע און אוועקגעלעגט דעם קאָפּ איהם אויפ'ן אקסעל. רעדען האָט ער ניט געקענט און נאָר געמאכט מיט די ליפּען. דער פיבער פון ערווארטונג האָט זיך איבער־געגעבען אויך סימאָטשקע'ן און ער האָט גענומען ענטפערען, אויך מאכענדיג מיט די ליפּען. די געדאנקען זענען פארהארטעוועט גע־וואָרען און געהאָנגען אין מוח ווי אייז־ליכטעלעך. ערגעץ אין פאָרהויז האָבען זיך געהערט טריט. ווער איז דאָרט? הילכיג קלאפּען די

הערצער. נעהנטער. באלד וועט דאָס הארץ פּלאַצען! א כליפּ. ווער? זאגט מיין ווייב. מען ווארט. נעהנטער. סימאָטשקע האָט זיך א וויג געטאָן. מייעראָוויטש האָט איהם א שלעפּ געטאָן אויף זיך. אויסגעשמירט איהם דאָס פּנים מיט טרעהרען און אויסגעצויגען זיך פון יאוש אין דער גאנצער לענג אויף דער פּאָדלאָגע. און די איבריגע זענען שוין געלעגען אויף דער פּאָדלאָגע, די קעפּ באגראָבען אין די הענט. און ווען די טיר האָט זיך געעפענט, האָבען זיי געקלאפּט מיט די פיס איבער דער פּאָדלאָגע און שטיל געוואָיעט.

דעם ערשטען האָט מען ארויסגערופען מייעראָוויטש'ן. ער האָט זיך איינגעקלאמערט אין סימאָטשקע'ן און געשריען: "איך וועל נישט געהן.". עס איז צוגעגאנגען א סאָלדאט און איהם א שלעפּ געטאָן. עס האָט זיך אנטבלויזט א האָריג, פעט הארץ. געדיכטע שפּייעכץ איז געהאָנגען אויף דער ליפּ. זאָגט מיין ווייב. איך וויל ניט, — האָט ער מיט שרעקליכען צאָרן געליארמעט. — מען האָט שוין געדופען דעם האלב נאקעטען, וועלכער האָט א גאנצען טאָג געקייט דעם שפּיץ באָרד. יענער האָט געזאָגט:—איך געה באשטימט און איך דאנק. — סימאָטשקע האָט פּלוצים גענומען וואָיען און א סאָלדאט האָט מיט דער האנט איהם דערלאנגט איבער'ן קאָפּ. ער איז גלייך פארשטומט געוואָרען. מען האָט ארויסגערופען נאָך א נאָמען. מייעראָוויטש האָט געדעוועט ווי א חיה און מען האָט איהם ארויסגעשלעפּט. ווי א ווייט הירזשען האָט זיך געהערט זיין יאָמערנדיג קול...

און אויף דער פרייהייט האָט מען א גאנצען טאָג געארבייט. חבר פראק האָט געגעבען א צעטעלע צו חבר וואסיא. זינא און דאָראָטשקע זענען אוועקגעפלויגען צו וואסיא'ן. יאקאָבסאָן איז אוועקגעלאָפען ערגעץ מיט א גרויסער סומע געלט. די סומע איז געווען ניט גענוג. האָט מען געבראכט נאָך. חבר וואסיא האָט געגעבען א צעטעלע צו אַן איינפלוסרייכע קאָמוניסטקע, חבר'טע פעניא. אז דאָראָטשקע איז געקומען צו איהר אויף דער דאטשע האָט זי גלייך גענומען וויינען. זינא האָט דערלאנגט דאָס צעטעלע. די חבר'טע פעניא האָט גלייכגילטיג א קוק געטאָן אויף די פרויען, איבערגעלייענט דאָס צעטעלע און לאנג געטראכט ביז זי האָט זיך ענטשלאָסען. פּאמעלאך צוגעגאנגען צום טעלעפאָן און אָפּגערופען וועמען מען האָט באדארפט...

# זעקסטער עפּיזאָד.

I

זינט סאשקע פראק, וועלכער האָט גענומען א גרויסען אָנטייל אין סימאָטשקע׳ס באפרייאונג, האָט אָנגעהויבען אָפּט צו איהם אריינקומען אין הויז ווי א היימישער מענש, זיין אַן אָפּטער גאסט צום טיש, וואלגערען זיך אויף די סאָפּעס, שושקען זיך דאָ מיט זינע׳ן און דאָ מיט סאָניע׳ן, האָט סימאָטשקע דערפיהלט, אז ער הויבט זיך אָן פארליבען אין דאָראָטשקע׳ן. הויבט ערשט אָן, אָדער שוין פארליבט זיך? א? א שרעק, א שרעק. פארליבט זיך אין זיין אייגען ווייב. אָדער אפשר ניט פארליעבט זיך? ניין, פארליעבט זיך. פארוואָס? וואָס עפּעס פּלוצים פאר א ליעבע, אויב סאשקע פראק סוד׳עט זיך מיט סאָניע׳ן אָדער זינע׳ן? וואָס פאר א שייכות האָט עס? און וואָס זאָל דאָס מיינען? "ער וואלגערט זיך אויף די סאָפּעס"? און אויב יא, דרינגט דערפון, אז מען דארף זיך פארליבען אין זיין אייגען ווייב? אָבער אזוי קומט עס ארויס, אז ווען סאשקע פראק סוד׳עט זיך שטארק מיט סאָניע׳ן אָדער זינע׳ן, וואקסט די פאר־ליעבטקייט, און אויב ער סוד׳עט זיך ניט א טאָג, צוויי, ווערט די פארליבטקייט אָפּגעקילט און אלץ איז אויפ׳ן אלטען שטייגער. אזא שפּיעל פארשטעהט ער ניט. אָדער יאָ, אָדער ניין! ווען סאשקע בויגט זיך איין צו זינע׳ן אָדער סאָניע׳ן און רוימט זיי עפּעס איין אויפ׳ן אויער, הויבט ער גלייך אָן ליעב האָבען זיין דאָראָטשקע׳ן. די דיקע אנטבלויזטע הענט ווערען אין זיינע אויגען צארט, איידעל, צויבערליך, דער דעקאָלטירטער האלז זיס, רייצענד, און אלץ אין

איהר זעהט אויס אומגעוועהנליך און פּרעכטיג. נאָר ווי נאָר דאָס סוד'ען הערט אויף, פאַרוואַנדלען זיך די צויבערליכע הענט אין די באקאנטע גראָבע הענט, און דאָס אומגעוועהנליכע ווערט גע־וועהנליך. א מאָדנער שפּיעל.

פון דעם דאַזיגען סאַשקע פּראַק איז אין שטוב עפּעס ווי ענג געוואָרען. וואו דו טוסט זיך ניט א ריהר — פּראַק! אין גאַסטצימער — פּראַק. אין קאַבינעט — פּראַק. אין עס־צימער — ווידער פּראַק. און אין שלאָפצימער אפילו. ווער איז אין פּאָטעל? פּראַק. צוואַנציג פּרעק זענען ביי איהם אין שטוב. אמת, איהם קומט א דאַנק — געראַטעוועט א מענשען. אָבער געראַטעוועט האָט ער דאָך איינמאָל, און דאַנקען, קומט אויס, דאַרף מען איהם כּמעט יעדען טאָג. גע־בען איהם אַן אָנצוהערעניש וועגען דעם טאָר מען ניט. ווי זאָגט מען א מענשען, וואָס האָט טעמפּעראַמענט און א רעוואָלווער דערצו? דאָס איז, ערשטענס. צווייטענס — געשעפט. מען איז גע־קניפּט און געבונדען דורך געשעפט. דריטענס, קען מען ווידער אריינפאַלען אין דער טשעקא. און פערטענס, אפשר איז עס נאָר אַן איינריידעניש, אז דאָ שמעקט מיט א ראָמאַן, און אין דער אמת'ן שמעקט מיט גאָר קיין זאַך ניט, און קיין שום ראָמאַן איז ניטאָ, און אלץ וואָס איז דאָ, — איז גאָר סודות מיט זינע'ן און סאָניע'ן. הויב אָן ריידען וועגען דעם, וועסטו גלייך צומישט ווערען. וואָס, טאָר שוין קיין יונגערמאַן ניט סוד'ען זיך א פּאָר מינוט?

— "פאַרענטפער איהם ניט, איך בעט דיך"! "און זאָל איהם פערענטפערן" מען בעט דיך ניט! ווער בעט ניט? איך! וואָס? איך וועל גלויבען אז ער געהט אהער צוליעב סאָניע'ן מיט זינע'ן? וואָס איז? סאָניע'ן דאַרף ער? אָדער זינע'ן? אזעלכע שענהייטן זענען זיי? דאַראָטשקע, יאָן זי איז א פולע, א בליהענדע, זיסע הענטלעך, די אויגלעך ברענען, און בכלל א פרוי, און איך וועל גלויבען, אז ער געהט אהער ניט צוליעב איהר? דאָס איז איינס. און צווייטענס קאָן דאָך זיין א אינטריגע און אַן אָבגערעדטע זאַך, אָדער פּשוט ס'ווילט זיך אימעצען אָנטהון מיך אין הערנער און אָב־נעהמען ביי מיר צוליעב דעם דאָזיגען באָלשעוויק מיין געליעבטע פרוי. א שרעק! נאָר פּאַר וואָס עפּיס א אינטריגע? פון וואַנען האָט זי זיך גענומען? פּשוט גענומען זיך פון ערגעץ. און דוקא איצט בין איך פאַרליעבט. א ווי ליעב. קיין מאָל ווערט עס ניט אָבגעברענט. אלע טעג

א וואַנע און דער פּאָר איז עס אַזוי ליעב און זיס. די הענטלעך ווי צוקער און די ליפּען — קאַרשען פון׳ם בוים. און דער פּאָר איז אַ אינטריגע! און ניט אַזוי שרעקליך צו טראָגען הערנער. הערנער זאָל זיין הערנער. אָקסען טראָגען זיי מיט גדלות און ס׳איז גאָר ניט אַזוי מיאוס. נאָר דער געדאַנק. אַזאַ געדאַנק קען אָוועק׳הרג׳ענען. קאָן איך זיך עס פאָרשטעלען אַז אָט, אָט די סאָוואַ, אָט דער אויסגעדאַרטער באָלשעוויק, וואָס זעהט אויס ווי אַנ׳אָבגעפּיילטער טשוואָק, זאָל אַרומנעהמען מיין ליעבע דאָראָטשקע. נו, זאָל זיין אַזוי. ער וועט אַרומנעהמען. און זי? וועמען וועט זי אַרומנעמען? אַ טשוואָק? ביי דעם אויסוואורף איז דען פאַרהאַן וואָס אַרומצונעהמען? ער איז דאָך אַ לויפענדיגער זעקעל ביינער. ער האָט דאָך אויף זיך קיין פּיצעל פליייש ניט. ס׳איז דען דאָ אין איהם אפילו וואָס אַ קניפּ צו טהון? און דאָראָטשקע האָט דאָך אַזוי ליעב אַ קניפּ טהון און דערביי פערבייסן די ליפּעלעך. יאָ, נאָר פאַר וואָס פיהל איך זיך אַזוי באַליידיגט? פאַר דאָראָטשקע׳ן איז עס מיר אַזוי אָנגעזאָלצען? און שוין האָב איך זיי צונויפגעפּאָרט. און וועט ער זי אַרומנעמען שוין קאָן זי איהם קיין קניפּ ניט געבען! אַ שרעק, אַ שרעק. וואָס איך בין פאַר אַ מענש! נאָר ס׳מאַכט ניט אויס. איך לעב נאָך. איך קאָן נאָך אַמאָל דערשיסען אָט דעם אויסוואורף! און וועל איהם דערשיסען און זאָל ער געהן צו אַל־די רוחות. און זי? איך זאָג גאָר ניט. אַ וואוילע, אַ געטרייע ווייב, אַ פרוי אָהן פּאָקוסען — האָט סימע געטראַכט, ניט באַמערקענדיג אַליין, ווי זיין פערליבטע שטימונג ווערט אָבגעקיהלט באַלד נאָך דעם ווי ער האָט ביי זיך אין געדאַנק גע׳הרג׳עט פראַקן — געווען אַ שענינקע און איצט גיט זי זיך אונטער צו ביסלעך. נו, וואָס־זשע, איך האָב ניט קיין טענות. גראָב געוואָרען. אמת, איך בין שולדיג, נאָר זי נאָך מעהר. האָט ליעב צו עסען קאַטשקעס מיט גענז און אַ שטיקעל הוהן וויל זי אפילו ניט אָנקוקן. דערפאַר זענען איהר די הענד אַזוי גראָב געוואָרן, ווייל זי האָט ליעב פעטס. איך זאָג איהר, דאָראָטשקע, גענוג צו עסען קאַטשקעס. מען דאַרף מיך אויך האָבן אין זינען. דו קלייבסט זיך דאָך ניט צובעווייזען אין צירק מענשען, אופי׳ן וואונדער. נאָר זי וועט זיך בעסער אָבזאָגען פון אַ שען קלייד, פון ציערונג, איידער פון אַ געשטאָפּטע קאַטשקע. יאַ. זי ווערט גאָר ניט אינטערעסאַנט — האָט ער וויטער געטראַכט שוין גאָר קאַלטבלוטיג—אינגאַנצען איז זי אַלט

זיבעץ און צוואנציג יאָהר. און ווער איז שולדיג אין דעם? די קאטש־קעס! האָט זיך אָנגעהויבען אָנטאָן אין ווייסע קליידער מיט א טיפען דע־קאָלטע. דוקא א טיפען דע־קאָלטע דארף זי. קורצע ארבעלעך. און די האָהר אונטער די אָרעמס. אלעס איז צום אָנקוקן, נאָר ווי זי וואָלט זיך אליין ארויסגעטראָגען אויפ׳ן מארק. א שרעק! א שרעק! מען דארף געהן אנגעטהון אין שווארצן, אָדער אין בלויעס צו בע־האלטען דאָס אָנגעהאנגען פלייש פון זיך. און אויב יונגלעך געפעלט עס, איז עס ניט קיין בעוויז. כאָטש מען קאָן ניט לייקע־נען. פראק האָט געזעהן פרויען און אויב דאָראָטשקע געפעלט איהם, איז עפּיס אין איהר דאָ אזוינס. ער, דער אויסוואורף, ווייס וואָס א פרוי בעדייט. און אויב דאָראָטשקע געפעלט מיר פאר וואָס זאָל זי איהם ניט געפעלן? א קלאָרע, א געזונדטע, אנ׳אָנגעגאָסענע, א בלי־הענדע. דאָס לייב, ווי אויסגעקנאָטן. וואו דו וועסט א קניפּ טהון, איז זאפטיג, געשמאק, לעבעדיג און שען צו קוקן — האָט סימע גע־טראכט ווידער א צוהיצטער און א פערליבטער — איך איך וועל גלויבן אז אָט די סאָווא סוד׳עט זיך גלאט אין דער וועלט אריין מיט סאָניע׳ן און מיט זינע׳ן? נאָר פּרוב זיך אָברופן מיט א וואָרט פאר דאָראָטשקע׳ן, מאכט זי זיך גאָר תמ׳עוואטע און באלד ענט־פערט זי: — פראק איז דען מיין חבר! נאָר אפשר וואָלטן מיר זיך שוין אמאָל אנגעזעטיגט מיטן חבר פראק? גענוג פאר אונז. אודאי, דו האָסט איהם געברויכט, איז פאר דיר גענוג, און איך האָב איהם ניט געברויכט איז פאר מיר נאָך ניט גענוג. אהא, זעהסטו? ״אליין זאָגסטו, אז פאר דיר איז נאָך ניט גענוג״! גענוג, און ניט גענוג. מיר איז אלץ איינס און הער אויף, סימקע, מיך צו פייניגען. ס׳איז מיר א בושה צו הערען אזעלכע ווערטלעך, אָנצוהערענישען.

וועלכע ווערטלעך? וואָס פאר אָנצוהערענישען? וואָס איז? געוואָרען שען. זיך אָנגעגאָסען, ווי אנ׳עפּל, פול מיט לעבען. איינגאנ־צען א שטיק פייער. איך ווייס אז זי געפעלט מיר צום טייוועל. און וואָס עפּעס, איז אָנצוהערענישען. נאָר דאָס איז דאָך טאקע דער אמת׳ער בעוויז און ניט דאָס, וואָס פראק סוד׳עט זיך מיט סאָניען און מיט זינען, און ניין א זייגער אין דער פריה דארף מען אוועק־ווארפען די ליעבע, דאָס אייפערזוכט און דעם גאנצען פייער דיינעם און לויפען אין אָט דעם פארשאָלטענעם ״סאָוונארכאָז״. און אז דו קומסט אהין, וואו איז דער חבר פראק? דער חבר פראק איז נאָך

נישטאָ. נאָך נישטאָ! אָ? מסתמא אריינגעלאָפּען צו מיר אויף א ווײַלע. פאר וואָס ניט? ווער קאָן איהם דען שטערען, אז איך בין אין "סאָוונארכאָז"! ניין! גענוג! איך וועל מעהר ניט געהן אין "סאָוונארכאָז". דו ביזט ביי מיר און איך בין אויך ביי מיר. איך וועל ליגען אין שטוב און וועל זי היטען,ווי א הונד.

## II

זינט סאשענקע פראק (אזא ליעבער נאָמען, פּונקט ווי דו זאָלסט שטענדיג זיין אויף א באל) האָט גענומען עפטער אריינקומען אין הויז, עסען מיטאָג, וואלגערען זיך אויף די סאָפּעס און סודות'דיג זיפּצען, האָט דאָראָטשקע פּלוצים דערפיהלט, אז זי איז שוין ניט די פריהעריגע דאָראָטשקע, נאָר א שעהנע פרוי, נאָך וועלכער מען יאָגט זיך. און ווי מען יאָגט זיך! צארט, מיט שעהנע, וואונדערליכע ווערטער און פאָרזיכטיג, פאָרזיכטיג. מען האָט איהר געלאָזט וויסען, אז מען קען אָהן איהר ניט לעבען. דערנאָך האָט מען איהר געגעבען צו וויסען, אז דאָס לעבען דאָס איז איהר שמייכעל, שטים, בליק, איהר ראָז קלייד מיט די קורצע ארבעלאך. און דערנאָך האָט מען איהר געלאָזט וויסען, אז אלע ווערטער, קאפּריזען, מעשים, ער־קלערונגען און נאָך א סך זאכען זענען דער רעזולטאט פּון איין געפיהל, וואָס אין פּשוט'ן לעבען הייסט עס ליעבע. ליעבע! זי איז געליעבט! און פון וועמען? פון דעם באָלשעוויק סאשענקע פּראק.

געוויס, ער האָט איהר ניט געזאָגט פּשוט: איך ליעב אייך. נאָר א פרוי מיט געפיהלען דערפיהלט עס. עס איז ניט נויטיג איהר צו זאָגען: "איך ליעב אייך". זאָל ער אביסעל אָפּווארטען. זי פאָהרט נאָך אין ערגעץ ניט אוועק.

... נאָר... נאָר ווי אנגענעהם איז, צום ביישפּיעל, צו געהען מיט איהם געאָרימט, ווען זיי קערען זיך אום פון טעאטער! ער איז ערשטענס א הויכער און שטארקער. צווייטענס, שפּארט זי זיך אזוי אָן אין זיין אָרעם, שפּארט זיך אזוי צוטרויליך אָן, אז זי פיהלט גאָרניט צי זי געהט, צי ער טראָגט זי. מיט סימקע'ן קען מען דען געהען געאָרימט? ערשטענס, זענען ביידע כמעט פון איין וואוקס. ווי־זשע קען מען זיך אָן איהם אָנשפּארען? איהר האנט

ליגט אויף זיינער ווי אויף א טיש. צווייטענס איז סימקע א פולער מאנספארשוין, און זי איז אויך פול. און דריטענס, איז בכלל א קנאפער פארגעניגען. סימקע איילט זיך אייביג, איז שטענדיג פאָראויס, און זי דארף איהם דעריאָגען, און א חוץ דעם שווייגען זיי און געהען ווי צוויי סלופעס, ער אביסעל פאָראויס, און זי עפעס פון דער זייט, אביסעל פון הינטען. און דאָס איז דער גאנצער פארגעניגען. נו טאקע, קענען סלופעס רעדען צווישען זיך? און וועגען וואָס איז דאָ צו רעדען? ווידער וועגען געשעפט? שוין אָנגערעדט זיך. וועגען סאָוונארכאָז, געהילץ, סאָדע? צי די באָלשעוויקעס וועלען אוועק צי נייז? וועגען דעם שוין אויך זיך אָנגערעדט. נו, גוט, אמאָל רעדט מען וועגען א שטערן. מ'קאָן ניט זאָגען, דאָס איז אויך א שמועס. טוסט א קוק אויפ'ן הימעל, דערזעהסט א שטערן און רעדסט וועגען דעם. נאָר וויפיעל איז דער שיער צו רעדען וועגען א שטערן? עס מאכט זיך אמאָל, דערזעהסט א שטערן און שווייגסט. אָבער מיט סאשענקע פראק'ן! מען רעדט און מען רעדט און עס דאכט זיך, אז עס וועט זיך גאָר קיינמאָל ניט אויסשעפען. ער איז אזא בארעדעוודיגער, שיט און שיט, אן אמת'ער אָראטאָר. קיין ווילינקע שווייגט ער ניט. די טעג, למשל, האָט ער מיט איהר גערעדט וועגען די אויפגאבען פון די פארטיי. עס איז טאקע שווער געווען צו פארשטעהען, אָבער זי האָט פארשטאנען. פארשטעהט זיך, עס איז איהר קלאָר געווען צו וואָס ער צילט. זי שטויסט זיך שטענדיג אָן צו וואָס ער צילט. אָבער ער האָט גערעדט אזוי אינטערעסאנט, אז זי וואָלט איהם געקענט הערען ביז פארטאָג. ער האָט געהאט אזא פארקלערט פנים און זיינע אויגען האָבען אזוי שעהן געגלאנצט, אז ווען אן אנדערע זאָל זיין אויף איהר אָרט, וואָלט זי זיכער געפאלען אין זיינע אָרעמס. אָבער זי איז ניט קיין אנדערע און וועט עס, פארשטעהט זיך, קיינמאָל ניט טאָן. פארראטען איהר סימקע'ן? גאָט באהיט! אמת, סימאָטשקע איז דיק געוואָרען. נו, געוויס, געזונטערהייד. אָבער דער בויך קען דאָך אזוי גראָב ווערען, אז מען זאָל ניט קענען זיך זעצען צום טיש. אמת, געזונטערהייד, אָבער מען דארף דאָך וועגען ווייב אויך א טראכט טאָן. סאשינקע פראק, צום ביישפיעל, וועט קיינמאָל ניט האָבען קיין בויך. עס איז גאָר קאָמיש א טראכט צו טאָן: סאשינקע פראק מיט א בויך. דאָס איז פארשטעהט זיך, ניט קיין אורזאך. און איך וועל אויך דערפאר ניט פארראטען מיין

סימקע׳ן, ווייל עס וואָלט געווען אַ שווינערײַ פון מײַן זײַט. סימאָטשקע איז מיר שטענדיג טרײַ געווען, קײנמאָל מיט פרויען ניט אינטערעסירט זיך, האָט מיך ליעב און איצט פאַרגעטערט ער מיך אפילו, און איך פאַרראַטען — קײנמאָל ניט! אַ מאַן האָט מעהר רעכט צו פאַרראַטען, ווי אַ פרוי, און ווען אפילו איך זאָל אויסגעהען פאַר ליבע, וועל איך די ערשטע עס קײנמאָל ניט טאָן. אַ חוץ דעם איז סימאָטשקע אַ קינד, האָט אַ גוט האַרץ און איז גרייט יעדען אײנעם די נשמה אוועקצוגעבען. ווי־זשע וועט זי אַזאַ מאַן פאַרראַטען? נאַרישקײטען. עס וועט קײנמאָל ניט געשעהען. אמת, זי איז זעהר אַ רײַכע פרוי, און רײַכע פרויען מעגען זיך ערלויבען צו פאַרראַטען. און אָרימע, איז אַן אַנדער זאַך. ליגט דען אין קאָפּ אַן אָרימער? אָדער אַ רײַכער? צו געלט, צו לוקסוס פאַסט זיך ליעבע. ליעבע מאַכט דאָס לעבען זיס, און מסתמא איז עס אַזאַ געזעץ, אַז רײַכע פרויען זאָלען זיך פאַרליעבען. און אויב עס איז אַזאַ געזעץ, מעג איך אויך נאָר דערווייל ניט. דערווייל נאָר האָניג און האָניג. פריהער, צום בײַשפּיעל, פלעגסט קומען מיט סימאָטשקע׳ן אין קאַפע. זיצסט זיך געוועהנליך און לאַנגווײַליגסט זיך. ער טרינקט זיך זײַן קאַווע, איך עס מײַן ״מאָראָזשענע״ און גאָרנישט. ער קוקט אין אײן זײַט, איך קוק אין דער אַנדערער. מען פלעגט קומען אָהן אַ וואָרט, זיצען אָהן אַ וואָרט, אוועקגעהען אָהן אַ וואָרט. איך פלעג פון לאַנגווײַליגקײט קאָלופּען מיט׳ן לעפעלע אין די ״מאָראָזשענע״ און גענעצען. ער טרינקט קאַווע, קוקט אויף מענשען און שווייגט. זאָג צום ווייב אַ וואָרט. שווייגט. ניטאָ וואָס צו זאָגען. און איך האָב אויך ניט וואָס צו זאָגען. שווייגען מיר. נאָך אַ קאַווע? נאָך אײנע. ניין, קײן ״מאָראָזשענע״ מעהר ניט. גיט מיר צוקער־געבעקס. און ווידער שווייגען מיר. געהען אוועק. ער פליהט פאָראויס, איך פון אונטען!

— פאַרוואָס געהסטו אַזוי פּאַמעלאַך, דאָראָטשקע?

— פאַרוואָס פליהסטו?

איך פליה ניט. נאָר מען דאַרף געהען, ווי אַ מענש, און ניט ווי אַ קאַטשקע.

— זאָל זײַן ווי אַ קאַטשקע!...

אָבער איצט, ווען איך און סאַשינקע פּראַק קומען אַרײַן אין אונזער קאַפע איז שוין מײַן טעה אין גאַנצען קאַלט ווען איך נעהם זיך צו איהם. ער רעדט איך ענטפער ווידער. אַן אמת׳ער דועט. ער

לאָזט אַרונטער די אויגען, און איך לאָז אַרונטער די אויגען. ער הויבט זיי אויף, און איך הויב זיי אויף. לאָזען מיר ביידע אַראָפּ די אויגען. ער רעדט איך ענטפער ווידער, און אויפ׳ן האַרצען איז אַזאַ פרייד, פיהלסט דערביי אַזאַ פאַרגעניגען, אַז דו געדענקסט אפילו ניט וואָס ער האָט גערעדט און וואָס דו האָסט געענטפערט.

... אָבער מאָרגען, מאָרגען! מאָרגען וועלען מיר אַלע, איך, סאַשענקע פראַק און זיינע חברים ווידער געהען צום ים. סאַשענקע וועט ברענגען מיט זיך אַ פאָטאָגראַפישען אַפּאַראַט און וועט מיך אַרונטערנעהמען ביים באָדען זיך. אַך, ווי גוט מיר פאַרברענגען דאָרט די צייט. יונגוואַרג! טומעל, געלעכטער! דער ים רוישט אָדער רוישט ניט. אַלע האַלטען זיך פריי אָהן צערעמאָניעס. ער אין אַ באָד קאָסטיום. זי אין אַ באָד־קאָסטיום. ער לויפט איהר נאָך, זי לאָזט איהם. אַלע געהען צוזאַמען אין וואַסער אַריין. מען שווימט אָדער מען שווימט ניט, מען פּלוידערט, מען באַשפּריצט איינער דעם אַנדערן מיט וואַסער, מען לאַכט. ער לערנט זי שווימען. עס איז שעהן אויפ׳ן וואַסער און שעהן אויפ׳ן ברעג. אַ באַרג גרינס. שוואַרצע, רויטע קאָסטיומען... און קיינער שעהמט זיך ניט, וואָס מען איז אַלע אינאיינעם. און טאַקע פאַרוואָס זאָל מען ניט טאָרען? אויף אַ באַל קומען אַ נאַקעטע מעג מען? סאַשענקע האָט עס מיר גוט באַוויזען, און איך האָב זיך אינגאַנצען אויפגעהערט צו שעהמען. אמת, די טעג איז געשעהען אַן אומאַנגענעהמע געשיכטע. פּלוצים זענען אָנגעקומען סאָלדאַטען און פאַרנומען אַלע בורזשוין און בורזשויקעס און אפילו ניט געלאָזט זיך זיי אָנטאָן.

מען האָט אַלעמען, אָט ווי זיי זענען האַלב־נאַקעטע, איבער דער גאַנצער שטאָדט געטריבען אין די קאַזאַרמעס. אַ שרעק, וואָ סעס האָט זיך אָפּגעטאָן. אַ ליאַרעם, אַ געוויין, היסטעריקע... אָבער עס האָט ניט געהאָלפען, מען האָט זיי אַוועקגעטריבען. גוט, וואָס דערביי איז געווען סאַשענקע און אָפּגעראַטעוועט מיך. ער האָט געוויזען זיינע פּאַפּירען, און מען האָט אונז גלייך אָפּגעלאָזען. אָבער איך האָב זיך אינגאַנצען געטרייסעלט פון שרעק. און פונדעסטוועגען אויף מאָרגען איז ביים ים ווידער פול געווען. איצט האָט סאַשענקע ביי מיר גע׳פּועל׳ט, אַז איך זאָל איהם לאָזען פאָטאָגראַפירען, און עס וועט מאָרגען זיין פרעהליך. אָבער סימאָטשקע ווייסט ניט, אַז איך געה זיך באָדען, ער וואָלט באַלד גאָט ווייסט, וואָס חושד געווען. און אין דער אַ מת׳ן איז דאָך עס

גאָרניט מיט גאָרניט. אָבער איך מיין, איך וועל זיך שעהמען, ווען סאשענקע וועט מיך פאָטאָגראפירען. אָבער עס איז אזוי אינטערע־סאנט צו זעהען, ווי איך זעה אויס אין באָד־קאָסטיום. ער האָט מיר געזאָגט, אז איך בין אין וואסער אן אמת׳ע וואסער־פעע. שוין־זשע זעה איך אויס ווי א וואסער־פעע? מאָרגען וועל איך ארויספראווען סימאָטשקע׳ן וואָס פריהער אין סאָווגארכאָז, אז איך זאָל קענען צעהן א זייגער זיך באגעגנען מיט סאשענקע׳ן. ווי שווער עס איז צו זיין פארהייראט און צו זיין געליעבט פון אן אנדערן! אָבער איך וועל עס שוין ווי ניט איז איינאָרדענען. וועל מוזען איינאָרדענען. ער וועט דאָך נעביך קומען מיט׳ן אפאראט. איך וועל אָנטאָן מיין שווארצען באָד־קאָסטיום און די פאָטאָגראפיע וועט ארויסקומען אן אנטיק...

## III

א הייסער טרוקענער פריה־מאָרגען. קיין וואָלקענדעל ניט אויפ׳ן הימעל. סימאָטשקע און דאָראָטשקע רוהען נאָך אין זייערע ברייטע נידריגע בעטען, אין איטאליענישען סטיל, וועלכע זענען געקויפט געוואָרען, בשעת דאָ זענען געוועזן די דאָבראָוואָלצעס. ווען מען האָט ארויסגעטראָגען די אלטע בעטען, אויך גוטע, האָט סימאָטשקע געזאָגט דאָראָטשקע׳ן:

— איצט וועלען מיר שלאָפען אין אזעלכע גוטע בעטען, אז עס וועט זיך דאכטען, זיי קושען דאָס לייב. ביי דיר וועט זיין א בעט, וואָס קושט זיך, און ביי מיר. און זומער־צייט וועט יעדער שלאָפען אין זיין בעט.

סימאָטשקע האָט זיך אויפגעכאפּט אין איין צייט מיט דאָ־ראָטשקע׳ן, פונקט ווי זיי וואָלטען צווישען זיך אָפּגערעדט אויפ־צוכאפּען זיך אין איין און דערזעלבער מינוט. אָבער דאָראָטשקע וויל ניט ווייזען סימאָטשקע׳ן, אז זי האָט זיך אויפגעכאפּט, ווייל זי קלייבט זיך נאָך אביסעל צו טרוימען. און סימע וויל ניט ווייזען דאָראָטשקע׳ן, ווייל עס איז ביי איהם באשלאָסען ניט צו געהען היינט אין סאָווגארכאָז און אָפּהיטען זי פון סאשקע פראק׳ן.

— שלאָפסט? — האָט ענדליך געפרעגט סימע, וועלכער האָט ניט געקענט אויסהאלטען דאָס שווייגען.

— און דו? — האָט דראָטשקע געענטפערט נאָך אַלץ אַ פאַרטרוימטע.

— אַז איך פרעג, — האָט סימע באַמערקט, — איז אַ סימן, אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. וועגן וואָס טראַכסט דו?

— און וועגן וואָס טראַכסטו? — האָט זיך דראָטשקע פאַר־אינטערעסירט.

— וועגן גאָרנישט, — האָט סימע געענטפערט. — און דו?

— אויך וועגן גאָרנישט.

—וואָס הייסט וועגן גאָרנישט. אַ מענש טראַכט שטענדיג וועגן עפּעס.

— און איך וועגן גאָרנישט. — האָט דראָטשקע אָפּגע־שניטען. — וויפיעל איז איצט דער זייגער? וואָס ברענגט זינע ניט אריין די קאַווע? עס איז דאָך שוין צייט פאַר דיר, צו געהען אין סאָוונארכאָז.

— און אויב איך וואָלט היינט ניט געגאַנגען אין סאָוונאר־כאָז? — האָט סימע פאַרזיכטיג געזאָגט, דערפיהלענדיג דעם סם פון אייפערזוכט. — עפּעס ווילט זיך מיר ניט געהען.

"אין סאָוונארכאָז שיקט זי מיך גאָר", האָט ער געטראַכט. "נעהמט זיך אַזוי צום הארצען דעם סאָוונארכאָז. מסתמא דאַרף זי נויטיג, אַז איך זאָל אוועקגעהען. אָבער איך וועל, טייערע, בלייבען".

"ער וויל שוין אין סאָוונארכאָז ניט געהען", איז דראָטשקע פאַרציטערט געוואָרען. "און סאַשענקע? ער וועט דאָך צעהן אַ זייגער מיך אָפּוואַרטען אין גאַס".

— וואָס הייסט, דו וועסט ניט געהען אין סאָוונארכאָז? — האָט דראָטשקע מיט אַ קוים מערקבאַרען פאַרדרוס געפרעגט. — און וואָס וועט מען דאָרט זאָגען? אַ חוץ דעם, אויב דו וועסט היינט ניט געהען, וועט זיך דיר מאָרגען אויך ניט גליסטען צו געהען, און דערנאָך וועט זיך דיר שוין קיינמאָל ניט גליסטען צו געהען . דו הויב נאָר אָן צו פוילען זיך, וועסטו זיך נעהמען וואַלגערן גאַנצע טעג אויף די סאָפעס און וועסט נאָך פעטער ווערען. דיין אָרגאַניזם וואַרט נאָר אויף דעם, אַז דו זאָלסט אויפהערען געהען אין סאָוונארכאָז.

"ווי זי טרייבט עס", האָט סימאָטשקע געטראַכט. "נאָר עס מאַכט ניט אויס. איך וועל ניט געהען. איך וועל זי איבערכיטרעווען."

— אַ מאָדנע זאַך, — האָט ער געזאָגט, — עס קומט אויס, אַז

לויט דיין מיינונג, געה איך אין סאָוונארכאָז זיך קורירען, אז דער סאָוונארכאָז איז שוין געוואָרען א קליניק.

—איך קוק ניט אויפ'ן סאָוונארכאָז, ווי אויף א קליניק פאר דיר, — האָט דאָראָטשקע געענטפערט. — נאָר אויב דו וועסט אויפהערען צו געהען אהין, וועל איך. ווירקליך נעהמען קוקען אויף איהם, ווי אויף א קליניק.

"קלוג זיך אויסגעדרעהט", האָט סימאָטשקע א טראכט געטאָן. "וואָס זאָגט מען איהר איצט? און אפשר איז גאָר קיין זאך ניטאָ און עס איז נאָר מיינע א פאנטאזיע? א פּראָסט דיק ווייבעל. וואָס אָט דאָ צו היטען? ווע‏מען צו היטען? זיסע ליפּען, אויגען אנגענעהמע, קיין שום באזונדערעס, נאָר זעץ דאָ אוועק סאשקע פּראק'ן ווערט זי באלד הונדערט מאָל אזוי שעהן. ער וואָלט איהר זיכער די הענט אויפגעגעסען. יאָ, זי געפעלט מיר. איך האָב זיך פאַרליעבט אין איהר. א שרעק! אין אן אייגען ווייב! ניין, איך וועל ניט געהען אין סאָוו־נארכאָז! ניין, וועסט מיך פון דאנענט ניט ארויסנארען. איך וועל זיצען און היטען. איך בין א כיטרער מענש."

— אגב, ווייסטו וועגען וואָס איך האָב איצט געטראכט? — האָט ער געפרעגט.

— צום ביישפּיעל, וועגען וואָס? — האָט דאָראָטשקע קאַלט געזאָגט.

—וועגען דעם, אז מען מוז אויפהערען שפּאצירען מיט סאָניע'ן, זינע'ן אָדער אימיצען אַנדערש. מען כאפּט פרויען אין די גאסען און מען שיקט זיי ארבייטען. די טעג, למשל, האָט מען געכאפּט בורזשוויקעס ביים באָדען זיך און אוועקגעשיקט זיי וואשען די קאזארמעס. מען זאָגט אז עטליכע זענען פאראומגליקט געוואָרען. און בכלל זענען איבערפאלען איצט געוואָרען אן אָפטע זאך. נעכטען האָבען סאָלדאטען ארומגעקייטעלט פינף גאסען, ארעסטירט ביי פינף הונדערט מענשען: מענער, מיידלעך, אלטע, קאליקעס און בכלל ווע‏מען עס האָט זיך געמאכט. א שרעק וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן. גוט וואָס דו געהסט זיך קיינמאָל ניט באָדען. מען וואָלט דיך זיכער פארנומען און דו וואָלסט שוין געוואוסט וואָס דאָס הייסט וואשען זעלנערישע קאזארמעס.

— און אפילו, אז איך זאָל וויסען — האָט דאָראָטשקע

געענטפערט — אָבער צום ים זיך באָדען װאָלט איך ניט געגאַנגען. צו װאָס זאָל איך אַהין געהען?

— פאַרשטעהט זיך, אַהן מיר װאָלסטו ניט געגאַנגען — האָט סימאָטשקע צוגעשטימט. — אָבער פונדעסטװעגען... געה אין גאַס אויך ניט. נעהמט עס דער טײװעל דאָס שפּאַצירען ניט כדאי צו ריזיקירען.

— צו װאָס האָסטו זיך בכלל צערעדט װעגען דעם? — האָט זיך דאָראָטשקע כלומר'שט פאַרװאונדערט. — קײנער קלײבט זיך ניט צו געהען שפּאַצירען.

—נײן, װײל עס איז געקומען צום װאָרט — האָט סימאָטשקע געזאָגט. — מיר דאכט זיך, אז איך װאָלט געשטאָרבען, װען מען אַרעסטירט דיך, א קלײניגקײט, אַראָפּקומען אין קאַזאַרמע אין א באַד־קאָסטיום! און װי װײט סאָלדאַטען זענען העפליך איז מיר נאָך פאַרבליבען אין זכרון פון דער טשרעזװיטשאַיקע.

—אָבער טו דאָך א קוק װי שפּעט עס איז? — האָט דאָראָטשקע אומגעדולדיג געזאָגט. — װעסט פאַרשפּעטיגען אין סאָװנאַרכאָז.

— איך געה ניט אין סאָװנאַרכאָז — האָט סימאָטשקע געזאָגט מיט אומערװאַרטעטער ענטשלאָסענקײט װעלכע האָט איהם אלײן פאַרװאונדערט. — נעהמט עס דער טײװעל! מיר געפעלט צו ליגען אין בעט. װעל איך װערען גרעבער. האָב איך א דאגה. פאַרװאָס זאָל איך זיך אָפּזאָגען פון דעם פאַרגעניגען? דו ליגסט און איך װעל ליגען. װאָס בין איך א קבצן װאָס מוז לויפען פאַרדיענען זײן שטיקעל ברויט? מיר איז אנגענעהם צו ליגען נעבען דיר און שמועסען.

—אָבער איך װעל ניט ליגען — איז דאָראָטשקע אינערליך פאַרגליװערט געװאָרען. — דו ליג און איך װעל אויפשטעהען.

—װעל איך אויך אויפשטעהען! — האָט זיך סימאָטשקע אָנגעכאַפּט. — אז דו װעסט ליגען, װעל איך ליגען. אז דו װעסט אויפשטעהען, װעל איך אויפשטעהען. מיר איז אנגענעהם מיט דיר. איך װעל פאַר קײן פאַל ניט געהען אין סאָװנאַרכאָז.

„איך האָב זעהר קלוג באַשלאָסען", האָט ער זיך א קניפּ געטאָן אין בעקעל. „א שעהנע, א פרישע, אַן אנגענעהמע. באַלד װעט זי געהען אין דער װאַנע פּאָלירען איהר לײב. איך װעל אויך נעהמען א װאַנע. געהט צום טײװעל דער סאָװנאַרכאָז. איך װיל ניט".

„אָט אַן אומגליק" האָט זי געטראַכט. „עס איז גאָר קײן פאַר־

גנניגען ניט, ווען מען איז אויף דיר אייפערזיכטיג. פארוואָס איז ער אייפערזיכטיג? אזא נארישקייט. עס איז נאָך קיין שום זאך ניט געווען און וועט ניט זיין, און ער לאָזט מיך שוין ניט לעבן. איך וועל זיך אויף איהם אָנבייזערען. אפשר וועט ער זיך באליידיגען און וועט אוועקגעהען. ניין. איצט וועט ער ניט אוועקגעהען. אָרימער סאשענקע מיט'ן אפאראט. ווארטען אין אזא היץ מיט אן אפאראט. ער וועט זיין אויסער זיך. אָבער וואָס קאָן איך טאָן, אז סימקע איז מיט אמאָל פון זינען אראָפּ. אָט, זיי א פארהייראטע פרוי. אפילו קיין קליינינקען ראנדעוואו קאָן מען ניט מאכען".

— וועגען וואָס טראכסטו, דאָראָטשקע? — האָט סימאָטשקע פארליעבט געפרעגט און ארויפגעלעגט די האנד איהר אויפ'ן אקסעל.

— וועגען קיין זאך ניט — האָט דאָראָטשקע געענטפערט און אראָפּגעטרייסעלט זיין האנד. — וועגען וואָס האָב איך צו טראכטען?

— אָבער עפּעס א געדאנק מוז דאָך זיין ביי דיר אין קאָפּ — האָט ער געזאָגט און ווידער אוועקגעלעגט די האנט אויף איהר אקסעל.

— קיין שום געדאנק איז ניטאָ ביי מיר אין קאָפּ — האָט דאָראָטשקע אָפּגעשניטען, ווידער אראָפּטרייסלענדיג זיין האנט — און לאָז אָפּ,! טשעפּע מיך ניט. די הענד זענען ביי דיר הייס.

— און מיר האָט זיך עפּעס פארגלוסט צו לעגען זיך נעבען דיר — האָט סימאָטשקע זיך געבעטען. — שטענדיג ליגען מיר באזונדער און האָבען זיך אפילו אָפּגעוואוינט צו ליגען צוזאמען. וואָס איז עס פאר אן אריסטאָקראטישעם ליגען באזונדער? גענוג פאר מיר.

— איך האָב זיך גאָרניט אָפּגעוואוינט — האָט דאָראָטשקע געזאָגט. — אפשר האָסטו זיך אָפּגעוואוינט. הויב זיך ניט אויף. ליג וואו דו ליגסט. ביזט פון זינען אראָפּ? באלד טראָגט זינע אריין די קאָפּע.

— נו, זאָל זי טראָגען — האָט סימאָטשקע געברענט. — וואָס איז, זי ווייסט עס, אז מיר זענען מאן און ווייב?

— זי ווייסט ניט — האָט זיך דאָראָטשקע פארפּלאָנטערט. וואוהין קריכסטו? אויב דו לייגסט זיך ניט, הויב איך זיך גלייך אויף. זי געהט דאָך די רגע אריין.

— אָט א קאָקעטקע — האָט סימאָטשקע געטראכט, צוריק

איינאָרדנענדיג זיך אין זיין בעט. — זי ווייסט, אז זי געפעלט מיר און נוצט עס אויס. ווארט נאָר אויף, אז דו וועסט אלט ווערען, וועסטו זיך ביי מיר בעטען, און איך וועל זיך אָפּזאָגען! איך וועל דיר דערמאָנען דיינע ווערטעלאך. נישקשה, עס וועט קומען מיין שעה אויך.

מען האָט פאָרזיכטיג און דעליקאט אָנגעקלאפּט אין טיר. דאָ־ראָטשקע האָט מיט פאָרוואורף א קוק געטאָן אויף סימע׳ן, ווי זי וואָלט זאָגען: ״זעהסט?״ א ציה געטאָן אויף זיך דעם ליילאך און געלאָזען די הענט דרויסען.

— מעג מען צו אייך? — האָט זיך דערהערט אונטער דער טיר זינא׳ס סאָפּראנאָ.

— מען מעג, מען מעג, טייערע, מיר שלאָפען שוין ניט — האָט דאָראָטשקע געענטפערט.

זי האָט זיך ארויסגעקליבען העכער, האָט זיך אונטערגעלעגט א קישעלע הינטער דער פּלייצע, און זעהר באקוועם געמאכט זיך פון די פיס א טיש און פון ליילאך א טישטוך. זי האָט זיך אזש צעשמייכעלט פון הנאה. זי האָט הנאה געהאט דערפון, וואָס זי דארף זיך גאָר קיין ריהר ניט טאָן אויף צו קריגען איהר קאפע, ביינעלאך, פּוטער, אייער — מיט איין וואָרט, אלץ וואָס האָט זיך געפאָדערט צום פריהשטיק. זי האָט אפילו אָן סאָניעטשקע׳ן איצט פארגעסען און נאָר געקוקט צו דער טיר. סימאָטשקע האָט זיך אויך ארויפ־געקליבען העכער. די טיר האָט זיך געעפענט און עס זענען אריין איינע נאָך דער אנדערער זינע און סאָניע, מיט קרעדענצען אין די הענט. סאָניע איז צוגעגאנגען צו סימע׳ן און זינע צו דאָראָטשקע׳ן.

— גוטמאָרגען — האָט סאָניע געזאָגט מיט איהר קאָנטראל־טאָ — היינט, סעמיאָן גריגאָריעוויטש — האָט זי מיט א לייטזע־ליגען שמייכעל — האָב איך אייך אָנגעגרייט א סורפּריז פאר פריהשטיק... סארדינקעס — האָט זי כמעט תאוה׳דיג געזאָגט און איבערגע׳חזר׳ט: סארדינקעס! פריש, ווי מען וואָלט זיי נאָר וואָס געבראכט פון פאריז. די פּוטער איז ווי בורשטין.

— פון וואנען נעהמען זיך אין אזא צייט סארדינקעס? — האָט סימאָטשקע פארוואונדערט געפרעגט.

— עסט געזונטערהייד און פרעגט ניט — האָט סאָניע

געגנטפערט — דאָס זענען רעקווייזירטע סארדינקעס. און צוגעשיקט האָט זיי חבר פראק.

— פראק האָט אונז צוגעשיקט סארדינקעס?—האָט סימאָטשקע מיט פארדרוס איבערגעפרעגט, פונקט ווי עס וואָלט זיך איהם ניט גלויבען, און א קוק געטאָן אויף דאַראָטשקע'ן. — ווען האָט ער זיי געשיקט?

— איך געדענק ניט ווען — האָט זיך דאַראָטשקע אויף קיין האָר ניט פארלאָרען. — אך, יא, דאכט זיך אייערנעכטען.

— האָט מען מיר געדארפט אייערנעכטען זאָגען — האָט סימאָטשקע מיט רוגזה געזאָגט און גענומען זיך פונדעסטוועגען מיט גרוים הנאה צו די סארדינקעס.

— פארוואָס? — האָט זיך דאַראָטשקע פארוואונדערט. — איז עס צום ערשטען מאָל, וואָס חבר פראק שיקט אונז פּראָדוקטען? און קאָניאק? און ליקער? און שאמפּאניער? און קאָנפעקטען? וואָס הייסט "מען האָט געדארפט זאָגען"?

— וואָס געפעלט דיר עפּעס ניט, אז מען האָט געדארפט זאָגען?

— האָט סימאָטשקע געפרעגט, אָננעהמענדיג א פול מויל מיט ברויט, סארדינקע און ציטרין. — עס האָט זיך מיר געוואָלט, האָב איך געזאָגט: "מען האָט געדארפט זאָגען"!

— טאָ זאָל זיך דיר אן אנדער מאָל ניט וועלען — האָט דאַראָטשקע געענטפערט, און גראציעז א קוועטש געטאָן דעם ציטרין איבער דער סארדינקע.

— אפשר איז אייך צו טונקעל? — האָט זינע ליבענסווירדיג געזאָגט — איך וועל אויפהויבען די ראָלעטען.

זי איז צוגעגאנגען צום פענסטער און אויפגעהויבען די ראָלעטען, א קוק געטאָן וואָס ס'טוט זיך אין גאס און אָנגעזאָגט:

— מען שטעהט אין אָטשערעד".

— עס וועט צו די "אָטשערעדען" קיינמאָל קיין סוף ניט נעהמען — האָט דאַראָטשקע געזאָגט, מאכענדיג גראציעז מיט די הענט — וואָס שטעהען זיי דאָרט שטענדיג אין אזא היץ. עס איז מיר אויף זיי א ביטערער רחמנות. זינע, גיסט מיר אָן קאווע.

— דו וואָלסט דאָרט אויך געשטאנען — האָט זיך סימאָטשקע אָפּגערופען — ווען ניט איך. פון אלצדינג פארהיט איך דיך און דו פיהלסט אפילו ניט, אז מיר לעבען אונטער די באָלשעוויקעס. יאַ־

קאַבסאַנ׳ס ווייב געהט שוין דריי חדשים אליין אין מארק אריין, און דו האָסט נאָך אפילו דעם מארק ניט א שמעק געטאָן.

— וואָס־זשע האָסטו צו מיר טענות דערפאר? — האָט דאָראָטשקע געפרעגט. מסתמא בין איך אזא ווייב, וועלכע מען דארף פון אלדאָס שלעכטס אָפּהיטען.

— איך האָב צו דיר קיין טענות ניט — האָט סימאָטשקע געענטפערט. — איך רעד גלאַט אזוי זיך. דו פּיהלסט ניט! וואָס באטראכסטו דאָס זעמעלע איידער דו לעגסט אריין אין מויל? ביזט דערמיט ניט באקאנט?

— און פארוואָס שווייג איך, ווען דו עסט סארדינס מיט א מעסער?

— איך עס ניט מיט קיין מעסער! — האָט סימאָטשקע פייערליך און ביטער געענטפערט, שפּאלטענדיג די סארדין מיט א מעסער מיט אזא געפּיהל, פּונקט ווי אויפ׳ן טעלער וואָלט געלעגען ניט קיין געקעפּטע סארדינקע, נאָר סאשקע פראק אליין. — מיך וואונדערט נאָר, אז ווען איך זאָל ניט עפּענען קיין סארדינקע, געפּין איך שטענדיג איינס און דאָסזעלבע פון איהר: אין מיטען א ווייסביינדעל און ארום עפּעס הארטע שטיקלאך און ווייטער קיין זאך ניט. קיינמאָל קיין שום אנדער זאך ניט. זאָל כאָטש איינמאָל זיין א טעות. געהסט זיך צו צו דער סארדינקע און עפּענסט זי ווי דיין אייגענעם בופעט: א ביינדעל, הארטע שטיקעלאך, פּונקט ווי איך וואָלט זיי דאָרט אליין אריינגעלעגט.

— אנטקעגען וואָס איז דאָס? — האָט דאָראָטשקע געפרעגט, דערפּיהלענדיג אין זיינע ווערטער עפּעס אן אָנצוהערעניש אויף פּראקע׳ן.

—אנטקעגען גאָרנישט — האָט סימאָטשקע ביטער געענטפערט — נאָר עס קומען פארשידענע געדאנקען אין קאָפּ אריין.

— און ווי אויף להכעים בין איך היינט פּשוט ענטציקט פון איהרע ענטבלויזטע הענט — האָט ער געטראכט — דעם גאנצען צימער פארנעהמט זי מיט איהרע הענט.

— דארפסט אין סאָוונארכאָז געהען, און דו פארנעהמסט זיך נאָר מיט געדאנקען, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט. — ניט איצט איז די צייט דערפאר.

— פארוואָס עפּעס ניט די צייט? — האָט סימאָטשקע זיך

אָפּגערופן. — זאָג אדרבא פּארוואָס. אין גאסען זענען ״אָטשערעדען״, וואו דו טוסט זיך נאָר א קעהר. איינס. מענשען בראָטען זיך אויף דער זון. צוויי. יעדען טאָג משוגענע דעקרעטען. דריי. אין די כּארדינקעס געפינסטו שטענדיג ווי אויף להכעיס אינוועניג אביינדעל. אָט האָסט דו דיר פיער, און ווען אימיצער פון דער ״אָטשערעד״ וואָלט אויף מיר א קוק געטאָן, וואָלט ער געמיינט, אז איך בין דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט...

— און מיט וואָס איז דיר שלעכט? — האָט איהם דאָראָטשקע איבערגעשלאָגען...

— און איך בין אומגליקליך, — האָט ער זיך אָנגעכאפּט. — איך מוז געהען אין סאָוונארכאָז, און מיר ווילט זיך ניט געהען, און דאָס גריזשעט מיך, איידער דו טוסט שוין יא עפּעס אין סאָוונארכאָז, וויפיעל מען מאטערט זיך עס אָן, וויפיעל מען שטעלט עס איין דאָס לעבען, און מען איז קיינמאָל ניט זיכער, אז עס געהט ניט אויף דיר קיין מסירה. די טשעקא הענגט איבער מיר און מען איז מיר נאָך מקנא.

— טאָ ווארף אוועק דעם סאָוונארכאָז, — איז דאָראָטשקע אומרוהיג געוואָרען.

— און ווי זאָל איך איהם אוועקווארפען, אז איך בין א בורזשוי? ווען איך בין געווען אן אָרימאן, האָב איך געלעבט ווי א גראף. דער גאנצער עול פון געשעפט איז געלעגען אויפ׳ן באלעבאָס, ער איז געווען אין אייביגער ציטערניש טאָמער ווערט ער אויס גביר, און איך, ווי א פּראָלעטאריער, האָב זיך רוהיג געשלאָפען ביי־נאכט און א חוץ מיין רוהיגקייט האָב איך נאָך געהאט פאר א צוגאָב דאָס רעכט צו האסען אלע בורזשויקעס און ווינשען זיך צו זיין אויף זייער אָרט. איצט זעה איך ווי גוט עס איז צו זיין א בורושזי. אמת, איך בין רייך געווען. האָט מען דאָך פון מיין פארמעגען א תל געמאכט. שדים טאנצען אייביג אין קאָפּ. דער גאנצער מארך איז מיר צולעכערט.

דאָ האָבען זיך ארייננגעמישט סאָניע און זינע און איבערשלאָגענדיג איינע די אנדערע, גענומען איהם באווייזען, אז איהם איז גוט, כאָטש ער איז א בורזשוי, און די ניט בורזשויען איז שלעכט, כאָטש זיי זענען ניט קיין בורזשויען.

— און די גאנצע קלאָגעניש נעהמט זיך דערפון, — האָט

דאָראָטשקע אריינגעשטעלט, — וואָס סעמיאָן גריגאָריעוויטש זוכט א תירוץ פאר זיין פוילקייט. נו, גוט, זאָל ער זיצען אין דער היים, זאָל איהם צוקומען נאָך א פונט שמאלץ. ענדיגען וועט זיך עס דערמיט, וואָס ער וועט נאָר פעטער ווערען. זיין זאך. איך געה זיך באָדען. טייערינקע, דערלאנגט מיר מיין קימאנאָ.

— איך וועל זיך אויך געהען באָדען, — האָט זיך סימאָטשקע צוגעטשעפּט. — וואו איז מיין שלאָפראָק. אז איך בלייב שוין סאַ' ווי אין דער היים, לאָמיר כאָטש דערפון הנאה האָבען.

די דאמען זענען ארויס און סימאָטשקע, אויף גיך אָנטועענדיג געזעצט זיך אויפ'ן בעט און גענומען טראכטען, וואָס טוט מען ווייטער. אויב ער וועט זיך צואיילען, וועט ער נאָך קענען קומען אין סאָוונארכאָז. אָנטאָן זיך? א? אָדער ניט אָנטאָן זיך? איך וועל זיך אָנטאָן, צו וואָך מאַך איך די שטיק. איך קען נאָך האָבען צרות דערפון. איך געה, כאפּט עס דער וואטעמאכער. יאָ, אָדער ניט געהען? — האָט ער ווייטער געטראכט, זיצענדיג אויפ'ן בעט, כאפּענדיג זיך פאר די הויזען און אוועקוואַרפענדיג זיי. אָט א פארדרוס—איך קען זיך ניט ענטשליסען. נו, געהסט צי ניין? נעהמט עס דער וואטעמאכער, איך בלייב. אָדער ניין, איך וועל פאָרט געהען—עס וואָלט אינטערעסאנט געווען צו כאפּען א קוק אין באָד־צימער, אָבער אוממעגליך, דאָרט איז די פארשאָלטענע זינקע, אז מען זאָל צום אייגענעם ווייב ניט קענען אריינגעהען! א שרעק! ניין, איך געה ניט אין סאָוונארכאָז.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, נאָך אלץ אומענטשלאָסען. אין שלאָפראָק און פאנטאָפעל האָט ער געמאַכט א שפּאציר איבער די צימערען, אָנגעדרייט דעם זייגער אין גאסט־צימער, געעפענט אין עס־צימער דעם בופעט, א שמעק געטאָן די לופט, געוואָלט פארזוכען די וואורשט, נאָר חרטה געהאט און אוועקשפּאצירט צום באָד־צימער. הינטער דער טיר האָט ער געפרעגט: "ווערסט באלד פארטיג?" ניט געקראָגען קיין ענטפער און אוועקגעשלעפּט זיך צוריק אין שלאָף־צימער. דאָרט האָט ער געעפענט די שאפע, באטראכט זיינע האלב־הונדערט שניפּסען און א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ: "ווער דארף איצט שניפּסען?" און דערפיהלט, אז עס איז איהם אוועק דער חשק צו באָדען זיך. עס איז אריין דאָראָטשקע, א רויטע, א צופארעטע מיט'ן ריח פון הייסען וואסער, אפילו קיין קוק ניט געטאָן אין זיין זייט און גענומען זיך

אַנטאָן. סימע האָט געוואָלט צו איהר צוגעהען, האָט זי אויסגעשטרעקט די האנט מיט צושפּרייטע פינגער, און סימע האָט פארשטאנען, אז עס איז גלייכער ער זאָל זיך האלטען פון דערווייטענס. ער האָט א פינטעל געטאָן מיט די אויגען און גענומען זיך שטום אָנטאָן.

ווען ער איז שוין געווען אָנגעטאָן איז אריינגעקומען סאָניע — עס איז שוין געווען דריי פערטעל עלף — און געזאָגט, אז חבר פּראק איז דאָ. סימע האָט שארף א קוק געטאָן אויף דאָראָטשקע'ן און באמערקט:

— וואָס איז די מעשה, וואָס די סארדינקע האָט זיך אזוי געאיילט אהער? ער האָט דאָך איצט געדארפט זיין אין סאָוונארכאָז.

— געה ארויס צו איהם און לאָז מיך צורוה, — האָט זיך דאָראָטשקע אָפּגערופען, פיהלענדיג ווי דאָס פּנים נעהמט איהר פלא־מען. דו אליין ביזט דאָך היינט אויך ניט געגאנגען אין סאָוונארכאָז. וואָס זיצסטו? געה.

— איך קען געהען, — האָט סימאָטשקע איינגעשטימט. —

— און דו, — האָט ער פּאָרזיכטיג געפרעגט, — וועסט אויך אריינקומען?

— איך קען יאָ אריינקומען, און קען ניט אריינקומען, — האָט דאָראָטשקע כלומר'שט גלייכגילטיג געענטפערט. — געה און רעד ניט מיט מיר מעהר, געה — עס איז ניט פיין.

— וואָס שיקסטו מיך? — האָט זיך סימאָטשקע באליידיגט. — איך האָב דען געשיקט נאָך איהם אזוי פריה? זאָל ער זיצען און פיהלען, אז ער איז ניט אין צייט. איך וועל נאָך דערפון הנאה האָבען. קריכט. וואָס קריכסטו זעקס א זייגער אין דער פריה? ווער דארף איהם דאָ? באָלשעוויק!

דאָראָטשקע האָט זיך אָנגעטאָן מיט'ן רוקען צו איהם. עס האָט געשמעקט מיט נאסע האָר. סימאָטשקע האָט זי דערפיהלט.

"מיך ציהט צו איהר", האָט ער געטראכט. "און דאָ האָסטו דיר פּראק'ן. מען דארף צו איהם ארויסגעהען. ער קען זיך נאָך באליידיגען. איך וועל געהען. צו איהר? אָדער צו איהם? אָט א פּארדרעהעניש. נו, צו איהם.

געהענדיג האָט ער אויף גיך געמאכט א פריינדליכע, נאָר עטוואָס פארוואונדערטע מינע, און מיט דער מאסקע אריין אין צימער.

— א, חבר, — האָט ער געזאָגט, אויסשטרעקענדיק צו איהם בײדע הענט. — וואָס מאכט איהר? וואָס האלט איהר עס?

— א פאָטאָגראפישען אפאראט, — האָט פראק אויך מיט א פאסיגער מינע געענטפערט און געדריקט סימע'ס האנט.— מען האָט מיך געשיקט אראָפּנעהמען געוויסע בילדער, — האָט ער סודות'דיג ערקלערט.

— אזוי? — האָט סימע מיט דרך ארץ געפרעגט. — א פיינער אפאראט, — האָט ער צוגעגעבען נאָכדעם ווי ער האָט די קאמערע באטראכט. — וואו האָט איהר איהם גענומען?

— ניט גענומען, נאָר רעקווירירט, האָט פראק נאכלעסיג פאר־ריכט. — און פארוואָס זייט איהר, חבר, אין דער היים? היינט האָט מען דאָך געדארפט אָפּהאלטען א זיצונג.

— און פארוואָס ביזטו ניט געגאנגען אויף דער זיצונג? — האָט סימאָטשקע ביי זיך געטראכט, אָבער געמאכט דערביי די פריינד־ליכסטע מינע און געזאָגט, רייבענדיג זיך דעם רוקען:

— עפּעס רעכען מיר היינט די ביינער, מסתמא פארקיהלט זיך.

— טאקע? — האָט פראק מיט מיטלייד געזאָגט און געטראכט:

"הויבט זיך ניט אָן. ער איז פשוט אייפערזיכטיג. דערשמעקט מסתמא, אז איך געה מיט איהר צום ים. מען דארף פונדעסטוועגע איהם ארויספּראוועו פון שטוב."

"א שאָד, וואָס דו ווייסט ניט, ווי דו ביזט מיר דערווידער", האָט סימע געטראכט. "וואָס ביזטו געקומען צוקריכען אזוי פריה אין א פרעמד הויז. ווי מיינסטו, ערקלער איך זיך דיין וויזיט. אזא פרעכהייט! באָלשעוויק!"

"און אפשר זאָל איך איהם זאָגען, אז זיין ווייב געפעלט מיר און זאָל ער זיך דאריבער אָפּטראָגען?" האָט פראק געטראכט. און אפשר זאָל איך איהם פאר'מסר'ן אין דער "טשעקא"? וועט זיין מיט איין בורזשוי ווינציגער..."

— און ביי אונז, חבר, איז א שטיקעל נייעס: מען קלייבט זיך צו מאכען רעוויזיעס ביי די אייגענע קאָלעגען... עפּעס צווייפעלט מען אין זייער פּאָליטישער כשרות. צופיעל בורזשויען האָבען זיך ארומגעקלעבט.

— עס קען ניט זיין! — האָט זיך סימע אויף טויט איבערגע־

שראָקען. — נו, און ווי וועט זיין מיט אונז, חבר? עס קען אונז באריהרען, אָ? ווי דענקט איהר?

— באריהרען וועט עס זיכער, — האָט פראק געענטפערט. — אָבער מיר וועלען שוין זעהען, אז עס זאָל ניט שטארק וועה טאָן...

— אודאי זאָל ניט וועה טאָן, — האָט סימע מיט געבעט געזאָגט. — זייט אזוי גוט, זעהט עס זאָל ניט וועה טאָן. און איך האָב זיך שוין איבערגעשראָקען. א שרעקיגער מענש, איהר פאר־שטעהט? און וואָס האָב איך מורא צו האָבען. איך בין מיט'ן גאנצען הארצען...

"אָט זעהסטו, געה און טרייב איהם דורך", האָט ער פיבעריש געטראכט. — איך פיהר זיך אליין אין טשרעזוויטשאיקע אריין. איך טאָר זיך אפילו קיין קרים ניט טאָן, ווייל איך בין ביי איהם אין די הענט. פארקעהרט, איך דארף נאָך זיין צופרידען און שטאָלץ, וואָס ער פיהלט זיך ביי אונז, ווי ביי זיך אין דער היים. נעהמט איהם דער טייוועל, זאָל ער שוין פלירטעווען מיט דאָראָטשקע'ן. נאָך גוט, וואָס איך האָב אזא ווייב, וואָס קען געפעלען א באָלשעוויק. און אויף מיין דאָראָטשקע'ן קען מען זיך פארלאָזען — מעגסט נאָך איהר הונדערט יאָהר לויפען, וועט עס דיר העלפען ווי א טויטען באנקעס. איך קען זי. איך מוז גלייך פארגלעטען מיין גראָבקייט. איך האָב איהם אזוי טרוקען אויפגענומען. וואָס פאר א מאָדנער מענש איך בין, א שרעק, א שרעק!"

— און אפשר, חבר, וועט איהר שוין פאר איינוועגס, ("וואָס עפּעס פאר איינוועגס?" האָט ער זיך אליין איבערגעשלאָגען) עסען מיט אונז פריהשטיק? איהר האָט נאָך היינט מסתמא קיין גוטע גלאָז קאפע ניט געהאט? פאראן, פאראן, פאר אייך וועט זיך געפינען. מיר וועלען אייך טראקטירען טאקע מיט אייערע אייגענע סארדינקעס. סאָניע טייערע, — האָט ער א געשריי געטאָן. — גרייט צו קאָפע פאר חבר פראק. אָבער שטארקע קאָפע, — האָט ער געשריען, קו־קענדיג אויפ'ן פראק'ן און זוכענדיג זיין בליק, — און אויך סמעטאנ־קע, און זעמעלאך און אייערלאך. סארדינקעס! — האָט ער זיך מיט אמאָל דערמאָנט. — און זאָגט דאָראָטשקע'ן, אז מיר ווארטען אויף איהר.

דאָראָטשקע האָט זיך שוין לאנג געפוצט פיבעריש פאר'ן שפּי־געל. געפוצט זיך און געטראכט:

"איך ווייס גאָרניט, ווי ווייזט מען זיך פאַר איהם? סימקע איז דאָ מיט זיינע קאַפּריזען. סאשענקע מוז זיין ברוגז, וואָס איך בין ניט געקומען. און איך דאַרף ביידע אין איין און דערזועלבער צייט באַרוהיגען. איך קען זיך אַזוי ניט צורייסען. גרויס נחת האָב איך עס פון מיין ראָמאַן. פאַר א פאַרהייראַטער פרוי איז זעהר שווער צו האָבען א ראָמאַן. עס איז נאָך קיין איין קוש ניט געווען און וועט ניט זיין, און איך האָב שוין אַזויפיעל קאָפּדרעהעניש. ווי וועל איך קענען קוקען סאשענקע'ן אין די אויגען? איך וועל דאָך ניט קענען ערקלערען איהם ווען סימקע איז אונטער דער נאָז, אַז איך בין ניט שולדיג. און סימקע וועט זיצען, ווי אימיצער האָט איהם צו־געקלעבט, איך ווייס. געבען אפשר א צייכען סאשענקע'ן? און אויב סימקע וועט דערזעהען? וואָס איז, סימקע רופט מיך? ווי קען עס זיין? דאָס איז גוט, וואָס זשע, שטעה איך? גיכער, גיכער. וואָס זאָל איך טאָן מיט די נאַסע האָר? אַך, איך ווייס שוין גאָרניט, וואָס צו טאָן".

— אַך גאָה, האָט זי הויך געענטפערט. — גלייך.

—חבר, — האָט סימאָטשקע פריינדליך געפּאָרעט זיך, — גיט מיר אייער אַפּאַראַט. — איהר הערט? באַלד קומט אַריין מיין פרוי. מיר וועלען אָט דאָ אוועקלעגען דעם אַפּאַראַט. און איהר מאַכט זיך באַקוועם. לעגט אוועק דעם רעוואָלווער. ער מוז אייך שטערען. שווער, אָ?

— הינטישע נשמה, — האָט זיך דורכגעטראָגען ביי איהם אין קאָפּ. — גוט, לעק, חנפ'ע, טאַנץ אַרום, ווי א הינטעל.

— ניין, לאָזט צורוה דעם רעוואָלווער, זאָל ער ליגען, וואו ער ליגט, — האָט ער כמעט מיט כעס געזאָגט, — אָדער לעגט איהם אוועק אויף דער סאָפע, — האָט ער ווידער מיט חניפה געזאָגט. דערשרעקענדיג זיך פאַר זיין אייגען הארט קול.

— וואָס לויפט איהר אַזויפיעל נאָך מיר, חבר? — האָט פראַק גנפרעגט, — איך בין דאָך דאָ אַן אייגענער מענש. באַאומרוהיגט זיך ניט.

— נו, געוויס, געוויס, האָט סימע גוטמוטיג געענטפערט. — און איך בין גליקליך, וואָס איהר פיהלט זיך ביי אונז אַזוי גוט.

די טיר האָט זיך געעפענט און אין גאַסט־צימער, ווי סימע'ן

האָט זיך געדאכט, איז ניט אריין, נאָר אריינגעשוואומען דאָראָטשקע. זי איז געווען אָנגעטאָן אין א שניי־ווייסען מאָרגען־קלייד, אין די האָר האָט געפלאמט. א פּאָמסענע סטענגע, די טאליע איז געווען ארומגענומען מיט א ברייטען באנד, פארקניפּט ביי דער זייט מיט א פּרעכטיגען שלייף. אויף די פיס האָבען געגלאנצט לאקירטע קליינינקע פאנטאָפּעלאך.

אז סימאָטשקע האָט זי דערזעהען, איז ער פארבלענדעט געוואָרען.

— וואָס איז זי מיט א מאָל אזוי שעהן געוואָרען — האָט ער געטראכט, — אָדער עס ווייזט זיך מיר בלויז אויס, ווייל פראק איז דאָ. א שעהן שטיקעל ארבייט — אָפּהיטען זי פון איהם. און ווי קען איך היטען, אז איך בין ביי איהם אין די הענד? אָבער עס איז דאָך קיין זאך ניטאָ. איך האָב אלץ אליין אויסגעטראכט. און אויף איהר קען מען זיך פארלאָזען. און צו וואָס, למשל, דארף ער זי האָבען? איך דארף זי. אָבער ער צו וואָס? נארישקייטען! איך וויל ניט זיין אייפערזיכטיג. אָט וועל איך איהר ווייזען, אז איך בין ניט אייפערזיכטיג און וועל נאָר ארויסגעהען פון דאנעט. איך וויל ניט זיין אייפערזיכטיג. רעוויזיע!

— דאָראָטשקע, — האָט ער געזאָגט, — ווייסטו וואָס פאר א נייעם חבר פראק האָט אונז געבראכט? אז מען וויל מאכען א רעוויזיע ביי די סאָוונארכאָזניקעס. קלוגע מענשען די באָלשעוויקעס. וואו האָב איך עס אהינגעטאָן מיין סיגארען־שפּיץ? — האָט ער ווייטער גערעדט, ניט קוקענדיג אויף דאָראָטשקע'ן. דאכט זיך, איך האָב איהם געלאָזען אין שלאָפצימער. ענטשולדיגט, חבר, סאָניע, וואו זשע איז די קאָפּע פאר חבר פראק? — האָט ער מיט אן אומ־נאטירליך קול א געשריי געטאָן. איילט זיך צו,—האָט ער צוגעגעבען עטוואָס שטילער, שטעהענדיג ביים טיר.

ווי נאָר סימע איז ארוים, האָט פראק שארף א קוק געטאָן אויף דאָראָטשקע'ן. שטארק איהר א דריק געטאָן די האנד און געפרעגט מיט פאָרוואורף אין קול:

— פארוואָס זייט איהר ניט געקומען? ווי האָט איהר געקענט אזוי האנדלען געגען מיר?

— אָבער אז ער האָט היינט ניט געוואָלט געהען אין סאָוונאר־כאָז, — האָט דאָראָטשקע געענטפערט מיט אראָפּגעלאָזטע אויגען.

— אלץ איינס, איהר האָט געדארפט קומען, — האָט פּראַק גרויזאַם געזאָגט, — איהר האָט גרינג געקענט געפינען אַ תירוץ און אַוועקגעהן. איך פארשטעה ניט, ווי מען קען זיין אזוי פאָלגענדיג און טאָן אלץ וואָס דער מאַן וויל.

— איך בין ניט פאָלגענדיג, — האָט דאַראָטשקע געענטפערט.

— אָבער דאָס איז געווען אוממעגליך, ער איז פון מיר ניט אָפּ־געטראָטען און בכלל...

—אָבער איך האָב אבסאָלוט קיין כח ניט צו פארבלייבען דאָ אין שלאָפצימער, ווען זי איז דאָרט מיט איהם, — האָט זיך סי־מאָטשקע געפייניגט, זיצענדיג אויף דער סאָפע אין דער פּאָזע פון איינעם, וואָס וועט זיך באלד אַ וואָרף טאָן פאַראויס. צו וועלכען טייוועל האָב איך זיך דאָ אזוי ברייט אוועקגעזעצט? און פארוואָס זאָל איך דאָ ניט זיצען? וואָס איז מיר דאָ אזוי שלעכט? און די רעוויזיע? זיץ! דאָרט קומט קיין זאך ניט פאָר. ער קושט זי ניט. וואָס פאר אן אומזין! ער וועט זיך ניט דערוועגען! ווער וועט זיך ניט דערוועגען? פראַט? נאָך ווי דערוועגען זיך. ער האָט זי זיכער א קוש געטאָן אויך. דו האָסט זי איבערגעלאָזען, און ער האָט זי א קוש געטאָן. באַלשעוויקעס האָבען פאר קיינעם און פאר קיין זאך קיין מורא ניט. ניין, איך וועל עס ניט אריבערטראָגען. דאָס הארץ ברענט מיר. און פארוואָס דארף עפּעס דאָס הארץ אין אזא פאַל ברענען? פארוואָס ניט דער אויער? אָנגענומען זי ביי דער האנד און ווי א פויער געדריקט. אָט די צארטע, טייערע געליעבטע האנד. ניין, איך קען עס ניט אריבערטראָגען. איך געה גלייך אריין אהין און מאך א סקאנדאל. און די רעוויזיע? און אפשר האָט ער זי שוין ארומגענומען? און די רעוויזיע? דאָס הארץ ברענט. א נו, לאָמיר זיך פאָרשטעלען ווי אזוי ער האָט זי ארומגענומען? ניין, ניט אויס־צוהאלטען! פארוואָס האָב איך זי איבערגעלאָזט מיט איהם אויג אויף אויג? און די רעוויזיע? געה צום שווארץ יאָהר מיט דיין רעוויזיע! איך געה ניט! "רעוויזיע, רעוויזיען" האָט גענומען טאנצען ביי איהם אין קאָפּ. "עס איז זיכער קיין זאך ניט געווען. מען קען זיך אויף איהר פארלאָזען!"

— דאָראָטשקע! — האָט ער אומגעריכט פאר זיך אליין א רוף געטאָן מיט אן איידעל צערטליך קול. — דאָראָטשקע, אויף איין ווײַלינקע. איך דארף דיך עפּעס פרעגען.

— איך וועל זי ארומנעהמען, א קוש טאָן, וועט מיר כאָטש א האָרעלע גרינגער ווערען, — האָט ער זיך געטרייסט. — פאר איינוועגס וויל איך שוין וויסען, צי ער האָט זי אָנגענומען ביים האנד צי ניין. אויב זי וועט זיך מודה זיין, אז ער האָט אָנגענומען, וועל איך איהר די האנד אָפּרייסען, — האָט ער גרויזאם באשלאָסען.

— ענטשולדיגט,— האָט דאָראָטשקע געזאָגט זיך אויפהויבענדיג פון שטול און געפיהלט געהענדיג, אז ער שלינגט זי מיט די אויגען. — אויף איין ווייליגקע.

— וואָס איז? — האָט זי אומצופרידען געזאָגט, אריינקומענדיג אין שלאָפצימער. — הויבסט מיך שוין אָן ארויסצורופען? וואָס וועט ער איבערטראכטען?

— וואָס קען ער איבערטראכטען? — האָט סימאָטשקע אומשולדיג געפרעגט, שלינגענדיג זי מיט די אויגען. — איך טאָר שוין גאָר ניט א רוף טאָן מיין ווייב, ווען עס איז נויטיג? ווייסט וואָס איך האָב דיר געוואָלט זאָגען? פארשטעהסט, עס האלט ביי א רעוויזיע, און דו דארפסט זיין מיט איהם פריינדליך. מיט דיר קען מען ניט זיין זיכער. פונקט היינט קען זיך דיר פארגלוסטען צו זיין מיט איהם ניט פריינדליך. איך בעט דיך, זיי וואָס פריינדליכער. און ווייסט נאָך וואָס? ביזט היינט זעהר א שעהנינקע, ער האָט עס דיר ניט געזאָגט? די הויפּטזאך, לאָז איהם ניט זיין צו היימיש מיט דיר. הער, ער האָט דיך ניט גענומען ביי דער האנד?

— וואָס פאלט דיר איין? — האָט זיך דאָראָטשקע באליידיגט.

— און פארהאלט מיך ניט. ער קען נאָך, גאָט ווייסט, וואָס איבערטראכטען.

— נו, זאָל ער טראכטען! — האָט זיך סימאָטשקע געוואָלט צושרייען. — וואָס ארט מיר, וואָס סאשקע פראק וועט איבערטראכטען! — אָבער אנשטאָט דעם האָט ער ווייך געזאָגט:

— טאקע ניט פיין. געה, געה, מיין טייערע, מיין שעהנינקע!

דאָראָטשקע האָט א שמייכעל געטאָן און איז מיט א גרינג הארץ ארויס. סימע איז אויפגעשפרונגען און מיט דער פויסט געסטראַשעט איהר פון הינטען.

"דערפרעהט זיך! ווי די אויגעלאך האָבען זיך עס איהר צוברענט. ניין, איך מוז געהען אונטערהערען, וואָס זיי רעדען. אָט צו וואָס זיי האָבען מיך דערבראכט. איך וויל שפּיאָנירען מיין ווייב,

מיט וועלכער איך לעב שוין צעהן יאָהר. א שרעק, א שרעק! ניין, איך געה ניט, מעג דאָרט פראק ארײנרעדען אין איהר וואָס ער וויל. קיין שפּיאָן וועל איך ניט זיין און אפשר יא צוגעהען, נעהמט עס דער טייוועל. וואָס איז דאָ דאָס בייז? עס איז דאָך מיין אייגען ווייב. דאָס הייסט ניט שפּיאָנירען. מסתמא רעדט ער איצט מיט איהר וועגען ליעבע, קוקט אויף איהר דעקאָלטע. ניט אויסצוהאלטען! עס ברענט. א שרעק, ווי עס ברענט. און איך פיהל, אז איך בין אין איהר פארליעבט. צעהן יאָהר, אז איך קען זי, זי איז אויף קיין האָר ניט אינטערעסאנט, און בין פארליעבט. ווי אזוי האָב איך געקענט זיין צו איהר גלייכגילטיג ביז פראק איז געקומען. א רייצענדע פרוי. א וועזען, ניט קיין פרוי! און ער האלט אין זיינע לאַפּעס איהר ליעבע האנד, מיין האנד! איך וועל אריין און וועל איהם אויס־פּאטשען. איך וועל איהם די נאָז זיינע צוברעכען! איך וועל זיך מחיה זיין, ווען איך וועל איהם ארײנפאָהרען אין די צייהן! זאָל דער טייוועל נעהמען אזא לעבען מיט די באָלשעוויקעס, מיט דער גאנצער וועלט אינאיינעם. וואָס־זשע שטעה איך ווי א גולם און געה ניט? געה זשע!"

"און די רעוויזיע? ניין, איך געה ניט.

"געהסט ניט. דארף מען ניט. און אויב ער קושט זי?"

"קושט זי? לויף איך די מינוט".

"און די רעוויזיע? ניין, איך געה ניט. איך בלייב שטעהען".

"און טאָמער קושט ער? איך לויף".

רעוויזיע? איך שטעה".

"ניין, איך וועל פון זינען אראָפּ. אויף מיין וואָרט! אָבער ווי געשמאק עס וואָלט געווען צו געבען איהם אין די צייהן אריין, מען דארף אָבער אָפּטראָגען זיך פון דער טיר, מילא, וואָס עס מאכט זיך, איך קען נאָך אמאָל ניט דיר, ניט מיר, ארײנשפּרונגען אין גאסטצימער. לאָז אָפּ דאָס הענטעל! טראָג זיך אָפּ!"

...חבר פראק זיצט ברייט אין פאָטעל און טרינקט די שמע־קעדיגע קאָפע. סאָניע באדינט און כדי ניט צו שטערען, איז זי וואָס ווינציגער אין צימער, פרעגט קיין זאך ניט און רעדט בלויז אויף שטום לשון.

"אפשר פארלאנגט איהר נאָך עפּעס?" פרעגט זי מיט איהר פּנים, פארבויגענדיג מיט געטריישאפט דאָס קעפּעל אָן א זייט.

"ניין, דערווייל גאָרניט. אפשר שפּעטער", ענטפערט דאָראָ־טשקע אויך אויף שטום־לשון און טוט א שאָקעל מיט'ן קאָפּ ווי צום געזעגנען זיך.

פראק'ס פּנים זאָגט:

"טראָג־זשע זיך שוין אמאָל אָפּ, טייערע. דו שטערסט מיר".

"איך ווייס, איך ווייס", פּינטעלט סאָניע מיט די וויעס. "איך געה אוועק, נאָר זייט פאָרזיכטיגן איך קום באלד צוריק".

"יא, יא, קום צוריק", איז מסכים דאָראָטשקע. "איך בין אין געפאהר".

סאָניע טוט א שאָקעל מיט'ן קאָפּ און פארשווינדעט.

— הייסט עס, היינט פינף א זייגער? — האָט פראק געפרעגט און אריינגעשטאָכען אין דאָראָטשקע'ן א צערטליכען בליק. — אויב איהר וועט ווידער ניט קומען, וועל איך זיין אין אמת'ער פאר־צווייפלונג. טוט מיר ארייין צוקער אין דער קאַפּע. איך וועל אויף אייך ווארטען אין עקיפּאזש. עס איז ניט באקוועם זיך ארומ־צושלעפּען מיט דער קאמערע. נאָר פון אייערע הענט וועל איך נעהמען דאָס זעמעלע. צו וואָס דארף איך דאָס זעמעלע, אויב עס קומט ניט פון אייער הענטעל? צוליעב אייך האָב איך זיך ארומ־געשלעפּט מיט'ן אפּאראט ווי א קונצענמאכער. נעהמט מיט יענעם באָד־קאָסטיום, אין וועלכען איהר זעהט אויס, ווי א נימף. איך בעט אייך. איהר זייט אין איהם אזוי שעהן, אז איך קוש אייך אין די געדאנקען.

— אך, צו וואָס רעדט איהר אזעלכע ווערטער, און דערצו נאָך אזוי הויך? —האָט דאָראָטשקע געפרעגט מיט צערטליכען פאָרוואורף און דערשראָקען א קוק געטאָן צו דער טיר.

— אך! — האָט פראק איהר נאָכגעמאכט. — איך רעד גוטע ווערטער און דוקא שטיל. איך וועל זיי אפילו איצט איבער'חזר'ען. אין די געדאנקען קוש איך אייך אין אייער באָד־קאָסטיום, אין וועלכען איהר זעהט אויס ווי א נימף. איך קוש דעם קאָסטיום און קוש אייערע אקסעלן.

— אך, צו וואָס רעדט איהר אלץ אזעלכע ווערטער? — האָט דאָראָטשקע איבערגע'חזר'ט, ניט וויסענדיג ווי צו באשיצען זיך פון זיין גלוסטען.

וואָס־זשע דען פאר א ווערטער זאָל איך אייך זאָגען? — האָט

זיך פראק פארוואונדערט. — שלעכטע? פארוואָס זאָל איך צו אייך רעדען שלעכטע ווערטער? אָדער זאָגען א ליגען, אז איך קוש אייך ניט. אָבער צו וואָס זאָל איך אייך זאָגען א ליגען?

— ניין, איהר דארפט ניט זאָגען קיין ליגען, — האָט זיך דאָראָטשקע פארפלאָנטערט אין דער נעץ פון זיין לאָגיק. אָבער איהר דארפט פשוט וועגען דעם ניט טראכטען.

— אָבער פארוואָס, בעט איך אייך, דארף איך ניט טראכטען וועגען דעם, וואָס איך טראכט? — האָט פראק געפרעגט.

— פאר דאָס! — האָט זי זיך ווידער גענומען צאפּלען אין זיין אייזערנער לאָגיק. — איהר ווייסט אליין פאר וואָס.

— איהר זייט אין דעם זעהר זיכער? — האָט פראק געפרעגט, זופענדיג די קאָפּע און שלינגענדיג זי מיט זיינע ברוינע אויגען. — איך, למשל, ווייס, אז קוקענדיג אויף אייך, קאָן איך זיך אָט דאָ פארגעסען און א קוש טאָן אייער סטענגע.

— אום גאָטעס ווילען, — האָט זיך דאָראָטשקע דערשראָקען און איז שטארק רויט געוואָרען.

— דאָראָטשקע, — האָט זיך מיט אמאָל דערהערט סימאָ־טשקע׳ס מילד קול. — קום אריין צו מיר, טייערע, איך האָב דיר צו זאָגען אן עקסטרא זאך.

— ענטשולדיגט, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט און, אריינ־קומענדיג אין שלאָפצימער, אויסגעשאָסען.

— וואָס רופסטו מיך יעדע ווייל? ביזט פון זינען אראָפּ? מיינסט, אז דו האָסט דאָ צו טאָן מיט א נאר, וואָס מען דארף איהם לייגען א פינגער אין מויל? איך זיץ דאָרט צוליעב דיר, ווי אויף שפּילקעס. מינטערסט מיך! וואָס איז? איך האָב נאָך ניט גע׳חלש׳ט. וואָס ווילסטו?

״ווי עס קליידען איהר די סטענגעס?״ האָט סימאָטשקע געטראכט. וואו האָט זי זיי אויסגעגראָבען? אן אמת׳ע קראסאוויצע אין זיי״.

—וואָס איז, איך קען דיך שוין גאָרניט אריינרופען, ווען עס איז אן עקסטרא זאך? — האָט ער מיט א באליידיגטער מינע געפרעגט.

—עקסטרא! — האָט דאָראָטשקע גרינגשעציג געזאָגט.

— נו, זאָג שוין אמאָל, וואָס איז עס פאר א עקסטרא זאך?

— טרייב מיך ניט, — האָט סימאָטשקע פאַרליעבט גע־ענטפערט — איך וועל דיר זאָגן. איך האָב דיך געוואָלט פרעגן, צי דו האָסט מיך ליעב?

— דאָס הייסט ביי איהם עקסטרא! — איז דאַראָטשקע אין כעס געוואָרען. — דער מוח ריהרט זיך מיר פון דיר. וואָס הייסט, צי איך האָב דיך ליעב? ווענזען דען זאָל איך ליעב האָבען? אפשר פראקע׳ן? איך בין דאָרט פארנומען געווען מיט א וויכטיגענגעשפרעך, און ער רייסט מיך אָפּ צוליעב אזא נארישקייט.

— אמת, — האָט סימאָטשקע איינגעשטימט — איך האָב דיך אָפּגעריסען. דאָס איז טאקע ניט פיין. אָבער פונדעסטוועגעז זאָג מיר, צי דו האָסט מיך ליעב? .

— וואָס האָט דיר איצט אָנגעשפּאַרט צו וויסען, — האָט דאַראָטשקע געזוכט זיך אַרויסצודרעהען. — איך וועל דיר זאָגען אין אָוועגט. איצט בין איך אין אנדערע שטימונגען. דאָרט זיצט א גאסט, מיר זענען פארנומען מיט א וויכטיגען געשפרעך און איהם האָט פּלוצים אָנגעשפּאַרט זיין ליעבע.

וואָס איז עס פאר א וויכטיגער געשפרעך? — וואָס איז עס פאר א וויכטיגע געשפרעכען? — האָט סימאָטשקע הייזעריג ארויסגעשוימט א״נגאנצען א פארשוויצטער און מורא האָבענדיג צו שרייען. — און איך וויל ניט, — האָט ער מיט אמאָל אויס־געשאָסען, — אז דו זאָלסט טראָגען די פּאָמסענע, די פארשייטע סטענגעס. וואָס עפּעס מיט א מאָל פאר א סטענגעס? וואָס ביזטו, א מיידעלע? איך וויל ניט, אז דו זאָלסט מיט איהם רעדען וועגען וויכטיגע זאכען. רעדט וועגען נארישקייטען. וויל איך ניט, אז וועגען וויכטיגעס!

—ווייסט אליין ניט, וועגען וואָס דו רעדסט! — האָט דאַראָ־טשקע טראַגיש ארויסגעפליסטערט. — און הער אויף צו גלאָצען מיט די אויגען. עס קליידט דיר ניט.

— מיינע אויגען געפעלען דיר שוין ניט, — האָט סימע געבריפּעט, אָנכאַפּענדיג זי ביי דער האנד. — זאָלסט זיך ניט דערוועגען מעהר צו זאָגען מיר אזעלעכ זאכען. מיינע אויגען זענען ווי עס באדארף צו זיין. איך האָב אויסגעצייכענטע געזונטע אויגען. און דו מוזט זיי ליעב האָבען, פארשטעהסט, צי ניין?

— אָט דאָס איז געווען דיין עקסטרא זאך? — האָט דאָראָ־טשקע געפרעגט און גראציעז געמאכט א טראָט צוריק.

„נו, אודאי באנארישט זיך", האָט סימאָטשקע אויף זיך גע־טראכט. „אָבער ווי באנארישט מען זיך ניט, אז זי געפעלט מיר אָזוי, אז עס איז א שרעק. די נאקעטע הענט, דער באנד, די פּאנ־טאָפּעלעך און דאָס קורץ קליידעלע! יענער גאָרנישט מעג פון איהר הנאה האָבען, און איך טאָר ניט! איך וועל עס ניט דערלאָזען!"

— יא, דאָס איז מיין עקסטרא זאך, — האָט ער פּאר'עקשנ'ט געזאָגט. — קיין אנדערער איז ניטאָ און וועט קיין מאָל ניט זיין. און געה צו איהם מעהר ניט ארויס. איך וועל צו איהם יאָ ארויסגעהען און אונטערהאלטען איהם. איך וויל ניט, אז מיין ווייב זאָל אונטער־האלטען מיינע געסט.

— די מינוט פאָלג איך דיר טאקע, — האָט זיך דאָראָטשקע מיט כעס אָפּגערופען.

— וואָס מיינסטו זיך, דו וועסט ניט פאָלגען? — האָט זיך סימאָטשקע ווידער אָנגעצונדען און גענומען שטאמלען פון צאָרן. — ווער איז דאָ דער מאן, איך צי דו? טו מיר די רגע'לע אויס די פּאסקודנע סטעגנע. מיר דארפען ניט קיין סטענגעס. מיר איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען, ווען איך האָב אויף דיר דערזעהען די פארשייטע סטענגע.

— ביזט דאָך אייפערזיכטיג! — האָט דאָראָטשקע לוסטיג אויסגערופען. — הויבט זיך ניט אָן, — און אז יאָ אייפערזיכטיג, איז וואָס? — מיר דארפען ניט קיין סטענגעס. נעם אראָפּ. טו זיך איבער און אין א קלייד מיט לאנגע ארבעל. מיר דארפען ניט קיין קורצינקע ארבעלאך.

דאָס האָט שוין דאָראָטשקע ניט געקענט אריבערטראָגען. מיט א פארניכטענדען בליק האָט זי אָפּגעמאָסטען סימקע'ן, ארויסגעריסען איהר האנד, אויף וועלכער עס זענען געבליבען שפּורען פון זיינע פינגער און ארייננשרייענדיג איהם אין פּנים „נאר!" איז זי ארויס־געלאָפען פון שלאָפצימער.

סימאָטשקע האָט זיך לכתחילה א וואָרף געטאָן נאָך איהר, אָבער באלד האָט ער זיך געכאפּט, אז ער וועט זי ניט דעריאָגען און עס קען טאקע ארויסקומען א סקאנדאל און געבליבען שטעהען ווי פאר־

גליווערט אין דער פּאָזע פון א מענשען, וואָס אָט־אָט ווארפט ער זיך אין תהום אריין.

"נאר!"

ער האָט זיך באטראכט אין שפּיגעל און מיט רוגזה א סטראשע געטאָן דער חיה'שער צורה, וואָס האָט צו איהם ארויסגעקוקט פון שפּיגעל.

"וואָס האָב איך זיך טאקע צו איהם צוגעטשעפּעט?" האָט ער געטראכט, — דאָרט איז דאָך סאָניע, וואָס קען ער טאָן, בשעת סאָניע איז דאָרט?

"מען קען. מען קען אלץ. ער קען איהר זאָגען מיט די אויגען, וואָס ער וויל. מיט די אויגען איז נאָך גרינגער צו זאָגען: איך פאר־געסער דיך. א שרעק, א שרעק! צו מיין פרוי! ניט אייך, דיך פארגעסער איך. און ווי קען מען זיך דערוויסען, אז אזוינס ווערט געזאָגט מיט די אויגען? נו אודאי, מסתמא זאָגט ער איהר "דו", און איך קען זי אפילו ניט באשיצען פון דעם הולטאי! מען דארף פונדעסטוועגען אריינגעהען אין גאסט־צימער, לאָמיר כאָטש זיין אויפ'ן אָרט. נו, געהסט. איך געה, דער טייוועל זאָל עס נעהמען. טאָ שלעפּ זשע מיך ניט. איך געה, לאָז נאָר א טראכט טאָן נאָך א קאפּעטשקע. אויב איך וועל געהען, וואָס וועט ארויסקומען? נו, איך וויים. און אויב איך וועל ניט געהען? וויים איך אויך. טאָ וואָס־זשע געהסטו? אָט א כאראקטער, אן אמת'ער אומגליק... כאפּט עס דער וואטעמאכער, איך וועל פונדעסטוועגען געהען... געהען טאקע?...

---

עס איז שוין געווען פיער א זייגער נאָכמיטאָג, ווען סימע און דאָרע האָבען זיך איבערגעבעטען. דאָראָטשקע האָט אראָפּגענומען די סטענגע פון קאָפּ, און א טייל שעהנקייט האָט זיך פון איהר אָפּ־געטאָן. זי האָט אראָפּגענומען די אנדערע סטענגע, און עס האָט זיך אָפּגעטאָן נאָך אביסעל שעהנקייט. און ווען די פאנטאָפּעלאך, און דאָס קורץ קליידעלע, און די זאָקען פון לייב־קאָלירטען זייד זענען פארשוואונדען אין דער שאפּע און דאָראָטשקע האָט אויף זיך ארויפ־געצויגען דאָס געוועהנליכע קלייד מיט דער טונקעלער בלוזקע, ווען פראק איז פארשוואונדען און דאָראָטשקע אליין האָט אויפגעהערט

צו שמעקען מיט וואסער, האָט זיך די אָנגעגליהטע אטמאָספערע אין הויז אָפּגעקיהלט, און עס איז געוואָרען קאלט. סימע האָט, גלייכ־גילטיג א קוק טוענדיג אויף דראָטשקע'ן, געזאָגט אז ער געהט צו דער סאָוונארכאָז־זיצונג, וועלכע איז פאררופען אויף פינף אזייגער. אויף דער פארזאמלונג וועט אויפטרעטען חבר פראק, — דראָטשקע האָט אומשולדיג אראָפּגעלאָזט דאָס קעפעלע, — אָדער אדינצאָוו, אָדער גריוואונאָוו און דאריבער קען ער ניט פארלירען קיין איין איבריגע מינוט.

ער איז אריין אין שלאָפצימער זיך אָנטאָן, אוועקגעשטעלט זיך ביים שפּיגעל, געעפענט דאָס מויל, כדי צו באטראכטען די ציין, און געטראכט:

"אייפערזיכטיג? אידיאָטסטווע! אויף וועמען? פארוואָס? מעהר אין לעבען ניט! א גאנץ געוועהנליך ווייבעל. א שרעק, ווי געוועהנ־ליך. לאָמיר נאָר אקאָרשט זעהען די צונגען ניט פארפּאטשקעט. דער מאָגען איז אין אָרדנונג. נו, פארטיג. מען קען געהען."

ער איז אראָפּ אונטען אין דער בעסטער שטימונג. אין גאס איז ער געגאנגען שטיל פייפענדיג דעם "אינטערנאציאָנאל".

"זאָל מען מיינען, אז איך בין א באָלשעוויק", האָט ער גע־טראכט. "אָנגעטאָן בין איך ווי א באָלשעוויק — מאלע וועמען מען קען באגעגנען. — איך בין א סאָוויעטסקער ארבייטער און האָב פאר קיינעם קיין מורא ניט. אז מען האָט געלט און מען האָט באקאנט־שאפט, איז אין א רעוואָלוציע אויך ניט שלעכט. "דאָס וועט זיין דער לעצטער ענטשידענער קאמף...", האָט ער געזונגען.

פון אלע פיער זייטען האָבען זיך געעפענט לערע פאַוואָר־לאָזטע גאסען. א טרוקענער אָבליאקירטער הימעל איז געהאנגען איבער דער שטאָדט. מען האָט אינערגעץ ניט געזעהען קיין דראָזשקע, קיין פוהר, קיין אויטאָמאָביל. אויף די עקען האָט מען פארקויפט פּאפּיראָסען. זעלטען־ווען האָט מען געזעהען א פארבייגעהער, אָהן א רעקעל, מיט אָן אָפּגעשפּילעטען קאָלנער, און צעריסענע שיך אויף די באָרוויסע פיס. פרויען אָהן היטעלאך. "דאָס וועט זיין דער לעצטער ענטשידענער..." אונהיימליכע שטילקייט... אָטשערעדען... פארמאָטערטע קינדער... ברוקען מיט אויסגעוואָרצעלטע שטיינער... פענסטער מיט אויסגעשלאָגענע שויבען... מיסט, וועלכע מען האָט

פאר חדשים ניט אויפגעקליבען... "דאָס וועט זיין דער לעצטער ענטשידענער קאמף..."

סימע איז געקומען אין סאָוונארכאָז און זיך גלייך פארקאָז'ען אין דעם ריזיגען עולם, וואָס האָט אָנגעפילט דעם קאָרידאָר און אַלע צימערען. ער האָט זיך דורכגעשטופּט אין דער געהילץ־אָפּטיילונג, וואו עס איז געווען אָנגערויכערט, וואו עס זיינען געפלויגען באַפּעה־לען רעכטס און לינקס, מענשען האָבען זיך געאַמפּערט און זיך גע־בייזערט. דער הויפּט־בעאַמטער האָט עפּעס געשריבען און גיריג גע־געסען שוואַרץ ברויט. ער האָט קייענדיג געענטפערט אויף פראַגען און ניט אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון זיין פּאַפּירעל. פריילינס האָבען געאַרבייט אויף שרייב־מאַשינען. זיי זענען אַלע געווען זעהר אויפ־גערעגט און אומגעדולדיג געענטפערט אויף יעדער פראַגע. סימע איז געשטאַנען א ווייל, געפּרואווט אויפזוכען מיט די אויגען יאַקאָב־סאָנ'ען, ניט געפונען און אַרויסגעשטופּט זיך צוריק. אין קאָרידאָר האָבען איהם א שיין געטאָן אַנטקעגען יאַקאָבסאָנ'ס אויגען. ער איז צוגעגאַנגען צו איהם, באַגריסט זיך און געזאָגט:

— וואַרט אויף מיר דאָ. איך געה אויפזוכען כעלעש'ן און סוש־קאָוו'ן.

ער האָט זיך דורכגעשלאָגען א וועג מיט די עלענבויגענס, אַרויף אויפ'ן ערשטען שטאָק, געפונען דאָרט סושקאָוו'ן, וועלכער איז גע־שטאַנען און גערעדט מיט א באַקאַנטען אינזשעניער. סימע האָט א ווייל געשמועסט מיט'ן אינזשעניער, גענומען סושקאָוו'ן אונטער'ן אָרעם און אַוועק מיט איהם צו יאַקאָבסאָנ'ען. אָבער יאַקאָבסאָנ'ען האָט מען א רוף געטאָן פון זיין אָבטיילונג, און זיי האָבען איהם שוין ניט געפונען. האָט סימע געבעטען סושקאָוו'ען אויפזוכען יאַקאָב־סאָנ'ען און וואַרטען אויף איהם דאָ, און ער אַליין האָט זיך א וואָרף געטאָן אויף דעם זשומעדיגען עולם זוכען כעלעש'ן. אָבער דערווייל האָט ער זיך אומגערעכט באַגעגענט מיט יאַקאָבסאָנ'ען, געזאָגט איהם, אַז איהם זוכט סושקאָוו, וועלכער וואַרט „דאָרט" — ער האָט אומבאַ־שטימט אָנגעוויזען מיט'ן פינגער — און געלאָזט זיך לויפען ווייטער. יאַקאָבסאָן האָט געפונען כעלעש'ן, דערפאַר איז אָבער סושקאָוו ווי אין וואַסער אַריין. סימע ווידער האָט געפונען סושקאָוו'ן און גע־פרעגט איהם:

— האָט איהר געזעהען יאקאָבסאָנע'ן? געהט צו איהם, ער איז דאָרט, און איך וועל אויפזוכען דעם אָקס בעלעש'ן.

— אָבער מיר דאכט זיך,—האָט איוואַן פעטראָוויטש געזאָגט, — אַז איך האָב געזעהען בעלעש'ן מיט יאקאָבסאָנ'ען.

— פארוואָס־זשע זייט איהר צו זיי ניט צוגעגאַנגען? — האָט סימע געזאָגט מיט פאָרוואורף, — געהט צו זיי.

אָבער מען האָט ווידער איינעם דעם אַנדערען פארלוירען. ער־געץ איז פארבייגעשוואומען יאקאָבסאָנ'ס קארק, און מען האָט זיך לאַנג ארומגעזוכט אויפ'ן צווייטען און אויפ'ן דריטען שטאָק, ביז אַלע זענען זיך דאָך סוף כל סוף צונויפגעקומען אונטען.. דעמאָלט איז מען אריין אין א ליידיגען צימער, אויסגעהאָנגען אויף דער טיר א פּלאַ־קאַט „ארייננגאנג איז פארבאָטען" און גענומען זיך היצען מכח דעם, אַז זיי קענען זיך קיינמאָל ניט צונויפקומען אין צייט. אָט איז שוין א פערטעל זעקס. די הויפּט־מאכער זענען נאָך ניטאָ. עס איז נאָך ניטאָ ניט פראַק, ניט אָדינצאָוו, ניט גריוואונאָוו, ניט דער אַרבייטער קראַ־סינקאָוו, ניט סינקאָוו, וועלכער פארטרעט די אָפיציעלע מאכט. וואַר־טענדיג אויף זיי, האָט מען דערוויילע גענומען דערצעהלען איינער דעם אַנדערען וואָס עס הערט זיך. יאקאָבסאָן האָט דערצעהלט, אַז מען האָט באַשלאָסען אין די הויכע פענסטער אָפצושאַפען די היינטי־גע קאָאָפעראַציע און באַשאַפען א ריין־באָלשעוויסטישע.

— נו, געהט צום טייוועל די קאָאָפעראַציע, — האָט בעלעש געזאָגט, קעמענדיג מיט'ן בלייפעדער זיינע באקענבארדען, — כאָטש אויב זי געהט צום טייוועל, הייסט עס, אַז מיר געהען אויך מיט. זאָגט, ווען געהען זיי אוועק? פאַראַן א האָפנונג?

— זיי וועלען אַוועקגעהן, — האָט יאקאָבסאָן געענטפערט, ווייזענדיג זיין שמייכעל און באַהאַלטענדיג איהם באַלד, — ווען ביי אייך אויף דער גאָמבע וועט אויסוואַקסען א בראָדעווקע. כאָטש איך מיין, אַז א בראָדעווקע וועט ביי אייך אויסוואַקסען, און זיי וועלען דאָ נאָך אַלץ זיין.

— רעדט ניט אזוי הויך, — איז סימע א פאַרציטערטער גע־וואָרען. א בראָדעווקע אייך אויף דער צונג פאר אזעלכע רייד.

— אייך, סעמיאָן גריגאָריעוויטש, — האָט יאקאָבסאָן געזאָגט מיט האַרץ, — וועט מען נאָך אַמאָל פאר פּחדנות דערשיסען.

— די טעג זענען ווידער דריי פאמיליעס ארויסגעפאָהרען פון

שטאָדט, — האָט בעלעש געזאָגט, — מען לױפט װאוהין די אויגען טראָגען. אָבער ביים גרעניץ, זאָגט מען, איז שלעכט. מען ראבעװעט און מען טויט װיפיעל עס לאָזט זיך.

— אָבער מיר קלייבען זיך נאָך ניט צו אנטלויפען, — האָט זיך יאקאָבסאָן אָפּגערופען...

— איך זאָג ניט, — האָט בעלעש אַ שמייכעל געטאָן, — אָבער דער עולם צעפּאָהרט זיך. װעמען דו זאָלסט ניט טרעפען, איז יעדער איינער מיט דער זעלבער פראַגע: „װען װעט איהר?" — אַזוי צי מען װיל, צי מען װיל ניט, הויבט מען אָן צו טראַכטען װעגען דעם.

— אויף אַלץ װעט זיין אַ צייט, — האָט איװאַן פּעטראָװיטש פרעהליך באַמערקט, — אגב, װער האָט געהערט, אַז עס װעט ער־קלערט װערען אַ װאָך, װען סאָלדאַטען װעלען זיך קאָנען לאָזען װאוילגעהן מיט בורזשויקעס.

— װער זאָגט עס? — האָט סימע ניט מיט זיין קול געפרעגט. ער האָט זיך דערשראָקען פאַר דאַראָטשקע'ן.

— װער האָט געזאָגט? — האָט זיך איװאַן פּעטראָװיטש צע־לאַכט, בליצענדיג מיט זיין בילעם, — מען װעט זיך אַ שפּיל טאָן מיט אונזערע פרויען, אַ? דו װייז נאָר אַ סאָלדאַט דעם װעג, װעט ער דיר שוין אָנטאָן צרות.

— יאָ, די טעג, —האָט זיך יאקאָבסאָן אריינגעמישט, — האָט מען בורזשויקעס, װאָס האָבען זיך געבאָדען, אַװעקגעטריבען רייני־גען די קאַזארמעס. מיין פרוי'ס קוזינע איז אויך געװען. װאָס זי דער־צעהלט זיך אָן, איז אַ שרעק. די סאָלדאַטען האָבען חוזק געמאַכט פון זיי. דאַמען האָבען געװאַשען די דילען, און זיי האָבען געשפּיגען, גע־בראָקעט און געהייסען װידער װאַשען. מיט עטליכע זענען ביינאַכט פאָרגעקומען אומגליקען.

— נו, נעהמט זיי דער טייװעל, — האָט זיך סימאָטשקע גע־בעטען. — איך װעל אַװעקגעהן, אויב איהר הערט ניט אויף. לאָמיר רעדען װעגען געשעפט.. און זאָלען קוזינעס ניט געהן אין גאַס. איצט מוזען פרויען זיצען אינדערהיים.

— װי־זשע זיצט מען שטענדיג אינדערהיים? — האָט זיך בע־לעש צעקאָכט — אין מארק אריין מוז מען געהן, װען מען איז אָהן אַ דיענסט! און אין מארק כאַפּט מען זיי װי מייז און מען שיקט זיי ארבייטען אויף די פעלדער.

„וואָס ווייזט זיך עפּעס ניט מיין פּראַק?" — האָט סימע גע־טראַכט, הערענדיג מיט איין אויער זייערע טענות. „איך האָב מורא, ער האָט מיך ווידער אָפּגענאַרט. זיצט מסתמא ווידער ביי מיר. דאַכט זיך, אַז דער מאָגען וויל ביי מיר קאַליע ווערען. וואָס עפּעס מיט אמאָל? די צונג איז ריין. נו, יאָ, עס הויבט שוין אָן זינגען אין בויך. דאָס האָב איך פּראַק׳ן צו פאַרדאַנקען. אָבער וואָס קאָן זיין פאַר א שייכות צווישען אייפּערזוכט און מאָגען? זיצט ער ביי מיר דער לומפּ, צי ער זיצט ניט. עס זינגט שוין ווידער."

— די אַפּטייקען וועט מען זיכער צושליסען, — האָט זיך צו איהם דערטראָגען.

עס איז געקומען דער ארבייטער קראַסינקאָוו, אַ גוי, א ריז, מיט א ברייטער סיוועד באָרד, און אויסגעטרוקענטע האַלז. עס איז גע־קומען עדינצאָוו. פּראַק איז מיט זיי ניט געווען. מען האָט אַ קוק גע־טאָן אויפן זייגער און באַשלאָסען צו עפענען די זיצונג. אָדינצאָוו האָט גענומען לייענען דעם רעפּאָרט. סימע האָט געהערט און קיין איינציגען וואָרט ניט פאַרשטאַנען.

„פּראַק איז ניטאָ", האָט זיך געפּלאָנטערט ביי איהם אין קאָפּ. אין מאָגען זינגט. איך וועל ניט לאָזען פּראַק׳ן חוזק מאַכען פון מיר. איך בין ניט קיין אינגעלע.

אז ער האָט זיך געזאָגט, אז ער איז ניט קיין אינגעלע, האָט ער דערפיהלט א שטאַלצע ערלייכטערונג.

„אז איך וועל אין כעס ווערען, וועלען פון פּראַק׳ן פעדערען פליהען. וואָס לייענט ער דאָרט דער נאַרישער שגץ? פריהער פאַר אַלץ דאָס ווייב. איך בין א רייכער מענש. וואָס געהט מיך אָן דער ראַפּאָרט? אזא ווייב און דאַרף לײדען פון פּראַק׳ס אַטאַקעס. זי איז דאָך דאָרט אַן אומשולדיגע, עלענדע און איך בין ניטאָ צו קומען איהר צו הילף! מסתמא ווידער די בענדער אָנגעטאָן, די קורצע ארבעלאַך. איך געה. ניין, מען טאָר ניט. מען מוז הערען דעם ראַפּאָרט. און אויב מיין מאָגען איז קאַליע. זיץ! נאָר ווען וועט ער שוין ענדיגען אַמאָל זיין ראַפּאָרט? סאַי ווי רעדט זיך דאָך נאָר וועגען דעם, אז מיר אַלע, א חוץ דעם שוט דעם ארבייטער זאָלען אָפּלעקען א ביינדעל. וואָס לייענט ער אַזוי לאַנג?

„און אויב זי איז געגאַנגען מיט איהם שפּאַצירען?" איז אַרויס־געשפּרונגען א געדאנק. „און אפשר האָט ער געמאַכט מיט איהר א

ראַנדעוואו, און זי איז אוועק. מיך האָט ער פאַרנאַרט אין סאָוונאַרבאַז, און אַליין איז ער אַוועק אויף אַ ראַנדעוואו מיט איהר. ווידער ברענט דאָס האַרץ. ווי געהט מען דאָ אַוועק, מען וועט דאָך ניט לאָזען. וואָס פאַר א תירוץ זאָל איך זאָגען? דאַכט זיך, ער האָט שוין אויפגעהערט לייענען?״

— איך בעט די חברים, זיי זאָלען אַרויסזאָגען זייער מיינונג, — האָט קראַסינקאָוו פאָרגעשלאָגען.

— סעמיאָן גריגאָריעוויטש, אפשר איהר, — האָט סושקאָוו געזאָגט.

— איך בין פאָלשטענדיג איינשטימיג מיט דער מיינונג פון רעדנער, — האָט סימע שנעל געענטפערט.

— אָבער איך פאַרשטעה ניט, פאַרוואָס חבר פראַק איז ניט געקומען. זיין מיינונג איז באַזונדערס וויכטיג... אָבער איך בעט ענטשולדיגונג אויף אַ מינוט... דאַכט זיך, איך האָב געגעסען עפּעס ניט פרישעס... רעדט זיך דורך דערווייל אָהן מיר. ענטשולדיגט...

ער האָט זיך שנעל אויפגעהויבען און הינטערווייליעכץ גענומען זיך אַרויסרוקען פון צימער. אויף די טרעפּ האָט דער מאָגען גלייך אויפגעהערט צו זינגען. ער איז אַראָפּ אונטען אין גאַס און ארומגעקוקט זיך.

,,דער עיקר, וואו איז זי, וואו איז ער? עס וואָלט גוט געווען אָנצוטעלעפאָנירען אהיים, אָבער מען האָט דעם טעלעפאָן לאַנג רעקווויזירט און ביז איצט קען מען איהם ניט קריגען צוריק. אָט אַן אומגליק. מען האָט אַלע טעלעפאָנען צוגענומען. ביי די איינוואוינער. צו וואָס דאַרפען זיי אַזוי פיעל טעלעפאָנען? צוגענומען די בעסטע הייזער אין שטאָט, די טעלעפאָנען, געלד, צירונג, אַ רעגירונג! ער וואָלט גענומען אַ דראָזשקע אַהיים, איז קיין דראָזשקע ניטאָ., און טאָמער זעהסטו שוין יאָ איינע, פאָהרט אין איהר א חבר מיט א מיידעל. מען מוז געהן שנעלער, כאַפּט עס דער וואַטעמאַכער, וואָס קען מען זיך העלפען. איך וועל בעסער גאָר לויפען, אָבער דאָס שמעקט מיט געפאַהר. פּרואוו נאָר לויפען, וועט מען זאָגען: דאָס וויל זיך אַ קאָנטררעוואָלוציאָנער ראַטעווען. איך וועל מאַכען זעהר גרויסע טריט. נאַריש, אָבער וואָס קען מען זיך העלפען. פונדעסטוועגען — אַ היץ א ביסעל.

און וואָס זאָגט דאָרט וועגען מיר חבר קראַסינקאָוו? אנטלאָ־

פען! אפשר זוכט מען מיך דאָרט אַרום און איך בין גאָר אָט וואו, נו, כאַפּט עס דער וואטעמאכער. ניין, זי איז זיכער אין דער היים. וואו־הין וועט זי געהן? הייסט עס דאָך, אז פראק איז אין סאָוונארכאָז. וואָס־זשע בין איך אוועק? אפשר אומקערען זיך אין סאָוונארכאָז? איך בין דאָך אָבער געלאָפען ווי אַ משוגענער. ביז איך וועל קומען צוריק, וועל איך שוין קיינעם ניט טרעפען. און פונדעסטוועגען אפשר פליהען צוריק? אָבער אויב פראַק איז דאָרט ניטאָ? און אויב ער איז יאָ דאָ? טאָ וואָס זשע זאָל איך טאָן? דערווייל ניט פליהען. זי איז זיכער אין דער היים. ניט אַזאַ פרוי, וואָס זאָל געהן אין ראנדעוואוס. א פּשוט׳ע עהרליכע היימישע פרוי. נאָר אויב זי איז אין דער היים, טאָ צו וואָס דאַרף איך זי? צו וואָס זאָל איך געהן אַהיים? צו וואָס דאַרף איך זי? פראק זיצט זיך רוהיג אין סאָוונאַרכאָז, און געהן אַהין צוריק שעהם איך זיך. וואָס זאָל איך זיי זאָגען, ווען זיי וועלען מיך פרעגען? און וואָס בין איך געפלויגען אַהיים ווי אַ משוגענער? איך האָב אַ שרעקליכען כאראקטער. וואָס איז עפּעס לויפט מען. וואָס איז? מען באהאלט זיך אין די טויערן. לאָמיר אויך ערגיץ אַריינלויפען.

סימע איז אַריינגעלאָפען אין נאָהענטסטען טויער, וואו אַ הייפעל מענשען האָט זיך שוין געטוליעט און מיט שרעק און מיט אַ שטומער פראגע געקוקט אויף די אַרומיגע. אימיצער פון זיי האָט געזאָגט:

— די דאָבראָוואָלצעס האַלטען ביים אָנקומען אין שטאָדט אַריין. מען דאַרף זיך ריכטען באַלד אויף אַ שיסעריי.

— אָן אָבלאַווע אויף ספּעקוליאנטען, — האָט דער אנדערער ערקלערט.

— וואָס מאכט איהר זיך נאריש? — האָט זיך אריינגעמישט א דריטער, א פּראָסטער יונג, דאָס זענען קרייצערס אַריין אין פּאָרט.

סימע האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און אַרויסגעשטעקט דעם שפּיץ נאָז פון טויער. ער האָט דערהערט פון דער ווייטענס אַ געוואַלד און געיאָמער פון פרויען.

— דאָס מאַכט מען אַן אָבלאַווע אויף בורזשויקעס, — האָט איינער מיט אַ טיעפען באס געזאָגט. — דאָס איז דער גאַנצער סוד.

— מען פיהרט, מען פיהרט, — האָט זיך צוכליפּעט א גויע הינטער סימע׳ס אויער. — סאָלדאַטען אַזויפיעל! מאַמעלאַך, און אין היטעלאך מיט פאראסאָליקעלאך!

— אַן אַלטע אידענע געכאַפּט! — האָט מיט שמחה אויסגעשריען אַ ווייסער'חבר'ניק.

— אַ סאָלדאַט אָהן אַ פרוי קען ניט אויסקומען, — האָט פּראַקטיש באַמערקט עפּעס אַ פאַרדעכטיגער טיפּ. — אונזער סאָוויעטסקע רעגירונג פערשטעהט עס.

סימע האָט געציטערט הערענדיג די שמועסען. פון דער אַנדערער גאַס זענען אָנגעקומען די פרויען, אַרומגערינגעלט מיט סאָלדאַטען. סימע האָט געוואָרפען אויף זיי אַ דערשראָקענעם בליק: בורזשויקעס! אַלע זענען געגאַנגען מיט געזונקענע קעפּ. אַ יאָמער האָט אָפּגעהילכט. אויפ'ן טראָטואַר האָט זיך גערודערט אַ קופּקע מענשען, גרייט זיך צו צעלויפען ביים ערשטען באַפעהל.

— אזעלכענע הייסט עס, וואָס האָבען קיין פּאַשפּאָרטען ניט, — האָט אימיצער פּרובירט ערקלערען.

ווער מען, הייסט עס, מיט די באַבעס... הייסט עס זיך אַ שפּיל טאָן... אין די קאַזאַרמעס... — האָט איינער איינגערוימט.

— אַזוי ווייזט עס אויס, — האָט אַ דריטער באַשטעטיגט.

„אפשר הויבט זיך עס שוין אָן די וואָך פאַר די סאָלדאַטען?"

— האָט סימע אַ טראַכט געטאָן. „און ווי, אויב מיין דאָראָטשקע איז גראָד געווען אין גאַס און מען האָט זי גענומען? אפשר איז זי געגאַנגען אויפ'ן בולוואַר? גאָט מיינער, מען וועט דאָך זי די ערשטע שענדען. אַזאַ פרישע, וואַרפט זיך גלייך אין די אויגען. וואָלט זי כאָטש געווען מיט פּראַק'ן, ער וואָלט זי זיכער אָפּגעראַטעוועט. מילא, זאָל זיין מיט פּראַק'ן. נאָר אפשר איז פּראַק אין „סאָוונאַרכאָז"? איז וואָלט אפשר געווען אַ פּלאַן אַ לויף צו טאָן אין „סאָוונאַרכאָז"?, כאַפּען פּראַק'ן און לויפען מיט איהם זי זוכען? אַגב איז שוין אין גאַס שטיל געוואָרען און מען קען געהן ווייטער".

„ניין, איך געה ניט", האָט ער באַשלאָסען, אַרויסגעהענדיג פון טויער און אַרומשפּאַנענדיג אַהין און אַהער: סיי ווי איז שוין פּראַק דאָרט ניטאָ. פאַרפאַלען! אויב מען האָט זי פאַרנומען וועט מען מיר אומקעהרען אַ געשענדעט ווייב. אַנו, לאָמיר זיך נאָר פאָרשטעלען, ווי אַזוי מען וועט זי פאַרגוואַלטיגען. ניין, שווער, איך קען ניט. אַ גרויל, אַ גרויל! און אפשר איז זי גאָר אין דער היים? איך געה דאָ פון זינען אַראָפּ און זי זיצט זיך רוהיג אין דער היים און

שפּיעלט אין קאָרטען מיט איהר זינע׳ן? און טאָמער איז זי מיט פּראַק׳ן? טאָ וואוהין־זשע זאָל איך גערן? אין „סאַוואָנאַרכאַז“, אין די קאַזאַרמעס, אהיים, אָדער אפשר אויפ׳ן בולוואַר. איך וואָלט וועלען זיין אין אַלע פיער ערטער מיט אַמאָל, אָבער ווי קען מען עס? אָט אַ פאַרדרעהעניש. איך בין אַזוי בייז, אַז איך וואָלט זי צוריסען אַ לעבעדיגע. איך לויף אהיים. דער שכל איז מחיב, אַז אהיים, יאָ. אהיים! און אפשר פּאָרט אין „סאַוואָנאַרכאַז“?

ניט הערענדיג מעהר די אינערליכע שטימען, האָט ער זיך אויסגעדרעהט, פּונקט ווי אימיצער וואָלט איהם אַ רוף געטאָן, און פּלוצים ניט דערזעהען, נאָר דערפיהלט זיין דראָטשקע׳ן מיט פּראַק׳ן אונטער׳ן האַנט און מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע יונגוואַרג אַרום איהר. עס איז געווען אַזוי אומגעריכט, אַז ער איז צוגעשמידט געוואָרען צום אָרט.

„ס׳טייטש!“ האָט אין איהם געיאָמערט. „מיט פּראַק׳ן אונטער׳ן האַנד, ווען מיר געהט דאָ דאָס חיות אויס פון שרעק פאַר איהר! פּראַק׳ן דאַרף זי, ווען אין גאַם ברענט, ווען מען כאַפּט פרויען! נו, אַ דאַנק צו גאָט, וואָס מיט פּראַק׳ן“, האָט ער זיך גלייך אײַבערגעלייגט. „גלייכער ווי מיט אַ זעלנער. אָבער וואָס זאָל איך איצט טאָן? ווי געהט מען צו? וואָס פאַר אַ צורה וועל איך האָבען? שמייכלען ווי אַ אידיאָט? אָדער אָהן אַ וואָרט צו זאָגען דערלאַנגען איהם אין די צייהן? איך וואָלט זיך מחיה געווען, ווען איך דערלאַנג איהם אין די ציין! דערלאַנגען אָדער ניט דערלאַנגען? אַן אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט קיין מינוט ניט געטראַכט. דאָ דאַרף מען דען טראַכטען? דאָ דאַרף מען טאָן, ניט טראַכטען, גוט, מסכים, איך וועל באַלד טאָן. אָבער וואָס מיינט טאָן? וואָס אייגענטליך דאַרף איך טאָן? צוגעהן מיט אַ שמייכעל, מאַכען איהר אַ סקאַנדאַל, אָדער דערלאַנגען איהם אין די ציין? אינטערעסאַנט צו וויסען, וואָס וואָלט אַן׳אַנדערער געטאָן אויף מיין אָרט? אָבער זיי קומען שוין צו. נו, גיכער. קיין צייט ניטאָ! באַשלים שוין! איך וועל מאַכען דעם אָנשטעל, אַז כ׳בין פאַרוואונדערט און סטאַרע זיך צו זיין פריינדליך. נעמט עס דער טייוועל. דאָס בעסטע וואָלט געווען אַנטרינען צו ווערען. יאָ. אַנטרינען. איך לויף! אָדער מען דאַרף ניט? איך לויף. כאַפּט עס דער וואַטעמאַכער!“

און מיט אַ שמייכעל, און ווי שעהמענדיג זיך מיט עפּעס, גלייך צוגעגאַנגען צו דער קאָמפּאַניע און נאָך פון דער ווייטענס אָנגעהויבען עפּעס שנעל צו פּלוידערען...

## V.

דאָראָטשקע איז געגאַנגען מיט פּראַק׳ן און מיט דער קאָמפּאַניע פון באָדען זיך. זי איז געגאַנגען אַ פאַרשעהמטע, פאַרטראַכטע, צורודערטע. געהענדיג זיך באָדען, איז זי געווען זיכער, אז עס וועט איהר זיין זעהר אנגענעהם, און אין אָנהויב האָט טאַקע הנאה געהאַט, אָבער דערנאָך איז אַלץ קאַליע געוואָרען.

ביים ים האָט שוין געוואַרט אויף איהר אַ קאָמפּאַניע יונגע באַלשעוויקלאַך מיט זייערע דאַמען. און זי האָט זיך אויך דערפיהלט פאַר אַ יונגינקע, פרייע, כמעט אומפּאַרהייראַטע. באַקענט זיך. די אַקטריסע פּאַלטשיקאָווא, אַן 38־יעהריגע מיט אַן אָפּבליאַקירט פּנים און פאַלשע ציין, וועלכע האָבען אויסגעזעהן ווי אייגענע, און געלע, אייגענע, וועלכע האָבן אויסגעזעהן ווי פאַלשע. אַ זינגענדיג קול, עטוואָס הייזעריגלעך און אַן אייביגער פּאַפּיראָס אין לינקען ווינקעל פון מויל. זשעדנע, תאוה׳דיגע אויגען. איהר הייסער פּאַרעהרער, חבר גרושקאָוו, אַ נייִנצעהניעהריגער, שעהנער שגץ. וואו ער האָט געאַרבייט, האָט ער ניט אויסגעזאָגט, אָבער פּראַק האָט איהר געזאָגט אויפן אויער, און זי איז בלייך געוואָרען. דערנאָך חבר קריוורטשוק פון דעם „פּראָדקאָם״, אָהן פיער פאָדערשטע ציין, און חבר׳טע ליובאַ, אַ שעהן, לוסטיג, אַכצעהניעהריג מיידעל, אַ מאַשיניסטין. דערנאָך חבר אַנטאָשאַ פון „גאָסאיזדאַט״, פון אַ יאָהר צוואַנציג און זיין באַקאַנטע, חבר׳טע ליזאַ, כמעט אַ קינד נאָך. מען האָט זיך באַקענט, גענומען זיך נאַריש מאַכען, אַרומלויפען, שטיפען. דערנאָך איז מען אריין אין וואַסער, און עס איז געוואָרען נאָך אָנגענעהמער. דערנאָך האָט מען זיך פאָטאָגראַפירט. און דערנאָך איז עפּעס קאַליע געוואָרען. די פּאָרלאַך האָבען זיך צוזייט. פּראַק איז געוואָרען שטילער און פרעכער. זי האָט זיך דערשראָקען און גענומען שנעל זיך אָפּקילען צו איְהם.

„עס איז גאָרניט ווי פריהער״, האָט זי געטראַכט, זיצענדיג

מיט איהם אונטער אַ בוים. „פריהער פלעגט ער זאָגען ווערטער, און פון די ווערטער איז מיר געווען אנגענעהם, און איצט — אָהן ווערטער! נאָר ער כאַפּט די האַנט און קושט, כאַפּט פאַר דער טאַליע און שווייגט ווי אַ פיש. צו וואָס דאַרף איך עס? ראַדף איך עס דען? איך האָב ווער עס זאָל מיך אַורמנעהמען. איך דאַרף פיינע ווערטער, אָט וואָס איך דאַרף, ניט דאָס. ער ערלויבט זיך צופיעל און איך וויל ניט, אַז ער זאָל זיך ערלויבען. ניט איך בעט איהם, ער זאָל מיך אַרומנעהמען, ניט ער זאָל מיר די הענד קושען און ער הערט עס ניט אויף צו טהון און איז אפילו מיאוס געוואָרען. און איך וויל ניט פאַרראַטען מיין סימקע'ן. פאַרוואָס? ער האָט מיך דען ניט ליעב? און ווי זאָגט מען וועגען דעם סאַשע'ן? ער איז דאָך מיר אַ פרעמדער מענש. וואָלט ער כאָטש פיין און איידעל געזאָגט: „ערלויבט מיר אייך אַרומצונעהמען", וואָלט איך זיך מישב געווען, יאָ ערלויבען, אָדער ניט ערלויבען. און דאָ ניט באַוויזען זיך אַפילו אַרומצוקוקען, און ער כאַפּט שוין אַרום. מיר געפעלט עס ניט. אַ חרפּה פאַר די מיידלאַך און שקצים.

און וואָס איז עס פאַר אַ געזעלשאַפט פאַר מיר — באַלשעוויקלעך, קליינע מיידלעך. ווי ניט פיין פון איהם, וואָס ער האָט מיך מיט זיי באַקענט... איצט וועט סאַשע האָבען מיינס אַ בילד... פאַרוואָס האָב איך איהם געלאָזט זיך אָפּפאָטאָגראַפירען. דערצו נאָך אין ים, דערצו נאָך איז אַזאַ שרעקליכען קאָסטיום? ער קען עס נאָך אימיצען ווייזען, און אַלץ געפּאָדערט, אַז איך זאָל וואָס מעהר די ברוסט אויפדעקען. און איך, נאַר, האָב געפאָלגט. וואָס איז עס אַזוינס געווען מיט מיר? און אַלץ דערפאַר, ווייל ווערטער קענען מיך בשוגע מאַכען. גערעדט און גערעדט, גערופען מיך נימפע, נו, האָב איך אויפגעדעקט די ברוסט. איך וועל צונעהמען ביי איהם די פאָטאָגראַפיע! ווען סימע דערוויסט זיך פון דער פאָטאָגראַפיע, פאַרדערט ער אַ גט. יאָ, מען מוז סאַשע'ן אויפגעבען. אָבער סימאָטשקע האָט פערלאַנגט, איך זאָל זיין מיט איהם וואָס פריינדליכער. געשעפטען, די טשעקאַ... — אָבער איך וויל ניט געהען ווערען צוליעב דעם אַן אומאַנשטענדיגע פרוי! ניין! איך וועל מיט איהם איבעררייסען און וועל זיך מעהר קיין זאַך ניט ערלויבען".

...סימאָטשקע, אונטערטראָגענדיג חבר פּראַק'ן אַ האַנד, האָט געשריען:

— ענדליך, חבר, האָב איך אייך געפונען. נו, גאָט צו דאַנקען. איהר זעהט, איך בין אַזש פאַרשוויצט געוואָרען, לויפענדיג. און אָבלאָווע אויף פרויען. האָב אַליין געזעהען, ווי מען האָט זיי געפיהרט. און איך טראַכט זיך, וואו קען עס איצט דאָרע זיין? נו, אַבי עס איז אַלץ גוט, וואָס מאַכט איהר?

— אויסגעצייכענט, — האָט פראַק גרינגשעציג געענטפערט.

— ניט כדאי געווען ארומצולויפען איבער די גאַסען. באַקענט זיך אַלץ חברים. גרושקאָוו, דערלאַנג אַ חבר דיין לאַפּע. אַ ניצליכער מענש, דער גרושקאָוו, — האָט ער געזאָגט מיט אַ וואונק צו סימע׳ן.

— פּאַלטשיקאָווא, — האָט ער ווייטער אָנגערופען, — קריוועשוק!..

— גוט, וואָס מען האָט געכאַפּט די בורזשויקעס... — האָט גרושקאָוו געזאָגט, אריינלעגענדיג זיין קאַלטע האַנט אין סימע׳ס וואַרימער... — זאָלען די סאָלדאַטען אויך הנאה האָבען.

סימע האָט זיך געמאַכט, ווי ער איז אויך דערפון צופרידען און מיט דרך־ארץ אַ שמייכעל געטאָן צו גרושקאָוו׳ן.

— זעהר צופרידען, זעהר צופרידען, — האָט ער געריבען די הענט פון זיינע נייע באַקאַנטע.

„אַמאָל קענען נאָך די באָלשעוויקלאַך צונוץ קומען", האָט זיך דורכגעטראָגען אַ געדאַנק. "אָדער, נו כאַפּט עס דער וואַטעמאַכער. נו, אַלץ איינס, אַז עס האָט זיך אַזוי געטראָפען, מוז אַזוי זיין".

— און פאַרוואָס זייט איהר, חבר, ניט געקומען אין „סאָוונאַרכאָז"? — האָט ער זיך געווענדעט צו פראַק׳ן. — אַי, איך פאַרשטעה, געמאַכט פאָטאָגראַפיעס? נו, ווי? געלונגען?

— זעהר, זעהר געלונגען, — האָט ער דערהערט. — מערקווירדיגע זאַכען אויף אָט די פאָטאָגראַפיעס. איהר וואָלט גאָרניט געגלויבט, האָט פראַק געזאָגט, אַ פינטעל טאָענדיג מיט׳ן אויג.

— טאַקע? — האָט סימע אויך אַ פינטעל געטאָן — מיך פרעהט עס זעהר. הלואי, הלואי, — האָט ער געזאָגט, אַליין ניט ווייסענדיג צו וואָס. „שטיל!" האָט ער אויף זיך אַ געשריי געטאָן. — און די אָבלאָווע האָט אייך גאָרניט פאַרכאַפּט?

— חבר, — האָט פראַק זאָרגלאָז געענטפערט, — מיר וואָלטען סאַי ווי ניט געליטען. מען וואָלט ניט געוואַגט אונז צו פאַרהאַלטען.

— געווים, געווים, — האָט סימע געאײַלט זיך צו פֿאַרגלע־טען, — און פֿון וואַנען אייגענטליך געהט איהר עס? דאָראָטשקע, וואָס שווייגסטו אַלץ? מיר איז גוט אויפ׳ן הארצען, וואָס מען האָט דיך ניט צוגענומען. ווייסט איהר, חברים, וואָס מיר איז איינגעפאַ־לען? — האָט זיך ביי איהם אומגעריכט ארויסגעריסען, — אפשר זאָלען מיר גאָר אַלע אַוועקגעהן צו מיר? — דאָראָטשקע האָט איהם פֿאַרוואונדערט אָנגעקוקט, — מיר וועלען פֿארבייסען, — האָט ער געפּלוידערט, אויסמיידענדיג איהר בליק און אין שטאַרקער אויפ־רעגונג, — נעהמען צוביסלאַך וויין. איך האָב אויסגעצייכענטען וויין. חבר פראַק ווייסט עס.

אַלע האָבען אין איין קול און מיט גרויס פֿאַרגעניגען אָנגענומען די איינלאַדונג. פּאַלטשיקאָוואַ האָט שמאַכטיג געזאָגט: „איך געה" און אַ קוק געטאָן אויף גרושקאָוו׳ן, וועלכער האָט גלייך מיט אַ זי־סען שמייכעל גענומען זי אונטער׳ן אָרעם. סימע האָט געהאַט דעם מוט צו נעהמען אונטער׳ן אָרעם דאָראָטשקע׳ן, אָבער אז דאָס זאָל ניט אויסזעהן פראַק׳ן צו חוצפּה׳דיג, האָט ער זיך גלייך צוגעאײַלט צו פֿאַרגלעטען זיין עולה:

— חבר פראַק, גיט מיר דעם אַפּאַראַט, איך וועל טראָגען. מיט פֿאַרגעניגען. צו וואָס דאַרפֿט איהר זיך מיט איהם אַרומשלעפּען?

— „אַ שרעק, אַ שרעק", האָט זיך געטראָגען ביי איהם אין קאָפּ. וואָס רעד איך? נו, נעמט עס דער טייפעל. איצט מוז מען אַזוי זיין, און אין אַן אַנדער צייט וועל איך זיין אַנדערש." — וואָס זשע צע־רעמאָניעט איהר זיך מיט מיר? אַן אַנדער מאָל וועט איהר מיר אויך טאָן אַ טובה.

— נעמט, — האָט פראַק גרויסמוטיג געזאָגט. — נאָר טראָגט פֿאָרזיכטיג, דאָרט זענען אַזעלכע בילדער...

אין דער היים האָט זיך סימע געפּאָרעט מעהר פֿאַר אַלעמען. „אַ קלייניגקייט, אַזוי פֿיל באַלשעוויקלאַך ביי מיר צוגאַסט! אָבער מיט דאָראָטשקען וועל איך זיך אָפּרעכענען. עס וועט איהר אַזוי גרינג ניט אָפּגעהן. מיט פראַק׳ן? אַ? און ווי דאָס הארץ האָט עס מיר געזאָגט. וואָס „סאָוונאַרכאָז", ווען „סאָוונאַרכאָז"? איצט פֿאַר־שטעה איך שוין אַלץ."

סאָניע און זינע זענען אַרומגעלאָפען פֿאַרשמאַיעט פֿון איין צימער אין אַנדערען. מען האָט געדעקט דעם טיש און אויפ׳ן טיש

אוועקגעשטעלט אַלץ וואָס איז נאָר געווען אין שטוב. מען האָט אויס־
געראָמט דעם בופעט, מען האָט אויסגעראָמט די שטוב. די נשמה
אויסגעראָמט. וואורשט, אַ שטיק קאַטשקע, סארדינען, אייער, קאָ־
ניאק, און ווידער וואורשט, קאטשקע, סארדינען זענען געפלויגען אי־
בערן טיש פון פראק׳ן צו דאָראָטשקע׳ן. זיי זענען ווידער צוזאַמען.
נו מילא, לאָזען עס אויף דערנאָך. זענען געקומען קישקעלאַך און זיך
אַ נייג געטאָן צו פּאַלטשיקאָווא׳ן, אייערלאַך האָבע זזיך איבער׳ן
טיש אוועקגעקייקעלט. אָט אַן אומזין! סאָניע האָט זיך צוגעזעצט,
גענומען אַ טרונק קאָניאק. די פּוטער האָט זיך אוועקגעשטעלט אנט־
קעגען גריוועטשוק׳ן. יענער האָט זיך פאַרנייגט, צעלאַכט זיך. פיער
ציין פעהלען ביי איהם אין סאמע מיטען מויל — מאָדנע. מיט זי־
נע׳ן אויסטרינקען לחיים? אדרבא! כע־כע, באָלשעוויקעלאַך!

— איך טרינק מיט אייך ברודערשאַפט, חבר גרושקאָוו, —
האָט אימיצער גערעדט פאַרריסען. — און פאַר קונסט! וואָס זאָגט
איהר עפּעס אויפ׳ן וויין? — האָט מיט חניפה געפרעגט דער זעלבי־
גער קול.

מען דאַרף צולויפען צום צווייטען חבר. אָט אַזוי. פאַר אייער
געזונט, חבר! אָבער געטראכט, קוקענדיג צערשטרייט אויף דאָ־
ראָטשקע׳ן: זיצסט, פאַרברעכערין? זיץ, זיץ, ניש׳קשה, איך בין דאָ.
איך היט. שעהנער געוואָרען, פרישער. אַן אטלעט! א ווייב אַן אט־
לעט! אָבער א שעהנע.

דער טומעל איז אַלץ געוואַקסען. די דאַמען האָבען זיך שוין
געוואַלגערט אויף די סאָפעס און גאָר אָהן צערעמאָניעס. די מענער
האָבען זיך פאַרקליבען אין די טיפע פאָטעלען, די פיס אונטער זיך.
מען האָט גערויכערט סיגאַרען, ליולקעס, אַש איז ווי רעגען געפאַלען
אויף די טעפּיכער, סאָפעס, שטולען. קיינער האָט ניט געדענקט ווי
אַזוי מען האָט איבערגעוואַנדערט אין גאַסט־צימער. עס איז דער־
עסען געוואָרען צו ליגען און מען האָט גענומען טאַנצען. מען האָט צו־
שלײדערט אין אלע ווינקלען די מעבעל. מען האָט זיך געיאָגט, אין
קאַבינעט, אין עס־צימער אַריין. פראק האָט געוואָלט טאַנצען מיט
דאָראָטשקע׳ן און זי האָט איינגעוויליגט. סימע האָט דערזעהן, ווי
פרעך ער נעהמט זי אַרום, גלייך דערפיהלט אַ שטאַרקען פאַרלאַנג
צו געבען איהם אין די ציין, אפילו אַ ריס געטאָן זיך פאָראויס, כדי

עס צו טאָן, אָבער אויפן וועג חרטה געקראָגען און אַרומגעכאַפּט פּאַלטשיקאָווא'ן, און אפשר איז עס געווען גאָר ניט פּאַלטשיקאָווא, נאָר אַן אַנדערע און גענומען זיך דרעהען מיט איהר ווי אַ הינדעל, וואָס איז מיט אַמאָל פון זינען אַראָפּ, ביז וואַנעט עמיצער האָט איהם מיט געוואַלד אָפּגעשלעפּט. חבר אַנטאָשאַ צוליעב פרעהליכקייט וועגען האָט עפּעס געטרובעט מיט די ליפּען. חבר גרושקאָוו האָט פערריסען די פיס און געפּרואווט באווייזען דער חבר'טע ליזא, אז קאָמוניזם וועט נאָר דעמאָלט טריאומפירען, ווען קיין איין בורזשוי וועט ניט בלייבען אויף דער וועלט און דערפאַר מעג מען זיי אַלע ביז איינעם אויסראָטען, און דערפאַר, — האָט ער אַ רעווע געטאָן — איז איצט די רעכטע צייט צו זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל".

אז סימע האָט דערהערט חבר גרושקאָוו'ס לעצטע ווערטער און דערזעהן חבר אַנטאָשאַ'ס גזלנ'יש פּנים, האָט ער זיך זעהר דערשראָקען, געבליבען שטעהן אויסגעצויגען ווי אַ סטרונע צוגעלעגט צוויי פינגער צום שלייף, ווי ער האָט עס געזעהען טאָן אויף פּאַראַדען, און אונטערטעניג גענומען פּישטשען: „און דאָס וועט זיין דער לעצטער, ענטשלאָסענער קאַמף". די דאַמען האָבען ענערגיש צוגעהאָלפען. דאָראָטשקע האָט ניט געקענט ניט דעם ניגון און ניט די ווערטער און עפּעס געצויגען מיט אַ שטילען באַס, ברייט עפענענדיג דאָס מויל, כדי צו ווייזען אַז זי איז כשר און זינגט אויך. עס האָט זיך גוט געהערט זינא'ס סאָפּראַנאָ און סאָניע'ס קאָנטראַלטאָ. נאָר סימע, זינגענדיג מיט אַ דין, ציגען קול'כעל, האָט פון גאַנצען האַרצען געוואונשען די באָלשעוויקעס אַ שוואַרצען סוף.

מען האָט געענדיגט און סימע איז געווען דער ערשטער צו פּאַטשען בראַוואָ. מען האָט ווידער זיך גענומען צום טאַנצען. חבר גרושקאָוו האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים ראָיאַל און גענומען קלאַפּען מיט'ן פינגער איבער איין קלאַווישע, וועלכע איז איהם שטאַרק געפעלען. ביז וואַנעט יענע איז הייזעריג געוואָרען און לסוף צו זיין שטוינען גאָר פארשטומט געוואָרען. אָבער דער עולם האָט געטאַנצט פּאָלקע ווי קיינמאָל גאָרניט. סאָניע אין די אָרעמס פון חבר קריוורטשוק האָט זיך גאָר פארגעסען און גענומען פלייסיג מאַכען איהרע פאַ, דאָס קעפּעל פארבויגען אין אַ זייט, פּונקט ווי זי וואָלט טאַנצען מיט אַ טאַנצמייסטער. פראַק האָט, ווי פאַר'ן טויט אַרומגעכאַפּט

דאַראַטשקע׳ן מיט זיינע קנאַכיגע הענט און געגען איהר ווילען גע־שלעפּט זי טאַנצען. אַז סימע האָט דערזעהן אַזאַ גוואַלדטאַט, האָט זיך ביי איהם דאָס הארץ מיט בלוט אָפּגעגאָסען. גרושקאָוו האָט שטום געמאכט נאָך אַ קלאַווישע, דערנאָך זיך אויפגעהויבען, ניט געוואָלט טאַנצען מיט קיין דאַמע און אָנגעהויבען אַליין זיך דרע־הען. דער הוהאַ איז אַלץ געוואקסען און ביסלעכווייז האָט די שטוב אָנגעהויבען אויסצוזעהן ווי אַ משוגעים־הויז.

סימע האָט פון מידקייט און פון צופיעל סטארען זיך, און צו־ליעב דעם, וואָס דאָס הארץ האָט זיך איהם אָפּגעגאָסען מיט בלוט, צוגעזעצט זיך און געפּרואווט קומען צו אַ טאָלק אין זיינע געדאַנ־קען. נאָר דאָ האָט איהם עמיצער אָנגענומען ביים קאָפּ, מיט גע־וואַלד איהם אַ דרעה געטאָן צו זיך און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער דארף זיך צעקושען מיט חבר קריווטשוק.. האָט ער געפאָלגט און צעקושט זיך. נאָר פאר חבר קריווטשוק׳ן, וועלכער האָט אין איין האַנט געהאַלטען אַ גלאָז מיט וויין און אין דער אַנדערער אַ ליולקע, איז דאָס ווייניג געווען און ער האָט געזאָגט:

— טרינק, חבר, ביזט ניט קיין בורזשוי.

סימע האָט אַ זופּ געטאָן פון זיין גלאָז, אָפּגעווישט מיט דער האַנט די ליפּען און געענטפערט:

— איך בין חבר קיינמאָל קיין בורזשוי ניט געווען — און פעסט צוגעקלעפּט זיינע ליפּען צו קריווטשוק׳ס. — בין ניט געווען קיין בורזשוי און וועל ניט זיין. פון שטענדיג אָן האָבען מיך די בור־זשויען עקספּלואַטירט.

— אויב אַזוי, — האָט קריווטשוק אויף איהם אַ בלאָז געטאָן פון דער פולער ברוסט, — טאָ לאָמיר זיך טאַקע נאָך אַמאָל צעקו־שען; נו, געהען זיי צום שוואַרץ יאָהר די בורזשויען.

„איך וועל איהם נאָך אַמאָל אַ זינג טאָן דעם אינטערנאַציאָ־נאַל”, האָט סימע געטראַכט. „וואָס קען איך טאָן מיט אַ שכור? נעמט איהם דער טייוועל. אָדער מען דארף ניט? מילא, לאָמיר איהם אַ זינג טאָן!”

און ער האָט אונטערטעניג אָנגעהויבען זינגען:

„און דאָס וועט זיין דער לעצטער ענטשלאָסענער קאַמף...”

# VI

אַרום עלף אַ זייגער זענען זיך די געסט צעגאַנגען. זיי זענען פאַרשוואונדען ווי טייוואָלים, פאַרשוואונדען מיט אַ קוויטשען און מיאוקען. סימע פון גרוים שמחה, וואָס זיי צעגעהען זיך, האָט ביים געזעגענען שיער ניט אַ קוש געטאָן גרושקאָוו׳ן די האַנט ווי ביי אַ דאַמע. אין עס־צימער איז געווען ווי נאָך אַ פּאָגראָם. דער טיש האָט זיך פאַרהאַקט אָן דער וואַנט, די שטולען זענען אַוועקגעפלויגען טייל־ווייז אין קאָרידאָר און טיילווייז אין קאַבינעט. די איבערגעבליבענע האָבען זיך ווי שכורים געוואַלגערט אונטער׳ן טיש. אויפ׳ן דיל האָבען זיך אויסגעמישט שפּייעכץ, ווייַן, אַש פון ליולקעס, אַ צעקוועטשטע בארנע, פּאַפּירלאַך פון קאָנפעקטען און שטיקלאַך ברויט. סימע האָט טרויעריג באַטראַכט דאָס שלאַכטפעלד, אַ קוק געטאָן אויף סאָניע׳ן און זינע׳ן, וועלכע האָבען זיך גענומען צום ראָמען, און אַוועקגעשלעפּט זיך אַ י, שלאָפצימער. דאָרט האָט ער זיך צוגעזעצט, אָפּגעווישט דעם שוויים פון האַלז און געזאָגט:

— האָסט כאָטש געזעהן, וואָס עס טוט זיך אין עס־צימער? ערגער ווי אין אַ קאַזאַרמע.

— און ווער האָט זיי גערופען צו אונז, האָט דאָראָטשקע גע־ענטפערט, — אַריינלאָזען אין הויז אַזעלכע חזרים.

— און ווער האָט שפּאַצירט מיט זיי? — און סימע איז געוואָרען אַנ׳אָנגעצונדענער. — אוודאי, אַז מיין ווייב שפּאַצירט מיט זיי, וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? פאַרבעטען זיי. און איך האָב פאַרבעטען אָט די...

— פאַרשפּאָר זיך די טרחה צו רעדען ווייטער און זיי אַזוי גוט, לאָז מיך צו רוה, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט. — עס אַזי עלף אַזייגער. צייט צו געהן שלאָפען. איך בין מיד און וויל זיך די רגע לייגען... אויב דו מוזט רעדען, לייג עס אָפּ אויף מאָרגען.

— ניין! — האָט סימע מיט אַניגון געזאָגט. — דו וועסט מיט מיר דוקא היינט רעדען. איך לייג זיך ניט ביז וואַנען דו ענטפערסט מיר ניט, וואוהין דו ביזט היינט בייטאָג אַוועק.

— ווילסט זיך ניט לייגען, דאַרף מען ניט — האָט דאָראָטשקע קאַלט געענטפערט. — איך לייג זיך.

זי האָט זיך געשטעלט צו איהם מיט'ן רוקען און גענומען זיך אויסטאָן. וואָס מעהר זי האָט זיך אויסגעטאָן אַלץ מעהר איז זי איהם געפעלען געוואָרען. ווען זי האָט אויסגעטאָן די בלוזקע, האָט ער אַ טראַכט געטאָן:

„אַ גלאַטע פּלייצע. קיין ביין ניט צו זעהן. אַ פרוי אָהן ביינער. זיס, רונד, ווייך, מען זעהט אַפילו ניט ווי די לאָפּעטקעס אַרבייטען".

ווען עס איז אַראָפּגעפאַלען דאָס קלייד מיט אַ יצר'הרע'דיגען שאָרך, האָט ער ווידער געטראַכט:

„איך וויל זיין נעבען מיין ווייב און איך טאָר ניט זאָגען, אַז איך וויל עס. עס פּאַסט ניט. טאָמער זאָגט זי אָפּ. און זי וועט אָפּזאָגען. איך וועל זיך דאָך ניט געהן שלאָגען מיט איהר. אָבער צו וואָס זאָל איך זיין אזא איינגעשפּארטער? איך וועל זאָגען, אַז איך לייג זיך אויך. אָדער ניט אונטערגעבען זיך? אודאי! איך בין אַ מאַנסביל. אָבער איך וויל זיך דאָך פּאָרט לייגען. עס פּאַסט ניט אַפילו זיך אויפצוהויבען, אָבער אַז זי טוט זיך אויס אַזוי געשמאַק. אַלץ זינגט ביי איהר. איך געה זיך לייגען. נעהמט עס דער טייוועל. זאָל זי טראַכטען וואָס זי וויל".

ער האָט זיך ענטשלאָסען אויפגעהויבען און נאָך ענטשלאָסע־נער זיך גלייך אַוועקגעזעצט, כדי דאָראָטשקע זאָל ניט באַמערקען און ניט הערען, אַז ער האָט זיך אַ ריהר געטאָן. ער האָט זיך באַלד ווידער אויפגעהויבען, זעהענדיג, אַז דאָראָטשקע שטעהט צו איהם מיט דער פּלייצע, און זיך ווידער אַוועקגעזעצט, אָפּגעווישט דעם שווייס אויפ'ן האַלז.

אין עס־צימער איז דערווייל געוואָרען שטיל. באַלד האָט זיך ביים טיר דערהערט סאָניע'ס און זינע'ס זינגענדיגער „גוטע נאַכט". סימע האָט געענטפערט און ווי ניט איז זיך אוועקגעלייגט אויף דער זייט און אויסגעצויגען די פיס.

די ערשטע מינוט האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז עס איז גאַנץ באַקוועם. עס האָט זיך איהם פאַרגלוסט רויכערען, אָבער ער האָט זיך ניט געוואָלט אַ ריהר טאָן פון עקשנות.

— פאַרלעש דאָס ליכט און לייג זיך — האָט דאָראָטשקע געזאָגט.

סימע האָט ניט געענטפערט. אויף להכעיס ניט געענטפערט. ער וויל ניט ענטפערען, און טוה איהם עפּעס! ער וויל שווייגען. דו

ווילסט רעדען, טאָ רעד, און איך וויל שווייגען. עס איז אַזאַ פאַרגע־
ניגען צו שווייגען, ווען אימיצער וואַרט, אַז דו זאָלסט רעדען.

— ווילסט ניט פאַרלעשען, וועל איך אַליין פאַרלעשען — האָט דראָטשקע מיט כעס געזאָגט, שנעל זיך אויפגעהויבען און אַ לויכט־ טוענדיג פאַר איהם צום לעצטען מאָל מיט איהר שעהנקייט, פאַר־ לאָשען די עלעקטריע. און ער האָט שוין ניט געזעהען, נאַר געהערט ווי זי האָט זיך געלייגט.

„אַ קראַסאַוויצע", האָט סימע געטראַכט, פאַרלירענדיג אויך זיין קערפּער אין דער פינסטערניש. „איך וועל צוגעהן צו דער זאָפע און וועל זיך כאָטש דאָרט צולעגען. ניין, זאָל זי זיך באַרוהיגען און מיינען, אַז מיר איז בעקוועם. גיין, מען דאַרף ניט. זאָל איהר בעסער אַרען, וואָס מיר איז אומבאַקוועם." "איך זיץ אויפ'ן שטוהל", האָט ער ווי געשריען צו איהר. "דו ביזט אין בעט, און איך אויפ'ן שטוהלן"

"אויב איך וועל אָנצינדען די עלעקטריע, וועט זי מיינען, אַז איך גיב זיך אונטער. פאַר קיין פאַל ניט. איך וועל זיך ניט אונטערגעבען. אָבער וואָס טוט מען ווייטער? עס איז גאָר ניט אַזוי פויגעלדיג אָפּ־ צוזיצען אַ גאַנצע נאַכט אויפ'ן שטול. איך בין שרעקליך מיעד, און עס ציהט אַזוי אין בעט אַריין. אָט אַ מאָדנע לאַגע. סוף־כל־סוף וועל איך דאָך מוזען זיך אויסטאָן און לעגען זיך. אפשר שוין טאָן דאָס? געוויס, לעבען איהר וועל איך זיך ניט לעגען. איך וועל זיך לעגען ביי מיר אין בעט. אָבער שוין־זשע וועט זי קיין רחמנות ניט האָבען אויף מיר, וואָס איך מאַטער זיך זיצענדיג? אַזוי פיעל זיך אָנגעלאָפען דעם טאָג. איך מיין, אַז זי וועט האָבען רחמנות. מען דאַרף נאָר האָבען געדולד און אָפּוואַרטען."

„איך וועל ניט בעטען סימקע'ן, אַז ער זאָל זיך לעגען", טראַכט דראָטשקע. „ער וועט נאָך מיינען, אַז איך פאַרענטפער זיך. איך האָב אויף איהם רחמנות, אָבער פאַרוואָס קומט מיך צו מאַטערען? איך בין אַזוי צעטראָגען. סאַשא האָט אויפגעהערט צו רעדען שעהנע ווער־ טער", האָט זי ווייטער געטראַכט און ניט באַמערקט, אַז זי האָט פאַר־ געסען אָן סימע'ן. „און אַלץ מיט די הענט. און אויב מיט די הענט איז צו אַלץ אַ סוף, ווייל איך האָב ניט ליעב מען זאָל מיך טשעפּען מיט די הענד. מען דאַרף ביי איהם צונעהמען די פאָטאָגראַפיע און בכלל..."

„זי שווייגט!" — האָט זיך סימאָטשקע געקאָכט. „האָט ניט קיין איינזעהן מיט מיר. מיר טוען שוין די ביינער וועה פון זיצען. און איהר אַרט ניט. נו גוט, זאָל איך קראַנק ווערען. נישקשה, עס וועט איהר שוין דערנאָך אַרען, אָבער עס וועט זיין צו שפּעט."

„...און ווי לאַנגווייליג עס איז צו זיצען אין דער פינסטער. איך זיץ פּונקט ווי איך וואָלט אויף אימיצען וואַרטען. צו וועלכען טייוועל האָב איך זיך דאָ אוועקגעזעצט? איך האָב זיך דאָך געקאָנט לעגען אויפ'ן בעט, ניט אויסטאָענדיג זיך, און עס וואָלט דאָך געווען פּונקט דאָסזעלבע. צוגעאיילט זיך! און וואָס האָב איך זיך אַזוי געאיילט? אַלץ ווייל איך טראַכט ניט איבער. פון דער העלער הויט פאַרבעטען צו זיך אין שטוב אַ באַנדע לומפּען און שכורים. דערפרעהט זיך, וואָס זי איז אַרויס גאַנץ פון דער אָבלאַווע. ווען עס קומט צו געשעפט, בין איך אַ מענש, אַ דרעהקאָפּ, אָבער אַזוי, — אַ נאַר, וואָס אַ נאַר הייסט. און קיינעם פאַלט ניט איין, אַז איך בין אַ נאַר, אָבער זייט זיך מטריח, טוט אַ קוק אינוועניג, וועט איהר זעהן, אַז איך בין אַ שוטה. און אפשר זענען גאָר אַלע נאַראָנים און זעהען נאָר אויס קלוג צוזי־שען מענשען? צו וואָס, למשל, האָב איך זיך געדאַרפט דאָ אוועקזע־צען אויפ'ן שטול? לאָמיר זאָגען, יאַקאָבסאָן! וואָלט ער אויף מיין אָרט זיך אויך אַנידערגעזעצט אויפ'ן שטול? לאָמיר נאָר באַטראַכטען מיין לאַגע פּונקט ווי איך וואָלט באַטראַכט אַ געשעפט. וואָס איז דער זין פון מיין זיצען? דער זין איז זי צו באַשטראָפען. מסתמא שלאָפט זי ניט. נאָר אויב זי שלאָפט יאָ, איז מיין זיצען אַרויסגעוואָרפען. טאָ צו וועלכען טייוועל זאָל איך זיצען? דאַרף מען זיך אַ רוק טאָן אויפ־וועקען זי. ווילסטו מיך הייסט עס צורעדען, אַז איך זאָל זיך אונטער־געבען? ניין, איך בין אַ מאַן, איך וועל זיך ניט אונטערגעבען. נאָר אויב איך בין אַ מאַן, קאָן איך דאָך רוהיג און ווירדיג זיך לעגען אין בעט אַריין. בין זיך אָפּגעזעסען, וויפיעל איך האָב געוואָלט, און מיט ווירדע געלעגט זיך. די דאָזיגע פרוי וועט דיר אָפּפּאָפּען אַ מעת־לעת, און איך זאָל דאָ זיצען און מאַטערען זיך און וואַרטען ווי אַ לאָקיי ביז וואַנען זי וועט זיך אויפכאַפּען און גנעדיג זאָגען מיר: "אַך אַרימער, דו זיצסט נאָך? פאַרוואָס זשע האָסטו זיך ניט געלעגט?" ניין. איך הויב זיך ניט אויף, טו זיך אויס און לעג דיך און כאַפּט עס דער וואַטעמאַכער! איך בין ניט מחויב אָפּצומאַטערען זיך דאָ אַ גאַנ־צע נאַכט. איך בין ניט קיין באָק, וואָס האָט זיך איינגעשפּאַרט. איך

האָב געזאָגט, אַז איך וויל מעהר ניט זיצען און איך הויב זיך אויף. איך הויב זיך אויף, טוה זיך אויס און לעג זיך. עס איז דאָך אַזא גליק אויסצוציהען זיך ביי זיך אויפ'ן בעט. עס איז אַ מחיה צו ליגען ביי זיך אין בעט. לעגסט זיך, ציהסט זיך אויס, דרעהסט זיך איבער אויף אַנ'אנדער זייט, שאַרסט ארונטער די פיס אונטער זיך, די האַנט אונטער'ן קאָפּ, אָדער אונטער דער באַק. ניין, איך וועל מעהר ניט זיצען. די פיס זענען מיר איינגעשלאָפען. דאָס גאַנצע לייב שלאָפט. אַ שרעק, אַ שרעק. און לעג זיך, וועט זי דיר אויפ'ן קאָפּ קריכען. אַריינגעפאַלען. אַ שרעק. אַבי איך האָב געמיינט, אַז זי וועט זיך גלייך נעהמען בעטען ביי מיר און נאָך געקליבען זיך שטאָלץ איהר אָפּצוזאָגען. וואָס־זשע זאָל איך טאָן?

— דאָרע! — האָט ער פּלוצים אַ דונער געטאָן און צופרידען געווען, וואָס ער האָט זיך ענטשלאָסען.

— וואָס איז? וואָס איז? — האָט דאָראָטשקע מיט שרעק אַרויסגעמורמעלט. זי איז פאַרפלויגען אַזוי ווייט אין די געדאַנקען, אַז זי האָט פאַרגעסען וואו זי איז און ווער זי איז.

— זי פרעגט נאָך „וואָס איז" — האָט סימאָטשקע ביטער געזאָגט. — ווייסט דען ניט, אַז איך זיץ? עס איז אַ שווײנערייַ פון דיין זייט. אויסגעלאָשען די עלעקטריע, רוהיג צוגעלעגט זיך, און מיך געלאָזט אַ גאַנצע נאַכט זיצען אויפ'ן שטול. אַליין האָט זי זיך אויסגעטאָן ווי אַ פּריצ'טע ביים ליכט, און איך, אַ דאגה איהר, איך קאָן זיך אויסטאָן אין דער פינסטער אויך. ווייס דער טייוועל וואָס מיט איהר איז געוואָרען, זינט דער באָלשעוויק איז געוואָרען דאָ אַן אַריינגעהער!

— פראַק — האָט דאָראָטשקע פאַרריכט מיט אַ באַליידיגטען קול.

„פאַרשטעהט", האָט זי מיט רוגזאָ געטראַכט. אויס ליעבע צו סימאָטשקע'ן האָט זי פראַק'ן כמעט ווי אָפּגעשטויסען. אַן אַנדערע אויף איהר אָרט וואָלט איהם שוין לאַנג פאַרראַטען, און איהם קומט נאָך אַ רעשט! נו, אמת טאַקע, פראַק האָט זי עטליכע מאָל אַרומגענומען. איז ערשטענס, האָט זי זיך ניט געלאָזען, און צווייטענס, וועט מעהר אַזוינס קיינמאָל ניט פאָרקומען; און דריטענס, איז עס בכלל ניט אַזאַ גרויס פאַרברעכען. נישקשה, רייכע דאַמען טוען אָפּ נאָך ערגערע זאַכען.

— יאָ, די סאָווע פראַק — האָט סימע געזאָגט מיט רציחה און

געמאכט א מינע, ווי ער וואָלט געווען גאָט ווייסט וואָס פאר א גזלן. ער האָט זיך אויפגעהויבען און געמאכט ליכטיג אין צימער. — ביז פראק׳ן וואָלסטו מיך ניט געלאָזען זיך אָפּוואַלגערען אַ האַלבע נאכט אויפ׳ן שטול. און נאָך פראק׳ן וואָלט איך געמעגט אפילו אוועק׳פגר׳ן דאָ אויפ׳ן שטול, וואָלסטו זיך אויך ניט געמאַכט וויסענדיג. אָט וואָס דער באָלשעוויק האָט אָנגעמאכט אין מיין לעבען.

— פארלעש דאָס פייער און לאָז מיך שלאָפען — האָט דאָראָטשקע געזאָגט מיט אַ ליידענדיגען קול און שטאָלץ אַנטשוויגען געוואָרען.

— אַזאַ מין גלייכגילטיגקייט צו מיר — האָט זיך סימע געקלאָגט, ארומלויפענדיג איבער׳ן צימער און מורא האָבענדיג, אַז איהר אויף להכעים וועט זיך איהם ווידער פארוועלען אַ זעץ טאָן אויפ׳ן שטול. — דריי שעה זיץ איך אָפּ אויפ׳ן שטול, און זי זאָל כאָטש אַ זיפץ טאָן. געלעבט זיך אַ פּאָר פּאָלק ביז פראק׳ן, און דערנאָך געוואָרען א לעבען נאָך פראק׳ן! ווער בין איך איצט אין מיין אייגענער שטוב? מיט אַ פּיסעל פון אַ שטול האָט מען דאָך מעהר מיטלייד ווי מיט מיר.

,,איצט מעגסטו רעדען כאָטש ביז מאָרגען, זי וועט זיך ניט אָפּרופען. אַ פּרוי — א שטיין! קיין וואָרט וועסטו פון איהר ניט ארויסקריגען״, איז ער ביי זיך אַראָפּגעפאלען.

— דאָרע! האָט ער ווידער אַ דונער געטאָן.

— וואָס ביזטו משוגע? וואָס ליאַרעמסטו ביינאַכט? וועסט דאָך דאָס גאַנצע הויז אויפוועקען — האָט זיך דאָראָטשקע אָנגע׳ברוגז׳ט, אויסגעדרעהט זיך צו איהם מיט דער פּלייצע און געזאָגט צו דער וואַנט: ,,רוף. רוף זינע׳ן צי סאָניע׳ן. ניט מיין דאגה. איך שלאָף.״

,,געזעכט״, האָט סימע אין הארצען צוגעגעבען. ,,דאָס גלייכסטע וואָלט געווען צו פארלעשען דאָס פייער און שטילינקערהייט זיך אוועקלעגען. אָבער ווי קאָן איך עס טאָן, אז אַלץ קאָכט אין מיר? ווען זי רופט מיך כאָטש צו, וואָלט איך זיך געלאָזט אביסעל בעטען און אַלץ וואָלט זיך געענדיגט. ניין, ניט זי. זי וועט ניט צורופען. אַ שטיין. זי וועט בעסער שטאַרבען איידער זיך אונטערגעבען, און איך וועל אויך בעסער שטארבען, איידער זיך איהר אונטערגעבען. איך קען זיך. כאַפּט עס דער וואַטעמאַכער. לאָמיר אויסלעשען דאָס פייער. איך קאָן אין דער פינסטער אויך זיין אין כעס.״

סימע האָט פאַרלאָשען די עלעקטרי און זיך אַ וואָרף געטאָן אויפ'ן בעט, ווינשענדיג מיט'ן גאַנצען הארצען, אַז הלואי זינקט עס איין אונטער איהם. אָבער דאָס איטאַליענישע בעט האָט איבערגע־טראָגען דעם קלאַפּ, ווי ניט איהם מיינט מען עס. אַפילו קיין סקריפּ ניט געטאָן.

,,נו גוט, ניט איינגעזונקען, דאַרף מען ניט. דערפאַר ליג איך כאָטש ביי זיך אין בעט. אַ פאַרגעניגען זיך אויסצוציהען. איך בין אַפילו אין די זאַכען, נו, מילא. איך וועל פּרוואוּוען רעדען צו דאָראָטש־קע'ן, און אויב זי מאַכט איצט אויך דעם אָנשטעל, אַז זי פאַרשטעהט ניט, אַז איך וויל זיך מיט איהר איבערבעטען, ווייס איך שוין אַליין ניט וואָס איך וועל טאָן.

— דאָראָטשקע — האָט ער געזאָגט מיט אַ צערטליך קול, פּונקט ווי צווישען זיי וואָלט גאָרניט פאָרגעקומען — וואָס ביזטו צערודערט?

דאָראָטשקע האָט געשוויגען. זי האָט אויסגעצייכענט געוואוסט, אַז דאָס וויל ער מיט איהר שלום ווערען, און אַז עס זאָל אויסקומען אַזוי, אַז דאָס גיט זי זיך איהם אונטער, ניט ער איהר. און אַן אַנדער־מאָל וואָלט זי אוים ליבע, אוים רחמנות, איהם נאָכגעגעבען. נאָר איצט ניטן אַזוי מאַטערען אַ ווייב, וואָס האָט איהם ליעב און וואָס האָט זיך מקריב געווען צוליעב איהם — פאַר קיין פאַל ניט! זאָל ער ליגען און מוטשען זיך. מסתמא מוטשעט ער זיך גאָרנישט אויך. ער וועט ליגען אַ ווײַלע און איינשלאָפען.

,,שווייגסט!" — האָט זיך סימע אויף ס'ניי צעקאָכט. ,,נו, גוט, אָדער וועסט אָנהויבען רעדען, אָדער דו פאַרלירסט מיך אויף אייביג. איך וועל באַלד אויסטאָן דאָס העמד" — האָט ער געטרוימט — און וועל זיך אַוועקלעגען אַ נאַקעטער אויף דער פּאָדלאָגע. איך וועל שוין פאַר איין גאַנג עפענען דאָס פענסטער און כאַפּען אַ לונגען־ענטציג־דונג, אָדער אַ רעוומאַטיזם. מיר איז שוין איצט אַלץ איינס."

ער האָט זיך שנעל אויסגעטאָן נאַקעט, גענומען שליאָפּען מיט די באָרוועסע פיס איבער דער פּאָדלאָגע, געעפענט דאָס פענסטער, אָפּ־גערוקט דעם טעפּיך און אויסגעצויגען זיך ווי אַ מת אויפ'ן הוילען דיל, דעמאָנסטראַטיוו אַ קלאַפּ טאָענדיג מיט'ן קאָפּ.

,,קאַלט" — האָט ער זיך אַ קרים געטאָן. ,,נו, מילא. איך וועל גיך אָנוואַרימען די פּאָדלאָגע מיט מיין לייב."

— וואָס טוסטו דאָרט? — האָטזיך דאָראָטשקע פאַרוואונדערט, ווען זי האָט דערהערט דעם פרישען טומעל.

,,אַהאַ!" — האָט זיך סימאָטשקע דערפרעהט. ,,איצט וועל איך שווייגען. מיר איז גוט. דו רעד, און איך וועל שווייגען. איך וועל דאָס מויל ניט עפענען."

דאָראָטשקע האָט גלייך פארשטאנען, אז סימקע האָט דאָ עפּעס אָפּגעטאָן. זי איז אָהן חשק אַראָפּגעקראָכען פון בעט, אָנגעצונדען פייער, און אַז זי האָט דערזעהן ווי סימאָטשקע ליגט אַ נאַקעטער אויף דער פּאָדלאָגע, די אויגען שטאַלץ געווענדעט צו איין פּונקט, איז זי נשתומם געוואָרען.

— ביזט דאָך גאָר ניט ביים זינען — האָט זי אויסגעשריען. — הויב זיך די רגע אויף! יועסט זיך נאָך פאַרקיהלען.

,,אַהאַ!" — האָט סימע אין האַרצען טריאומפירט. ,,דערשראָקען זיך! איצט וועסטו מיך בעטען! אַלע פראַקען וועלען דיר פון קאָפּ ארויספליהען."

— וועסט זיך ניט אויפהויבען? — האָט דאָראָטשקע מרה־שחורה'דיג געפרעגט, אַז זי האָט דערזעהן, ווי ער ליגט און ריהרט זיך ניט און קוקט מיט אַ גלעזערנעם בליק ניט אין איהר זייט אפילו.

סימע, פיהלענדיג, אַז ער האָט איצט די אויבערהאַנט, האָט ניט באַעהרט זי מיט קיין ענטפער, און נאָר איבערגעקייקעלט דעם קאָפּ, ווי אַ קאַוואַן, פון רעכטס אויף לינקס.

— נו, גוט — האָט דאָראָטשקע געזאָגט מיט שטילען צאָרן — אויב שוין קראַנק ווערען, זאָל זיין צוזאַמען. און איך וועל גיכער קראַנק ווערען ווי דו. איך האָב אַ צאַרט לייב און דו ביזט הונדערט מאָל געזונטער פאַר מיר.. איך קריג גלייך די שווינדזוכט."

און סימאָטשקע האָט ניט באַוויזען אַ וואָרט צו זאָגען, ווי זי האָט פאַרלאָשען די עלעקטירע, אַראָפּגעריסען פון זיך דאָס נאַכט־העמד און דעמאָנסטראַטיוו קלאַפּענדיג מיט די פיס, ווי סימע פריהער, און אויסער זיך פאַר כעס, וואָס מען דאַרף טאָן אַזא אידיאָטסטווע, האָט זי זיך געטאָן אַ זעץ אַ נאַקעטע אויף דער פּאָדלאָגע און אויך ווי אַ טויטע זיך אויסגעצויגען אין איהר גאַנצער לענג. פון כעס האָט זי האַסטיג געאָטעמט און געסטאַרעט זיך, דער אָטעם זאָל פייפען, כדי ער זאָל מיינען, אַז זי האָט זיך שוין צוגעקיהלט.

„אין אַ צוויי מינוט אַרום, מוז איך אָנהויבן הוסטן" — האָט זי באַשלאָסן.

„אָט האָסטו דיר אַ געשיכטע!" — האָט סימאָטשקע געטראַכט און אויסגעסטאַרטשעט די אויגן. „אויף דעם האָב איך זיך ניט גע־ריכט. זי וועט דאָך נאָך מיך איבערליגן! זי איז דען אַ פרוי? אַ שטיין! זי פייפט שוין, אַ שרעק, אַ שרעק. זי וועט זיך נאָך פאַרקיהלען צוליעב מיר. זי האָט דאָך אַ צאַרט לייב, ניט אַזוי ווי איך. מאַך ניט קיין וועזען" — האָט ער אויף זיך אָנגעשריען. „דאָס אָטעמט זי אַזוי אומישנע. הוסט, זאָל זי הוסטן! איך וועל זיך לעגן לעבן איהר, וועלען מיר ליגען ווי צוויי מתים. כאַפּט עס דער וואַטעמאַכער!"

ער האָט גענומען קריכען איבער דער פּאָדלאָגע, געפונען איהר פוס, האָסטיג צוגעכאַפּט די האַנט, ווי ער וואָלט אָנריהרען אַ שלאַנג, און אויסמאַרקירענדיג וואו צו לעגען זיך, כדי צו זיין לעבן איהר, אונטערגעלעגט די הענט אונטערן קאָפּ.

„גוט כאָטש וואָס עס זענען פאַרהאַן הענט אַרונטערצולעגען פאַר אַ קישעלע", האָט ער געטראַכט. „פון וואַנען בלאָזט עס? אָ, איך האָב דאָך געפּענט דאָס פענסטער, אַזאַ נאַרישקייט. אויפ'ן פריהער־דיגען אָרט איז מיר בעסער געווען. איך האָב שוין דאָרט געהאַט אָנ־געוואַרימט די פּאָדלאָגע מיט מיין לייב. איצט דאַרף מען זי ווידער וואַרימען. עס איז גאָר קיין געלעכטער ניט, איך וועל זיך פאַרקיהלען. דאָראָטשקע וועט זיך אודאי פאַרקיהלען. אַ גרויסע חכמה צוגעטראַכט — זיך לעגען אַ נאַקעטער אויף דער פּאָדלאָגע! אַ שטיק אידיאָט־סטווע! אָבער ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטען, אַז זי וועט זיך אויך אַוועקלעגען?"

דאָראָטשקע איז געלעגען אַ פינסטערע מיט פאַרפּרעסטע ליפּען. זי האָט מיט אַ כיון אויסגעצויגען די הענט ביי ביידע זייטען, אַז זי זאָל פריהרען. אַז זי האַלט ביים פאַרקיהלען זיך, זאָלען זיך די הענט אויך פאַרקיהלען. זי וואָלט אַפילו איינגעשטימט איצט צו שטאַרבען, נאָר מיט אַ תנאי, אַז איין אויג זאָל ביי איהר בלייבען לעבעדיג. זי וואָלט זיך מחיה געווען, ווען זי זעהט, ווי סימקע וויינט און קלאָגט איבער איהר.

„אַזאַ שאַנדע! אַ רייכע דאַמע און דאַרף זיך גאָר וואַלגערען אַ נאַקעטע, אויף אַ שמוציגער, קאַלטער פּאָדלאָגע מיט איהר מאַן,

מיט אַזאַ פּײַנעם, בכבוד'יגען מענשען, אַ קאָמערסאַנט, פאַר וועל־
בען אַלע האָבען דרך־ארץ. און וואָס איז עס פאַר אַ ליעגען! אויפ'ן
רוקען מיט די בײַכער אַרויף! וואָס וואָלטען אַ שטייגער געזאָגט יאַ־
קאָבסאָן אָדער שטערן, ווען זיי טועו נאָר אַ קוק אויף זיי. קאָן מען
זיך דען פאָרשטעלען אַזעלכע פײַנע מענשען ווי יאַקאָבסאָן און די
יאַקאָבסאָניכע ליעגען אויף דער פּאָדלאָגע? און אפשר קומט בײַ זיי
אויך פאָר אַזוינס? ווער וואָלט זיך דען פאָרגעשטעלט, אַז בײַ איהר
און בײַ סימע'ן קומען פאָר אין שלאָפצימער אַזעלכע זאַכען? און
שטיין מיט'ן בילם וואָלט זיך אויך אוועקגעלייגט אַ נאַקעטער מיט
זײַן שטייניכע? ניין, אַזוינס איז נאָר מעגליך בײַ אונז! מײַן גאָט!
ווען סימקע זאָגט איצט כאָטש איין וואָרט, וואָלט איך זיך שוין אי־
בערגעבעטען. פון וואַנעט בלאָזט עס?"

„זי שווייגט!" האָט סימע געטראַכט. „הוסטען קאָן זי, און רע־
דען ניט. זי קאָן אַזוי צוואַנציג יאָהר אָפּשווייגען. אָבער דאָס איז
מײַן שולד. איך בין ווערט, אַז מען זאָל מיך פאַר אַזאַ חכמה אויף
שטיקער שנײַדען. ווי קאָן איך זיך איצט אײַנבעטען, זי זאָל זיך אויפ־
הויבען, אַז עס זענען גאָר אויף דער וועלט אַזעלכע ווערטער ניטאָ,
וואָס זאָלען מאַכען אויף איהר אַ שטיקעל אײַנדרוק? ווען זאָל עס
אײַנפאַלען, אַז צוליעב עפּעס אַ גאָרנישט, אַ באָלשעוויקעל, זאָלען
זיך מאַן און ווײַב דאַרפען וואַלגערען נאַקעטע אויף אַ פּאָדלאָגע?
ער וועט בלײַבען געזונט ווי אײַזען, און זי דאַרף צוליעב איהם
שפּײַען מיט בלוט! איך וועל אָנהויבען צו איהר רעדען. כאַפּט עס
דער וואַטענמאַכער. ניין, מען דאַרף ניט. פאַרוואָס דאַרף מען ניט?
איך בין גאָרניט גלײַכגילטיג דערצו וואָס זי ליגט אַזוי נאָהענט נעבען
מיר. איך דאַרף נאָר אויסציהען די האַנט, ריהר איך זי אָן. איך וויל
ניט טראַכטען וועגען איהר לײַב. אַניט וועל איך זיך נאָך אונטערגע־
בען. נו, ווערסטו זיך אונטערגעבען. ווי קאָן מען בלײַבען גלײַכגיל־
טיג, אַז זי ליגט אַזוי נאָהענט? איך וואָלט זי דערוואַרימט. וואָס־
זשע שווייג איך?! רעד צו איהר. איך בין אַזוי נאָהענט נעבען איהר.
איך וואָלט זי געקאָנט אָט גלײַך אַרומנעהמען, און איך שפּיעל אַ
ברוגז. אָט האָט דײַן פּוס אָנגעריהרט איהרען. נו, גיב זיך שוין אונ־
טער, שמאַטע. ביזט דאָך אַ שמאַטע. כאַפּט עס דער וואַטעמאַכער.
איך וועל זיך אונטערגעבען. צי אפשר אָפּוואַרטען? וואָס איז דאָ
פאַראַן צו וואַרטען? קאָנסט נאָך שוין קיין רגע'לע ניט וואַרטען. און

סיי ווי — וועסט זיך אונטערגעבען, טאָ זאָל עס זיין פריהער. נו, א שמאטע! זאָל זיין א שמאטע. איך האָב דאָך זי ליעב!...

ווען סימע האָט זיך אויפגעהערט דינגען מיט זיך, האָט ער אַ געשריי געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אין וואסער געוואָרפען:

— דאָראָטשקע! וועסט היינט מאכען א סוף צו דער קאָמע־דיע?

אין איין אויגענבליק איז געוואָרען ליכטיג און קינדיש־פרעה־ליך. ער האָט זי צערטליך, ווי אַן אוצר אויפגעהויבען פון דיל, כאָטש זי האָט זיך כלומר׳שט ניט געלאָזען, געראנגעלט זיך. געהענדיג מיט איהר אין דער פינסטער און אָנשטויסענדיג זיך אויף דער מעבעל, האָט ער פרעהליך אין זיך געשריען:

„וואוהין קריכסטו שטול? אוועקן און דו, הער פאָטער־שטול, וואָס דארפסטו?"

ווען ער האָט זי אריינגעלייגט אין בעט, האָט ער אָנגעצונדען פייער און גענומען פלייסיג אריינרייבען איהר טייערע פלייצע.

— איך האָב מורא, אז דו האָסט זיך חלילה פארקיהלט, גאָל־דענע — האָט ער געזאָגט. — אַ, ווי מיינסטו? נו, נארישקייטען! עס איז איצט זומער. איך האָב גאָרניט געוואוסט, אז אויך זומער־צייט איז די פּאָדלאָגע קאַלט.

דאָראָטשקע האָט שטאָלץ געשמייכעלט, אינגאנצען פארגעסען אָן די אומאַנגענעהמליכקייטען פון דעם אומגליקליכען טאָג און מיט אַ קאפּריזנע קול געפּלאפּעלט:

— זייַ רוהיג. דארפסט מיר ניט רייבען די פלייצע. איך וועל בעסער דיינע אָנרייבען. ביזט געלעגען לענגער פאר מיר.

— ניין, שטער מיך ניט — האָט סימאָטשקע א גליקליכער געענטפערט. — מען דארף אַרויסרופען די בלוט־צירקולאַציע, און צוליעב דעם דארף מען גוט רייבען. און פארוואָס ביזטו, נארעלע, אזוי לאנג געלעגען? האָסט מיך געדארפט א שטורך טאָן מיט׳ן פינגערל. דיין פינגערל, דאָס ביזטו דאָך. איך וואָלט זיך אָנגעכאַפּט אָן פינגערל און דער גאנצער ברוגז וואָלט זיך שוין לאַנג געענדיגט.

— און פאַרוואָס האָסטו צו מיר דיין פינגערל ניט אויסגעצווי־גען? — האָט זי קאפּריזנע געענטפערט מיט א גן־עדן קול׳כל. — שטעל זיך נאָר פאָר, אַז די גאנצע צייט, וואָס איך ליג, האַלט איך זיך אין איין פרעגע, צי וואָלט זיך יאַקאָבסאָן אויך אַוועקגעלייגט

אַ הוילער אויף דער פֿאַדלאָגע צוליעב אַ קאַפּריז? נו, גוט! איך האָב זיך אָנגעוואַרימט. מיר איז היים געוואָרען. איצט וועל איך דיר אָנ־רייבען.

„אַן אויסגעצייכענטע פֿרוי! אַ פּראַכט!" האָט סימע געטראַכט. „מיט וואָס פֿאַר אַ איבערגעבענקייט זי רייבט עס מיך. און צו וועל־כען טייוועל בין איך געווען אייפערזיכטיג? זי איז דאָך גאָט די נשמה שולדיג".

נו, גענוג — האָט ער געזאָגט — איך האָב זיך אָנגעוואַרימט. און ווייסט וואָס? איך וועל דיר זאָגען אַ סוד — האָט סימע אָנגע־הויבען מיט'ן נוסח וועלכען זי האָט גוט געקענט.

— ביזט אַודאי הונגעריג געוואָרען — האָט דאָראָטשקע מיט אַ שמייכעל געזאָגט.

אמת! — האָט סימע געענטפֿערט. — עס איז דאָך שוין דריי ביינאַכט, און אָנגעהאָרעוועט האָבען מיר זיך ווי האָראָפּאַשניקעס. האָסט זיך אויך מסתמא אויסגעהונגערט?

— יאָ, טאַקע עס הונגערט מיך אַביסעל, — האָט זיך דאָ־ראָטשקע מודה געווען. — ווילסט זיין אַ וואוילער? געה אריין אין עס־צימער און ברענג עפּעס פֿאַר זיך און פֿאַר מיר. וועסט אין בו־פֿעט אַלץ געפֿינען.

— אודאי וועל איך שוין געפֿינען, טייערע. גיב מיר דעם שלי־סעל פֿון דעם בופֿעט.

— דאָרט איז פֿאַראַן אַ האַלבע קאַטשקע אַ קאַלטע — האָט איהם דאָראָטשקע נאָכגעשריען. — ברענג זי אויך אַריין מיר האָט זיך פֿארגלוסט אַ שטיקעלע קאַטשקע.

סימע האָט געפֿונען ברויט, קאַטשקע, סאַרדינען, וואורשט, האָט אַלץ אוועקגעלייגט אויף אַ טאַץ, גענומען אונטער'ן אָרעם אַ פֿלאַש מיט רויטען וויין, אריינגעטראָגען אין שלאָפֿצימער און ביידע האָבען זיך איינגעאָרדענט אויפ'ן בעט ווי צוויי טייבעלעך. מען האָט דעם טאַץ אוועקגעשטעלט אויף אַ קישען און מיט אַפּעטיט גענומען זיך צום עסען.

— פּראַק'ס סאַרדינקעס זענען אויסגעצייכענט — האָט סימע געזאָגט מיט אַביסעל שאַדענפֿרייד און אָנגענומען אַ פֿול מויל מיט ברויט און סאַרדין. — אַ וואוילער יונג דער פּראַק. עס קומט איהם איינגענטליך אַ דאַנק. און ביי וועמען האָט ער זיי רעקוויזירט, וואָלט

איך וועלען וויסען. און ווי איז די קאַטשקע, גוט? גיב אַ שטיקעלע, נאָר אַ פּיצעלע. איך וויל נאָר פּאַרזוכען. דו האָסט דאָך זעהר ליעב קאַטשקע. געזונטערהייט, האָב זי ליעב. מיך האָסטו ליעב?

— ער פרעגט נאָך! — האָט דאָראָטשקע געענטפערט מעהר דער קאַטשקע ווי איהם. — וועמען דען זאָל איך ליעב האָבען? אפשר פּראַק'ן? — האָט זי ווייטער גערעדט ניט אויפהערענדיג צו קייען.

— ס'אַרא נאַרעלע דו ביזט...

— אויב אַזוי, טאָ לאָמיר זיך צוקושען, — האָט סימע פאַר־געלעגט, — און טאַקע זיס. וויש ניט אָפּ די ליפּען. זאָל זיין מיט'ן שמאַלץ פון דער קאַטשקע. מיר אַרט ניט. מיר איז ביי דיר אַלץ ליעב.

צוקושט זיך, קוקענדיג איינער דעם אַנדערען אין די אויגען, דערנאָך האָט מען גענומען צו בּיסלאַך וויין.

— אַ מחיה, — האָט סימע געזאָגט, — איך האָב נאָך קיינ־מאָל אַזאַ הנאה ניט געהאַט פון עסען. גוט, איך וועל אָפּטשמאָקען דאָס ביינדעל, אויב דו ווילסט עס ניט. און איצט וועלען מיר זיך נעהמען צו דער וואורשט. האָסט מיך ליעב?

— עס, עס, פרעג מיך ניט, — האָט דאָראָטשקע אַ גליקליכע געענטפערט — וועמען דען זאָל איך ליעב האָבען, פּראַק'ן? לעג מיר אַרויף אַ פּאָר שטיקלאַך וואורשט אויפ'ן ברויט.

— אָט האָסטו וואורשט טאַקע. אַ שאָד וואָס עס איז געוועזן אַזוי ווינציג קאַטשקע. נעהמט פּראַק'ן דער טייוועל, צו וואָס האָלסטו איהם אין איין דערמאָנען? אָנגיסען דיר וויין?

„אַן אויסגעצייכענטע פרוי", האָט ער געטראַכט, קייענדיג די וואורשט, „נאָר אַ קאַלטער לונג און לעבער. און וואָס איז עס, דער אמת געזאָגט, מיר אַזוי שלעכט אויב זי איז אַ קאַלטער לונג און לע־בער? דערפאַר איז זי אָבער געבליבען אַזוי פריש און שעהן. אַ וויי־בעל מיט נערוועז איז שוין צו 25 יאָהר אַ אידענע, און זי וועט אפילו צו פערציג זיין יונג. איך וועל זי, דאַכט זיך, מיין גאַנץ לעבען ליעב האָבען. וואָס פאַר אַ הענט — צום שפּיגלען זיך! אויף וואָס דו זאָלסט ביי איהר ניט אַ קוק טאָן — עס בלענדט! ווער קען זיך עס איצט דראַפּען ביי דער טיר?

— מעג מען צו אייך אריינגעהן? — האָט מיט צערטליכקייט געפרעגט סאָניע'ס קאָנטראַלטאָ. — פאַרוואָס ברענט אין עס־צימער די עלעקטריע? איך האָב זיך שרעקליך דערשראָקען.

— איך האָב דאָרט פאַרגעסען צו פאַרלעשען, — האָט סימע געזאָגט, — מען מעג, מען מעג, קומט אריין.

— זיי עסען! — האָט זי געזאָגט מיט אַן אַנטציקט קול. ווען זי איז אריין אין שלאָפצימער. — זיי עסען, — האָט זי מודיע געווען זינע'ן, וועלכע איז אויך אריין. — וואָס איז עס פאר א באל אין מיטען נאַכט?

— א באל, — האָט דאָראָטשקע שמייכלענדיג געענטפערט. — וואָס איז? מען טאָר ניט? מיר זענען געוואָרען הונגעריג און מיר האָבען אויפגעגעסען כמעט אלץ, וואָס איז געווען אין בופעט.

— פארוואָס זשע האָט איהר אונז ניט אויפגעוועקט? — האָט זינע צערטליך פאָרגעוואָרפען. — מיר וואָלטען אייך בעסער צוגעזעהען. אפשר וואָלט איהר וועלען אַנ'אייערקוכען? איך האָב עס אין איין רגע פארטיג.

— און אפשר וואָלט איהר געוואָלט אַ גלאָז טיי? — האָט סאָניע געפרעגט, — אָדער קאָפע? עס דארף נעהמען א פינף מינוט דאָס אַלץ.

— מסתמא האָט איהר זיך אויסגעהונגערט, — האָט סימע צערטליך געוועגדעט זיך צו ביידען.

—עס זעהט אויס אזוי — האָט זיך סאָניע מודה געווען מיט אַ שמייכעל און אַראָפּגעלאָזט די אויגען.

— אויך איך, — האָט זינע אומשולדיג צוגעגעבען.

— טאָ וואָס שטעהט איהר? — האָט סימע פרעהליך געזאָגט, שלעפּט פון בופעט אַלץ, וואָס איז דאָרט פאַרבליבען, קאָכט אַויף קאַפע, מאַכט אייער־קוכענס און זעצט זיך צו ביי אונז.

— די נאכט איז שוין סיי־ווי א פארפאלענע — האָט דאָראָטשקע באמערקט. — מיר וועלען דערפאר אָפּשלאָפען בייטאָג. צינדט אָן נאָך אַ לעמפּעל, וועט זיין ליכטיגער.

מען האָט פארגעסען, אז עס איז פיער אזייגער ביינאַכט. פּונקט ווי דאָס איצטיגע נייע לעבען וואָלט איינגעזונקען און עס וואָלט צוריק געקומען דאָס אַלטע. אין עס־צימער אזוי געוואָרען לעבעדיג. די פוטער אויף דער סקאָוואָראָדע האָט אָנגעהויבען קנאַקען. די דאמען האָבען זיך געפּאָרעט, געפּלאַפּעלט. אין די שפּאַלטען פון די לאָדענס האָט זיך אָנגעהויבען דורכשפּאַרען דער בלייד־בלויער באַגינען, נאָר קיינער האָט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט.

— האָסט מיך ליעב? — האָט סימע געפרעגט?
— ווּעמען־זשע דען האָב איך ליעב? — האָט דראָטשקע געענטפערט.
— שוין דאָ דער אייערקוכען! — איז סאָניע אריינגעלאָפען אָנזאָגען.
— קאָפע, קאָפע! — האָט זינע פרעהליך אויסגערופען מיט דער טאַץ אין די הענט.
— נו, עס איז שוין טאָג,—האָט סימע געזאָגט מיט א שמייכעל פון א מלאך. — לעש אוים די לאָמפען עפענט די לאַדענס...

## זיבעטער עפּיזאָד.

I

איוואַן פּעטראָוויטש סושקאָוו איז ביז שפּעט אין דער נאַכט געזעסען ביי סימע'ן און אַלץ ענטוויקעלט פאַר איהם אַ געוויסע קאָמבינאַציע, אַ דאַנק וועלכער מען האָט געקענט אָפּלעקען אַ פעט ביינדעל. סימע האָט זיך ניט אונטערגעגעבען און אַלץ גע'טענה'ט זיינס: איך וויל ניט ריזיקירען, איוואַן פּעטראָוויטש און אייך וואָלט איך אויך ניט געראַטען...

— אָבער אַז עס איז אַ רעיעל געשעפט, — האָט סושקאָוו גע־מאַטערט זיך צו באַווייזען, — אַז עס בעט זיך אַליין אין די הענט אריין. איך פאַרשטעה אייך ניט, סיעמיאָן גריגאָריעוויטש. מען קען עס מאַכען איינס און צוויי, דער בחור וועט אַפילו קיין פּיפּס ניט טאָן.

— איוואַן פּעטראָוויטש, איך וויל ניט. אפילו ווען איהר לייגט מיר אוועק אַ מיליאָן אויפ'ן טיש, וויל איך ניט קיין ריזיקעס. און אויב דאָס געשעפטעל געהט ניט אָפּ גלאַט, וואָס טוען מיר דעמאָלט? איך וועל אַפילו קיין פינגער ניט צולעגען און אייך ראַט איך אויך ניט.

— אַ, איהר האָט עס מיר שוין צוואַנציג מאָל געראַטען, סע־מיאָן גריגאָריעוויטש. וואָס רעדט איהר אַלץ דאָס זעלביגע און ווי־דער דאָס זעלביגע? באַרעכענט זיך נאָר, וואו איז דאָ די געפאהר? די חברה זענען אויף אונזער זייט. טאַקע באָלשעוויקעס, אָבער אַ זייטיג פאַרדינסטעל האָט יעדער ליעב. פון צענטער האָט מען ער־לויבט. וואו מען דאַרף וועט מען שמירען. וואָס ווילט איהר נאָך?

— און מיר זאָגט דאָס האַרץ, איהר פאַרשטעהט? דאָס האַרץ זאָגט מיר. און איך נעהם זיך ניט צו געשעפטען, ווען דאָס האַרץ לאָזט ניט. איהר זייט אין דער טשעקאַ ניט געזעסען, און איך בין דאָרט יאָ געזעסען און געוויינט אויך, — האָט סימע גע׳טענה׳ט. איך האָב זיך דאָרט גענוג אָנגעקוקט. ווען איהר גיט מיר אפילו אַ מיליאָן, מיש איך זיך ניט אין דעם געשעפט. און יאַקאָבסאָן אויך ניט. איהר זענט ביי איהם געווען?

וואָס, יאַקאָבסאָן? — האָט סושקאָוו געזאָגט, רייבענדיג זיך דאָס אויג. — איהר וועט זיך מישען, וועט ער זיך אויך מישען.

סימע האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ, אַז ניין. ווען סושקאָוו איז אַוועק, איז ער אריין אין גאַסט־צימער, וואו דאָראָטשקע האָט מיט זינע׳ן און סאָניע׳ן געשפּיעלט אין קאָרטען און געזאָגט צו איהר: אין אַ פיין געשעפט האָט עס מיך סושקאָוו געוואָלט אריינשלעפּען. מען וואָלט אונז אַלעמען דערשאָסען. די גוים האָבען פאַר קיינעם קיין מורא ניט. שיק מיר אריין טיי אין קאַבינעט. איך וויל נאָך אַר־בייטען אַביסעל איבער׳ן פּלאַן וועגען האָלץ אויף ווינטער.

ער איז אַריין אין קאַבינעט און גענומען זיך צו די פּאַפּירען. ער האָט ניט געדענקט ווי ער האָט אויסגעטרונקען די טיי. עס איז געווען דער סוף פון אַ ווארימען אויגוסט. דורכ׳ן אָפענעם פענסטער האָט זיך קיין איין קלאַנג ניט דערטראָגען. פּונקט ווי די שטאָדט וואָלט אויסגעשטאָרבען. סימע האָט שוין געמאַכט כמעט דעם גאַנ־צען חשבון, באַשטימט וויפיעל ארבייטער עס פאָדערט זיך פאַר יעדען וואלד־טייל, ווען דאָראָטשקע, ניט טוידט ניט לעבעדיג, איז פּלוצים אריין אין קאַבינעט און אַרויסגעשעפּטשעט:

— סימקע, צוויי סאָלדאַטען פון דער טשעקאַ זענען דאָ און ווילען דיך זעהען.

סאָניע איז אריינגעפלויגען אַ בלייכע ווי אַ מת, און שטיל גע־זאָגט: איך האָב געזעהען זייערע פּאַפּירען פון דער טשעקאַ. שרעקט זיך ניט אזוי, סעמיאָן גריגאָריעוויטש, דאָ מוז זיין עפּעס אַ טעות.

— וואָס? — האָט סימע געשטאַמעלט, — ווידער? פאַרוואָס? דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, — האָט ער געפּלאַפּעלט, שלינגענדיג די ווערטער, — אַ? מיט רעוואָלווערען? יאָ, — האָט ער זיך אַליין געענטפערט, — מיט רעוואָלווערען! און אזוי שפּעט! עלף אַזייגער. איצט בין איך פאַרלוירען. גאָר קיין פראַגע ניט. וואָס פאַר אַ טאָג

איז היינט? דינסטאָג. הייסט עס, דערשיסען. דינסטאָג שיסט מען. אָבער פאַר וואָס?

ער האָט אַ שפּרונג געטאָן אין שלאָפצימער. נאָך איהם איז גע־פלויגען דאָראָטשקע, אַ פאַל געטאָן אויפ׳ן בעט און שטיל זיך צע־כליפּעט. די בריליאַנטען! איז דורכגעלאָפען ביי איהם אין קאָפּ. די שיך! ניט פאַרגעסען. איך געה, זאָגט, אז שוין געה איך, — האָט ער געשטאַמעלט מיט אַ קלאַנגלאָז קול און פלינק ווי אַ מאַלפּע אַרונ־טערגעקראָכען אונטער דעם בעט. דער בויך וויל ניט אריינגעהען. צום טייוועל. צעקוועטשען איהם. פאַראַן. אויפ׳ן אויוועו. פאַרטיג. דאָראָטשקע האָט געקלאָגט. סימאָטשקע האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז זי זאָל אויפהערען. ארומגעקוקט זיך אַ טראַכט געטאָן, צי זאָל ער זיך ניט ארויסוואַרפען פון פענסטער און געלאָזט זיך געהן צום קאָרידאָר מיט טויזענד ווערטער אויף דער צונג. אין קאָפּ איז געווען פינסטער ווי אין אַ ברונעם. איך בויך האָט געזונגען. די פיס האָבען זיך געטרעסעלט.

— מיט וואָס קאָן איך אייך דינען, חברים? — האָט ער ניט מיט זיין קול געפרעגט.

צוויי! אין קאַרטוזען! מיט רעוואָלווערען! איינער אַ שוואַרצער, דער אנדערער מיט בלויע אויגען, אַ סימפּאַטישער. איך וועל רעדען מיט׳ן סימפּאַטישען.

— אויפ׳ן באַפעהל פון דער טשערעזוויטשיינער קאָמיסיע, — האָט דער סימפּאַטישער בלויאויגיגער געזאָגט. זיינע אויגען האָבען ליב ארויסגעלויכטען פון אונטער׳ן שוואַרצען דאַשעק — אָט איז דער באַפעהל.

סימע האָט דערפיהלט, ווי בלויז פונ׳ם קלאַנג פון די ווערטער, וואָס ער האָט שוין איינמאָל געהערט, טריקענט איהם דער מאַרך אין די ביינער. די פיס האָבען זיך ווי פּאַפּיר איינגעבויגען.

— איך מוז באַלד געהן, — האָט ער ארויסגעקוויטשעט דורך די ליפּען.

— גלייך, — האָט געענטפערט דער מיט די שוואַרצע אויגען, און אַרויפגעלייגט די האַנט אויפ׳ן רעוואָלווער, — טוט זיך אָן.

„דאָס איז זיכער אַ אידעל״, האָט געטאַנצט ביי סימאָטשקע׳ן אין קאָפּ. און דער אנדערער איז אַ גוי״. אפשר וועט דער איד אויף מיר רחמנות האָבען? איך בין דאָך אַ איד. ניין, וועט ניט האָבען

קיין רחמנות. קאָמוניסטען האָבען אויף קיינעם ניט קיין רחמנות. א שרעק ווי עס ווילט זיך וויינען. איך וואָלט זיך אויף די קני גע־שטעלט. נאָר עס וועט ניט העלפען. און צו וואָס בין איך געקראָכען אין „סאָוונאַרכאָז"?

— טוט זשע זיך אָן, — האָט דער מיט די שווארצע אויגען הארט געזאָגט.

— שוין, שוין, — האָט סימע אונטערטעניג געזאָגט, פּיהלענ־דיג ניט זיין שרעק, נאָר דאָראָטשקע'ס.

— וואָס וועט פון איהר ווערען, ווען מען דערשיסט מיך? א תל, נעבעך. מען וועט זי בעראבעווען. מיין קערפּער וועט מען איהר ניט אַרויסגעבען.

— מעג מען אפשר קומען מאָרגען אינדערפריה? — האָט ער זיך געבעטען. — אַלע קענען דאָך מיך, — האָט ער שטיל אַריינ־געטענה'ט מיט דעם, וועלכען ער האָט אָנגענומען פאר א אידען, — איך בין א חבר. איך וועל אייך גלייך ווייזען מיינע פּאַפּירען. אָט זייט אזוי גוט. קוקט דורך די פּאַפּירען, — האָט ער זיך געוואָלט א וואָרף טאָן אין שלאָפצימער, — איך בין אפילו קיין בורזשוי ניט.

— מיר דאַרפען ניט אייערע פּאַפּירען, — האָט שטרענג גע־זאָגט דער אַנדערער מיט די בלויע אויגען. — איהר וועט זיי דאָרט ווייזען. טוט זיך אָן. איך גיב אייך דריי מינוט צייט, — און אויך אַרויפגעלעגט די האַנט אויפ'ן רעוואָלווער.

— שוין, שוין, —האָט סימקע פאָלגענדיג געזאָגט, דערזע־העגדיג ווי די האַנט לייגט זיך אויפ'ן רעוואָלווער. — איך האָב דאָך קיין זאך ניט געמיינט, איך האָב דאָך נאָר געבעטען.

— נו, דאָראָטשקע, — האָט ער גערעדט צו דאָראָטשקען אין שלאָפצימער, — פארפאלען דיין סימקע. איצט איז שוין זיכער דער סוף, — און צעוויינט זיך, סמאַרקענדיג זיך, און אין דער מינוט געווען עהנליך צו אַ אינגעל.

דאָראָטשקע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו איהם און געבליבען הענגען אויף זיין פארשוויצטען האַלז.

— נו, גענוג גענוג, — האָט ער געזאָגט. — מען דארף זיך נעהמען אין האַנט. שטארבען מוז מען סיי ווי. איך האָב ניט געמיינט, אז מיט אזא טויט וועל איך מוזען שטארבען. וואָס קאָן מען טאָן? די הויפּט זאך איז, איך קאָן ניט פארשטעהן פארוואָס און פון וואנעט.

דאכט זיך, אז די באָלשעוויקעס האַלטען מיך פאַר כשר. נאָר אפשר א מסירה. די שיך זעָנען אויפ׳ן אויוועו. א דאנק גאָט, וואָס מען וועט כאָטש קיין הויז־זוכונג ניט מאכען. גראָב אוים ביינאכט די שקאטולקע און גיב עס סאָניע׳ן צו באהאַלטען. וואָס נאָך האָב איך געוואָלט זאָגען? עס זיך ניט אָפּ דאָס הארץ, ווען מען דער׳הרג׳עט מיך. פייניג זיך ניט. מסתמא האָט אזוי גאָט געוואָלט. גיב מיר די הויזען.

ער האָט אָנגעטאָן די הויזען אויף די געבראָכענע פים, פארגעסען, אז מען דארף זיך פארשפּילען און ארומגענומען זי מיט א פאר־שטיקטען יאָמער.

— לייען ניט די צייטונגען, וואו עס וועלען זיין אונזערע נע־מען, — האָט ער איהר איינגערוימט. צו וואָס? האָב איך געוואוסט, ווען איך האָב געקויפט די הויזען, אז זיי וועלען אריינפאלען צו א סאָלדאט, וואָס וועט מיך דערשיסען.

— אָבער אפשר וועט מען דיך ניט דערשיסען — האָט דאָ־ראָטשקע געזאָגט כליפּענדיג. — פארוואָס? וואָס האָסטו געטאָן?

— און איך וויים פארוואָס? אָדער זיי וויסען פארוואָס? מען וועט מיך אוועקשטעלען ביים וואנט, און אן עק, א בורזשוי! אמאָל פלעגט מען מאָרדען דערפאר וואָס מען איז א איד, איצט דערפאר, וואָס מען איז א בורזשוי — וואָס איז דער אונטערשיעד? גיב מיר די שטיוועל.

... זינע איז געבליבען אליין מיט די סאָלדאטען. און ווען דער שווארץ־אויגיגער האָט ביי איהר געפרעגט, פארוואָס טוט זיך דער בורזשוק אזוי לאנג אָן האָט זי זיך ווי א סירענע צעזונגען:

— חבר, ער איז דאָך ניט קיין סאָלדאט, אז ער זאָל זיך אין איין רגע אָנטאָן. ווארט אָפּ א מינוטקעלע. אפשר געזעגענט ער זיך מיט׳ן ווייב? ביז ער טוט זיך אָן, וועט איהר אפשר אריינגעהן אין עסצימער? איהר זענט מסתמא אויך פארמאטערט. פאראן וויין, — האָט זי גענומען זיי איינרעדען, — רויטער, ווייסער, זעהר גוטער.

— וויים איך וואָס, פארמאטערט, — האָט זיך אָפּגערופען דער בלוי־אויגיגער, סימפּאטישער, אראָפּגעצויגען די היטעל און גע־גלעט זיך די שווארצע קורצע האָר. — און אפשר זאָלען מיר ארײנ־געהן, חבר? — האָט ער געזאָגט מיט אן אומבאמערקטען וואונק

צום צווייטען סאָלדאַט. לאָמיר אויסטרינקען צו גלעזלאך בורזשויסקען ווייןן...

— אוראי וועט אייער חבר אריינגעהן. — האָט זינע אונטערגעכאפּט, קאָקעטיש א קוק געטאָן אויפ׳ן שווארצען און זיך צעזונגען: — ווייןן פון בעסטען סאָרט. קומט אריין. נו, זענען מיר אין עס־צימער, — האָט זי געזאָגט, ציטערענדיג פון שרעק. — באלד נעהם איך ארויס דעם וויין. וואָס פאר א וויין האָט איהר ליעב, חברים, ווייסען צי רויטען אָדער אי ווייסען אי רויטען?

— ווייס איך וואָס וועלכען — האָט דער בלויאויגיגער געענטפערט און ווידער א וואונק געטאָן צום חבר. — גיט אי ווייסען אי רויטען.

מיט פארגניגען, מיט פארגניגען, — האָט זינע אלץ קאָקעטירט.
— אין א בורזשויסקער הויז וועט זיך אלץ געפינען, אפשר ווילט איהר פארבייסען אויך? פאראן וואורשט, אויפשניט. אָט זיינען גלעזער. דינע גלעזער, זעהט בייסט ניט אָפּ, האָט זי געשפּאסט, אליין זיך וואונדערענדיג אויף איהר מוט.

— גיסט אָן, מאַדאַמעלע, און וועגען פארבייסען פארשטעהען מיר אליין, איהר דארפט אונז ניט זאָגען, — האָט זיך צולאכט דער בלוי־אויגיגער און געוויזען זיינע ווייסע שטארקע צייהן.

”און אפשר זיי פאָרלעגען געלד?״ האָט זי א טראכט געטון. ”עס וואָלט געווען א גליק, ווען דאָס גיט זיך איין. אָבער פריהער וועל איך זעהען, אז זיי זאָלען שיכור ווערען. גלייך פאָרשלאָגען איז א געפאהר.

— און פארוואָס, מאדאמעלע, זעצט איהר זיך ניט צו צו אונז צוליעב קאָמפּאניע? האָט געפרעגט דער שווארץ־אויגיגער.

— עפּעס צו לאנג טוט זיך דער בורזשוק אָן, — האָט דער בלוי־אויגיגער שטרענג ארויסגעברומט! טאָמער אנטלויפט ער, א?

— פארוואָס ניט, איך וועל זיך מיט פארגעניגען זיך צו אייך צוזעצען, — האָט זינע געזאָגט, כדי אָפּצוציהען זיין אויפמערקזאמקייט. — גיסט מיר אָן חבר, — האָט זי מוטיג פאָרגעשלאָגען דעם שווארצען. איך האָב נאָך קיינמאָל מיט חברים ניט געטרונקען. ניט דעם רויטען. איך טרינק קיינמאָל ניט קיין רויטען, גיט מיר דעם ווייסען, — האָט זי שפּילעוודיג און קאפּריזנע געפּלאפּלט. — אָבער פריהער דערטרינקט אייער וויין.

ווען זיי האָבען ווידער אָנגעפילט די גלעזער, האָט זי מיט איהר גלאָז אָנגעקלונגען אָן זייערע און מיט חניפה געזאָגט:

— איך וועל מיט אייך טרינקען, אָבער איהר מוזט טון פאר מיר איין זאך. חבר, איהר וועט קיין פרוי ניט אָפּזאָגען, — האָט זי ווייטער גערעדט, קאָקעטירענדיג מיט'ן בלוי־אויגיגען, וועלכער האָט איהר אויסגעזעהן הארטנעקיגער.

— זאָגט, וואָס פארלאנגט איהר, — האָט דער שווארצאויגיגער געענטפערט. — וואָס מיר וועלען קענען, וועלען מיר טאָן, פאר אייער געזונט!

— איך וויל חברים, אייך מאכען א פאָרשלאָג, — האָט זינע סודות'דיג געזאָגט און אָפּגעזופּט פון איהר ווייז, — קענט איהר מאכען אזוי, אז מען זאָל היינט דעם בורזשוי ניט נעמען? קיינער וועט דאָך איהם אזוי שפּעט אויפ'ן פארהער ניט נעהמען. זאָל ער איבערנעכטיגען אין דער היים און אינדערפריה וועט איהר איהם פארנעמען. טרינקט חברים. וויין איז דאָ. טאָ ווי מיינט איהר, קען מען עס מאכען. פארשטעהט זיך, אז מען וועט אייך פיין באדאנקען.

די סאָלדאַטען האָבען זיך איבערגעוואונקען, אויסגעטרונקען און אוועק אין א ווינקעל זיך דורכרעדען. זינע האָט מיט א פארשטאָרבען הארץ געוואַרט.

— איז אזוי, — האָט דער בלוי־אויגיגער געזאָגט נאָך דער באראטונג, צוגעהענדיג צו זינע'ן. — מיר האָבען באשלאָסען, אז אויב מען גיט אונז 200.000 ניקאָלאיעווסקע רובעל, וועלען מיר קומען נאָכ'ן בורזשוי אין דער פריה און ער זאָל דערווייל די נאכט טאָן, ווי ער אליין פארשטעהט.

— אזוי, — האָט זינע געזאָגט מיט אַן אָנשטרענגונג, מען זאָל ניט דערקענען, ווי גליקליך זי איז. — איז ניט צופיעל צוויי הונדערט טויזענד?... ניין, ניט צופיעל, ניט צופיעל, — האָט זי זיך דערשראָקען פאר דער מינע וואָס דער בלוי־אויגיגער האָט געמאכט. — איך פארשטעה, איהר אליין ריזיקירט אודאי. איהר, חברים, טרינקט דאָ דערווייל וויין און איך וועל ארייגעהן זיך דורכרעדען. צוויי הונדערט טויזענד איז א גרויסע סומע. פארבייסט, חברים...

... — איך בין אָנגעטאָן און האָב ניט קיין כוח ארויסצוגעהן, — האָט סימע גערעדט. — די פיס זענען ווי פון פאפּיער. איך האָב

נאָר מורא, אז די סאָלדאטען וועלען מיך אין גאַס דערשיסען, זיי וועלען זאָגען, אז איך האָב געוואָלט אנטלויפען...

— איך פאָהר מיט דיר, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט. — וואָס וועט זיין מיט דיר, וועט זיין מיט מיר. און וועט מען מיך ניט נעמען, וועל איך נאָכלויפען נאָך דער דראָזשקע. ווי וועל איך דיר אָפּלאָזען ביינאכט איינעם אליין מיט אזעלכע רוצחים?

— דאָראָטשקע טייערע, מעג מען צו אייך ארייננגעהן? — האָט זיך דערהערט זינע׳ס קול הינטער דער טיר. — איך דאַרף אייך עפּעס זאָגען.

קומט אריין, — האָט סימע מרה׳שחורה׳דיג געענטפערט, — וואָס קאָנט איהר אונז זאָגען?

— אָט וועט איהר הערען, — האָט זינע געענטפערט, שטראַלענדיג פון גליק און צוגעמאכט די טיר מיט א געהיימניספולער מינע. — איך האָב אלץ איינגעאָרדענט, — האָט זי ארויסגעשעפּטשעט. — די סאָלדאטען זיינען גרייט אוועקצוגעהן, אויב מען וועט זיי געבען צוויי הונדערט טויזענד ניקאָלאיעווסקע רובעל.

— טאקע? — האָט דאָראָטשקע אויסגערופען אויסער זיך. — ווי אזוי האָט איהר עס איינגעאָרדענט?

— איינגעאָרדענט! — איך בין ביטערער פאר זיי. איך האָב זיי אנגע׳שיכור׳ט מיט וויין און פּשוט פאַרגעלעגט געלט. איך פאַרשטעה גאָר אליין ניט, פון וואנעט עס האָט זיך צו מיר אזוי פיל מוט גענומען. געטרונקען מיט זיי ברודערשאפט. איז וואָס זאָל איך זיי ענטפערען? זאָגט אָבער גיכער, זיי ווארטען.

סימע האָט זיך דערפיהלט ווי נייגעבוירען. אפשר זענען עס פּשוט באנדיטען? זאָל זיין באנדיטען. דער עיקר, מען וועט ניט שיסען. אויב זיי זענען גרייט צו נעמען געלט, הייסט עס, אז זיי וועלען ניט דערשיסען. אויב זיי זענען פון דער "טשעקא", איז אביסעל ערגער, אָבער דערשיסען וועט מען פונדסטוועגען ניט. ער וואָלט אפילו צוויי מיליאָן אוועקגעגעבען, ניט נאָר צוויי הונדערט טויזענד. דאָס לעבען! א קלייניגקייט, דאָס לעבען! זינע, לאָזט, איך וועל אייך כאָטש א קוש טאָן. מיר איז זעהר אנגענעהם אייך איצט א קוש צו טאָן. איהר פאַרשטעהט, די פיס זענען געוואָרען ווידער פיס. בכלל, אין איין מינוט אן אנדער מענש געוואָרען. פאַרשטעהט זיך, איך אויף אייער אָרט וואָלט זיך מיט זיי געדונגען. וואָס איז

עס פאר א ציפער צוויי הונדערט טויזענד? נאָר גאָר ניט, גאָר ניט, איך האָב גאָר ניט דאגעגען, — האָט ער זיך דערשראָקען, ווייל זינע האָט געמאכט א אומצופרידענע גרימאסע! — כאָטש מען האָט גע־קענט פרואווען אָפדינגען א העלפט, — האָט ער צוגעגעבען, ווי נאָר די גרימאסע איז פארשוואונדען. — יאָ, איך פארשטעה — האָט ער זיך פארכאפּט, ווען די גרימאסע האָט זיך ווידער געוויזען. — איהר האָט דאָך געוואָלט ראטעווען מיין לעבען.

— הער שוין אויף צו פּלוידערען — האָט זיך דאָראָטשקע ארייגעמישט. — פארשפּילע זיך און קום צו זיך.

— שוין געקומען, — האָט סימע פארזיכערט און די געדאנ־קען האָבען פּאָרט אין קאָפּ געטאָנצט ארום און ארום. — פאר־שטעהסט, גאָר אַן אנדער מענש. וואָס מיר געלט! כאָטש געלט איז אויך עפּעס. יאָ, גאָר פארגעסען, — האָט ער געזאָגט, — פריהרענדיג פון שרעק: — וואו וועל איך איצט נעמען צוויי הונדערט טויזענד? מיר האלטען דאָך ניט דאָס געלד אין דער היים. פאראן א וועלכע ניט איז צעהנטויזענד.

— מיר זענען פארלוירען! האָט זיך ארויסגעריסען ביי זינע׳ן.

— יאָ, פארלוירען, — האָט זיך דאָראָטשקע צו וויינט. — איך האָב גאָר פארגעסען, אז מיר האָבען ניט אין דער היים קיין געלד. וואָס־זשע וועלען מיר טאָן? — האָט זי גענומען ברעכען די הענט.

סימע האָט ווידער דערפּיהלט, אז ער איז אָהן ביינער. די הענט זיינען פארגליווערט געוואָרען. א שטיקעל אָרט אונטער׳ן לעפעלע האָט זיך באלד אָנגעגאָסען מיט בייסענדען שרעק. ער האָט זיך אריינגעלאָזט אין פּאָטעל און איז ווי צושוואומען געוואָרען אין איהם.

— זינע, ליבענקע, הארציגע, טראכט עפּעס צו, — האָט זיך דאָראָטשקע גענומען בעטען. — צעהן טויזענד האָבען מיר דאָך. ערקלערט זיי. זאָלען זיי אָפּווארטען ביז אין דער פריה. יאקאָבסאָן האָט אונזער געלט. איהר וועט צולויפען. ער האָט זיך געלעגט שלאָ־פען אין זיי. איך וואָלט אליין געפּרואווט מיט זיי רעדען. נאָר איך האָב אזוי מורא פאר די מערדער פון דער "טשעקא".

— איך וועל געהן, איך וועל פּרואווען, — האָט זינע געזאָגט.

— און אפשר אָנבאָטען זיי ביי צוואנציג טויזענד פאר׳ן אָפּ־ווארטען?

— געהט, טוט, מאכט וואָס איהר ווילט, — האָט זיך סימע אריינגעמישט. — אבי ראטעוועט מיך.

... עס האָט זיך איינגעגעבען. די סאָלדאטען זיינען איינגעגאנ־גען אויף צעהנטויזענד דערווייל. דער שווארצאויגיגער האָט גע־דארפט אינדערפריה קומען נאָך א מאָל. דער בלוי־אויגיגער איז פאר־בליבען אויף נאכטלעגער, כדי זיכער צו זיין, אז סימע וועט ניט אנטלויפען. ער האָט זיך געלעגט שלאָפען אין פאָרהויז. זינע האָט איהם איבערגעלאָזען צוויי פלעשער וויין. סימע און דאָראָטשקע האָ־בען אָפּגעמאכט ניט צו לעגען זיך די נאכט און אוועקגעזעצט זיך איינער אנטקעגען אנדערען אין די פאָטעלען. זינע איז אוועק צו זיך אין צימער, צוגעזעצט זיך צו סאָניע׳ן אויפ׳ן בעט און גענומען זיך סוד׳ען מיט איהר.

— א מאָדנע געשיכטע איז עס, — האָט זי געזאָגט. — ווי האָבען געקענט סאָלדאטען פון דער ״טשעקא״ לאָזען זיך אונטער־קויפען? זיי וועלען דאָך באצאָהלען מיט׳ן לעבען, אויב מען דער־וויסט זיך: הייסט עס, אז זיי זענען ניט פון דער ״טשעקא?״ האָב איך דאָך אָבער אליין געזעהן זייערע פאפּיערען מיט׳ן זיגעל, מיט אלץ מיט אנאנדער. און וואָלטען זיי ניט געווען פון דער ״טשעקא״, ווי וואָלט זיך איינער איינגעשטעלט און געבליבען דאָ נעכטיגען און ווארטען אויפ׳ן געלד! ער ריזיקירט דאָך מיט׳ן לעבען. הייסט עס, אז ער איז פון דער ״טשעקא״. א באנדיט וואָלט ניט פארבליבען און נאָר געזאָגט: ״גיב!״ אָבער פונדעסטוועגען איז עס מאָדנע. עפּעס איז דאָ ניט גלאט און מען דארף עס דערגעהן. איך וועל איהם דאָס געלד ניט געבען. איך וועל אויפשטעהן פארטאָג און צולויפען צו דער חבר׳טע פעניא, צו דער, וועלכער האָט שוין איינמאָל בא־פרייט סעמיאָן גריגאָריעוויטש׳ען. אויב דער באפעהל איז אן אמת׳ער וועט מען מוזען אי באצאָהלען, אי סעמיאָן גריגאָריעוויטש וועט זיך מוזען אויסבאהאלטען. אויב דער באפעהל איז א געפעלשטער און די סאָלדאטען זענען באנדיטען, דעמאָלט...

— לעגט זיך דערווייל זינאָטשקע, — האָט געזאָגט סאָניע, וועלכע האָט איינע אליין איבערגעלעבט די גאנצע שרעק פון דעם אווענט. — איך וועל דאָ היטען און אויפוועקען אייך זעקס א זייגער מיר דאכט זיך אויך, אז די סאָלדאטען זענען באנדיטען. באזונדערס איז מיר ניט געפעלען דער בלאָנדער מיט די בלויע אויגען.

זינע האָט זיך אויסגעטאָן, געלעגט זיך און פון אויפרעגונג און פון דעם ווײַן, גלײַך אײַנגעשלאָפן. פּונקט זעקס האָט זי סאָניע אויפגעוועקט. זינע האָט זיך אָנגעטאָן און ארויס אין פאָרהויז. דער בלאָנדין איז שוין ניט געשלאָפן און צוגעגאנגען צו זינע׳ן, ווען ער האָט זי דערזעהן.

— נו, חבר, — האָט זי געזאָגט. — איך געה נאָכ׳ן געלד און וועל ערשט קומען אין א פּאָר שעה ארום. איך דאַרף ווײַט געהן, דעריבער ווארט דאָ רוהיג. איך בין אומישנע אזוי פריה אויפגע־שטאַנען, כדי איהר זאָלט קענען וואָס פריהער אװעקגעהן.

—גוט, מיר׳ן שוין אָבווארטען, — האָט דער סאָלדאַט געזאָגט, א בליץ טוענדיג מיט זײַנע בלויע אויגען פון אונטער׳ן דאַשעק. — אָבער אײַלט זיך צו, ווײַל מען וועט זיך נאָך כאַפּען אין דער ״טשע־קא״, אז מיר פּעהלען און עס וועלען זײַן צרות.

— נו, ווי דען, איך ווייס דען ניט? — האָט זינע געענטפערט.
— איך ווייס עס אַליין גוט. וואָס בין איך א קליינינקע! זײַט רוהיג. איך וועל זעהן וואָס גיכער צו קומען. א גוטען טאָג, חבר!...

ער האָט אַליין געעפענט און פארמאכט נאָך איהר די טיר.

## II

חבר׳טע פעניא, א ברייטביינינגע, סימפּאַטישע בלאָנדינקע מיט געשאָרענע האָר און א פאררײַסענער נאָז איז נאָר וואָס ארויס אויפ׳ן גאַניק פון דער דאַטשע, וועלכע מען האָט רעקווירירט פאַר וויכטיגע ארבײַטער, זי האָט זיך געקליבען טרינקען טיי, ווען זי האָט פּלוצים דערזעהען פון ווײַטענס אויף דער אַלעע א פרוי, וועלכע האָט זיך געהאַלטען אין איין נייגען צו איהר.

״א בורזשויקע״, האָט זי א טראַכט געטאָן, אָנגיסענדיג זיך טיי.

— גוט מאָרגען, חבר׳טע. ערלויבט אריינצוגעהן. ענטשולדיגט, וואָס אזוי פריה, אָבער איך קום צו אײַך מיט זעהר א וויכטיגער אַנגעלעגענהייט.

— מיט וועלכער אַנגעלעגענהייט? — האָט חבר׳טע פעניא גע־פרעגט מיט א האַרט קלינגענדיג קול, ווען זינע איז ארויף אויפ׳ן

גאניק און געבליבען שטעהן ביים טיש. — אָבער מאכט עס גיכער, — האָט זי נאָך האַרטער געזאָגט. — איך האָב קיין צייט ניט.

— ווי איך זעה, חבר'טע, דערקענט איהר מיך ניט, — האָט זינא געזאָגט מיט חניפה. זי האָט זיך אביסעל פארלוירען צוליעב דער קאלטער אויפנאהמע. — איך בין שוין ביי אייך איינמאָל געװעזען מיט א בריעף פון חבר וואסיא און איהר זייט געווען אזוי גוט... האָט זי געמורמעלט, פארלירענדיג זיך אלץ מעהר און מעהר.

— איהר זייט מסתמא ווידער געקומען וועגען עפּעס א בורזשוי, האָט געגאסין פעניא אומצופרידען איבערגעשלאָגען. — יאָ, איך געדענק אייך, — האָט זי ווייטער גערעדט, אָנגיסענדיג זיך טיי און זוכענדיג אויפ'ן טיש דאָס לעפעלע. — איהר מוזט דאָך ענדליך פארשטעהען, אז איך וויל ניט זיין קיין אדוואָקאט פאר בורזשויען. אויב איך האָב יאָ איינמאָל עפּעס געטאָן, ווייל חבר וואסיא האָט געבעטען, הייסט עס נאָך ניט. אז דאָס איז געוואָרען מיין ספּעציאליטעט.

— איך זאָג עס ניט... — האָט זינא מיט א זיסען שמייכעל געזאָגט. — דאָס לעפעלע איז אין ברויטקערבעל — האָט זי אָנגעוויזען. — נאָר דאָס איז אזא וויכטיגע אנגעלעגענהייט.

— פאר די בורזשויען זענען זייערע אָנגעלעגענהייטען זעהר וויכטיג, — האָט פעניא קאלט אָפּגעשניטען. מיר האָבען עס ניט איינמאָל געהערט. ענדליך (זי האָט ליעב געהאַט דאָס וואָרט "ענדליך" און אריינגעשטעלט עס סיי עס האָט זיך געפּאסט סיי ניט) מוזט איהר פארשטעהן, אז פאר בורזשויען איז ניטאָ קיין אָרט אויף דער וועלט. זיי מוזען אלע אומקומען — האָט זי ערקלערט אָנשמירענדיג ברויט מיט פּוטער. — און וואָס גיכער דאָס וועט געשעהן אלץ בעסער וועט עס זיין פאר דער מענשהייט — האָט זי געזאָגט אָנשפּארענדיג זיך מיט די עלענבויגענס אָן טיש און אָפּבייסענדיג א שטיקעל ברויט.

— איך, מיין טייערע, האַלט גאָר ניט אזוי מיט די בורזשויען — האָט זינא דיפּלאָמאטיש געענטפערט. דערשרעקענדיג זיך פאר פעניא'ס טאָן און מורא האָבענדיג פאר איהר אייגען לעבען. — אָבער דאָ האנדעלט זיך וועגען א מענשענס לעבען. איך בין נאָר געקומען נאָכפרעגען זיך ביי אייך וועגען עפּעס און וואָלט אייך גע-

בעטען, אויב איהר קאָנט... אזוי ווי איך האָב שוין איינמאָל געהאט א בריעף צו אייך...

— אויב איהר רעדט עס וועגן א בורזשוי, איז מיר אלץ איינס — האָט פעניא געענטפערט. — פריינדלען זיך מיט בורזשויען וועלען מיר מעהר ניט. און זייט אזוי גוט, געברויכט ניט אין גע־שפרעך מיט מיר אייערע זיסע בורזשויסקע ווערטלאך. וואָס בין איך אייך פאר א "טייערע"? איך בין חבר פעניא.

— ענטשולדיגט, ענטשולדיגט! איך האָב ניט געוואוסט, אז מען טאָר אזוי ניט רעדען! — האָט זינא געגומען שטאמלען און ביי זיך געטראכט: "א חיה! וואָס פאר א פרוי עס איז?" — איהר זייט מיר אזוי געפעלען, אז עס האָט זיך ביי מיר פון זיך אליין ארויס־געריסען "טייערע". איהר זייט אזא שעהנע — האָט זי גענומען חנפ'ענען — און ביי אייך אויף דער דאטשע איז אזוי ליעב — האָט זי ווייטער גערעדט, ווארפענדיג ארום זיך ענטציקטע בליקען. — און מיר אין שטאָדט ווערען דערשטיקט פון דער היץ.

— יא, אויף דער דאטשע איז טאקע פיין — האָט פעניא צו־געגעבען, זופענדיג די טעע און אליין ניט באמערקענדיג ווי זי ווערט אריינגעצויגען אין געשפרעך. — מיר האָבען פון דאנען אלע בור־זשויען פארטריבען. איצט זאָל דאָס פאָלק הנאה האָבען פון פרישער לופט, און ניט פאראזיטען און בלוטזויגער. דאָרט וועלען זיי דער־פיהלען ווי אזוי דאָס פאָלק האָט זיך געמוטשעט אָהן א ביסעל לופט! — האָט זי געזאָגט מיט טיפער שנאה.

"א מרשעת", האָט זינע געטראכט, "און האָט דוקא א סימ־פאטיש פנים. און ווי געשמאק זי טרינקט עס טעע. און רעדט אזעלכע זאכען. איך האָב מורא מיט איהר צו רעדען. ווי נאריש וואָס איך בין געקומען צו איהר אָהן א בריעף. אינטערעסאנט, וואָס האָט זי געטאָן ביז דער רעוואָלוציע. אזא בלוטדורשטיגע, און מסתמא האָט עס דאָך פריהער קיינער ניט חושד געווען".

— איהר האָט פארטריבען די בורזשויען פון די דאטשעס — האָט זי פאָרזיכטיג אָנגעהויבען — ווייל איהר האָט געהאט רעכט... אָבער חבר'טע פעניא, זאָגט מיר ניט אָפּ בלויז דאָס מאָל אין מיין ביטע. איהר קאָנט אלץ. עס הענגט אויף א האָר א מענשליך לעבען. איך בעט אייך זעהר...

— פאר בורזשויען קען מען קיין זאך ניט טאָן — האָט יענע

קאַלט געענטפערט .— און איך בעט אייך, לאָמיר ענדיגען דעם געשפרעך. איך בין פארנומען. איך מוז גלייך פאָהרען אין שטאָדט אריין.

— ענטשולדיגט — האָט זינא געזאָגט און דאָס בלוט האָט אין איהר געגליווערט פון פארצווייפלונג. — א גוטען טאָג, נאָר איך בין ניט געקומען בעטען פאר א בורזשוי. איך האָב נאָר געדארפט א געוויסע אינפאָרמאציע. אפשר וועט עס פאר אייך זיין נאָר אינטערעסאנט — האָט זי אויף גיך געמאָלען, זעהענדיג אז פעניא איז נייגעריג געוואָרען ביים וואָרט "אינטערעסאנט". — מען דארף נאָר אָפּרופען דור'ן טעלעפאָן דעם נאטשאלניק פון דער טשרעזוויטשאיינער קאָמיסיע (זי האָט מורא געהאַט צו זאָגען "פון דער טשערעזוויטשייקע") און אָנפרעגען צי מען האָט ארויסגעגעבען א באפעהל צו ארעסטירען — האָט זי זיך געאיילט צו ענדיגען. — מיר דאכט זיך. אזא אזא באפעהל האָט מען ניט ארויסגעגעבען.

— ווי קאָן עס זיין, מען זאָל ניט האָבען ארויסגעגעבען? — האָט זיך פעניא פאראינטערעסירט.

— די זאך איז אזוי: סאָלדאטען זענען געקומען ארעסטירען מיינעם א גוטען באקאנטען, אָבער זיי האָבען איינגעשטימט אָפּצולאָזען איהם פאר געלד. מיר איז עס געוואָרען פארדעכטיג. אָט צוליב דעם בין איך צו אייך געקומען.

— קיין צווייפעל ניט, אז דאָס זענען באנדיטען — האָט חבר פעניא פעסט געזאָגט. — אונזערע סאָלדאטען קען מען ניט אונטערקויפען. נאָר ווי עס זאָל ניט זיין — האָט זי מיט קאלטער שלעכטסקייט צוגעגעבען — די סאָלדאטען וועט מען סיי־ווי דערשיסען, צי זיי זענען באנדיטען, צי זיי זענען סאָלדאַטען פון דער "טשרעזוויטשאיקע". עס איז ענדליך גאנץ גוט וואָס איהר זייט געקומען מיר עס דערצעהלען.

— נאָר ניט דערשיסען — האָט זיך זינע געטרייסעלט. — חבר פעניא, איך בעט אייך. איך האָב נאָר געוואָלט דערגעהן צי מען האָט געגעבען א באפעהל וועגען דעם ארעסט. אום גאָטעס ווילען, חבר פעניא. אך, גאָט מיינער! עס איז שרעקליך! איך וועל דאך זיין שולדיג אין זייער טויט. חבר פעניא, דאָס זענען דאך מענשען, אום גאָטע'ס ווילען!

— מאָדנע וואָס איהר בעט מיך — האָט זיך פעניא פאר־

וואונדערט. — ענדליך מוז מען דאָך באפרייען די רעפּובליק פון אזעלכע אויסוואורפען. איהר זייט אליין געקומען און דערציילט מיר אזא לומפּעריי, און איהר בעט נאָך מען זאָל מילד זיין צו זיי! הייסט עס, איהר האלט מיט די פאררעטער. יעדער אויסוואורף וועט ווארפען א פלעק אויף אונזער "טשעקא", וועלכע קעמפט מיט דער קאָנטער־רעוואָלוציע. און איהר בעט, איך זאָל מאכען אַן אָנשטעל ווי איך וויים ניט וועגען דעם! ניין, זייט רוהיגן זיי וועלען קריגען זייערס. צי זיי זענען באנדיטען, צי סאָלדאטען, אָבער מעהר פאר־שווארצען אונזער נאָמען וועלען זיי ניט קאָנען.

זינא האָט געהערט א געפּלעפּטע ווי די ווערטער פליהען ארוים כמעט פרעהליך פון פעניא'ס קליינעם מויל און מיט שרעק גע־טראכט: "וואָס איך האָב אָנגעטאָן? איך האָב פארראטען. איך בין א מערדערין!"

— איהר זיצט דאָ! — האָט חבר'טע פעניא געזאָגט, און זינא האָט דערפיהלט א באפעהל אין איהר טאָן. — און איך וועל אלץ באלד וויסען דורכ'ן טעלעפאָן. ווי רופט מען אייער בורזשוי? ווי אזוי איז דאָס פאָרגעקומען?

... וואָס פאר א רעכט האָט זי אויף א מענשענס לעבען? — האָט זינא געטראכט, בלייבענדיג אליין און זיצענדיג אויפ'ן עק פון לייווענטענעם שטול? ביי איהר דערשיסען א מענשען איז פונקט ווי אויסטרינקען א גלאָז טיי. וואָס פאר א מענשען זענען עס? פון וואנעט האָבען זיי זיך גענומען? זיי האָבען דאָך פריהער אויך גע־לעבט צווישען אונז.

עפּעס נייע געדאנקען האָבען גענומען טומלען אין איהר קאָפּ. נאָר זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם סימפּאטישען סאָלדאט מיט די בלויע אויגען, וואָס האָבען אזוי יונג און האָפערדיג ארויסגעלויכטען פון אונטערן אָנגערוקטען דאשעק פון היטעל, און דאָס הארץ אין איהר איז אָפּגעשטאָרבען פון געדאנק, אז זיין גורל איז שוין גע־חתמ'עט. נעכטען האָט ער געטרונקען וויין און היינט אָווענט וועט מען איהם דערשיסען. פארוואָס? יא, ער איז שולדיג. אָבער קומט פאר אזא עולה דערשיסען א מענשען? מען מוז איהם לויפען און וואָרנען איהם, ראטעווען איהם. אָבער זי טאָר ניט געהן, און א גאנץ לעבען וועט בלייבען אויף איהר געוויסען, אז זי האָט פאררעטען א מענשען.

— אָבער מיר איז ניט איינגעפאַלען, אז ער וועט מוזען באַצאָהלען מיט'ן לעבען, — האָט זי זיך אָנגעהויבען פארענטפערען. — ניט געוואוסט! און אָט וועט מען צוליעב איהר דערשיסען! און צו וואָס האָב איך זיך אריינגעמישט אין אזא שרעקליכער זאך. לויפען צו איהם, גלייך לויפען. אפשר איז נאָך צייט איהם צו וואָרענען, און זי האָט שוין געהאט באשלאָסען, ווען אויפ'ן גאניק איז ארויס חבר פעניא און שטאָלץ געזאָגט: "נו, איהר זעהט חבר'טע, איך בין געווען גערעכט. אין דער טשערעזוויטשיינער קאָמיסיע זענען ניטאָ קיין פאררעטער. אייערע סאָלדאטען זענען ניט מעהר ווי באנדיטען און מען וועט זיי היינט דערשיסען. איהר האָט גוט געטאָן, וואָס איהר זייט געקומען מיר אָנזאָגען. דער געהילף פון נאטשאלניק אליין וועט באלד אראָפּקומען צו אייך אויף דער קווארטיר. איהר דארפט זיין צופרידען. א גוטען טאָג".

"דער'הרג'עט א מענשען", האָט זינע געטראכט, ווען זי איז ארויס פון דער דאטשע. זי האָט שוין מעהר ניט באמערקט דעם בלומענגאָרטען, די רויזען, די סאמעטענע גראָז, דעם צארטען הימעל, אלץ וואָס האָט זי אזוי ענטציקט, ווען זי איז געקומען אהער. "איך בין א פארברעכערין. ווי זאָל איך איהר וואָרענען?" — האָט זי זיך געפרעגט, קוקענדיג מרה־שחורה'דיג אויף דער לאנגער שטויביגער גאַס. קיין דראָזשקע איז ניטאָ, און לויפען האָב איך קיין כח ניט. ניין, איך וועל ניט באווייזען", האָט זי זיך געזאָגט און אָנגעהויבען לויפען. "צו וואָס, גאָט מיינער, האָב איך זיך אריינגעמישט? אז ווען עס איז א באנדיט, ווי איך האָב חושד געווען, וואָלט ער דאָך אינדערפריה אליין אוועק.

און ווי איהר אנטקעגען איז דעם גאנצען וועג געלאָפען דער סאָלדאט מיט די נאאיווע בלויע אויגען, און זייער בלויקייט, אזא יונגע, אזא ליכטיגע, האָט זיך צונויפגעגאָסען מיט דער בלויקייט פון הימעל, און זי, אליין עס ניט וויסענדיג, האָט געוויינט ווי א קינד, וואָס זי האָט זיך אומגערן אריינגעמישט און ערמאָרדעט א מענשען.

ווען יאָסיף אָסינסקי, דער געהילף פון נאטשאלניק, האָט געענדיגט דעם שמועס מיט חבר פעניא, האָט ער, ניט ארויסלאָזענדיג דעם פאפּיראָס פון מויל — ער האָט גערויכערט 24 שעה אין מעת־לעת — אין די גאטקעס גלייך ביים טיש אָפּגעטעלעפאָנירט וועגען דעם פאל. ווען ער האָט געקראָגען דעם ענטפער, אויף וועלכען ער

האָט זיך געריכט, איז ער גלייך געוואָרען פול מיט גרימצאָרן. אין דערבייאיגען צימער האָט געשלאָפען זיין ווייב מיט צוויי קינדער. א אינגעל פון א יאָהר ניין און א מיידעלע פון זיבען. דער ערשטער געדאנק איז געווען ניט צו שטערען זיי שלאָפען. ער האָט פאָרזיכ־טיג פארנומען זיינע זאכען און איז ארויס אין פאָדערצימער זיך אָנטאָן. א בלאָנדין מיט הארטע בלויע אויגען, א ליידענשאפטליכער און נערוועזער, האָט ער זיך גענומען אָנטאָן, און די הענט האָבען איהם געציטערט פון האס און צאָרן. בשעת מעשה האָט ער ניט ארויסגעלאָזט דעם פאפיראָס פון מויל און אלץ געקרימט זיך פון פון דעם רויך, וואָס איז איהם אריין אין רעכטען אויג. ער האָט געהאט איין געדאנק: דערשיסען. "איך וועל זיי אליין דערשיסען. לומפען".

די שטיוועל זענען ארויפגעפלויגען אויף די שקארפעטקעס. דאָס הארץ איז געווען פאנאנדערגעשפילעט. דער פאפיראָס האָט זיך געראויכערט. דאָס אויג האָט אָנגעהויבען טרערען. "די רעוואָלווערען, יאָ, די רעוואָלווערען. מען דארף זעהען, צי זיי זענען געלאָדען. געלאָדען".

ער האָט אלץ געמיהט זיך ניט צו מאכען קיין טומעל, האָט שטיל געעפענט די טיר און באשלאָסען צו באגעהען זיך אָהן אן אויטאָמאָ־ביל, כדי ניט צו איבערשרעקען די פארברעכער. ער האָט קיינעם מיט זיך ניט מיטגענומען און איינער אליין, גאָר ניט טראכטענדיג וועגען דעם, אז ער ריזיקירט מיט'ן לעבען, ארויס אין גאס. געווען א הייסער, טרוקענער, געלער פריהמאָרגען. אויף דער אָפגעלעגטער גאס, וואו ער האָט געוואוינט, איז געווען שטיל. אין דער לאנגווייליגער שטילקייט האָט זיך בלויז געהערט דאָס טרילערען פון פויגעל. אויפגעהערט און ווידער זיך אָנגעהויבען. פאמעלאך פליסט די לאנגווייליגע שטיל־קייט און ווידער א טרעל. א מענש שלעפט זיך פון דער ווייטענס, פארשווינדעט און ווידער דער געלער הויכער זומערטאָג.

יאָסיף אָסינסקי שפאנט שנעל, אָנגעלאָדען מיט האס און צאָרן. זאָל ער זיי נאָר דערווישען אָט די לומפען! ווי האָבען זיי געהאט די חוצפה צו פארשטעלען זיך פאר סאָלדאטען פון דעם הויכען נאָ־בעלען געריכט, וואָס שטראָפט די יעניגע, וועלכע שטעלען זיך געגען זיעגרייכען גאנג פון דער רעוואָלוציע.

אָסינסקי האָט ניט געענדיגט דעם אוניווערזיטעט, און ווען די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען, האָט ער זיך באלד אָן איהר אָנגעשלאָסען און פארבונדען זיין מזל מיט איהר מזל. די קאָמוניסטי־שע פּאַרמול האָט איהם איינמאָל פאר אלע מאָל פאר׳כישוף׳ט און ער האָט זיך איהר איבערגעגעבען מיט׳ן גאנצען ברען פון א פאנא־טיקער. קיין שום פאקטען, קיין שום ארגומענטען האָבען ניט געקענט צוטרייסלען זיין זיכערקייט, אז אלץ וואָס ווערט געטאָן אין נאָמען פון קאָמוניזם איז היילג, אז דאָס אלץ איז נויטיג, פיהרט צום איינ־ציגען ציעל: איבערצובויען די וועלט אויף א הויכען יושר׳דיגען פונדאמענט. ער האָט אָנגעהויבען ארבייטען אין דער "טשעקא", טאקע דערפאר, כדי נעהנטער צו זיין צו יענעם אפּאראט, וואָס איז בארופען צו פארטיליגען די שונאים, ווער זיי זאָלען ניט זיין: בור־זשויען, גוטבאזיצערס, מאָנארכיסטען. און אפילו אין די סאָציאליסטען פון פארשידענע לאגערן האָט ער אויך געזעהען בלויז א גלגול פון דער בורזשואזיע. וועגען דער צוקונפט, וועגען דעם, ווי אזוי דאָס קעניגרייך פון יושר וועט אויסזעהען, האָט ער קיין קשיות ניט גע־פרעגט. עס איז געווען פאר איהם אן אלגעמיינע פּאַרמול און די איינ־צעלהייטען האָט אויסגעארבייט דער רעזשים, אין וועלכען ער האָט נעגלויבט, ווי אין גאָט. זיין פליכט איז געווען צו פארניכטען די שונאים פון פּראָלעטאריאט, פון די קינפטיגע לעבענספאָרמען. יענע שונאים, וואָס האָבען גע׳חלומ׳ט וועגען אלטע צייטען, וואָס האָבען געוואָלט איבערוואַרפען א בריק צווישען דעם אמאָליגען און איצ־טיגען. אין זיי האָט ער געזעהען די גרעסטע געפאהר פאר דער יונגער רעפּובליק און דאריבער נאָך מעהר געהאסט זיי. ער האָט געהאט א ברענענדיגען פארלאנג צו צושטערען אלץ, וואָס האָט געהאט וועלכע ניט איז שייכות צו דער פארגאנגענהייט.

מען האָט געמוזט אויסמעקען יעדען מיטלייד, די גאנצע אלטע מאָראל און קעמפען מיט׳ן שווערד אזוי לאנג ביז דער שונא וועט אָפּגעמעקט ווערען פון דער ערד. און ערשט נאָכ׳ן העלדישען קאמף האָט מען זיך געדארפט אוועקשטעלען בויען דעם אויסגעבענקטען גן־עדן פאר דער מענשהייט. אָבער דערווייל האָט מען געמוזט אָפּ־ראמען פון וועג אלע שטרויכלונגען, מען האָט געמוזט אומאויפ־הערליך באקעמפען די קאָנטר־רעוואָלוציע, אלץ איינס מיט וועלכען נאָמען זי זאָל זיך ניט מאסקירען, און דער קאמף האָט געמוזט גע־

פיהרט ווערען פּלאַנמעסיג און קאַלטבלוטיג, ניט רעכנענדיג זיך מיט׳ן האס און מיט די קללות פון דער באַפעלקערונג. אפילו אזא קליינינ־קייט ווי דערשיסען די באנדיטען האָט באקומען א באזונדער באדיי־טונג, האָט געמיינט פארשטארקען דעם איצטיגען רעזשים און זיין אויטאָריטעט, און דאריבער האָט אן עהרליכער קומוניסט ניט גע־טאָרט זיך מיאוס׳ען מיט אזא שטיקעל ארבייט.

אלץ לאנגזאמער און לאנגזאמער געהט זינע, וואָס פאר א לאנגע גאס דאָס איז! ניין, זי וועט פארשפּעטיגען. מען דארף זיך אָפּשטעלען. אנדערש פאַלט זי אום. מסתמא האָט מען דעם סאָלדאט שוין דערשאָסען. "איך בין ניט שולדיג. גאָט אליין האָט אזוי געוואָלט. איך האָב געוואָלט גוטס טאָן. אָבער ווי איז דאָס געשעהען, אז דער פאר וואָס איך האָב געזוכט איינעם צו טאָן א טובה, דארף אן אנדערער שטארבען? ווי וועל איך בארוהיגען מיין הארץ? ווי וועל איך פארגעסען מיין פארברעכען?" האָט זי צוטומעלט געטראכט און אלץ געזעהען דעם סאָלדאט׳ס פּנים, ווי די בלויע אויגען פינקלען יונג ארויס פון אונטער׳ן דאשעק...

***

אין דער הינטערשטער טיר האָט מען שטארק, זיכער, דראָהענדיג אָנגעקלאפּט. דער זעלנער, וועלכער האָט ארומגעשפּאנט איבער׳ן קאָרידאָר, האָט זיך א צאפּעל געטאָן. שוין־זשע האָט מען געבראכט דאָס געלד? נאָר זי וואָלט ניט אזוי געקלאפּט. אפשר פאררעט? און ער האָט זיך גענומען ווארפען איבער׳ן קאָרידאָר, איינגאנצען באדעקט מיט שוויים. אָבער זיין חבר שטעהט דאָך ביי דער פאַ־ראדנער טיר. שוין־זשע וואָלט ער איהם קיין צייכען ניט געגעבען. אויב עס איז פאררעט, וועל איך נאָך באוויייזען צו דערשיסען דעם "בורזשוי", איז דורכגעלאָפען אין קאָפּ, ווי דאָס וואָלט געווען אן אויסוועג פון אומגליק. אָפּווארטען אָדער בעסער ארויסלויפען דורך דער פּאראדנער טיר? מען האָט געדארפט גלייך נעהמען דאָס געלד, ניט באלאמוטשען און מאכען צערעמאָניעס. אזעלכע נאראָנים", האָט זיך געיאָגט ביי איהם אין קאָפּ. קלאפּט עס אביסעל! דער בור־זשוי איז ארויס. אפשר איהם דער׳הרג׳ענען? אָדער זיך ראטעווען?"

סימע איז ארויסגעקומען אין נאכטהעמד. אפשר איז עס גע־קומען דער מאטראָס מיט מאשע׳ן? אזא העזה! קלאפּט ווי א גזלן, פּונקט ווי ער וואָלט דאָ זיין דער גאנצער באלעבאָס.

— עפּענט, — האָט מען געשריען הינטער דער טיר, — אז ניט שיס איך.

שיסען, — האָט זיך סימע א טרייסעל געטאָן. שוין עפּענען! גלייך! און וואו איז מיין סאָלדאט? אנטלאָפען.

אן אומבאקאנטער מענש מיט א רעוואָלווער אין די הענט האָט זיך ארייינגעריסען אין קאָרידאָר און אויף גיך געפרעגט: "וואו איז דער סאָלדאט?" גלייך באמערקט אז די פאראדנע טיר איז אָפען און א וואָרף געטאָן זיך אהין. סימע איז געשטאנען א געפּלעפּטער, גאָר־ניט ניט פארשטאנען און געשריען: "דאָרע, קום נאָר אהער!"

אָסינסקי איז ארויסגעלאָפען אין גאס, דערזעהען, ווי צוויי סאָלדאטען לויפען פאָראויס און ניט פארלירענדיג קיין איין רגע מיט צוויי רעוואָלווערען אין די אויסגעשטרעקטע הענט גענומען זיי נאָכיאָגען מיט א געשריי:

— האלט, אז ניט שיס איך!

די סאָלדאטען האָבען אָנגעהויבען שנעלער לויפען און באלד ביים ראָג זיך צוטיילט. אָסינסקי האָט זיך ווי דער טויט נאָכגעיאָגט נאָך דעם איבערגעבליבענעם און געטראכט: "מאכט ניט אויס, וואָס איינער איז אנטלאָפען. מיר וועלען איהם שוין פאקען". און אויס־געשאָסען. דער סאָלדאט האָט זיך א וואָרף געטאָן אָן א זייט און נאָך מיט מעהר אימפּעט ווייטער געלאָפען. אָסינסקי האָט ווידער אויס־געשאָסען. דער סאָלדאט האָט זיך אומגעקוקט און ווידער זיך א וואָרף געטאָן אָן א זייט. אויף דער שיסעריי איז אָנגעלאָפען אן עולם און אוועקגעלאָזט זיך נאָך אָסינסקי׳ן. אָסינסקי האָט פון גרויס אימפּעט קיינעם ניט געזעהען און געפּעלויגען נאָך זיין קרבן, שיסענדיג אויפ׳ן וועג. דעם סאָלדאט איז מיט יעדען מאָל אלץ שוואכער געוואָרען, און אומקוקענדיג זיך אויף צוריק אלץ עפּטער צוגעפאלען צו דער ערד. דער בלויאויגיגער סאָלדאט איז געווען האלב טויט פון שרעק, געפיהלט, אז ער איז פארלאָרען און אפילו ניט געפּרואווט מיט א שאָס, כאָטש אין טאש איז ביי איהם געלעגען א רעוואָלווער.

"אלץ די מויד!" האָט ער אויף גיך געטראכט, פיהלענדיג אז

אין קאָפּ ווערט איהם עפּעס פינסטערער. "ווען איך קען זיך נאָר ראַטעווען, לעג איך אַלעמען אוועק מיט א באָמבע. נאָר ווי ראַטעוועט מען זיך דאָ?" איז שוואַכער דורכגעגאַנגען דער געדאַנק. "פארפאַלען..."

דער אָפענער טויער האָט איהם איינגעשלונגען. און שוין אַריינ־פאַלענדיג אין טויער, אָנגעהויבען האַסטיג טראַכטען, ווי אַזוי ער וועט אַרויפלויפען אויף די שטיגען, פון דאָרט אויפ'ן דאַך און פון דאָרטען אויף א צווייטען דאַך און נאָר אויף איין אויגענבליק זיך אָפּגעשטעלט אָפּצוכאַפּען דעם אָטעם, ווי עס איז אַריינגעפאַלען אָסינסקי און מיט'ן געשריי: "מערזאַוועץ" אַרויפגעפלויגען אויף איהם ווי א בליץ, און ווי דאָס וואָלט געווען די איינפאַכסטע זאַך אין דער וועלט, צוגעשטעלט דעם רעוואָלווער צו זיין שלייף און אַראָפּגעלאָזט דעם ציינגעל. דער בלויאויגיגער סאָלדאַט האָט זיך א וואַקעל געטאָן און אומגעפאַלען. דער עולם האָט פאַרפלייצט דעם הויף.

— אַזוי, — האָט אָסינסקי מיט א דראָהענדיג קול אָנגעזאָגט און אָנגעוויזען מיט'ן פינגער אויפ'ן סאָלדאַט, וואָס האָט זיך נאָך געצאַפּעלט, — וועט מען טאָן מיט אַלע די, וואָס בונטעווען זיך געגען דער סאָוויעטען־מאַכט! — דער המון האָט פינסטער געשוויגען און שטום געמאַכט וועג פאַר אָסינסקי'ן, ווען ער האָט אָנגעהויבען אַרויסגעהען. אין גאַס האָט ער זיך אַרומגעקוקט און דערזעהען גראָד פאָרבייפאָהרען א חבר אין אַן אויטאָמאָביל. ער האָט געגעבען א צייכען, דער אויטאָמאָביל זאָל זיך אָפּשטעלען, אַריינגעזעצט זיך און געהייסען זיך פיהרען אין קאַנצעלאַריע מיט אַזא רוהיגקייט, ווי עס וואָלט קיין זאַך ניט פּאַסירט.

— פון וואַנעט קומט איהר איצט, חבר? — האָט געפרעגט דער, וואָס איז געזעסען אין אויטאָמאָביל.

— געדאַרפט עפּעס באַזאָרגען. דערשאָסען נאָר וואָס א באַנ־דיט, א מערזאַוועץ. מען דאַרף אַרויסשיקען מענשען, צו כאַפּען דעם צווייטען. איך האָף, אַז ביז פאַרנאַכט וועט מען איהם געפינען, און מיר וועלען מיט איהם א סוף מאַכען. האָט איהר א פּאַפּיראָס?

# IV

דעמזעלבען אָוונט האָט מען סימע׳ן ארויסגערופען אין דער "טשעקא" אלס עדות. ער האָט געדארפט דערצעהלען וועגען דעם איבערפאל אויף זיין וואוינונג. מען האָט דעם צווייטען פארבר־עכער אויך געכאפּט. סימע א פארציטערטער, אָבער באהערשענדיג זיך, אָנגעטאָן מעשה באָלשעוויק, איז געזעסען אין צימער, וועלכען ער האָט געדענקט נאָך זיין פריהעריגען ארעסט און געווארט מען זאָל איהם ארויסרופען, געציטערט און געטראכט, אז אלץ איינס, ווי דער סאָוויעטען־רעזשים זאָל זיך ניט ענדיגען, אָבער ער, סימע, וועט שוין אויף שטענדיג פארבלייבען מיט א הארץ־פעהלער.

א ביסעל אָן א זייט איז געזעסען דער צווייטער סאָלדאט נאָך אלץ אין דעם זעלנערישען שינעל, באוואכט פון צוויי טשעקא־סאָל־דאטען, פינסטערע, ניט בארעדעוודיגע שקצים. זיי האָבען געוויכערט, יעדע ווײַלע אויסגעשפּיגען און באלד צעריבען די שפּייעכץ מיט די פיס. סימע האָט באלד דערקענט זיין נעכטיגען פארשוין. ווי אזוי עס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט׳ן ערשטען האָט ער שוין געהערט פון די שכנים, און צוזאמען מיט דאָראָטשקע׳ן און זינע׳ן באוויינט דעם אומגליקליכען. מען האָט געשיקט סאָניע׳ן, זי זאָל זיך פאנ־אנדערפרעגען, און ווען זי איז געקומען מיט דער בשורה, אז איבער׳ן טויטען קערפּער, וואָס וואלגערט זיך אין גאס, וויינט און קלאָגט זיין יונגע ווייב, האָט סימע גלייך געזעהען, אז די סאָלדאטקע זאָל קריגען א שעהנע סומע געלט. איצט האָט סימע זיך באגעגנעט מיט׳ן צווייטען, וועלכער האָט איהם דאָ געגרניט אויסגעזעהען שרעקליך. יענער איז געזעסען א דערשראָקענער, די אויגען זענען ארומגעלאָפען, ווי ער וואָלט געזוכט א שפּעלטעל, וואוהין צו אנטלויפען פון דער שטראָף און יעדע ווײַלע געוואָרפען אָן אונטערטעניגען בליק צו סימע׳ן, ווי ער וואָלט זיך בעטען ביי איהם "העלף!"

"מיט וואָס קען איך דיר העלפען?" האָט סימע געטראכט, קוקענדיג מיט רחמנות אויפ׳ן טוידט־בלייכען פארברעכער. "אז קיי־נער קען איצט קיינעם ניט העלפען. האָט מען דען א סך געדארפט, אז איך זאָל דאָ זיצען אויף דיין אָרט? וואָס פאר א ווערט האָבען מיר

דען איצט אלע? א תל געמאכט פון טויזענדער מענשען, א תל גע־מאכט פון דער שטאָדט, פון צעהנדליגער שטעדט און אומגעבראכט צעהנדליגער טויזענדער נפשות. איז אימיצער דען געקומען צו הילף? און איך אליין? איך ארבייט מיט דער גאַל, קריך אונטער די נעגעל. און מיט אמאָל וועט קומען א טאָג, ווען מען וועט מיך אויך פיהרען, ווי אן אָקס, צו דער שחיטה. וואָס זייַ איך דאָ? וואָס וועט זיין דער סוף? מען מוז דאָך וועגען דעם א טראכט טאָן. יא, האָט ער געטראכט דרעהענדיג זיך אויפ׳ן שטול, — עס וואָלט גוט געווען צו אנטלויפען. אָבער וואוהין ועסטו לויפען? ווי אזוי קענסטו עס טאָן? אוועקוואר־פען די הייזער, די דאטשעס? נו גוט, זאָל זיין אוועקווארפען, אָבער ווי קענסטו זיך א ריהר טאָן, אז דאָ איז א ווייב און פרויען, און אלע דערשראָקענע, אומבאהאָלפענע. וואָס טוט מען מיט דעם געלט? מיט די צירינגען? מען וועט דאָך באראבעווען, דער׳הרג׳ענען. ניין, מיר וועלען זיך שוין ניט ארויסרייסען פון די באָלשעוויסטישע לאפעס.״

— חבר, גיט צו פאררויכערען, — האָט געזאָגט דער עלטערער סאָלדאט מיט א שראם איבער דער גאנצער באק.

סימע האָט זיך א צאפעל געטאָן פון שרעק, אויפגעשפרונגען גרייט צו טאָן פון דרך ארץ אלץ, וואָס מען וועט איהם הייסען.

— זעהר גערן, זעהר גערן, חבר — און ער האָט מיט א צי־טערענדיג האנט איהם צוגעטראָגען א פאפּיראָס. — און ווילט איהר אפשר, חבר, אויך א פאפּיראָס? — האָט ער מיט חניפה אָנגעבאָטען דעם צווייטען סאָלדאט.

— חבר, — האָט סימע מיט אמאָל דערהערט דעם ארעס־טאנט׳ס קול, — קענט איהר מיר טאָן א טובה?

סימע האָט זעהר העפליך דערלאנגט א פאפּיראָס דעם צווייטען סאָלדאט, אלץ מיט א ציטערנדיגער האנט צוגעטראָגען נאָך א אָנגעצונדען שוועבעלע, און א קוק געטאָן אויףביידען, ווי ער וואָלט געבעטען ערלויבניש צו ענטפערען.

— איהר האָט מיך דען ביי אייך געזעהען? — האָט דער ארעסטאנט ווייטער גערעדט. — איך בין ביי אייך קיין מאָל ניט געווען און קען אייך גאָר ניט. און דאָ זאָגט מען גאָר, אז איך בין ביי אייך געווען מיט עפּעס מיינעם א חבר?

— מען מעג איהם ענטפערען? — האָט סימע אָנגעפרעגט ביי סאָלדאטען.

— פארוואָס זאָל מען ניט מעגען, — האָט דער סאָלדאט מיט'ן שראם געענטפערט, — אבי קיין קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע רייד ניט רעדען.

— אויב איהר וועט אויף מיר אויסזאָגען, — האָט דער פאר־ברעכער שטיל געזאָגט, צוגעהענדיג צו סימע'ן...

— אפשר ווילט איהר, חבר, נאָך א פאפיראָסקע? — האָט סימע איהם איבערגעשלאָגען, ווענדענדיג זיך צום עלטערען סאָלדאט.
— איך האָב א סך, קען אייך אפילו אלע אוועקגעבען. איך בעט אייך, איך בעט אייך...

— וועט מען מיך, — האָט דער פארברעכער ווייטער גע־שעפטשעט, — גלייך דערשיסען. וואָס ארט אייך, אז איהר וועט עס לייקענען? אָט האָט מען דערשאָסען מיין חבר. ער האָט א יונג ווייב און א קליין קינד. מיך וועט מען אויך דערשיסען. וואָס וועט אייך דערפון ארויסקומען? איך, ווען איך בין ביי אייך געוועז, האָב דאָך געקענט אייך אויך אייער ווייב דער'הרג'ענען און האָב עס ניט געטאָן, אָנגעסטראשעט בלויז. פאר וואָס־זשע זאָל איך אומ־קומען? איך האָב מיט אייך איינזעהען געהאט, און איהר וועט אויף מיר אויסזאָגען?

— פארוואָס־זשע פארנעהמט איהר זיך מיט אזא געפעהרליך געשעפט? — האָט סימע געענטפערט מיט א טענה — איהר האָט דען ניט געוואוסט מיט וואָס עס שמעקט, באזונדערס אין אונזערע צייטען!

— איהר ווילט, אז איך זאָל אייך איצט דארויף ענטפערען? און פאר אייערע געשעפטען קען מען אייך דען ניט די מינוט דערשיסען?
— האָט שטיל געזאָגט דער פארברעכער. — יעדער האָט זיך זיין גע־שעפט. איז — קענט איהר מיך ניט, יאָ? איך בעט אייך. אפשר וועל איך אייך אמאָל אָפדינען. איך האָב אויך א ווייב מיט א קינד. פאר'ן קינד ארט מיך — האָט ער געזאָגט, קוקענדיג אין פענסטער מיט א פארשטיקטען יאָמער. — איהר זאָגט נאָר, אז איהר האָט מיך ביי זיך ניט געזעהען.

די טיר האָט זיך געעפענט און מען האָט דעם ארעסטאַנט אריינ־גערופען. די סאָלדאטען האָבען זיך אויפגעהויבען און איבערגעקוקט זיך. סימע האָט נאָר באוויזען צו מאכען צום ארעסטאנט א בארוהי־

גענדען זשעסט אז ער וועט טאָן אַלץ וואָס ער קען איהם צו העלפען. עס זיינען אַריבער נאָך עטליכע מינוט און מען האָט איהם אַ רוף געטאָן. סימע האָט זיך אויפגעהויבען און וויזענדיג העלדיש אַ שמייכעל אויפ׳ן טוידט־בלייכען פּנים אריין צו אָסינסקי׳ן אין קאַנצעלאַריע גראָד אין דער מינוט ווען יענער איז זיך צופאָהרען מיט דער האַנט און דערלאַנגט דעם שגץ אַ זעץ איבער׳ן פּנים. סימע האָט גלייך איינגעשלונגען דעם שמייכעל.

— זיי זיך מודה, אז דו ביזט דאָרט געווען, — האָט סימע דערקענט אָסינסקי׳ס קול. — מיר וועלען אייך אַלעמען פון דער ערד אָפּווישען! — האָט ער געליארמעט. — אין מאָסקווע, אין פּעטערבורג פון דער ערד אָפּגעווישט און דאָ וועלען מיר אויך. זיי זיך מודה מערזאוועץ.

— ווי־זשע חבר, זאָל איך זיך מודה זיין, — האָט דער אַרעסטאַנט זיך אָפּגעווישט דאָס פּנים, — אז איך בין גאָר צו יענער צייט געווען אין אַנ׳אַנדער אָרט, און דעם חבר האָב איך אפילו קיינמאָל אין די אויגען ניט געזעהען.

— אַ ליגען, ביזט געווען, איך האָב דיך דערקענט אָן דעם שינעל. קענט איהר דעם דאָזיגען מענשען? — האָט ער הארט און האַסטיג געפרעגט סימע׳ן.

— איך, מיין הער, איך, חבר, — האָט סימע געענטפערט, פאַרבלינעדיג זיך, מיט אַן אָפּגעהאַקטען קול — וואָלט ניט געקענט אויף זיכער זאָגען, אז איך האָב פּונקט דעם מענשען געזעהען ביי זיך נעכטען. עס איז געווען פינסטער, איין סעקונדע... ערלויבט מיר צו בעטען באַגנעדיגונג פאַר איהם. דערשיסט איהם ניט, צוליעב מיר, — האָט ער געקלאַפּט מיט דער צונג. — איך בעט אייך, הער... קאַמעראַד... חבר...

אין מיטען פון אָט די רייד האָט זיך געעפענט די צווייטע טיר און אויפ׳ן שוועל זיינען אויסגעוואַקסען צוויי פאַרשוינען מיט רעוואָלווערען פאַרשטעלט אין די גאַרטלען, שאַרף אַ קוק געטאָן אויפ׳ן אַרעסטאַנט, און איינער האָט געזאָגט צום אַנדערען.

— היינט איז מיין אַטשערעדע, מעג זיין וואָס עס וויל, איך וועל זיך פון איהר ניט אָפּזאָגען.

סימע האָט געהערט די ווערטער ווי דורך אַ נעבעל, ניט פאַרשטאַנען זיי און אַלץ גע׳טענה׳ט:

— איך בעט אייך, לאָזט איהם לעבען. איך וואג ניט צו בעטען און בעט דאָך. — און אין קאָפּ האָט זיך געדרעהט „מען וועט נאָך באלד מיך אוועקשלעפען און דערשיסען: ביי זיי טאָר מען דאָך ניט בעטען ווען יענער איז שולדיג".

— ער האָט א יונגע ווייב, איינעם האָט איהר שוין באשטראָפט, איך בעט אייך זעהר, שענקט איהם דאָס לעבען.

— וואָס מיר אָטשערעד, — האָט דער אנדערער געזאָגט. — ביי מיר בייסען שוין די הענט פון אומגעדולד. ער איז מיינער.

סימע האָט דערהערט די ווערטער און גלייך דערפיהלט, ווי דאָס הארץ שטעלט זיך איהם אָפּ.

און אויך ביים ארעסטאנט איז דאָס הארץ געבליבען שטעהן. ער האָט אריינגעצויגען אין זיך די לופט און מיט ברייט געעפענטע אויגען, האלב־בעטענדיג, האלב־סטראשענדיג, א קוק געטאָן אויף אָסינסקי'ן.

די צוויי זענען פארשוואונדען און גלייך האָט זיך דערהערט, ווי איינער רופט צערטליך:

— א נו, חבר, קום נאָר אריין אהער אויף א מינוט. מיר ווע־לען מיט דיר גאָרנישט טאָן. מיר וועלען נאָר מיט דיר פארברענגען א ווײַלע.

— געה — האָט אָסינסקי געזאָגט, זעצענדיג זיך ביים טיש.

עס האָט זיך דערהערט א כליפּען. סימע איז פארשטאָרבען גע־וואָרען, און ווי אין א משוגע'נעם חלום האָט ער דערהערט ווי מען זאָגט: „ציה אראָפּ די שטיוועל און דעם מונדיר". ווידער א כליפּען, און ווערטער אָרימע, הילפלאָזע, ווי תפילות. און פּלוצלינג א שארפער, הילכיגער קנאק פון א שאָס און דער טעמפּער קלאַפּ פון א פאלענדי־גען קערפּער.

— איך בין, דאכט זיך, אראָפּ פון זינען — האָט סימע גע־טראכט, לויפענדיג אין גאַס. — וואו לעבען מיר? איך ווער דערשטיקט פון רחמנות צום אומגליקליכען גוי. פארוואָס בין איך רייך? פארוואָס האָבען זיי דוקא מיך אויסגעקליבען? ווען עס וואָלט ניט געווען קיין רעוואָלוציע, וואָלט איך ניט רייך געוואָרען; ווען איך וואָלט ניט רייך געוואָרען וואָלטען די צוויי חברה־לייט ניט געקומען צו מיר נאָך געלט. א נו, נאָכאמאָל. אָדער מען דארף ניט. וועגען עפּעס אנדערש, אום גאָט'ס ווילען, וועגען עפּעס אנדערש. אָבער וועגען וואָס? ווי אזוי א

שטייגער טאַנצען מענשען אויף א באל? איך וויל טראכטען וועגען דעם און עס וועט מיר גרינגער ווערען. א נו, ווי טאַנצט מען אויף א באל? און די מוזיק? ווי אזוי שפּיעלט די מוזיק אויף א באל?... ליגט נעבעך דאָרט אויף דער פּאָדלאָגע... פאַר מיר אין די אויגען דער'הרג"עט. כדי מיך אויך צו פארפּייניגען. איז ווי טאַנצט מען אויף א באל? איך וועל גאַנצע נעכט ניט שלאָפען. צו וואָס זאָל איך שלאָ־פען? איך וועל ליגען און קוקען און זעהען די צוויי שקצים, וואָס מען האָט צוליעב מיר דער'הרג'עט. זינע ליגט א קראנקע פון צער. א נו, ווי טאַנצט מען אויף א באל?

# אכטער עפיזאד.

## I

אין מיטען זומער האָבען זיך גענומען טראָגען קלאַנגען, אז מען וועט נעהמען לעבעדיגע משכנות ערבים. מען האָט דערצעהלט, אז די ווייסע גענעראַלען האָבען פארכאַפּט עטליכע אָנגעזעהענע באַל־שעוויקעס און דערשאָסען זיי. אַלס ענטפער אויף די היגריכטונגען האָט מען באשלאָסען צו דערשיסען א רייהע אינטעליגענטען און בור־זשויען. זאָל עס זיין א שטראָף, א וואָרנונג אויף שפּעטער.

ווען סימע האָט זיך וועגען דעם דערוואוסט, האָט ער זיך גלייך געזאָגט, אַז ער איז ניט קיין משכן. אָבער פונדעסטוועגען פארלוירען דעם שלאָף, דעם אפּעטיט און דאָס ביסעל פרעהליכקייט און אָפּטי־מיזם, וואָס ער האָט נאָך געהאַט אין זיך. אָבער אַנדערש האָט גע־רעדט יאָקאָבסאָן, פון וועמעס וויצען סימע וועט סוף־כל־סוף אַלט און גרוי ווערען. מען האָט גערעדט וועגען דעם צעטעל, לויט וועלכען מען האָט אָנגעהויבען כאַפּן אומשולדיגע מענשען און פארשפּארען זיי אין „טשעקא״. קיינער האָט ניט געוואוסט ווער עס האָט צוזאמענגע־שטעלט דאָס צעטעל, נאָר עס איז קלאָר געווען, אז געטאָן האָט עס אן אייגענער מענש, ווייל מען האָט אָנגערופען די שעהנסטע און אָנ־געזעהנסטע מענשען פון שטאָדט. אמת, עס זענען געווען ניט אזעל־כע גרויסע יחסנים אויך, נאָר דאָ, ווייזט אויס, האָט אימיצער אָ פרעמדער צוגעלעגט א האנט. מען האָט אָנגערופען סימאָנסאָנ׳ען אויך. ווי אזוי קומט ער אויפ׳ן צעטעל, אז ער ארבייט גאָר אין „פּראָד־קאָם״? צווייטענס, ווי קאָן מען איבערשרעקען א ווייסען גענעראַל דערמיט, וואָס מען וועט דערשיסען א אידען? עס איז דאָך אידיאָט־סטווע. „אדרבא״, וועלען די ווייסע גענעראַלען זאָגען, „אויב אידען,

איז כאָטש אַלעמען". און ערשטענס, ווי קומט אהער סימע? סימאָנ־סאָן האָט פאָרט געשפּיעלט אַ ראָלע, ניט קיין גרויסע, אָבער דאָך. אָבער סימע? טאָ וואָס איז דאָ דאָ חוזק צו מאכען? צווייטענס, איז עס בכלל אידיאָטסטווע. ניין, איך וועל זיין רוהיג. איך בין אפילו ש ו י ן רוהיג, טראכט ניט מער וועגען דעם און די גאַנצע נארישקייט זיך ארויסגעשלאָגען פון קאָפּ."

מען האָט געגעסען מיטאָג ביי יאַקאָבסאָנ'ען. מען האָט גוט אַריינגעגעסען און אריינגעטרונקען. געווען דאַמען, פראק. ווידער פראק. קאָן דען זיין עפּעס אָהן פראק'ן? געווען וואָווקא און אָדינ־צאָוו. עס איז אויסגעקומען אזוי, אז מען האָט פראק'ן אוועקגעזעצט מיט זיין דאָראָטשקע'ן, נאָר ער האָט זיך ניט וויסענדיג געמאַכט. ווע־מען קריכט עס אין קאָפּ אייפערזוכט, אז מען האָט זיך ערנסט גענר־מען צו לעבעדיגע משכנות? זאָלען זיי זיצען צוזאמען. יאַקאָבסאָן האָט ווידער אָנגעהויבען חוזק מאכען. א כלל, וואָס איז דאָ דאָס וויצלען זיך? "איהר, סימע, זייט גרייט", האָט יאַקאָבסאָן געזאָגט, "מען וועט אייך צונעהמען פאר א משכן און דערשיסען." פראק איז זיך פאר־גאַנגען אין אַ געלעכטער. עס האָט איהם הנאה געטאָן. געפרעהט זיך מן הסתם, וואָס ער וועט פון איהם פּטור ווערען, און אפשר געלאכט דערפאר, וואָס ער, סימע, איז אזא גאָרנישט, אז אפילו פאר קיין משכן טויג ער ניט. הערט זיך נאָר איין, ערשטענס, קאָן מען ניט ווי־סען, ווער וועמען וועט איבערלעבען, פראק איהם, אָדער ער פראק'ן. צווייטענס איז נאָך אַ פראגע, צי ער איז טאַקע אזא גאָרנישט... „גאָר ניט אזא גאָרנישט, חבר פראק", האָט סימע געטראכט אַ באַ־לײדיגטער, „ווי איהר רעדט זיך איין. קאָן זיין אַ משכן ניט ערגער פאר יעדען אַנדערען. רייך, באקאנט אין אלע קרייזען, באקאנט אויך מיט'ן געהילפס־נאטשאלניק פון „טשעקאַ". אלע ווייסען גאָט צו דאַנ־קען, אז ער פיהרט גרויסע געשעפטען און איז ניט קיין קלענערער קנאַקער ווי אנדערע לעבעדיגע משכנות. אידיאָט איינער, איהר וועט עפּעס א סך סימע גרעסערס געפינען אין שטאָדט? נו, צוואַנציג, נו, דרייסיג. און אויב גאָר זאָגען דעם אמת, איז א גוטער משכן נאָר ער, סימע. גענעראלען האָבען איהם דען ניט געקענט? איהם איז דען ניט אויסגעקומען צו ארבייטען מיט זיי? זיי וואָלטען שוין געווען גאָר צופרידען, ווען מען דערשיסט סימע גרעסער'ן. טאָ וואָס־זשע לאַכט איהר אזוי, אידיאָט?"

„יאָ, אזוי איז עס טאקע", האָט זיך סימע געכאַפּט. „נאָר, דאַכט זיך, איך האָב זיך גענומען צום הארצען, וואָס מען וועט מיך ניט דערשיסען. איך זאָג ניט, אז איך פרעה זיך דערמיט איבעריג, נאָר וואָס לאַכט ער אזוי אָפּ פון מיר, דער פראק? לאַכסט, ענטפער איך דיר: „איך וואָלט אפילו געוועזן צופרידען, ווען מען פאַרנעהמט מיך אויף איין ווײלע און מען דערשיסט מיך אויף איין ווײלע, כדי צו באווייזען דעם גראָבען יונג, אז איך בין ווערט מען זאָל מיך דערשי־סען ווי יעדען אמת'ן לעבעדיגען משכן. און דעמאָלט וואָלט איך איהם געזאָגט: „א־א, חבר פראק, איהר האָט געלאַכט, און זעהט איהר, מען האָט מיך דערשאָסען. און צום ביישפּיל אייך, און נאָך אזעלכע פאַר־שוינען, ווי איהר, וואָלט קיינער ניט דערשאָסען, ווייל איהר זייט גאָר־נישט מיט גאָרנישט". אָבער יאַקאָבסאָנ'ען קאָן איך ניט מוחל זיין. דאַכט זיך מיר, אז נאָכ'ן מיטאָג וועל איך איהם אריינרופען אין אַנ־דערען צימער און גוט איהם אויסזידלען פאַר זיין חוזק מאכען פון מיר. איך וועל איהם דערלאַנגען אין באק אויך, אויב ער בעט ניט קיין ענטשולדיגונג. אינטערעסאנט, צי טראַכט איך איצט ווי א נאָר־מאלער מענש, אָדער ווי ניט קיין נאָרמאלער? עס וואָלט גוט געווען אָפּצורופען דאָראָטשקע'ן אָן א זייט און ערקלערען איהר, פאַרוואָס מיך פאַרדריסט אויף יאַקאָבסאָנ'ען. אינטערעסאנט, צי זי וואָלט מיר גערעכט געגעבען. און אפשר אריינרופען יאַקאָבסאָנ'ען אין צווייטען צימער? איך ווער צעפּלאַכט פאַר כעס. קוים לעג איך עס אָפּ, וועל איך ניט אריינרופען, וועל איך חרטה קריגען. מען דאַרף עס גלייך טאָן. דו ווילסט דאָך, טו עס."

— יאַקאָבסאָן — האָט סימע מיט אַמאָל הויך געזאָגט, אָפּ־געווישט די ליפּען און אוועקגעלעגט די סערוויעטע.

— וואָס איז? — האָט יאַקאָבסאָן געענטפערט מיט א פראגע.

— איך דאַרף — האָט סימע אָנגעהויבען — איך איבערגע־בען... אָט דעם פּאַפּיר — האָט ער ליבענסווירדיג און אומגערעכט פאַר זיך געזאָגט. דאָ איז דער ענטוואַרף פון דעם נייעם פּראָיעקט.

— וואָס עפּעס גראָד איצט? — האָט זיך יאַקאָבסאָן פאַרוואונ־דערט.

— אַזוי, דערמאָהנט זיך — האָט סימע ניט דרייסט געענט־פערט און ניט געקאָנט אויפהויבען די אויגען. — נעהמט.

„נו, געהט עס צום טייוועל" האָט סימע גלייך פאַרענטפערט זיך

פאַר זיך. „איך וועל איהם אַן אַנדערש מאָל אויסזידלען. עס פּאַסט עפּעס ניט צו מאַכען אַ סקאַנדאַל ביים עסען.

מען האָט אויך אַביסעל געטאַנצט. די יונגוואַרג האָט עס פאַר־לאַנגט. פראַק האָט געכאַפּט דאַראָטשקע'ן, וועלכע האָט געזוכט איהם אויסצומיידען און דעריבער אַרומגעקליבען אַרום, זיך עטליכע דאַ־מען. ער האָט זעהר לוסטיג אַרומגעשוועבט מיט איהר איבער'ן גרויסען זאַל. סימע'ן איז גוט אַריין אין קאָפּ ווי אַזוי ער האָט זיך מיט איהר אַ וואָרף געטאָן אין פּאַטעל. אָבער דער לעבעדיגער משכן, וואָס האָט איהם געעגבערט דעם מוח, האָט איהם ניט געלאָזען זיין שטאַרק איי־פערזיכטיג.

אהיים זענען די דאַמען געקומען אַביסעל שכור'לעך פון דעם אויסגעטרונקענעם וויין. סימע איז געווען ניכטערער ווי געוועהנליך. ער האָט געוואָלט אָנהויבען פילאָזאָפירען, נאָר דאַראָטשקע האָט ענערגיש געזאָגט אַז זי איז מיעד. „פערד!" — האָט ער איהר גע־ענטפערט אין די געדאַנקען און געלאָזען זי צורות. עס האָט זיך איהם אַלץ געפּלאָנטערט אין קאָפּ די געשיכטע מיט די משכנות. אָבער ער איז ניט קיין משכן.

סאָניע און זינע האָבען מיט זייערע מעלאָדישע שטימען געזאָגט "אַ גוטע נאַכט".

סימע האָט מיט אַ געקנייטשטען שטערען געענטפערט זיי מיט אַ שאָקעל פון קאָפּ און אין די געדאַנקען איבערגע'חזר'ט: „איך בין ניט קיין משכן".

עס איז געוואָרען שטיל. עס האָבען בלויז געשאָרכט די קליידער, וואָס דאַראָטשקע האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפען. עס האָט אָפּגעהילכט אַ ווייטער רעוואָלווער־שאָס. סימע האָט זיך דערשראָקען אומגעקוקט אויף דאַראָטשקע'ן. אָבער זי איז שוין געלעגען מיט'ן פּנים צו דער וואַנט. ער האָט מיט באַדויערן אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ און גע־נומען זיך אויסטאָן. וואָס פאַר אַ משכן איז ער? מען דאַרף זיך לעגען. "איך וועל אינדערפריה טראַכטען וועגען דעם. נו, שלאָף", האָט ער זיך באַפוילען, אַריינקריכענדיג אין אַ לאַנגע נאַכטהעמד און שטיל אויסציהענדיג זיך אין בעט. "פאַרמאַך די אויגען און אַן עק. נאָך אַ טאָג לעבען איז אַריבער. וועט שוין טאַקע שטענדיג אַזוי זיין? וועט קיינער ניט קומען און אויף שטענדיג זיי אַרויסטרייבען. טראַכט ניט און שלאָף. און דאָס לעבען איז עפּעס געוואָרען אַזוי טעמפּ, לאַנגוויי־

ליג. פאַרדיענסט ווי פריהער, אָבער פיהלסט דערביי ניט דעם טעם וואָס פריהער. אפילו ווען דו זאָלסט אָנגעשטאָפּט ווערען מיט מיליאַרדען—ניט אינטערעסאַנט. א תל געמאַכט פון לעבען! נו, שלאָף ניט דיין זאַך. די גרויסע קאָמערסאַנטען איז ערגער ווי דיר. זיי האָבען זיך אויף וואָס צו קלאָגען. שלאָף! ביזט ניט קיין משכן. אָבער ווי שלאָפט מען, אַז דאָס האַרץ קלאַפּט אַזוי, אַז ער הערט עס אַזש אין קאַרק... איך וועל זיכער פון דעם אַלעמען קריגען א האַרצקראַנקהייט, אויב איך האָב זי שוין ניט. א קלייניגקייט, איבערצוטראָגען אַזא רעוואָלוציע! מיר וועלען אַלע פון איהר אַרויסגעהן קאַליקעס, אויב מען וועט אונז נאָר פריהער ניט דער'הרג'ענען. שלאָף, נו שלאָף. אָבער צו וואָס האָב איך זיך געדאַרפט אַזוי יאָגען נאָך געלט? ווער טייטעלט איצט ניט אויף מיר די פינגער? איך בין דאָך איצט טאַקע דער אַמת'ער משכן. אַלעמען געשפּרונגען אין די אויגען מיט מיין רייכקייט, מיט מיינע בריליאַנטען. ווער קען עס מיך איצט ניט אין שטאָדט? מען וועט פרעגען: „ווער איז דאָ ביי אייך פון די גרויסע בורזשויען?" — וועט מען באַלד אויף מיר אָנווייזען און אַוועקשטעלען אויפ'ן צעטעל. אָבער יאַקאָבסאָן איז דאָך רייכער פאַר מיר. וואָס זשע זאָגט ער, אַז איך בין אַ משכן. ווען ער קומט גאָר פריהער פאַר מיר? שטיין־רייך, א גרויסער סוחר, אַ גאַנצער פאַרנעהם, יאָ, טאַקע א משכן!" — האָט סימע זיך גענומען באַאומרוהיגען וועגען יאַקאָבסאָנ'ען. וואָס אויב מען וועט איהם טאַקע פאַרנעהמען און דערשיסען? וואָס הייסט, ווי אַזוי? מען האָט דערשאָסען הונדערטער אַזעלכע ווי ער. און מייערסאָנ'ען האָט מען ניט דערשאָסען? נו, הער אויף טראַכטען וועגען טויטע. און ווי וועט מען דערשיסען יאַקאָבסאָנ'ען? מען וועט איהם אויסטאָן? וועמען, דעם ריז? יאָ, אויסטאָן. וועט ער וויינען? אַ? וואָס וועט ער פיהלען? אָבער צו וואָס פּייניג איך זיך מיט אַזעלכע שרעקליכע געדאַנקען. וואָס מאַטער איך זיך? קיינער וועט איהם ניט דערשיסען. אָבער אַז עס איז פאָרט שרעקליך. לאָמיר כאָטש טיילען זיך מיט דאָראָטשקע'ן.

דאָראָטשקע שלאָפט זיס. איהר חלומ'ט זיך פראַק. זיי האָבען געענדיגט טאַנצען, און זי האָט איהם איצט אַזוי ליעב, און זי איז גרייט צו געהן מיט איהם באָדען זיך. פראַק איז פולער געוואָרען, זיינע הענד זענען שוין ניט אַזוי דאַר. און ער איז שוין גאָר עהנליך ניט צו פראַק'ן, נאָר צו אימיצען אַנדערש, צו אָדינצאָוו'ן, דאַכט זיך,

אָבער דאָס איז ער, פּראַק. און ווידער רעדט ער צו איהר שעהנע, וואונדערליכע ווערטער. „איהר זייט אַ צאַרטע, איידעלע, פאַרטראַכטע“, זאָגט ער איהר, ווען זיי קומען צום ים־ברעג. און אזוי שעהן איז דער ים און די בערג זענען גרין. איהרע פיס זינקען אין זאמד, אָבער עס איז איהר ניט שווער צו געהן. פּראַק טראָגט זי כמעט און פליסטערט אַריין ווערטער אין איהר אויער. זי פיהלט זיין הייסע ליפּ אויפ'ן אויער. און אָט האָט ער א קוק געטאָן אויף איהר און געזאָגט: „נייגט אראָפּ נידריגער דאָס קעפּעל“. און אזוי צערטליך, אזוי זיס געזאָגט עס, אז זי האָט צו איהם אַ שמייכעל געטאָן און אָנגעהוביען פּאַמעלאך, זעהר פּאַמעלאך אַראָפּלאָזען דעם קאָפּ. און ער האָט געוואַרט און געקוקט אויף איהר און אזוי אײנפאַך צוגערוקט זיינע ליפּען צו איהרע. „דאַראָטשקע“, האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט.

— דאַראָטשקע, — האָט סימע געשעפּטשעט, — דאַראָטשקע.

— וואָס איז? — האָט זי געפרעגט מיט אַן אונאַנגענעהם געפיהל, פיהלענדיג נאָך אַלץ די פרייד פון איהר חלום.

— דו ווייסט, וואָס מיר איז איינגעפאלען? — האָט סימע געפרעגט.

— ווי שפּעט איז? — וואָס קענסטו אַלץ קיין אויג ניט צומאַכען? קענסט ניט שלאָפען, טאָ לאָז כאָטש אַנדערע — האָט דאָראָטשקע מיט פאַרדראָס געזאָגט, צוגעמאכט די אויגען און געוואָלט ווייטער טרוימען וועגען זיך און פּראַק'ן ביים ים.

— און אויב איך קען נישט שלאָפען, — האָט סימע זיך אָנגעהויבען קלאָגען. דו ביזט ניט פאַר'משכנ'ט, איז דיר גרינג צו שלאָפען. און מיך קען מען פאַרנעהמען. און אויב ניט מיך, איז יאַקאָבסאָנ'ען. ווי מיינסטו, מען קען פאַרנעהמען יאַקאָבסאָנ'ען פאַר אַ משכון?

— אָבער איך וויל שלאָפען, — האָט דאָראָטשקע מיט א ליידענד קול געענטפערט! — וואָס שטעהסטו צו מיר צו מיט נאַרישע פראגען. פון וואנעט זאָל איך וויסען, צי מען וועט נעהמען יאַקאָבסאָנ'ען צי ניט? זאָג מיר כאָטש ווי שפּעט איז איצט.

— פופצעהן מינוט נאָך דריי, — האָט סימע געענטפערט, פאַרלייקענענדיג א האלבע שעה.

— איז א פערטעל נאָך דריי וועקט מען מענשען! — איז דאָראָטשקע אין כעס געוואָרען, — איך וועל קראַנק ווערען פון די

וואכנעכט. יעדע נאכט לאָזסטו מיך קיין אויג ניט צוטאָן. איך וועל אויפהערען שלאָפען מיט דיר אין איין צימער. איך וועל זיך אויסבעטען אין ראָזען גאַסט־צימער און דו שלאָף דאָ אַליין.

— וואָס־זשע זאָל איך טאָן, אז איך קען ניט שלאָפען? — האָט זיך סימע געקלאָגט. אַ קליינינגקייט, וואָס מיר האָבען שוין איבערגעטראָגען! און וואָס מיר וועלען נאָך מוזען אויסשטעהן. עס איז דען א נאָרמאַל לעבען? מען האָט 'שוין דריי מאָל געשאָסען. אויטאָמאָבילען זיינען פאַרבייגעפאָהרען. איך הער אַלץ, טאָ ווי שלאָפט מען דאָ? און דאָ אַ שפּאָגעל נייע געשיכטע מיט מענשליכע משכנות. איך בין דאָך אויך אַ משכון. אַמת, איך בין ניט קיין משכון, אָבער איך קען דאָך ווערען. ווי מיינסטו דאָראָטשקע, איך בין א העלדישער מענש?

— ניין, — האָט זיך דאָראָטשקע געקאָכט. — עס איז פון דיר ניט אויסצוהאַלטען, דריי א זייגער ביינאַכט, ווילסטו, אז איך זאָל דיר ענטפערען, צי דו ביזט אַ העלד. לאָז שוין שלאָפען, גזלן.

— וואָס זשע פאר א ווייב ביזטו, — האָט זיך סימע געקלאָגט. — אַז איך קען זיך מיט דיר קיין עצה ניט האַלטען. ווער איז מיר דער נאָהענטסטער מענש אין דער וועלט? **איך קען דאָך** ניט געהן און דערצעהלען פרעמדע, וועגען וואָס איך טראכט. פאַר דיר שעהם איך זיך ניט.. אַז איך האָב מורא, 'שעהם איך זיך ניט דיר צו זאָגען, און אז עס וואַרפט מיך ווי אין פיבער, אויך ניט. איך בין אפשר גאָר ניט קיין טרוס. דאָראָטשקע, ליעבענקע, טייערע, זאָג מיר, בין איך א העלד לויט דיין מיינונג צי ניט! דאַכט זיך, אַז ניט. און אפשר האָב איך א טעות.

— דו ווייסט, פאַרוואָס דו טראַכסט אַזוי פיעל איבער? — האָט דאָראָטשקע געפרעגט, דערפיהלענדיג צו איהם אי מיטלייד, אי ליעבע.

— פאַרוואָס? — האָט סימע געפרעגט.

— דערפאַר ווייל מיר האָבען אָנגעהויבען לעבען ווי אַריסטאָקראַטען. יעדער אין זיין בעט. וואָס פאַר אַן'אריסטאָקראַט ביזטו? ביזט פשוט אַ קליין נארעלע. לעג זיך מיט מיר, וועסטו באַלד איינשלאָפען. אז דו ביזט אליין האָסטו מורא, מיט מיר וועסטו קיין מורא ניט האָבען.

„זי איז אפשר געּרעכט", האָט סימע געטראַכט, איבערקלײַבנדיג זיך צו דראָטשקע׳ן.

„זי וועט מיך ארומנעהמען און איך וועל אײַנשלאָפען ווי אַ הינדעל. אַ ריזיגע פרוי, כאָטש נעהם זי אין צירק אויף אַן אויסשטעלונג, אַ ווײַב אַן אטלעט און כלה־ווײַז געווען גאָר אַ שטשופּלינקע. אַלץ די קאַטשקעס שולדיג. נו, מילא, אבי איך וועל אײַנשלאָפען. אריבער די מורא. הײַס, נו מילא. אבי שלאָפען"...

## II

דראָטשקע האָט זיך אָנגענומען מיט מוט. זי וועט אָנשרײַבען פּראַק׳ן. זי וועט איהם שרײַבען, אַז ער זאָל איהר אָפּגעבען די פאָטאָגראַפיע, דאָס ערשטענס, זי וויל ניט אַז עס זאָל זײַן בײַ איהם איהר פאָטאָגראַפיע אָין טריקאָ, וואו זי איז כמעט אינגאַנצען נאַקעט. צווײַטענס, איז כאָטש זי גלויבט איהם, אַז ער וועט דאָס בילדעל ניט ווײַזען (ער האָט ערשט נעכטען בײַם טאנצען זיך געשוואָרען אין דעם), אָבער וואָס וועט זײַן אין פינף יאָהר, צי אין צעהן יאָהר אַרום, ער מוז איהר אומקערען דאָס שעהנע, אָבער שרעקליכע בילדעל. די פאָטאָגראַפיע זאָל בעסער פארבלײַבען בײַ איהר, און ווי אויף להכעים איז די פאָטאָגראַפיע אַרויסגעקומען זעהר גוט. זי איז דאָרט אַזאַ קראַסאַוויצע, אַז עס איז אַ פארגעניגען אַ קוק צו טאָן. זי האָט זיך אַרונטערגענומען בײַ בעסערע פאָטאָגראַפען, — און קײנמאָל האָט זיך נאָך איהר׳ס אַ בילד ניט אײַנגעגעבען. אַנדערע דאַמען האָבען מזל צום פאָטאָגראַפירען זיך. מאַכען זײ אַ פארטראַכטע מינע, קומט אַרויס אַ פאַרטראַכטע. אָדער אַ שמײכעל אויפ׳ן פּנים, אָדער זײ ווײַזען די צײהן, אָדער פאַרדרעהען דעם קאָפּ אַן אַ זײַט, אָדער פאַרגלאָצען די אויגען — אַלץ קומט אַרויס, און בײַ איהר קײנמאָל ניט. טוט זי אַ שמײכעל, איז חלשות צו קוקען. פאַרריכט זי דאָס היטעלע, איז עס אָדער צו הויך אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ, אָדער עס איז אַראָפּגערוקט אויף די סאַמע ברעמען. און אַז זי שמײכעלט, ציהט זיך אויס דאָס מויל פון אײן אויער ביז׳ן אַנדערען. זי האָט שוין געפּרואווט זאָגען דעם פאָטאָגראַף פאַר׳ן אַרונטערנעמען זיך: „בײַ מיר אַז איך שמײכעל, איז דער מויל אַביסעל צו גרויס.

מאַכט איהם, זייט אַזוי גוט, קלענער״. און עס קומט שוין אַרויס אַ קליין מויל, נאָר עס איז ניט איהר מויל, ניט איהרע אויגען. און ווע־גען אַראָפּנעמען זיך אין פּראָפיל איז גאָר איבעריג צו טראַכטען. עס באַקומט זיך עפּעס ווי אַ קערבעל. אַן אמת קערבעל; ניט קיין מויל, ניט קיין אויגען, ניט קיין נאָז, אַ שרעק. אַלע פאָטאָגראַפען זענען פון איהר פאַרמאַטערט געוואָרען. און אויף דעם בילדעל, וואָס פראַק האָט אַרונטערגענומען, איז זי אַרויסגעקומען אַזוי גוט, אַז ער האָט צו איהר געזאָגט: ,,איהר זייט רייצענד און גראַציעז״. דעריבער מסתמא וויל ער עס ניט אָפּגעבען. ניין, סאַשענקע, וועסט אָפּגע־בען. איך וועל די וועלט איבערקערען און דאָס בילדעל מיינס צוריק קריגען. זאָל איך כאָטש אין צעהן און פופצעהן יאָהר אַרום הנאה האָבען דערפון, ווי איך האָב אַמאָל אויסגעזעהען. און ווי ער וועט הנאה האָבען אין 15־10 יאָהר אַרום פון מיין בילד, אויב עס וועט פאַרבלייבען ביי סאַשע׳ן, אָבער סאַשע איז אַזאַ איינגעשפּאַרטער, אַזוי פעסט ביי זיך, אַזאַ באַלשעוויק. עס איז פּשוט אוממעגליך איהם איבערצושפּאַרען. הויבסט איהם אָן אַזוי קלוג, דאַכט זיך, צו באַווײַ־זען פאַרוואָס ער זאָל אָפּגעבען די פאָטאָגראַפיע, טראַכסט צו אַלער־ליי תירוצים און רעדסט אין אַלגעמיין זעהר קלוג. אָבער ער געפינט אַזאַ ענטפער, אַז פון מיינע ווערטער קומט גאָרנישט אַרויס און איך פיהל זיך נאָך שולדיג געגען איהם. ווי אַזוי ער טוט עס, פאַרשטעה איך ניט. שולדיג איז ער, און עס קומט אויס גאָר, אַז איך. ער איז זעהר אַ קלוגער. אַז איך שפּאַר זיך מיט סימע׳ן, איז אַלץ קלאָר. אָדער ער איבערצייגט מיך, אָדער איך איהם, און מיר איז קיינמאָל מיט איהם ניט שווער. און מיט פראַק׳ן בין איך קיינמאָל ניט גערעכט, און ער שטענדיג גערעכט. פון מיינע ווערטער בלייבט גאָרנישט מיט גאָרנישט, ווי איך וואָלט געווען אַ קינד צי אַ נאַרעלע. אָבער וואָס פאַר אַ נאַרעלע בין איך, אַז סימע האַלט זיך מיט מיר שטענדיג עצות.

קומט אויס צו רעדען מיט סאַשע׳ן וועגען ליעבע, איז ער גע־רעכט. איז ניט וועגען ליעבע, איז אויך גערעכט. וועגען קלוגע זאַ־כען, ווידער גערעכט, אייביג גערעכט. וואָס איך זאָל ניט זאָגען, ווי איך זאָל ניט זאָגען, זענען מיינע ווערטער קיין ווערטער ניט, די גע־דאַנקען קיין גדאַנקען ניט. אַ מערקווירדיג קלוגער. און ווען מען צערעדט זיך וועגען דעם, צי מעג אַ פאַרהייראַטע פרוי פאַרראַטען

איהר מאַן, ערשט דאַמאָלס ווייזט ער ארויס וואָס פאַר א חכם ער איז. אַזוי שעהן רעדען — עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם. וואָס פאַר אַ ווערט האָבען מיינע ארגומענטען דעמאָלט? ווי פּראָסטע גלאָז. ערשטענס: האָסטו ליעב א מענשען, געה און גיב זיך איהם אָפּ. ווי גיט מען זיך עס אָפּ, אַז עס איז דאָ אַ מאַן? א מאַן, ענטפערט סאַשענקע, איז נאָר א געזעצליכער אייגענטימער, און ניט קיין געליעבטער. „אָבער אַז איך גלויב פונדעסטוועגען אין געזעץ?" „אויב אזוי זייט איהר א בורזשויקע", זאָגט סאַשענקע. און דאָס הייסט, אַ קרעמערקע, אַ מאַרקזיצערקע, אַזוינס וואָס האָט גאָר קיין רעכט ניט צו זיין אויף דער וועלט.

הייסט עס, איך בין אַ בורזשויקע. פאַרוואָס בין איך עפּעס אַ בורזשויקע? איך וויל גאָר ניט זיין קיין בורזשויקע, און עס איז מיר גאָר ניט אנגענעהם צו ווייזען סאַשענקע'ן, אַז איך בין אַ בורזשויקע. הויבט זיך דעמאָלט אן אויפס'ניי די סדרה, נאָר מיט אנדערע ווערטער. אויב זי האָט נאָר א קאפּעטשקע ליעב, איז זי אויך מחויב אָפּצוגעבען זיך, ווייל די בורזשויסקע שרעק פארהאלט די פולע ליעבע, און קוים פילסט זיך אָן, געהט די בורזשויסקע שרעק אַוועק און די ליעבע בליהט זיך פונאנדער אין איהר גאנצער בלענדענדער גאנצקייט. אַ מאָדנע זאַך: איך זיץ, הער זיין קול, גלאָץ מיט די אויגען און טראכט וואָס איהם צו ענטפערען. און וואָס קען איך איהם ענטפערען, אז ער געפעלט מיר, אי פאַר זיין קלוגשאפט, אי פאַר די ווערטער אי אין אַלגעמיין. „נו, ענטפערט", פרעגט ער, „וואָלט איהר זיך אָפּגעגעבען דעם וועמען איהר האָט כאָטש א טראָפּען ליעב? האָב איך אייך איבערצייגט, אז עס איז פּשוט אייער פליכט דאָס צו טאָן? אָדער איהר האָט באַשלאָסען צו בלייבען א בורזשויקע?" וואָס קען איך איהם ענטפערען? שווייג איך. וואַרט ער דעמאָלט אָפּ און זאָגט: "נו, טאָ לאָמיר אָנהויבען אויפס'ניי, מאָדנע, ליעבע פרוי וואָס איהר זענט."

וואָס פאר ווערטער. איך האָב שרעקליך ליעב צו הערען, ווען ער רעדט: אָפּגעוואוינט איהם פון די הענט. ער פאָלגט מיר. נאָר מיט ווערטער איז, דאכט זיך מיר, נאָך ערגער ווי מיט הענט. "מאָדנע, ליעבע פרוי". סימע, דאכט זיך מיר, ווייסט גאָר ניט, אז עס זענען פאראן אזעלכע שעהנע ווערטער. און טאקע מיט אן אמת'ן, וואָס פאר א טעם האָט דאָס לעבען פון א רייכער פרוי, ווען זי איז ניט געליעבט?

ליעבע באשיינט די רייכקייט. ליעבע, זאָגט סאשענקא ריכטיג, איז יו־גענד, ליעבע איז אַ ציטער. איהר פיהלט אַ ציטער, הייסט עס, אז איהר האָט ליעב. און אז איהר האָט ליעב, דארפט איהר זיך זאָגען: געה און גיב זיך אָפּ, טרינק אוים מיט אמאָל די פרייד פון לעבען, וואָס מען טראָגט דיר אונטער אין אַ גאָלדענעם בעכער. און פון אזעלכע ווער־טער פארדרעהט זיך דער קאָפּ. אָבער פונדעסטוועגען קען זי זיך ניט אָפּגעבען. יאָ, ער פאָלגט איהר, אויפגעהערט טשעפּען זי מיט די הענט, און אפשר, אפשר וועט איהר געלינגען איהם איינצורעדען, אז ער זאָל זי ניט צווינגען. דערווייל אָבער דארף מען ביי איהם אָפּ־נעמען דעם פּאָרטרעט. אלץ איז טאקע זעהר, זעהר פיין, אָנשטענ־דיג, אָנגענעהם, אָבער דער פּאָרטרעט דארף זיין ביי איהר. טענה'ן מיט איהם מעהר וועגען דעם וועט זי ניט, סיי ווי וועט ער בלייבען גערעכט, און דעריבער וועט זי איהם אָנשרייבען אַ בריעף. וועט ער ניט האָבען ווען איבערצושפּארען. ער וועט איבערלייענען און אומ־קערען דעם פּאָרטרעט. זי האָט קיינמאָל קיין בריעף ניט געשריבען, און איצט וועט זי נעמען און אָנשרייבען. אַ גוטער איינפאל. עס ווילט זיך אזוי שרייבען צו איהם און עס איז איהר אזוי פרעהלאך געוואָרען דערפון, אז זי איז שוין אפילו צופרידען, וואָס דאָס בילדעל איז ביי איהם, אָבער ווי שרייבט מען, וואָס וועט זי איהם אָנשרייבען? אך, עס איז אזוי אינטערעסאנט און שווער. זי שרייבט בריעף צו אַ יונגענ־מאן, וועלכער איז אין איהר פארליעבט. זי ווייסט, וואָס זי דארף שריי־בען, נאָר ווי זי וועט עס אָנשרייבען ווייסט זי ניט. שרייבען, שרייבען, שרייבען האָט אין איהר געזונגען. איך וועל אַ רוף טאָן סאָניע'ן, אז זי זאָל מיר אלץ צוגרייטען פאר'ן בריעף. און זינע'ן אויך אַ רוף טאָן. ווי אינטערעסאנט? שרייבען, שרייבען...

סאָניע, ליעבע, טייערע, קומט אריין צו מיר, — האָט זי אויס־געשריען.—איך דארף באלד שרייבען אַ וויכטיגען בריעף. רופט אריין זינע'ן אויך. איך וועל אייך זאָגען וואָס מען דארף טאָן.

סאָניע וועלכע האָט גענייט אין עס־צימער און געהאלטען אין מיטען דערצעהלען עפּעס זינ'ן, האָט אוועקגעוואָרפען די ארבייט און ביידע זענען אריינגעלאָפען אין שלאָף־צימער.

— אַ בריעף? — האָט סאָניע פארוואונדערט איבערגעפרעגט.

— צו וועמען אַ בריעף?

—פרעגט ניט, פרעגט ניט, — האָט דאָראָטשקע געענטפערט,

נאָך אַלץ ענטציקט פון איהר געדאנק. — שרייבען, שרייבען. איהר, זינע, טייערע, שטעלט מיר אוועק א טישעל ביים פענסטער — האָט זי באפוילען, פיהלענדיג זיך ווי אן אמת'ע דאמע, וואָס שרייבט בריעף צו געליעבטע. — און לאָזט ארונטער די רולעטען.

זינע איז אריינגעלאָפען אין גאסט־צימער און געבראכט פון דאָרט א קליין טישעל פון רויטען האָלץ. אוועקגעשטעלט עס ביים פענסטער און געקוקט אויף דאָראָטשקע'ן, ווארטענדיג, וואָס יענע וועט נאָך באפעהלען. דערמאָנט זיך און ארונטערגעלאָזען די ראָ־לעטען.

— און איהר, סאָניע, ברענגט מיר א שטוהל און איך וועל זיך דאָ אוועקזעצען און וועל ארבייטען. ווייטער: אין סימע'ס קאבינעט איז פאראן פאפיר מיט איינגעקריצטע שוואנען. ברענגט מיר איין בויגעלע פאפיר מיט א שוואן און איין קאָנווערט מיט א שוואן. און איהר, זינע, נעמט פון שרייב־טיש די טינט און פעדער, שטעקט אריין א נייע פענע אין הענטעל, ברענגט עס מיר אריין און געהט אוועק. איך דארף עס זאָל זיין שטיל. יאָ, שיער ניט פארגעסען, — האָט זי געזאָגט, ווען זיי האָבען אלץ אָפגעטאָן, — וואָס פאר א בלוזקע זאָל איך אָנטאָן? די בלויע?

— יאָ, די בלויע, — האָט סאָניע געזאָגט, — זי קליידט אייך זעהר.

— און מיר געפעלט די ראָזע, — האָט זיך זינע אָפגערופען.

— איהר זענט אין דער ראָזער בלוזקע צארט, און אין דער בלויער שטרענג.

— אויב אזוי וועל איך אָנטאָן די בלויע, — האָט דאָראָטשקע באשלאָסען — איך דארף זיין שטרענג.

איז מען געלאָפען נאָך דער בלוזקע, איבערגעקערט די שאַפע, ווייל דאָרט זענען געווען עטליכע בלויע בלוזקעס, ניט ווייניגער ווי צעהן אפשר. האָט מען געקליבען, געלאכט, געאמפערט זיך. עס איז געווען מערקווירדיג פרעהלאך.

— ערשט איצט וועל איך קענען ווי געהעריג שרייבען, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט, הנאה האָבענדיג פון זיך אין שפיגעל. — אמת, זי קליידט מיר?

— איהר זענט אין איהר גאָר יונגער, — האָט סאָניע געזאָגט.

— איהר זעהט איצט ניט אוים מיט קיין טאָג עלטער ווי צוויי און צוואנציג יאָהר.

— און איך ווער באַלד אכט און צוואנציג, — האָט דאָראָטשקע געענטפערט צופרידען דערפון, וואָס זי זעהט אוים אזוי יונג. אָט וואָס געלד קען אויפטאָן. נו, טייערע, געהט ארוים אוןווארט אויף מיר אין עס־צימער, און באהיט אייך גאָט אריינצוקומען אהער. איך קען גראָד דעמאָלט פארגעסען עפּעס וויכטיגעס. דאָס איז זעהר אַן ערנסטער בריעף.

די דאמען האָבען זעהר גוט פארשטאַנען וועגען וואָס עס האנדעלט זיך און שמייכלענדיג צו דאָראָטשקע'ן ארוים פון גאסט־צימער. סאָניע האָט זיך ווידער גענומען צום נייען און זינע האָט גענומען זאָגען השערות צו וועמען דאָראָטשקע קען עס שרייבען אזא ערנסטען בריעף.

— פראָק'ן, — האָט סאָניע איהר שטיל איינגערוימט.

— יא, צו פראָק'ן, — האָט זינע באשטעטיגט מיט א שאָקעל פון קאָפּ.

דאָראָטשקע האָט זיך דערוויייל איינגעאָרדענט ביים טישעל, גענומען די פעדער אין דער האנט און גראציעז צוגעלייגט דאָס הענטעל צו די ליפּען.

"דערווייל וועל איך ניט שרייבען, — האָט דאָראָטשקע צו זיך געזאָגט, — איך וועל פריהער טראכטען א ווייל און דערנאָך שרייבען. איך וועל אָנהויבען אזוי: "סאשע, ווען איהר האָט מיך אָנגערופען "נימפע", האָט איהר שוין מסתמא אין זינען געהאט מיך צו פאָטאָגראפירען אין וואסער. אזוי שטעל איך זיך פאָר. איך בין דאָך ניט קיין נארישע פרוי."

"זעהר גוט אָנגעהויבען," האָט דאָראָטשקע געטראכט. "אזוי טאקע וועל איך אָנשרייבען. אזוי ווי מען רעדט אָט אזוי דארף מען שרייבען. אָבער, גאָט מיינער, ווי איך בין עס ניט געוואוינט צום שרייבען. וואָס פאר אן אותיות זענען עס! און די שורה איז ביי מיר א קרומע, פונקט ווי איך וואָלט אַליין געווען א קרומע. די שורות פאָהרען ארויף און אראָפּ. מען דארף שרייבען העכער. ווען איז מיר דען אויסגעקומען צו שרייבען. פלעג נאָר פארשרייבען די וועש און אמאָל חשבונות. צו וועמען האָב איך דען געדארפט שרייבען? צו קיינעם ניט. מיט סימקע'ן קיינמאָל צעשיידט ניט געווען. קיין קרובים

אין קיין אנדער שטאָדט האָב איך ניט. אָבער עס איז פּאָרט אינטע־רעסאנט. אפילו בעסער נאָך ווי רעדען. רעדסט, און וואָס פארבלייבט דען ביי פראק׳ן פון דיינע ווערטער? און דאָ האָב איך אָנגעשריבען, און עס איז פארבליבען. וואָס ער זאָל ניט זאָגען, ווי ער זאָל מיך ניט איבערשפּארען, אָבער דאָס וואָס איך האָב אָנגעשריבען בלייבט. ״בין איך דאָך ניט קיין נארישע פרוי,״ האָט זי ווייטער געשריבען, ארי־בערבויגענדיג זיך איבער׳ן פּאפּיר און ניט באמערקט, ווי זי האָט ווידער אָנגעהויבען א קרומע שורה. ״נו, גוט, איך האָב איינגעשטימט און ערלויבט אייך מיך אָפּצופּאָטאָגראפירען אין אזא פּאָזע, אז איך שעהם זיך צו דערמאָנען אָן דעם.״

״וואוהין בין איך ווידער פארקראָכען?״ האָט זי זיך ווידער אָפּגעשטעלט. ״וואָס שורה, ווען שורה. און די אותיות, וואָס פאר א ״ד.״ איז עס דען א ״ד?״ נו, ווייטער.

״וואָלט איהר געוועזען מ י י ן מאַן, וואָלט איך אפילו צופרידען געוועזען. ווייל דאָס בילד איז ארויסגעקומען זעהר שעהן, ווי איהר אליין האָט געזאָגט. זעהר זעלטען, אז עס געלינגט צו קריגען א גוטע פּאָטאָגראפיע, און די איז גראָד ארויס אזוי, אז איהר דארפט זי מיר אומקערען שוין צוליעב דעם אליין, כדי איך זאָל האָבען פון איהר פארגעניגען. און איהר, וויפיעל איך האָב אייך ניט געבעטען, זאָגט איהר זיך אָפּ צו אומקערען. איך בין דאָך ניט קיין נארישע פרוי און איך דארף אייך זאָגען, אז עס איז מיר אומאנגענעהם, ווייל איהר זייט ניט מיין מאַן.״

״גאָט מיינער, ווי גרינג מיר איז צו שרייבען א בריעף. פּונקט ווי איך זאָל מיט סאשע׳ן רעדען. ווען מען זאָגט מיר נעכטען, אז איך קען אזוי שרייבען, וואָלט איך ניט געגלויבט. אָט וואָס רייכקייט קען אויפטאָן. געלט האָט מיך געמאכט פאר אן אנדערע און ווייל כ׳בין אן אנדערע האָט ער זיך נעבעך פארליעבט אין מיר. און ווייל ער האָט זיך פארליעבט אין מיר, דעריבער קען איך שרייבען שעהנע בריעף. אָט אזוי איז אין לעבען אלץ פארבונדען. איך בין זעהר צו־פרידען. נאָר די קרומע שורות דערגעהען מיר די יאָהרען. און פון וואנען קומט אהער א פלעק פון די טינט?״ האָט זי זיך גענומען צום הארצען. ״אזא פארדראָס! נו, זאָל זיין מיט׳ן פלעק.

״און פארוואָס גיט איהר מיר ניט אָפּ מיין פּאָטאָגראפיע? די נימפע איז אומעטיג דערפאר וואָס זי האָט ניט איהר פּאָטאָגראפיע.

און אויב די נימפע געפעלט אייך, דארפט איהר, אלס עהרליכער יונגערמאן און באזונדערס אלס פארשטעהער פון דעם פראלעטאריאט, ווי איהר האט מיך ניט איינמאל אליין פארזיכערט, אומקערען מיר דאס, וועגען וואס איך בעט. ערשטענס קען מען אייך אוועקשיקען אין אן אנדער שטאדט און דעמאלט וויים איך ניט, וואס מיט מיר וועט זיין, אויב איהר וועט אוועקפיהרען מיט זיך מיין פאטאגראפיע. יעדער יונגערמאן האט ליעב — איך בין דאך ניט קיין נארישע פרוי — צו באריהמען זיך, און איהר קענט נאך אמאל ווייזען מיין פאטאגראפיע א חבר און איך וואלט אוועקגעשטארבען, ווען איך דערוויס זיך, אז וועלכער ניט איז חבר קען מיך דערזעהען אין אזא פאזע. וואס וועט ער זיך דענקען? ער וועט דענקען, אז איך בין אן אומגליקליכע, אויסגעלאסענע פרוי, און ווייסט זעהר גוט, אז איך בין אן עהרליכע פרוי און ניט קיין אויסגעלאסענע. דאס איז ערשטענס. און צווייטענס, ווער קען נאך מעהר הנאה האבען פון דער פאטאגראפיע, ווען זי האט זיך אזוי איינגעגעבען, ווי איך אליין? הייסט עס, אז איהר מוזט דורכאויס אומקערען מיין פארטרעט. מעהר שרייב איך ניט, איך האב אייך אלץ געזאגט. שיקט מיר מיין פאטאגראפיע, וועל איך וויסען, אז איהר האט צו מיר אין דער אמת'ן א געפיהל. און איך וועל דערפאר צוגרייטען פאר אייך געשמאקע זאכען צום צובייסען און וועל אייך אפילו קריגען א האוואנער סיגאר. אייך קליידט שרעקליך, ווען איהר רויכערט א סיגאר."

אפשר אויסמעקען, אז איהם קליידט דאס רויכערען? ער וועט נאך גאט ווייסט וואס זיך איינרעדען. ניין, ער וועט זיך ניט איינרעדען. אין די ווערטער איז גארנישט ניטא. איהם קליידט טאקע, ווען ער רויכערט. ער זעהט דעמאלט אויס ווי א דייטש. ניין, איך וועל איבערלאזען. און אחוץ דעם, מיר ווילט זיך אביסעל קאקעטירען. און ווי זאל איך זיך אונטערשרייבען? דארא. עפעס ניט שעהן. אדער אוועקשטעלען די פאמיליע. ניין, נאך ערגער. איך וועל זיך פשוט אונטערשרייבען — "נימפע". דאכט זיך, אז דאס וועט זיין שעהן. נו, אלץ איינס. נימפע."

זי האט אריינגעלעגט דעם בריעף אין א קאנווערט, פארקלעפט, א קוק געטאן אויפ'ן לילענעם שוואן, וועלכער איז איהר איצט זעהר געפעלען, און געטראכט:

"איך בין זיכער, אז אן אנדער פרוי וואלט ניט געקאנט אנ-

שרייבען אזא בריף. דאָ איז אַלץ געזאָגט: אי אז איך בין א עהרליכע, אי אז איך געפעל איהם, אי אז מען מוז מיר אָפּגעבען די פאָטאָגראַפּיע. און ער וועט איצט אָפּגעבען, איך בין זיכער. איך בין שרעקליך צופרידען. איך וועל אָנשרייבען דעם אדרעס און וועל געבען זינע'ן, אז זי זאָל ארייננווארפען אין בריעפקאסטען. אך, איך בין אין אן אויסגעצייכענטער שטימונג. ניין, איך וועל פּשוט צושיקען איהם דעם בריף מיט סאָניע'ן. איך וויל, אז ער זאָל איהם גלייך איבערלייענען. איצט, אבי עפּעס, וועל איך איהם שרייבען בריעף."

— סאָניע — האָט זי א רוף געטאָן, — קומט אריין צו מיר.

## III

מען האָט ארעסטירט דעם רב, איינעם א דורכפאָהרער, א זעהר בכבוד'יגען אידען, א פּראָפעסאָר און איינעם א געוועזענעם כלל־טוער. הייסט עס, אז מען נעמט זיך באַלד צו מיר. דעם צעטעל, דעם צעטעל פון די לעבעדיגע משכנות ווען ער קריגט. דאָס וואָלט גוט געווען. אָבער ווי קריגט מען? ווען איך דערזעה נאָר מיין נאָמען, וואָלט איך גלייך אנטלאָפען. אז ס'איז ניטאָ קיינער ווער עס זאָל באשיצען. וואָס איז פראק? וואָס פאר א באטרעף האָט ע ר? א קליין ווערימעל. נו, איך וועל זיך אריבערכאפּען אין קראָפּינ'ס קאפּע, איך מוז זיך דאָרט זעהען מיט יאקאָבסאָנ'ען. געשעפט בלייבט געשעפט. דאָראָטשקע איז אוועק מיט די דאמען. ניט געזאָגט אפילו וואוהין. נו, קיין צייט ניטאָ אָפּצוגעבען זיך דערמיט. צו אויפגערעגט. א רב! געהערט אזוינס? א לעבעדיגער משכן. זיי וועלען זיך דאָרט שטארק איבערשרעקען די ווייסע גענעראַלען, וואָס מען האָט דערשאָסען א רב. ווי שפּעט איז? צוויי, דריי. "גאָר פארגעסען, אז איך האָב נאָר וואָס א קוק געטאָן אויפ'ן זייגער. וואָס נאָך האָב איך געוואָלט טאָן? א נאָטיצבעל גענומען, די פּאפּירען גענומען, די שליסלען ניט פארגעסען, דאכט זיך אַלץ. אך, יא, די שיך מיט די בריליאנטען. זי איז אוועק און גאָר ניט אומגעקוקט זיך אויף זיי, א מאָדנע פרוי. יא, וועגען וואָס־זשע טראכט איך? וועגען די שיך. מען דארף ארונטערקריכען אונטער'ן בעט און באהאלטען זיי אין דעם קאָרב פון די וועש. אנ'אויסגעצייכענט ערטעל דער קאָרב. וועמען

איז איינגעפאַלען דאָרט צו באַהאַלטען? מיר. אַלץ איך. און זי שפּאַצירט זיך אַרום."

סימע, נאָך אַלץ אַ שרעקליך פאַרזאָרגטער, אינערליך אויפגעטרייסעלטער, איז אַרונטערגעקראָכען אונטער'ן בעט, אַרויסגעשלעפּט די פאַרשטויבטע שיך, אין וועלכע עס זענען פאַרפאַקט געווען די בריליאַנטען און פּערעל, און אָפּגעווישט פון זיי דעם שטויב. ער האָט זיי אוועקגעלייגט לינקס אונטער די שמוציגע וועש, פאַרקלאַפּט דעם קאָרב, אויפגעהאַנגען אַנ'אַלט פאַרזשאַווערט שלעסעל, כדי עס זאָל זיך ווינציגער וואַרפען אין די אויגען. ער האָט זיך געפיהלט טוידט מיעד אי פון קריכען אונטער'ן בעט אי פון אויפרעגונג, און אַ ווײַלע זיך געקווײַנקעלט, צי זאָל ער געהען זעהען זיך מיט יאַקאָבסאָנ'ען, אָבער איבערגעלעגט זיך און אוועק אין גאַס.

"נו גוט, אַלץ באַזאָרגט, קיין זאַך ניט פאַרגעסען, וועל זיך זעהען מיט יאַקאָבסאָנ'ען, וועל זיך דורכרעדען וועגען געשעפט, אפשר וועל איך הערען עפּעס גוטע נײַעס און וועל זיך נעמען אין די הענט", האָט ער געטראַכט. דער כאַראַקטער מײַנער איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען. אַ וואַוילער כאַראַקטער געווען, אַ פרעהליכער, און קאַליע געוואָרען. איך וואָלט זיך גענדאַרפט קורירען, אָבער איך האָב קיין צײַט ניט דערצו. און האָב איך אַרײַנגעלעגט די שיך אין קאָרב? — האָט זיך פּלוצים אוועקגעשטעלט אַ פראַגע. "אודאי אַרײַנגעלעגט, טאָ וואָס פרעג איך? אוועקגעלייגט זיי לינקס, אויפ'ן סאַמע דעק. נאַריש איז עס", האָט איהם אָנגעהויבען גריזשען אַן אומרוה. "נאָר אויב איך פרעג, הייסט עס, אַז איך האָב געקענט ניט אַרײַנלעגען אויך. האָסט יאָ אַרײַנגעלעגט, זאָג איך דיר. אָט האָסטו אפילו דאָס שליסעלע אין קעשענע. דאָס שליסעלע איז טאַקע דאָ, — האָט ער זיך געענטפערט מיט זיך אַליין, נאָר עס באַווײַזט קיין זאַך ניט. איך האָב געקענט פאַרגעסען די שיך נעבען קאָרב, און דעם קאָרב אַליין פאַרשליסען. איך זעה שוין אפילו ווי זיי שטעהען אויף דער פּאָדלאָגע נעבען קאָרב. וועט אַרײַנקומען מאשא און זיי צונעמען. נו, וואָס געהסטו מיר דערצעהלען, אַז איך האָב זיי פּאָרט אוועקגעלייגט אין ווינקעל, לינקס. ווי וואָלט איך גאָר אוועק פון שטוב, ווען איך באַהאַלט זיי ניט פריהער? קען זײַן, עס איז טאַקע אַזוי, נאָר אויב דו צווייפעלסט שוין יאָ, איז גלײַכער זאָלסט זיך אומקעהרען אַהיים און זיך איבערצייגען. אָבער די שיך זענען דאָך אין

קאָרב. ניין, אויף דער פּאָדלאָגע. און איך זאָג, אז אין קאָרב. וואָס פאר א נארישקייטען, איך האָב דאָ דעם שליסעל אין קעשענע. גע־דענקסט דען ניט, ווי דו האָסט אויפגעהויבען די וועש און ארייג־געשטופּט זיי אהין. געדענקען געדענק איך טאקע, אָבער פארוואָס־זשע צווייפעל איך. קוים איז דאָ א צווייפעל, דארף מען געהען, זיך איבערצייגען. אזא פארדראָס, אזעלכע נארישקייטען קריכען אין קאָפּ. איך מוז זיך איילען צוליעב געשעפט, און דאָ צוליעב דעם אידיאָטסקען צווייפעל געה צוריק אהיים, קריך אויף די שטיגען. איך געה ניט, מען דארף ניט, אָבער ווי, אויב מאשא וועט צונעמען די שיך. אָבער איך האָב זיי דאָך ארייגעלייגט אין קאָרב,— האָט ער מיט פארצווייפלונג זיך איבערגעשפּארט: איך געדענק ניט, אפשר יאָ און אפשר ניין. נו, וואָס פאר א באטרעף האָט עס זיך אומצו־קעהרען און ארויפגעהען אויבען. ס'איז א גאנץ קליינע אומאנגע־נעמליכקייט. וועסט אָבער דערפאר זיין רוהיג. נו, פארליר ניט קיין צייט.

ער האָט זיך מיט כעס אויסגעדרעהט אויף צוריק, אומצופרידען מיט זיך, האסטיג אריין אין דער פאראדנער טיר און איבערשפּרינ־געגדיג עטליכע טרעפּלאך פון די שמוציגע מארמאָרנע שטיגען, ארייגעלאפען צו זיך און א וואָרף געטאָן זיך צום קאָרב.

"נו זעהסט", האָט ער זיך אויפגעוואָרפען, "די שיך זענען ניטאָ, הייסט עס, אז זיי זענען אין קאָרב. אָט זעה, איך וועל עס דיר באווייזען."

אראָפּגענומען דעם שלאָס, אויף א רגע פאראינטערעסירט זיך מיט איהם, באטראכט איהם מיט א פארזשמורעט אויג, דערנאָך זיך איינגעבויגען, אָנגעטאפּט די שיך און מיט נצחון זיי צוגעטראָגען צו די אויגען.

"איצט גלויבסטו שוין?" האָט ער זיך געפרעגט, און זיין "איך" האָט געשוויגען אויף דער פראגע און אין פארלעגענהייט געקוקט אויף די שיך: "איך האָב דאָך דיר געזאָגט. איצט זעה, איך לעג זיי ווידער ארונטער אונטער די וועש, זעהסטו? איך פארמאך אויפ'ן שלאָס. זעהסטו? נאָר צייט פארלוירען", האָט ער מיט כעס זיך געזאָגט און ווידער ארויס אין גאס, איצט שוין א דערלייכטערטער.

אויפ'ן ראָג איז געשטאנען א איינגעל מיט פּאפּיראָסען, סימע איז צו איהם צוגעגאנגען און געפרעגט: "ווי איז היינט דער פּרייז

פון פּאַפּיראָסען?״ ״צוואַנציג רובעל א שטיק״, האָט דער אָפּגעריסענער אינגעל געענטפערט און אפילו זיך ניט אומגעקוקט אויף איהם. ״און פופצעהן וועסטו ניט נעמען?״ האָט סימע געפרעגט.

דער אינגעל האָט זיך טראַציג צולאכט און געוויזען זיינע צופוילטע ציין און בלויע יאסלעס. ״נו, נעהם צוואַנציג״, האָט סימע געזאָגט, מיט באַדויערען צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און פאררויכערט.

״וואָס קען ער זיך דען העלפען״, האָט ער געטראַכט, שנעל שפּאַנענדיג איבער דער באַקאַנטער גאַס. ״וועט ער ניט האָבען וואָס צו פרעסען, וועט ער אפילו קיין פונט ברויט ניט קענען קויפען. און וואָס ווער איך שוין ווידער אומרוהיג? יאָ: האָסט באַהאַלטען די שיך אין קאָרב צי ניין? סטייטש, צי איך האָב באַהאַלטען? וואָס איז היינט מיר? וואָס האָסטו זיך היינט צוגעטשעפּעט צו מיר? אָבער אז איך צווייפעל פאָרט. ווי קענסטו צווייפלען. נו, דערמאָן זיך, האָסט געעפענט דעם קאָרב, ארויסגעשלעפּט די שיך, געזאָגט אפילו ״אָט זעהסטו״ און ווידער באַהאַלטען. יאָ, דאַכט זיך אריינגעלייגט. ניט עס דאכט זיך, נאָר געוויס. יאָ, דאכט זיך, אז געוויס. הער אויף מיט דיין ״דאכט זיך״ און זאָג ״געוויס״. און וועמען ארט עס, אז איך זאָג ״דאכט זיך״. אָבער צוליעב דעם ״דאכט זיך״ איז דאָך די גאנצע פארדרעהעניש. האָסט אריינגעלייגט, צי ניט אריינגעלייגט? דאכט זיך, איך וועל זיך אליין משוגע מאכען, האָט סימע מרה׳שחורה׳דיג געטראַכט. מעהר קער איך זיך אהיים ניט אום. אפילו די שיך זאָלען מיר פארפאַלען ווערען, קער איך זיך אויך ניט אום. איך בין דורכגעגאַנגען פיער קווארטאַלען און ווידער פליהען צוריק? איך געה ניט. מען דאַרף ניט. און די שיך, וועט מאשא צו׳גנב׳ענען. ווי־זשע וועט זי צו׳גנב׳ענען, אז די שיך זיינען אין קאָרב און דער קאָרב איז פארשלאָסען. אָבער איך צווייפעל, צי די שיך זיינען אין קאָרב. פארשטעהסט? — איך צווייפעל. און פליה ניט אזוי פאַראויס. וועסט זיך סיי ווי מוזען אומקעהרען.

״וואָס זאָל איך טאָן מיט זיך?״ — האָט סימע פארצווייפעלט ארויסגעשעפּטשעט און געבליבען שטעהן אין מיטען גאַס. ״אַן אָנשיקעניש. איך ווייס אויף געוויס, אז איך האָב באַהאַלטען די שיך אין קאָרב און הער ניט אויף צו צווייפלען. איך געה ניט אהיים, מעג זיין וואָס עס איז. וועסט געהן, וואָס דען, וועסט ניט געהן? קוים עס איז דאָ א צווייפעל, דאַרף מען זיך איבערצייגען.

"כאַפּט דיך דער טייוועל!" האָט סימע זיך גענומען זידלען, פאַרקירעווענדיג מיט כעס צוריק אהיים. "ווי מיט א שטריק שלעפּט עס מיך. אָט וועל איך זיך איינשפּארען, בלייבען שטעהן און פון אָרט זיך ניט ריהרען. א שפּיעל אזא פאַרפיהרט מיט מיר. איך בין דיר ניט קיין אינגעלע, וועלכען מען מוז טרייבען אַהין און אהער", איך געה ניט. די שיך זענען אין קאָרב. שטעה. איך געה ניט. איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהן, ווי איך האָב אריינגעלייגט די שיך אין קאָרב. איך געה צו יאַקאָבסאָנ'ען. ווילסט ניט? דאַרף מען ניט. וועלען מיר אָפּשטעהן אויף'ן גאַס כאָטש דריי מעת לעת. איך שטעה. ניין, איך געה. דו ווילסט אהיים, און איך וויל צו יאַקאָב־סאָנ'ען. און דאָרט זיינען פערציג קאַראַט בריליאַנטען און איך וויל גאָר צו יאַקאָבסאָנ'ען? פאַרלירען צוליעב א נאַרישקייט א גאַנץ פארמעגען! גאָט מיינער, נאָר ווי געדענקסטו ניט, אז דו האָסט זיי אריינגעלעגט אין קאָרב! נו געה שוין אהיים", האָט ער גענומען זיך אליין טרייבען, "זעהסט דאָך, וועסט אזוי גאָרניט אויספיהרען."

פון גרויס צאָרן געהט ניט סימע, נאָר ער פליהט אהיים. וואָס נעהנטער ער איז, אלץ שנעלער פליהט ער. ווייל טאָמער פאַרשפּע־טיגט ער. אָהן אָטעם ארויפגעפלויגען אויבען און נאָך פון וויטענס דערזעהען, אז דער קאָרב איז פאַרשלאָסען.

"ניין, מיין אָרט איז אין משוגעים־הויז", האָט זיך געטראָגען ביי איהם אין קאָפּ. "יאַקאָבסאָן, מסתמא איז דאָרט אויסער זיך וואָס ער קען זיך ניט דערוואַרטען, און איך פאַרנעהם זיך דאָ ווייס דער טייוועל מיט וואָס .א שרעק, א שרעק. כאַפּט עס דער טייוועל, איך וועל שוין אָנטאָן די שיך. עס וואָלט זיך ניט וועלען טראָגען זיי אין אזא צייט, אָבער וואָס קען איך טאָן".

ער איז אָן אָטעם געפלויגען אין קאַפע, דער ערשטער זאָל איז געווען געפּאַקט. האָט ער זיך אויף גיך דורכגעשטופּט אין צוויי־טען. דאָרט איז געווען פּרייער, ער האָט זיך צוגעזעצט צו א טישעל, באשטעלט קאַפע, ארומגעקוקט זיך. יאַקאָבסאָן איז נאָך ניט געווען. אפשר האָט ער דאָ געוואַרט אויף איהם און אוועק. אזא פאַרדראָס. זאָל ער איהם פּרואווען דערצעהלען, מיט וואָס ער איז געווען פאַרנו־מען, וועט ער פון איהם חוזק מאַכען. טאַקע משוגע, אָבער איז דען שווער דאָ משוגע צו ווערען? נו, נעהמט עס דער טייוועל. נאָר אפשר איז ער נאָך ניט געקומען? פאַרהאַלטען זיך ערגעץ. די פּאַפּירען זע־

נען ביי מיר יאָ, אין בוזעם־קעשענע. וויפיעל באָלשעוויקעס דאָ איז עס אביסעל. צי קוקט מען ניט אויף מיינע שיך? ניין, מען קוקט ניט. איך וועל טרינקען די קאַפּע. דאכט זיך, אין טיר האָבען נאָר וואָס פאַרבייגעשוועבט יאקאָבסאָנ'ס אויגען. עפּעס זיין פּנים איז מאָדנע. יאָ, דאָס איז ער. רופט מיך. פארוואָס געהט ער ניט אריין? וואָס קומט דאָ פאָר? און וואָס האָב איך זיך אזוי איבערגעשראָקען? וואָס איז מיין דאגה. מען דארף געהן. איך הויב ניט אָן צו פארשטעהן. ער רופט מיט'ן פינגער. פארוואָס געהט ער ניט אריין?"

סימע האָט זיך אויפגעהויבען מיט ציטערדיגע הענט באצאָהלט פאר דער קאווע, מיט אָנשטרענגונג ארויפגעצויגען א שמייכעל אויפ'ן פּנים און באגריסענדיג זיך מיט א גרופּע באקאנטע פון "פראַדאַ־קאָם", צוגעגאנגען צו יאקאָבסאָנ'ען און מיט געמאַכטער פרעהליכ־קייט געזאָגט:

— וואָס שטעהט איהר ביים טיר? לאָמיר זיך אוועקזעצען ביי א טישעל.

— סעמיאָן גריגאָריעוויטש, — האָט יאקאָבסאָן געענטפערט מיט א פרעמדען קול, — קומט גלייך ארויס אין קאָרידאָר. איך דארף אייך זאָגען עפּעס זעהר וויכטיגעס. נאָר געהט מיר ניט נאָך. איך וועל ארויסגעהן דער ערשטער. מסתמא זוכט מען מיך שוין.

סימע איז געבליבען ביים טיר א פארשטיינערטער. דער צימער האָט זיך געגומען דרעהען ארום איהם. אויף זיין פּנים איז פאַר־גליווערט געוואָרען די מאסקע פון א שמייכעל.

"מען זוכט יאקאָבסאָנ'ען", האָט זיך א ריהר געטאָן א גע־דאנק. "ערשט די טעג געטראכט וועגען זיין ארעסט. און ער האָט זיך געוויצעלט, אז ארעסטירען וועט מען מיך נאָר. געלאַכט און דערלאַכט זיך. וואָס וואָלט איך געטאָן, ווען מען זוכט מיך. עס איז אפשר גאָר א געפאהר צוצוגעהן צו איהם. זאָל זיין א געפאהר. איך וועל איהם אין אזא מינוט ניט פארלאָזען.

גלייכגילטיג, מיט שטילע טריט איז ער ארויס פון זאל און אריין אין קאָרידאָר. יאקאָבסאָן, וועלכער האָט אומגעדולדיג געוואַרט, האָט איהם אָפּגעפיהרט אָן א זייט, ארומגעקוקט זיך צי קיינער הערט ניט אונטער און געגומען שטיל פּליסטערען:

— שטעהט רוהיג. רעדט ניט. זעהט, בייט ניט אייער מינע, און הערט. וועגען געשעפט האָבען מיר ניט וואָס צו רעדען. מיט א

האלבער שעה פריהער האָב איך זיך דערוואוסט פון א מענשען, אז מיין נאָמען איז אויפ׳ן צעטעל. איך בין צווישען די לעבעדיגע משכנות, וועלכע מען וועט דערשיסען. בייט זיך ניט אין פנים. הייסט עס, אז מען זוכט מיך שוין. דאָ דערווייל בין איך נאָך אויסער גע־פאהר, אָבער ס׳איז שרעקליך. דאכט זיך, אז אין דער האלבער שעה בין איך גרוי געוואָרען. איך האָב עפּעס דערפיהלט אין דער הויט פון קאָפּ, מיר דאכט זיך, אז אימיצער האָט מיט דער האנט אויפגעהויבען מיין ברוסטקאסטען. איז אָט וואָס איך האָב אייך געוואָלט זאָגען, סעמיאָן גריגאָריעוויטש. איך מוז גלייך פארשווינדען. אהיים ווייזען זיך, טאָר איך שוין ניט. מען מוז צו־וויסען צו געבען מיין פרוי, אז זי זאָל זיך ניט וואונדערען וואָס איך קום ניט. איז לאָזט איהר וויסען... באצייטענס אוועקפאָהרען האָב איך ניט געוואָלט, און איצט מוז מען לויפען, צי דו ווילסט צי דו ווילסט ניט. זאָגט איהר, אז איך וועל אלץ צוגרייטען פאר אונזער אנטלויפען. זאָל זי זיין גרייט. זי וועט שוין פארשטעהן וואָס איך מיין.

— מעג מען אייך עפּעס פרעגען? — האָט סימע ארויס־געפּליסטערט בלויז מיט די ליפּען.

—שפּעטער, — האָט יאקאָבסאָן געענטפערט, — לאָזט מיך ענדיגען. איהר זייט דאָך א טרוס און וועט נאָך אפשר מורא האָבען צו געהן צו מיר אין הויז, טאָ שיקט אריבער צו איהר א ראיעלען מענשען. אָדער בעט בעלעש׳ן, אז ער זאָל באזאָרגען. מען מוז דאָך איהר לאָזען וויסען. ווי מיינט איהר, אפשר אראָפּנעהמען די וואָנ־צעס צו וואָס דארף איך וואָנצעס? עס מאכט ניט אוים. מען וועט מיך ניט דערשיסען, אָבער עס איז פאָרט א שרעק אריינצופאלען צו זיי אין די הענט. ווי מיינט איהר, זיי וועלען מיך דערשיסען, אויב זיי וועלען מיך כאפּען? אָדער בעסער ענטפערט ניט. וואָס קענט איהר מיר ענטפערען? איך בין שרעקליך אויפגערעגט. איהר פאר־שטעהט, די הויט אויפ׳ן קאָפּ האָט געפּלאצט און ווי מען וואָלט מיט א האנט אויפגעהויבען דעם ברוסטקאסטען. קיינמאָל אזוינס ניט געפיהלט. מאָדנע.

— איך מיין, — האָט סימע אלץ מיט די בלויזע ליפּען געזאָגט אינגאנצען פארפינסטערט פון רחמנות און שרעק. — איך מיין, אז מיר טאָרען זיך ניט ווייזען צוזאמען אין גאס. באזונדערס איז עס געפעהרליך פאר אייך.

— אודאי, — האָט יאַקאָבסאָן געענטפערט נאָך אַן אָנשטרענ־
גונג צו פארשטעהן סימע'ן, און באלד זיך ווידער פארדרעהט אין דעם
געווירבעל, וואָס האָט איהם געדרעהט שוין מעהר ווי א שעה. —
בלייבט געזונט, אלטער פריינד, אין פאל עפּעס וועט געשעהן, גיט
אכטונג אויף מיין פאמיליע. אויב מען וועט מיך דערשיסען, וועט
מען דאָך אלץ צונעמען. זיי וועלען בלייבען בעטלער. איך האָב מיט
לייב און לעבען ליעב די פרוי און קינדער. און אויב איהר וועט זיי
ניט העלפען, וועל איך אויפשטעהן פון קבר און קומען צו אייך ביי־
נאַכט. מיר זענען געוועןפריינד. אָבער עס איז פונדעסטוועגען אזוי
שוידערליך, אז מיין קאָפּ נעהמט עס ניט. פארוואָס? איך וועל זיך
ווי ניט איז ארויסדרעהען. ווי מיינט איהר? נו, זייט געזונט.

מיט שווערע און געבראָכענע טריט איז ער געגאַנגען איבער
די טרעפּ — דער קאָפּע איז געווען אויפ'ן צווייטען שטאָק. און סימע
האָט א פארלאָרענער נאָכגעקוקט זיין ברייטע פּלייצע און געטראכט
וועגען דעם, ווי אזוי יאַקאָבסאָן וועט פליהען, ווען א קויל וועט איהם
טרעפען אין קאַרק. „וועט אודאי די פיס זיך צוברעכען פליהענדיג,
וועט עס אפילו ניט דערפיהלען", האָט ער בעשלאָסען, פיהלענדיג
ווי ער אליין ווערט פארשטיינערט פון פּוסטקייט און שרעק. „און
פאַרוואָס האָב איך איהם ניט געפרעגט צי מיין נאָמען איז אויפ'ן
צעטעל", האָט ער זיך דערמאָנט. „נאָר ער וואָלט מיר אליין געזאָגט,
ווען ער וואָלט געוואוסט. און אפשר האָט ער אָן דעם פארגעסען. ווי
קען איך איהם איצט ליגען אין זינען? אָבער איך קען דאָך זיין אויפ'ן
צעטעל, און ער זאָל גאָרניט וויסען וועגען דעם. איז ער דאָך גע־
שטאַנען אויפ'ן צעטעל און ביז איצט ניט געוואוסט עס. יאָ, איך בין
אויך אַ פארלאָרענער, האָט סימע באשלאָסען און אָנגעגאָסען געוואָ־
רען מיט ווארימע שרעק. "איך וועל נאָר ארויס אין גאס, וועט מען
מיך ארעסטירען. אָנגעטאָן די שיך מיט בריליאַנטען, פון זינען
אַראָפּ. "מסתמא שפּיאָנירט מען מיר שוין לאַנג נאָך, און איך, נאַר,
ווייז זיך אומעטום רוהיג. אויב צו מיר וועט צוגעהן אַ סאָלדאַט ביים
ארויסגעהן, וועט ביי מיר דאָס האַרץ פּלאַצען. אָבער אַרויסגעהן מוז
מען דאָך. מען קען דאָך דאָ אייביג ניט בלייבען. מורא געהאַט און
טאַקע אריינגעפאלען. ווען דאַראָטשקע וואָלט געוואוסט אין וואָס
פאַר א לאַגע איך געפין זיך, וואָלט זי אוועקגעוואָרפען איהר שפּאַ־
ציר. יאָ, איך פיהל, ווי די האָר שטעלען זיך מיר קאַפּויר. נו, ווי

זאָל איך ארויסגעהן פון דאנען? יאַקאָבסאָנ׳ען איז גוט, ער האָט זיך שוין אַרויסגע׳גנב׳עט, און איך בין אריינגעפאַלען. ווי איך געה נאָר ארויס, ארעסטירט מען מיך. איך וועל פּרוּואווען ארויסגעהן דורך דער הינטער־טיר, און פון דאָרטען אין גאַס. איהר ווארט אויף מיר דאָ, און איך געה זיך דורך דער הינטער־טיר. הייסט עס, מען דאַרף אַריינגעהן אין קיך. וואָס וועל איך זאָגען אין קיך? וואָס איז דאָ פּאַר א פראגען, וואָס פּאַר א צערעמאָניעס, ווען עס האנדעלט זיך וועגען לעבען? איך וועל זאָגען אַלץ וואָס וועט קומען אין קאָפּ אָדער איך וועל גאָרניט זאָגען. איך וועל דורכשפּרייזען דעם הויף און פון טויער זיך ארויסכאַפּען אין גאַס. הלואי וואָלט איך שוין דאָרט גע־וועזען.

ער האָט געמאַכט א פּרעהליכע מינע, פאַרדריקט אַ פּאַפּירעל אין האנט און דורכגעגאנגען די קיך, וואו די דיענער האָבען געאַרבייט. ער האָט געפיהלט ווי אַלעמענס בליקען שטעלען זיך אויף איהם אָפּ, איז גלייך צוגעגאנגען צום קעכער און רוהיג געזאָגט: "איך דאַרף אַרויסגעהן אויף... ווי רופט מען עס, נו, איהר אַליין ווייסט דאָך. — האָט ער געשטאַמעלט אַ פּאַרציטערטער פון דעם געדאנק. אז ער אַליין גיט זיך ארוים, און גיך, גיך, צו דער׳זעלבער צייט געטראַכט: "ווי־זשע רופט זיך עס, וואוהין איך וועל ארויסגעהן? הויב ניט אָן צו געדענקען, אַלע ווערטער פארגעסען." און מיט אַן אָנשטרענגונג פון ווילען אַ שפּרייז געטאָן צו דער טיר, געעפענט זי און ארוים אויפ׳ן בריקעל. „פאַרגעסען אפילו אריינצושטעקען איהם א מטבעה אין האַנט", האָט זיך סימע פאַרוואונדערט. אָנגעהויבען ווערטער צו פאַרגעסען.. נו, ווי רופט מען דיך?" האָט ער זיך געווענדעט צו די טרעפּ. „איך קען זיך ניט דערמאָנען. נו, א דאגה, צו וואָס טויג מיר דאָס וואָרט, אבי איך בין, גאָט צו דאַנקען, אַרוים. איצט וועל איך דורכגעהן דעם הויף און כאַפּען א קוק פון טויער. אויב אין דרויי־סען איז רוהיג, טו איך זיך גלייך א יאָג אהיים. און אויב ניט, פאַר־בלייב איך דאָ אין הויף און כאַפּ זיך אריין און וואַטער־קלאָזעט. דאָרט איז גוט. דער הויף איז א ריינער. איך קען אָפּזיצען אין וואַטער־קלאָ־זעט אפילו ביז מאָרגען. טאָמער קומט אימיצער, קלאַפּט אָן, וועל איך ענטפערען ווי אַ קראַנקער כלומרשט: „פאַרנומען ענטשולדיגט. דער צווייטער איז ליידיג". איך קען זיצען אין וואַטער־קלאָזעט „הינטער טיר", האָט אַ געשריי געטאָן אין קאָפּ. יאָ, יאָ, הינטער טיר. איצט

דערמאָנט זיך. מאַלע וואָס עס מאַכט זיך, וועל איך איצט אַריינ־חזר'ן דאָס וואָרט. עס קען נאָך אַמאָל צונוץ קומען אַזוי, אַז איך זאָל ניט פאַרגעסען. „הינטער־טיר, הינטער־טיר", האָט ער אויף גיך געגנר־מען חזר'ן. "ליעבער גאָט, מאַך זאָוי, אַז אין גאַס זלאָ קיינער ניט זיין."

פאַרזיכטיג, פאַרזיכטיג אַ קוק געטאָן אין גאַס. צוערשט אַרויס־געשטעקט די נאָז, דערנאָך אַ פערטעל אויג. קיין לעבעדיגער מענש ניט! פריי לויפען. מיט מזל אַרויסגעלאָפען. דערנאָך געגאַנגענע מיט געלאַסענע, געמאָסטענע וויכטיגע טריט און ווילד געטראַכט:

„איצט אַהיים. אַ שאָד וואָס איך בין אָהן אַ באָרד און וואָנצעס. נאָר וואָס אָפּגעגאָלט. איך וועל איבערשיקען סאָניע'ן צו יאקאָבסאָנ'ס ווייב, וואָרנען זי. און וואו וועל איך זיך אַליין אהינטאָן? נו, דאָס וועל איך זיך דערנאָך פרעגען. וואוהין זשע געה איך איצט? אַהיים. גלייך אין דער פּאַסטקע. ס'איז גאָר קיין פראגע ניט, אַז שפּיאָנען ווארטען מיך שוין אָפּ ביי מיר אין גאַס. מסתמא געוועזן ביי מיר אין דער היים, ניט געפונען און ווארטען איצט אויף מיין קומען. גוט, וואָס איך האָב זיך באַצייטענס געכאַפּט, אַז ניט וואָלט איך גלייך אַריינגעפאַלען. וואָס זשע טוט מען? לויפען. וואוהין? די הינטער־טיר. וואָס פאַר אַ מחותן איז דאָ הינטער טיר. עס הויבט זיך שוין אָן צו פּלאָנטערען ביי מיר אין קאָפּ. אויף וואָס דאַרף איך פריהער ענט־פערען? איך וועל אָפּוואַרטען אַ רגע, אפשר וועל איך זיך באַרוהיגען. ווי וואויל עס איז; איך טראַכט וועגען קיין זאַך ניט גאָט צו דאַנ־קען, ליכטיגער געוואָרען אין קאָפּ. מען דאַרף שטענדיג אַזוי אָפּ־וואַרטען אַ ווייל און אויפהערען טראַכטען. וועגען וואָס טראַכט איך? וועגען קיין זאַך ניט. מען דאַרף בלויז פאַרקירעווען אויף אַן אַנדער גאַס און פאַר קיין פאַל ניט געהן אַהיים. אָבער יאַקאָבסאָן האָט פאַרגעסען מיך צו וואָרנען, אַז איך בין אויפ'ן צעטעל, אָדער מען האָט איהם וועגען דעם ניט געזאָגט. אָבער איך בין ניט קיין נאַר. איך און יאַקאָבסאָן זענען פריינד און אויב ער איז אויפ'ן צעטעל, הייסט עס, אַז איך בין אויך אויפ'ן צעטעל, אויב מען זוכט איהם, הייסט עס, אַז מען זוכט מיך אויך, אויב ער דאַרף פאַרשווינ־דען, דאַרף איך אויך פאַרשווינדען.. מיט איין וואָרט, איך און ער האָבען איין גורל. ווען דאָראָטשקע דערוויסט זיך, וואָלט ביי איהר פון שרעק גלייך דער מאָגען קאַליע געוואָרען, פונקט ווי איצט ביי

מיר. איך קען זי. דערנאָך וועט זי מיר דערצעהלען ווי אזוי עס איז קאַליע געוואָרען און וואָס עס איז פאָרגעקומען פון „א ביז ת". אָבער דאָס איז ניט וויכטיג, האָט ער שטרענג פארטריבען דעם געדאנק וועגען דאָראָטשקע'ן. „וויכטיג איז, וואו באהאַלט מען זיך. ווער וועט נעהמען אויף זיך דאָס ריזיקאָ מיך צו באהאלטען ביי זיך. מען דאַרף האָבען א געטרייען פריינד. און וועגען וואָס טראכט איך? וועגען קיין זאך ניט. קלאָר, פריי, גרינג, מען דאַרף האָבען אן איבערגעגעבענעם פריינר, אן איבערגעגעבענעם מענשען, און ווער... וועגען וואָס טראכט איך? וועגען גאָרניט. דער קאָפּ איז רוהיג ווי ביי א פערד. און וואָס פאר א פריינד האָב איך? ווער איז ווער איבערגעגעבען?... די הינטער־טיר.... ווער וועט וועלען צוליעב מיר ריזיקירען... א באקאנטער דורכגעגאנגען... מיט'ן לעבען?... עס איז דאָך גאָר קיין פראגע, אז מען וועט אזא איינעם וואָס וועט עס טאָן דערשיסן. דאָראָטשקע'ן נעבעך קען מען אימיצען אָנטרויען. וועמען? וועגען וואָס טראכט איך? וועגען קיין זאך ניט. פראק פּלוצים איינגעפאלען. וואָס? ניין. פאר קיין פאל ניט. אמת, פראק וואָלט מיך באהאלטען. נאָר צו פראק'ן — ניין! וואָס ער זאָל זיך דערנאָך קענען באריהמען, אז ער אָט מיך געראטעוועט! מען דאַרף זיך אויף א ווילע אָפּשטעלען, אויפהערען טראכטען. אזוי. קלאָר. רוהיג. איך טראכט וועגען גאָרניט. קיינער וועט ניט וועלען ריזיקירען און מיך באהאלטען ביי זיך. און פראק איז א באַלשעוויק. פראק וואָלט ניט מורא געהאַט. איך וועל איהם אָנטרויען דאָראָטשקע'ן, אויב מען וועט מיך דערשיסען — האָט פּלוצים א שפּרונג געטאָן א געדאנק. „אפשר וועט ער מיט איהר חתונה האָבען. נו, כאַפּט איהם דער טייוועל, אבי דאָראָטשקע זאָל כאָטש זיין איינגעאָרדענט. אָבער ניט נאָר דאָס איז די פראגע", האָט ער שטרענג פארטריבען אויך דעם געדאנק. „איך קען צו פראק'ן ניט געהן, ווען דערזעלבער פראק, וואָלט ניט געווען פראק, נאָר אן אנדערער. נאָר ווי זשע קען פראק ניט זיין פראק? אזוינס וואָס דו ווילסט איז נאָך אין דער וועלט ניט געווען. און דער עיקר איז, דו געהסט דאָך פאָרט צו איהם. איך זעה דאָך, איך פארשטעה. ווילען ווילסטו טאַקע ניט, און פונדעסטוועגען פארקירעווע אין זיין גאס. נו, זאָל זיין, גיסטו זי איהם אַליין איבער מיט דיינע אייגענע הענט. ניט מיין דאגה. ווילסט צו איהם געהן. געה. איך שטער ניט. נאָר דערנאָך האָב צו מיר קיין טענה

ניט. איך האָב צו פראַק׳ן ניט געוואָלט און דו געהסט צו איהם. ווי־דער פּלאָנטערען זיך די געדאַנקען. געגוג. חבר פראַק וועט העלפען. איך בין דאָך אין א צרה. וואָלט איך דען ניט געהאָלפען דעם חבר פראַק ווען ער איז אין א צרה? בפרט נאָך, אַז איך האָב איהם שטענ־דיג געשטאָפּט מיט קאַטשקעס און מיט געגז און ער איז, דאַכט זיך, גאָר ניט קיין שלעכטער מענש. פריינדליך צו אונז, באַזונדערס צו דאָראָטשקע׳ן. מיין דאָראָטשקע געפעלט איהם. און ווי עס קומט איצט צונויף, וואָס זי געפעלט איהם. טאַקע א שעהנינקע, א פולע, א זאַפטיגע. ער האָט געשמאַק, פראַק, און איך רעספּעקטיר איהם דערפאַר. וואָס־זשע דען, נאָכלויפען אבי וואָס פאַר א קליידעל. אויב שוין א פרוי זאָל זי זיין אַן אמת׳ע, ווי עס באַדאַרף צו זיין, א גלאַ־טע, געשמאַקע, בלוט און מילך. סאַשענקע וועט גאָר צופרידען זיין צו פאַרשאַפען א פאַרגעניגען דאָראָטשקע׳ן און באַהאַלטען איהר מאַן. יאָ, זיכער א וואוילער מענש" — האָט סימע אין די געדאַנ־קען דורכשטודירט פראַק׳ן. "האָט ליעב א טובה צו טאָן." עס טרע־סעלט מיך אַזש פאַר שרעק. איך וועל ניט לאַנג קענען איבערטראָגען אַזעלכע צרות. און וואָס טרעסעל איך זיך? אויב איך וועל זיך דאָס מאָל אויך ארויסדרעהען, וועט מען דאַרפען א טראַכט טאָן וועגען אנטלויפען. אויב יאַקאָבסאָן פאָהרט אוועק, וואָס האָב איך דאָ צו בלייבען? יאָ, מען מוז מאַכען די פּליטה. געקומען. איך וועל אָנ־קלינגען.

## IV

. „ווער קאָן עס זיין?" — האָט חבר פראַק זיך געפרעגט און פּויל זיך אויפגעהויבען פון שטול, ווען ער האָט דערהערט א שטי־לען קלונג. „איך וועל ארויסטרייבען יעדען איינעם, ווער עס זאָל ניט זיין. איך דאַרף ארבייטען".

ער איז געוועזען איינגאַנצען נאַקעט אויסגעטהון און אַזוי געאַר־בייט איבער עפּעס א פּראָיעקט. מיט אַן אָנגעכמורעטען פּנים, טרע־טענדיג מיט די פלאַכע פּיס איבער׳ן טעפּיך, איז ער צוגעגאַנגען צו דער ארייגגאַנגס־טיר און געעפענט זי, גאָרניט אינטערעסירענדיג זיך דערמיט, ווער עס קען ארויפקומען אויף די טרעפּ. אַז ער האָט דערזעהן סימע׳ן, האָט ער אויף איהם אָנגעשטעלט א פּאָר פּאַרוואונ־

דערטע אויגען, צוהאַלטענדיג דערווייַלע די קליאַמקע פון דער טיר. סימע, וועלכער האָט זיך ניט געריכט, אַז ער וועט דערזעהן פראַק'ן אַ נאַקעטען, האָט איהם אין דער ערשטער מינוט גאָרניט דערקענט און שעהמעוודיג געמאַכט אַ פּאָר טריט צוריק. ערשט אין אַ ווייַלע אַרום האָט ער אין דעם נאַקעטען מענשען דערקענט פראַק'ן און מיט אַמאָל אַלץ דערזעהן: די ברוינע אויגען, די שטאַרקע נאָז, די אויס־געבויגענע פּלייצע און אַ געדיכט בינטעל האָר אויף דער באַוואַקסע־נער דאַרער ברוסט. ווי ער איז ניט געווען איבערראַשט, איז ער פונ־דעסטוועגען צוגעקומען נעהנטער און אַ פאַררויטעלטער געזאָגט:

— דאָס בין איך.

— וואָס דאַרפט איהר? — האָט איהם פראַק געפרעגט, ניט וויסענדיג צי זאָל ער איהם אַריינלאָזען צי ניט, — איך בין איצט פאַרנומען מיט דער אויסאַרבייטונג פון אַ פּראָיעקט. איהר קומט צו־ליעב אַ וויכטיגער זאַך?

צוליעב זעהר אַ וויכטיגער, — האָט סימע אַרויסגעשעפּטשעט, קוקענדיג אויף פראַק'ס געגזענער ברוסט, — ערלויבט אַריינצוגעהן.

— אויב עס איז עפּעס וויכטיגעס, זייט אַזוי גוט, קומט אַריין, — האָט פראַק געזאָגט, עפענענדיג די טיר. — איך אַרבייט איצט איבער אַ פּראָיעקט — אַן אינטערעסאַנטע אַרבייט — האָט ער זיך געטיילט מיט סימע'ן. — זאָל אייך ניט אַרען, וואָס איך בין נאַ־קעט. אַ געוואוינהייט אַזאַ, זומער אַרומצוגעהן אין דערהיים נאַ־קעט.

— און איך צוליעב דער היץ נעהם שטענדיג אַ וואַנע אין דער היים, — האָט סימע געענטפערט, געהענדיג נאָך פראַק'ן און באַטראַכטענדיג זיין האָריגע פּלייצע מיט די טיפע גריבער ביים רו־קענביין, וואָס האָבען זיך געענדיגט מיט אַ הייפעל האָר.

„אַ פיגור אַ ביסעל", האָט ער געטראַכט: „וואו האָט ער גענו־מען אַזעלכע ביינער? מיין אַיין פוס איז דיקער פון איהם איננאַנ־צען".

— אָבער ליידער, — האָט ער ווייטער גערעדט, — ניט אַזוי גיך וועל איך איצט נעהמען אַ וואַנע.

— פאַרוואָס? — האָט פראַק געפרעגט, אויסגעדרעהט זיך צו איהם מיט'ן פּנים און פאַרקרייצט די הענט אויף'ן האַרצען.

„אַ מאָדנע לאַגע", — האָט סימע געטראַכט, ניט וויסענדיג

וואו אהינצוטאָן די אויגען. „מיר זענען דאָך ניט אין באָד. וואָלט ער כאָטש אַ העמד אָנגעטאָן. . איך בין איהם נין קיין וואנט, און אַ חוץ דעם, ער איז ניט קיין אפּאָלאָ", האָט סימע זיך גענומען באַליידיגען. „אזאַ חוצפּה. זאָגען איהם צי ניט? אז איך קען אויף איהם ניט קו־קען. וואָס פאַר אַ בויך איז דאָס צום ביישפּיעל? ווען איך ווייז איהם מיין דאָראָטשקע'ן, אָט אזוי ווי ער שטעהט פאר מיר, וואָלט זי גע־בראָכען. אויפ'ן הארצען וואקסט איהם אַ באָרד! איך וועל איהם גאָרניט זאָגען. נאָר שטאָלצירען האָט ער ניט מיט וואָס".

— חבר פראק, איך וועל אייך גלייך דערצעהלען וועגען וואָס עס האנדעלט זיך. נאָר ביי אייך איז טאקע זעהר היים. איהר זייט געדעכט.

— טאָ נעמט אַראָפּ דעם רעקעל, — האָט פראק געראטען. — זשעניערט זיך ניט, זייט ווי ביי אייך אין דער היים.

— וואָס רעדט איהר, גאָט איז מיט אייך, — האָט זיך סימע אָפּגעזאָגט. — איך וועל איבערקומען, ניט געפעהרליך!

— ווי איהר ווילט, — האָט פראק גלייכגילטיג געזאָגט, שטע־הענדיג אַלץ אין דער פולער שעהנקייט. — זעצט זיך און דער־צעהלט. אויב איך האָב שוין איבערגעריסען, וועל איך מעהר ניט ארבייטען.

— די זאך איז, חבר, וואָס מען זוכט יאַקאָבסאָנ'ען. ער איז אויפ'ן צעטעל פון די לעבעדיגע משכנות. — און ווי ער האָט אָנגע־הויבען רעדען וועגען יאַקאָבסאָנ'ען, האָט זיך גלייך צו איהם אומ־געקערט זיין שרעק. — און מיר איז איינגעפאַלען....

— אַ מאַלאַדיעץ יאַקאָבסאָן, — האָט פראק רוהיג געזאָגט, אַ־וועקגעזעצט זיך און אָנכאַפּענדיג דעם גראָבען פינגער פון פוס, גע־נומען איהם קאַלופּען.

„מיט וואָס איז ער עס אזא מאָלאָדיעץ?" האָט סימע ביי זיך געטראכט, ניט געקענט פארשטעהן, און ניט ווילענדיג זיך צוגע־קוקט צו פראק'ס גראָבען פינגער. „שטענדיג זאָגט ער דיר אריין עפּעס אזוינס, וואָס דו ווייסט ניט, צי מיינט ער עס מיט אן אמת אָדער אין אַ וויץ."

— יאָ, אויסגעצייכענט זיך, — האָט סימע אין שפּאָס געזאָגט. אָבער איך האָב מורא, אַז איך אַליין וועל אויך באַלד זיין אזא מאָ־לאָדיעץ. יאַקאָבסאָן איז שוין נעלם געוואָרען און געבעטען מיך, איך

זאָל לאָזען וויסען זיין ווייב. אָבער ווי קען איך עס טאָן, אז מיך אליין — קען זיין, זוכט מען איצט אויך.

"שרעקליך אומבאקוועם צו רעדען מיט א נאקעטען מענשען", האָט ער געטראכט. מיר וועט אפשר אויסקומען צו רעדען מיט איהם אינטים. אפשר עפּעס וועגען דאָראָטשקע'ן. און ווי רעדט מען וועגען א ווייב מיט אַ נאַקעטען מענשען? ער מאַכט פון מיר חוזק דער יונ־גאַטש, און וואָס קען איך זיך העלפען. זאָל איך בעסער שטארבען, אָבער וועגען דאָראָטשקע'ן וועל איך קיין וואָרט ניט זאָגען".

— איז דענקט איהר, — האָט זיך פּראק אָפּגערופען, אז איהר זייט אויפ'ן צעטעל. דאָס איז אַנ'ערנסטע זאַך. פון וואנעט ווייסט איהר?

דערהערט „ערנסטע זאך", האָט סימע דערפיהלט א פּראָסט אין דער פּלייצע און איז בלייך געוואָרען.

— איך ווייס שוין, — האָט סימע געענטפערט. — קיין צוויי־פעל ניט, אז איך בין אויפ'ן צעטעל. און עס האָט גאָר אַנדערש ניט געקענט זיין. יאַקאָבסאָן איז ניט קיין גרעסערער יחסן פאר מיר. ער איז אויפ'ן צעטעל, און איך אויפ'ן צעטעל. און אָט בין איך געקומען אייך בעטען, — האָט ער ארויסגערעדט לאַנגזאמער און מיט אמאָל גיך, ווי אוורפענדיג זיך אין וואסער, — בעטען אייך, אז איהר זאָלט מיך באהאלטען.

— דאָ? — האָט זיך פּראק פארוואונדערט, ווידער א קוק גע־טאָן אויף איהם און אָנגעהויבען צו רעדען פּאַמעלאַך. — איהר מיינט עס ערנסט? מיין וואוינונג איז דאָך פאר אלעמען אָפען. צו מיר קו־מען באָלשעוויקעס. וואו וועל איך אייך באהאלטען פון זיי? סיידען אונטער'ן בעט: אדרבא, איך בעט אייך, נאָר איך וועל פאר קיין זאך ניט גאראנטירען.

„אַן אמת'ער, אַן אמת'ער אידיאָט", האָט זיך סימע געגומען טרייסלען. „אזא אידיאָטסקער איינפאל. ביי איהם קען דאָך דאָ זיין אַנ'אָפּטיילונג פון דער טשעקאַ. איך קען איהם דען? מיר אַרביי־טען טאַקע צוזאמען, אָבער ווער ער איז, וואָס ער איז, הויב איך דאָך ניט אָן צו וויסען. איך בין אַן אידיאָט. ווי ציהט מען דאָ אָפּ. איך וועל איהם פּרואווען צו שמירען מיט ווערטער. זאָל ער שוין זיצען א נאַקעטער, מילא, נעמט איהם דער טייוועל, טאַקע נאָר א חברה־מאַן פון דער טשעקא וועט אויפנעהמען אַ גאַסט נאקעטערהייט. וואָס

זאָל איך איהם זאָגען? אפשר זאָגען, אז דאָס אַלץ איז ניט געשטוי־גען ניט געפלויגען, אז דאָס אַלץ איז א שפּאַס און שטילערהייט אָפּ־ציהען? ער וועט ניט ערלויבען. ער וועט נאָך ערגער מאכען. און אמת׳ער פּנים פון א שפּיאָן. ווי האָב איך עס פריהער ניט באַמערקט. מען דאַרף זיך אויפהויבען צי איז ניטאָ אין צווייטען צימער קיין שפּיאָן. אַליין געקומען, אַליין זיך איבערגעגעבען, א שרעק. א שרעק. איך וועל איהם עפּעס זאָגען וועגען דאַראָטשקע׳ן, אפשר וועט עס איהם ווייכער מאַכען. וואָס פאר א גליק, וואָס דאַראָטשקע געפעלט איהם. און זאָגט מען איהם, וויים איך ניט, אַלע ווער־טער פאַרגעסען...

— מיין דאַראָטשקע, — האָט ער מיט א פרעמד קול געזאָגט, — האָט אייך געבעטען אריינקומען. און בכלל א גוטען טאָג, — ער האָט זיך גלייך פארשאַלטען, וואָס ער האָט זי פאָרט דערמאָנט דעם נאַקעטען פראַק׳ן. יאָ, גוטען טאָג. איך האָב, דאַכט זיך, גע־שפּאַסט. און בכלל, ענטשולדיגט מיך.

— ניין, חבר, זיצט. וואוהין געהט איהר? איך וועל עפּעס צו־טראַכטען — האָט פראַק געזאָגט און אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף סימע׳ס אַקסעל, אזוי, אז יענער האָט זיך דערפיהלט ווי צוגעשמידט.

— איך זעה, אז איהר האָט דעם קאָפּ פארלוירען, אָבער מיר וועלען עס גלייך פאַרריכטען. איך האָב א באַקאַנטע פאמיליע, בורזשויען, אין פּאָליטישער הינזיכט אַבסאָלוט אומשעדליך. זיי זענען וואוילע מענשען און זיי וועלען אייך מיט פארגעניגען אריינגעמען.

— טאַקע? — האָט סימע אויסגערופען. — מיין דאַראָטשקע וועט אייך די טובה קיינמאָל ניט פארגעסען. איך אויך, חבר. און מען מעג זיי געטרויען?

— פּאָלשטענדיג, — האָט פראַק געענטפערט, — איך גאַ־ראַנטיר פאַר זיי.

— טאָ ווי־זשע זאָל איך אייך, חבר אָפּדאַנקען? — האָט סימע געהיצט זיך. — באַדענקט זיך נאָר — מיך נעהמען פאר א משכן!

— וואָס פאר א משכן בין איך. חבר, זעה איך דען אויס ווי א משכן? איהר קענט דאָך מיין גאַנץ לעבען. מיין גאַנץ לעבען איז פאַר אייך אָפען. איך וועל דאָך אַליין ניט געהן. איצט בין איך זיך מודה, אז איך האָב מורא די נאָז ארויסשטעקען. אָט, ווען איהר קענט מיך צו־פיהרען.

„וועט ער איינשטימען, איז ער אַנ'עהרליכער מאַן, וועט ער ניט איינשטימען איז ער א שפּיאָן”, האָט ער געטראַכט. „און אפשר פּאַרט אַנטלויפען? אָ? איך וועל אנטלויפען, כאַפּט איהם דער שוואר־צער יאָהר”.

— איך האָב עס אייך טאקע נאָר וואָס געוואָלט פאַרשלאָגען, — האָט סימע דערהערט, — איך טו זיך גלייך אָן.

„פּאַרט א וואוילער מענש”, איז סימע ענטציקט געוואָרען. „ווי האָב איך זיך ניט געשעהמט איהם אָנצונעהמען פאר א שפּיאָן. ניין, ער איז א וואוילער מענש. אין אַן אומגליק דערקענט מען ווער עס איז א פריינד און ווער ס'איז א שונא. ווי פלינק ער טוט זיך עס אָן, צוליעב מיר. אַ דאַנק פון סימע'ן, א דאנק”.

— און איהר ווייסט חבר, האָט ער געזאָגט מיט ציטערדיגע ליפּען, אויב מען וועט מיך חלילה געפינען און דערשיסען, וועט מען דאָך ביי מיר אַלץ אוועקנעמען. דאַראָטשקע וועט בלייבען אָהן אַ גראָשען. בעט איך אייך, האָט זי אין זינען. איך גיב זי איבער אונ־טער אייער שוץ.

„פּאַרט געזאָגט עסן” האָט ער אויף זיך אָנגעשריען. — „שוין אוועקגעגעבען דאָס ווייב א נאַקעטען מענשען. איך וועל זיכער אַראָפּ פון זינען. נו, נעמט עס דער טייוועל! דערוייל דאַרף מען זיך ראַטעווען”.

— געוויס, געוויס! — האָט פראק צוגעזאָגט. — אָט איינס־צוויי און איך בין שוין אָנגעטאָן! — האָט ער זיך צעלאַכט. פאַר די דריי חדשים מיליטער־דיענסט האָב איך זיך צוגעוואוינט אָנצוטאָן זיך אין א רגע. איצט אין וועג אריין! רוקט אָן דעם קאַשקעט אויף די אויגען. אָט אזוי. מיר האָבען א ווייטען וועג...

— איך געה — האָט סימע געזאָגט נאָכגעהענדיג פון הינ־טען, — איך געה.

## V

„אָט בין איך אויף מיין נייער קוואַרטיר, און דאַראָטשקע ווייסט פון קיין זאך ניט” — האָט סימע גערעדט צו זיך, שפּרייזענ־דיג אין אומעטיגער איבער'ן צימער, וועלכער איז באַלויכטען געוועזן פון א הייליגען לעמפּעל. — „דאַראָטשקע איז זיך אוועק אומשולדיג

שפּאַצירען און דאָס האַרץ האָט איהר גאָרניט געזאָגט, אז זי וועט מיך שוין אין דער היים ניט געפינען. וואָס וועט זי נעביך איבער־טראַכטען? אזעלכע מאָדנע שאָטענס אין דעם צימער. א הייליגען לעמפּעל אָנשטאָט אַ לאָמפּ. אָבער א דאנק פראַק'ן פאָרט אָפּגעזוכט אן אָרט. ווער וועט מיך געהן אהער זוכען אין סאַמע עק שטאָדט? אָבער ביז ווי לאַנג וועל איך דאָ דאַרפען זיין? ביז מען וועט נאָך דערשיסען די לעבעדיגע משכנות וועט נאָך נעמען אַ היבש ביסעל צייט.

"יאָ", — האָט ער ווייטער געטראַכט. — די מענשען דאָ זענען גאַנץ וואוילע. אמת'ע בורזשויען. ביים ערשטען וואָרט מיך אריינגע־נומען צו זיך, אָפּגעליידיגט פאַר מיר דעם צימער, אריבערגענומען צו זיך די קינדערלאַך. אָבער אז איך וועל אוועקגעהן פון זיי וועל איך זיי פיין אָפּדאַנקען. איך וועל זיי געבען צעהן, צוואַנציג, דרייסיג טויזענד. אויסגעצייכענטע מענשען. א דאנק זיי. די קינדערלאַך פאַר־נומען צו זיך אין שלאָפצימער, און אזוי איינפאַך, פריינדליך. אויס־געצייכענטע מענשען. אָבער ווי אומעטיג עס איז פונדעסטוועגען. פון אומעט האָט זיך ביי מיר די נשמה צונויפגעקאָרטשעט. אָט ווי מענשען לעבען נעביך. אָהן באַלייכטונג, מיט אַ הייליגען לעמפּעל, וואָס קאָן זיך יעדע ווייַלע אויסלעשען. און ביי מיר אין דער היים ברענט איצט אין אַלע צימערען עלעקטריציטעט, און דאָ נאַ־דיר אַ הייליגען לעמפּעל און כמעט אָהן בוימעל. וועט פאַרלאָשען ווערען און איך וועל בלייבען אין דער פינסטער. אָבער די מענשען זענען וואוילע, אויסגעצייכענטע. וואָס פאַר אַ ברויט זיי עסען עס! איך וואָלט עס אין מויל ניט גענומען. און זיי קאָרמען זייערע פּיצלאַך קינדער מיט אזא ברויט. זיי טראַכטען גאָר ניט איבער, אז ביי די קינדער קאָנען נאָך די מעגעלאַך קאַליע ווערען. וואָס קאָנען זיי העל־פען? אויסגעצייכענטע ליעבע מענשען. קלאָגען זיך גאָר ניט אויף אזא שרעקליך לעבען, שעלטען ניט די באָלשעוויקעס, שעלטען קיי־נעם ניט. איך אויף זייער אָרט וואָלט מסתמא דעם אויבערשטען אַליין פאַרמאַטערט מיט מיינע טענות. זעהען ניט אָן קיין פּיצעל פלייש חדשים לאַנג, און מיר באַלעווען זיך מיט קאַטשקעס. לויט מיין מיינונג איז עס א לומפּעריי. די קינדערלאַך האָבען געדאַרפט עסען קאַטשקע, ניט מיר, אגב, פיינע מענשען, אויסגעצייכענטע. וואָס האָט זיך עפּעס צוגעטשעפּעט צו מיר דאָס וואָרט „אויסגע־

צייכענט"? אויסגעצייכענט, אויסגעצייכענט. גענוג שוין צו חזר'ן דאָס וואָרט. די נערוועז האָבען זיך בארוהיגט. די שרעק איז שוין כמעט אריבער. איך טראַכט וועגען קיין זאַך ניט, נאָר וואָס עס איז אומעטיג. ווידער געוואָלט זאָגען „אויסגעצייכענט". ניין, איך וועל ניט זאָגען. זאָג איך „אויסגעצייכענט"? ניין, איך זאָג ניט. מען דאַרף זיך בלויז נעהמען אין די הענט און אַלץ וועט זיין אויסגעצייכענט. אפשר אַריינרופען די באַלעבאָסטע און שמועסען מיט איהר? אן אויסגעצייכענטע פרוי. אָט אַזאַ מאַמע וואָלט גוט געווען צו האָבען. אָבער מסתמא שלאָפט זי שוין. אָנגעהאָרעוועט זיך נעביך. אָפּגעמוטשעט זיך אַ טאָג און געלייגט זיך א הונגעריגע. ניט ווי מיין דאָראָטשקע. נעביך, דאָראָטשקע, וואָס זי לעבט עס איצט איבער! פראַק האָט איהר דאָרט אַלץ דערצעהלט. מסתמא איז ביי איהר פון שרעק דער מאָגען קאַליע געוואָרען און געמוטשעט זיך וואָס פראַק געהט ניט אַוועק. אָבער וואָס קאָן איך העלפען, אז איך בין דאָ. מסתמא איז שוין אַלץ אין אָרדנונג. אן אויסגעצייכענטע פרוי. איצט איז שוין מסתמא פראַק ניטאָ. ער איז אודאי אוועק. זי וועט דאָך איהם ניט פאַרבעטען נעכטיגען ווען איך בין ניטאָ.

„און אויב פראַק איז גאָר ניט אריין צו איהר? — האָט זיך מיט אַמאָל א וואַקעל געטאָן א געדאַנק. — „און אפשר האָט ער מיך גאָר אומישנע אוועקגעפיהרט צו די בורזשויען, כדי עס זאָל זיין צו וואָס זיך צוצוטשעפּען? און אפשר האָט ער עס אָנגעוויזען אויף יאַקאָבסאָנ'ען, מ'זאָל איהם אַריינטראָגען אין צעטעל? פון וואנעט וואָלטען זיי געוואוסט, ווער יאַקאָבסאָן איז, ווען פראַק זאָגט זיי ניט? ער האָט זיך צוגעקוקט ווי מיר לעבען, ווייסט ווי רייך מיר זענען און האָט אונז גע'מסר'ט. מיר האָבען פון איהם כמעט קיין זאַך ניט באַהאַלטען, האָט ער אָפּגעוואַרט די פּאַסיגע מינוט און גע'מרס'ט אונז. איצט איז מען שוין אפשר ארויסגעפאָהרען פון דער טשעקא מיך צו כאַפּען. געוואַרט מיט מיין ארעסט ביז עס וועט נאַכט ווערען. אפשר וועט פראַק קומען אָנקוקען ווי מען וועט מיך און יאַקאָבסאָנען דערשיסען. אזעלכע שרעקליכע שאָטענס פאַלען פון הייליגען לעמפּעל! אָבער איך וועל זיי איבערכיטרעווען, וועל איבערכיטרעווען. אומישנע מיך אוועקגעפיהרט צו אונטערגעקויפטע בורזשויען. געמאַכט זיך פאַר גוטינקע, כדי איך זאָל גאָר ניט חושד זיין, און איצט בין איך ביי זיי אין די הענט. דעריבער האָבען זיי זיך עס אַזוי

דערפרעהט מיט מיר. איך האָב באַמערקט ווי אזוי די ווייב האָט עס א קוק געטאָן אויף איהר מאַן. צו וואָס דאַרפען זיי מיינע צעהן טויזענד, אז זיי וועלען קריגען פאר מיר אפשר הונדערט טויזענד. איך וועל זיי איבערכיטרעווען. איך, חבר פראק, בין אן איבערגעשפּיצ־טער. איהר זעהט, דער קאָפּ האָט געארבייט, געארבייט און טאקע דערארבייט זיך. די גאַנצע קאָמעדיע איז דאָך אַזוי קלאָר. אריינגע־כאַפּט מיך פונדעסטוועגען. אזא כיטרער וואָס איך בין, אזא פלינ־קער, און זיי האָבען מיך אריינגעהאַפּט". נאָר ניין, דערווייל ניט גע־כאַפּט נאָך! איך וועל אנטלויפען דורכ'ן פענסטער. עס מאַכט ניט אויס וואָס דאָס איז צוויי שטאָק. איך וועל ניט דער'הרג'עט ווערען. און טאָמער ווער איך יאָ דער'הרג'עט, איז אַלץ בעסער ווי אריינצו־פאַלען צו זיי אין די הענט. אָבער וואוהין וועסטו לויפען ביינאַכט? איך האָב גאָר פארגעסען, אז עס איז גענוג איך זאָל אַ טראָט טאָן און מען וועט מיך ארעסטירען. יאָ, אריינגעפאַלען. אָט האָסטו דיר ניט קיין לעבעדיגער משכן".

צעמישט פון די געדאנקען, האָט ער זיך ווי א משוגענער גע־נומען דרעהען איבער'ן צימער.

"וואָס בלייבט מיר צו טאָן? און קאַלט איז דאָ אויך. אָדער עס איז ניט קאַלט, אַ? ווייסט עס דער טייוועל! אבי איך ציטער. וואָס ציטער איך אזוי? האָב איך זיך אפשר פארקיהלט? אָבער ווען? און ווי, איך לעב טאַקי נאָך דערווייל? יאָ, איך לעב, דאַכט זיך, עס איז עלף אזייגער. יאָ, עלף. ארום צוועלף וועט מען קומען נאָך מיר. איך האָב דערווייל צייט זיך אָנצוווארימען און אנטלויפען. איך וועל זיך דערווייל צולייגען, אָנווארימען זיך. יאָ, וועגען וואָס האָב איך גע־טראכט? נו, מילא איך וועל זיך דערנאָך דערמאָנען".

ער האָט זיך אויף גיך אויסגעטאָן און ציטערענדיג מיט אַלע אברים אריינגעלייגט זיך אין בעט און איבערגעדעקט זיך איבער'ן קאָפּ.

„דאַכט זיך עס איז ווארימער געוואָרען" — האָט ער זיך גע־זאָגט. — „אָבער צו וואָס האָב איך זיך אויסגעטאָן? אז מען וועט קומען און איך וועל ארויסשפּרינגען דורכ'ן פענסטער, וועל איך דאָך א נאקעטער אין ערגעץ ניט קאָנען געהן. מען דאַרף זיך אָנ־טאָן. אָנגעטאָנערהייט וועל איך זיך נאָך גיכער אָנווארימען. און פון

וואנעט האָב איך איצט היץ? איז דען איצט א צייט קראַנק צו זיין? נו, שנעל, טו זיך אָן, איינס, צוויי״.

ער האָט א שפּרונג געטאָן, אויף גיך זיך אָנגעטאָן און געבליבן שטעהן אין מיטען צימער, ניט וויסענדיג וואָס צו טאָן.

,,און אפשר איז פאָרט גלייכער צו זיין אויסגעטאָן? דאָס בעט איז אודאי אומריין מיט אומפּלייט. נאָך די זאכען פארלייזיגען. ניין, מען דארף זיך אויסטאָן, איינס־צוויי״.

און אָט איז ער שוין ווידער אויסגעטאָן און ליגט א פּארמאַ־טערטער אונטער דער קאָלדרע, און אין קאָפּ דרעהט זיך ווידער ווי אין א מיהל:

,,אויסגעטאָן זיך. צו וואָס? אידיאָטסטווע. מאַלע וואָס עס מאַכט זיך, איז בעסער צו זיין אָנגעטאָן. וואָס מיר אומפּלייט! איך פייף אויף אומפּלייט! אָנגעטאָנערהייט איז מען א מענש, אָבער אז מען איז נאקעט, זעהט מען אוים ווי א מאַלפּע, ווי פראַק. און דע־ריבער זיך אָנטאָן איינס־צוויי״.

דאָס הייליגע לעבפּעל האָט קוים קוים געבלישטשעט מיט אַ גוסס'דיגער ליכט און מיט אַמאָל זיך אויסגעלאָשען.

סימע האָט אין דער פינסטער גענומען זוכען די שוועבעלאָך, ניט געקאָנט זיי געפינען, ניט געקאָנט זיך אויף ריכטיג דערמאָנען וואו ער האָט אוועקגעלייגט די זאכען, אראָפּגעקראָכען פון בעט און גענומען זיי זוכען. קוים מיט צרות געפונען די הויזען אויפ'ן שטול און דאָס רעקעל אויפ'ן בעט צופוסענס.

,,א דאגה וואָס עס איז קיין פייער ניטאָ״ — האָט סימע זיך צו אימיצען געווענדעט מיט אן ערקלערונג, אויף גיך אָנטועענדיג זיך. — ,,איהר זעהט ווי גיך איך מאַך עס. איך פייף אויף פייער. שוין אָנגעטאָן. און אויב איהר ווילט קאָן איך עס מאַכען איינס און צוויי. אָבער וואו האָב איך אהינגעטאָן די שיך? דאָ שטעקט די צרה.. איינס־צוויי, איינס־צוויי — האָט ער דערווייל אונטערגעפייפט מיט דער נאָז. — אזעלכע וואוילע ווערטער: ״איינס־צוויי״...

⁂

נאַכט. דראָטשקע זיצט אין דעם אַלטען שפּרינגענדיגען אוי־טאָמאָביל מיט פּראַק'ן, און יעדעס מאָל ווען דער אויטאָמאָביל טוט זיך א טרייסעל, פרעגט זי אומרוהיג:

— פאַרוואָס פאָהרען מיר אזוי פּאַמעלאַך? וואָס פאר אַן אויטאָמאָביל איז עס? מען קאָן זיך אין איהם די צונג אָפּבייסען. אזוי טרייסעלט ער. א פיינע מאשין האָבען אייך די חברים געגעבען. זיי האָבען דאָך געוואוסט, אז איהר פאָהרט מיט א דאמע.

— זייט ניט בייז, דאָראָטשקע — האָט זיך פראַק אָפּגערו־פען. די מאשין איז שוין פון די בעסטע. זי שטעלט זיך כאָטש ניט אָפּ און געהט.

— יאָ, אָבער סעמיאָן גריגאָריעוויטש איז שוין דאָרט מסתמא אויסגעגאַנגען פון שרעק. עס איז דאָך האַלבע נאַכט.

— מיר וועלען באַלד קומען, דאָראָטשקע, זאָרגט זיך ניט — האָט פראַק געענטפערט, און צערטליך ארומנעהמענדיג איהר טאַ־ליע, גענומען זי קושען אין האַלז און אין נאַקען.

אויפ׳ן האַלז און נאַקען זענען געוואָרען צייכענס פון זיינע קו־שען. די אויערען זענען ביי איהר רויט געוואָרען, און כדי צו באַשי־צען זיך פון איהם, האַלט איהם דאָראָטשקע פעסט ביי איין האַנט, און רעדט שנעל, שנעל, קוקענדיג אין אויטאָמאָביל־פענסטערל:

— פראַטשעק, פראַטשעק, וואָס טוט איהר? אויף וועלכער גאַס זענען מיר?

,,נו, זאָל ער קושען" — טראַכט זי. — ,,אז א מענש האָט אונז געטאָן אזא טובה! וואָס וואָלטען מיר געטאָן אָהן איהם?"

— פראַטשעק, פראַטשעק! — זאָגט זי ווייטער, ווי זי וואָלט עס איינגעזחזר׳ט. — הערט אויף! וואָס טוט איהר?

— איך טו קיין זאַך ניט, טייערע, צויבערליכע דאָראָטשקע. איך טו דען עפּעס? לאָזט אָפּ מיין האַנט.

— ניין, איך וועל ניט אָפּלאָזען אייער האַנט. זיצט אזוי. אַך, ווי גוט, ווי מזל׳דיג, ווי גליקליך עס האָט זיך אַלץ אויסגעלאָזען. סע־מיאָן גריגאָריעוויטש וועט אייך דאַרפען געבען א טייערע מתנה.

— צו וואָס דאַרף איך א מתנה? — האָט זיך פראַק צעלאַכט.

— איך האָב עס געטאָן אהן אויסרעכנונגען. אזוי ווי איך האָב אייך ליעב, האָב איך שוין איהם אויך אביסעלע ליעב. דאָס אַלץ.

— פראַטשעק, פראַטשעק, — ענטפערט דאָראָטשקע, דריקענ־דיג זיין האַנט, — רעדט ניט קיין נארישקייטען. מיר איז אזוי פרעה־

ליך. אין די פּאָר שעה האָב איך געלעבט ווי קיינמאָל פריהער. פּראַ־טשעק, פּראַטשעק, הערט אויף, וואָס טוט איהר?

— איך טו קיין זאַך ניט, טייערע, צאַרטע דאַראָטשקע: איך טו דען עפּעס? לאָזט אָפּ מיין האנד.

— זיצט אזוין — האָט דאַראָטשקע קאָקעטיש געענטפערט, אַלץ קוקענדיג אין פענסטער. — זאָגט א דאנק דערפאַר, וואָס מען האָט אייך ערלויבט אזוי צו זיצען.

„זאָל ער קושען. מילא. איך בין אזוי גליקליך. א געוואַלדיגע זאַך, אויב ער וועט מיר א קוש טאָן".

— איך זאָג טאקע א דאנק, טייערע דאַראָטשקע,—האָט פּראַק געענטפערט און מיט דער ערעסטירטער האַנט אַראָפּגענומען איהר האנט. — דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס איך טו טאקע די גאנצע צייט!

דאַראָטשקע האָט אַרויסגעקוקט אין גאַס. דער אויטאָמאָביל האָט אונטערגעשפּרונגען. פינסטער, אין ערגעץ קיין פייערל ניט. די הייזער זענען ווי אויף אייביג איינגעשלאָפען. זינט די באָלשע־וויקעס זענען געקומען, איז עס געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי איז אַרוים אין גאַס. שטיל ווי אויף א בית־עולם. מילא זאָל זיין אזוי, אבי איהר סימע זאָל ניט זיין אויפ'ן צעטעל. וויפיעל זי האָט זיך עס אָנגעאַרבייט מיט פּראַטשעק'ן, וויפיעל אָנגעלאָפען זיך, און וואו נאָר זענען זיי ניט אויסגעווען. פון איין גאַס אין א צווייטער. שטיל ווי אויף א בית־עולם. און אַלץ צו פוס, פּראַטשעק האָט ניט געקענט אַזוי גיך קריגען א מאשין, פון דאָרט צוריק און ווידער אין א נייער גאַס, אויסגעווען וואו די וועלט האָט נאָר אן עק... מען האָט געדאַרפט זעהן א חבר, איז מען געקומען, גיט פּראַטשעק אן עצה, אז מען זאָל פריי־הער געהען צו אן אנדערען. און יענער חבר זיצט גראָד אין „איספּאָל־קאָם". קומט מען צופליעהן אהין, איז ער שוין נאָר פון „איספּאָל־קאָם" אוועק אהיים. איז מען געקומען צו איהם אהיים דורכגערעדט זיך און באשלאָסען, אז מען דאַרף אריבערגעהן צו חבר'טע מאשא, און זי האָט דערווייל אַלע באָלשעוויקעס געזעהען. די אמת'ע באָל־שעוויקעס ניט אזעלכע ווי סאשענקא, נאָר טאקע שרעקליכע. אָבער זי האָט פאר זיי ניט מורא געהאַט, מיט אַלעמען געפלירטעוועט, צו אַלעמען חנד|לאַך געמאַכט, ווייל סאשא האָט איהר איינמאָל געזאָגט,

אז זי מאכט זעהר שעהן חנד'לאך, און בכלל וואָס קען עס שאַדען אז אזא שעהנע פרוי ווי זי מאכט חנד'לאך? מען קען דערמיט אַלץ אויספיהרען, כאָטש ווען ניט פראק'ס באקאנטשאפט און פארבינ־דונגען, וואָלטען די חנד'לאך ניט געהאָלפען, אָבער אז מען האָט באקאנטשאפט מיט פארבינדונגען, קומען חנד'לאך אויך צונוץ.

— פראטשעק, פראטשעק, וואָס טוט איהר? זיצט רוהיג.

— איך טו קיין זאך ניט. איך טו דען עפּעס, ליעבע, צויבערליכע דאַראָטשקע. אבסאָלוט קיין זאך ניט, נאָר לאָזט אָפּ מיין האנט.

— איהר דארפט ניט קיין האנט! — זיצט אזוי, — זאָגט שטרענג און צערטליך דאַראָטשקע.

„מילא, זאָל ער קושען. ער האָט דאך מיין סימע'ן גערעטעוועט. און פון וועמען? פון די דאָזיגע שרעקליכע באָלשעוויקעס. אך, וואָס פאַר שרעקליכע פנים'ער, איך קען נאָך אַלץ צו זיך ניט קומען. למשל די חבר'טע מאשא מיט א פאפּיראָס, א גראָבע, און א קול האָט עס ווי א פויער.

און זי דאַראָטשקע האָט צו אלעמען מיט א רייצענדען שמייכעל — סאשענקע זאָגט, אז זי האָט א רייצענדען שמייכעל — גע־טענה'ט:

— דאָס איז דאָך א טעות. ווי קען מען מיין סעמיאָן גריגאָריע־וויטש'ן נעמען פאר א לעבעדיגען משכן. ער איז אפילו קיין בורזשוי ניט. ארבייט צוזאמען מיט די באָלשעוויקעס. פרעגט אפילו ביי חבר פראק. דערנאָך האָט זי זיך געזעהען מיט'ן הויפטמאכער אָסינסקי'ן. וואָנצעס, א פאפּיראָסקע, א סימפּאטישער בלאָנדין, גאָר ניט קיין שלעכטער. אויסגעהערט זי מיט קאָפּ, אפילו דערמאָנט זיך וועגען די צוויי רויבער. זעהר א פיינער אנגענעהמער מענש — בעסער פאר אלע איבעריגע. און ווי זי האָט עס געציטערט, אָבער ניט געוויזען איהם אז זי ציטערט און אַלץ גערעדט מיט א שמייכעל. „געווים אר־בייט מיין סעמיאָן גריגאָריעוויטש ביי די באָלשעוויקעס. פרעגט אפילו ביי חבר פראק. די באָלשעוויקעס זענען באפריינדעט מיט מיין מאן, די באָלשעוויקעס אכטען איהם, און מיר האָבען ליעב די באָלשעוויקעס."

זעהר קלוג גערעדט מיט אָסינסקי'ן, און ער האָט איהר גע־גלויבט, אז מיר האָבען ליעב די באָלשעוויקעס.

— פראטשעק, פראטשעק, וואָס טוט איהר?

—איך טו קיין זאַך ניט, טייערע דאַראַטשקע, — האָט פראַק געענטפערט. — איך טו דען עפּעס? — אָבער איך האָב געוואָלט אייך איצט וועגן עפּעס בעטען.

— וועגן וואָס? — אָבער רעדט ניט איצט. שטערט מיר ניט. איך טראַכט.

— ניין, איך וויל עס אייך איצט בעטען. גיט מיר אַ קוש.

— רעדט ניט קיין נאַרישקייטען, — האָט זי איהם איבערגעשלאָגען און געדריקט איהם די האַנט.

— איך רעד ניט קיין נאַרישקייטען, — האָט פראַק געזאָגט און אויף איהר האַנדרוק געענטפערט מיט נאָך אַן ענערגישערען דרוק. איהר האָט צוגעזאָגט מיך אַ קוש צו טאָן, אויב איך וועל דערגעהן צי סעמיאָן גריגאָריעוויטש איז אויפ'ן צעטעל פון די לעבעדיגע משכנות. איך בין עס דערגאַנגען: ער איז אויפ'ן צעטעל ניטאָ, און מיר קומט דערפאַר פון אייך אַ קוש. און איך וועל איהם אָפּנעמען. איך האָב געאַרבייט, דערשלאָגען זיך און איך האָב פאַרדיענט דעם ערשטען קוש אייערען.

— אָבער איהר האָט דאָך מיך שוין צוואַנציג מאָל אַ קוש געטאָן, פראַטשעק, און איך האָב געשוויגען. גענוג פאַר אייך.

— ערשטענס, טייערע מיינע, ניט גענוג, צווייטענס, האָט איהר ניט געשוויגען, נאָר די גאַנצע צייט געשריען. וואָס איך טו. דערנאָך האָט איהר אַרעסטירט מיין האַנט און די גאַנצע צייט זי ניט אַרויסגעלאָזען. אמת, מיר איז עס אַנגענעהם, נאָר מיר וואָלט געווען נאָך אַנגענעהמער, ווען איהר האַלט זי ניט. איך וואָלט דעמאָלט געווען פרייער אין מיינע באַוועגונגען. און דריטענס, טייערע דאַראָטשקע, איז איין זאַך, ווען דו קושסט, און אַן אַנדערע זאַך, ווען די געליעבטע, כאָטש גרויזאַמע, פרוי, קושט דיך, איך דענק, אַז איהר זייט מיט מיר איינשטימיג.

— איצט, איהר האָט מיך שוין גאָר פאַרפּלאָנטערט, — האָט דאַראָטשקע געזאָגט מיט אַ צופלאַמט פּנים. — אויף וועלכער גאַס זענען מיר איצט?

— וואָס האַלט איהר מיך אין איין פרעגען וועגען דער גאַס?

— האָט פראַק געענטפערט. — איך וואָלט וועלען, אַז אונזער פּאָהרען זאָל זיך נאָר וואָס אָנהויבען. איהר זעהט ווי גרויזאַם און ביטרע איהר זייט. איהר דאַרפט באַצאָהלען אייער חוב, און אָנשטאָט דעם

פרעגט איהר גאָר וועגען דער גאַס. וואָס פאַר א חילוק איז אייך, אויף וועלכער גאס איהר וועט מיך א קוש טאָן. דאָס זענען אלץ תירוצים פון אייער זייט. איך ערוואַרט, אז איהר זאָלט עהרליך ער־פילען אייער פליכט און איך וועל ניט נאָכגעבען. אויב איהר ערפילט ניט, פאַל איך גלייך אריין אין פארצווייפלונג, און איהר וועט אויף מיר גרויס רחמנות האָבען. א חוץ דעם, פארגעסט ניט, אז איך האָב אייך געהאָלפען דערגעהן, צי סעמיאָן גריגאָריעוויטש איז אויפ'ן צעטעל. און ווער וואָלט עס געקאָנט טאָן א חוץ מיר? נעמט דאָס אַלץ אין אנבאַטראַכט, און איהר וועט איינזעהן, אז איך בין גערעכט.

— אודאי איז ער גערעכט, — האָט דאָראָטשקע געטראַכט. — וואָס קען איך איהם ענטפערען? — און איך בין טאַקע, ווי ער זאָגט, א גרויזאַמע פרוי. בין איך טאַקע א גרויזאַמע? — האָט זי אָנגעהויבען צווייפלען. — דאָס הייסט זיין גרויזאַם, ווען מען זאָגט זיך אָפּ צו געבען א קוש? אָבער אז איך קען איהם פאָרט קיין קוש ניט טאָן, וואָס־זשע זאָל איך טאָן? — אז ער קושט, איז איין זאַך. ער קושט בין איך ניט שולדיג. אָבער אז איך קוש, בין איך שוין שולדיג.

— פראַטשעק, פראַטשעק, וואָס טוט איהר? — איך טראַכט, און איהר שטערט מיר.

— איך טו קיין זאַך ניט, טייערע. און וועגען וואָס טראַכט איהר? אפשר וועגען מיר?

— ניין, ניט וועגען אייך, האָט דאָראָטשקע א ליגען געזאָגט.

— און אויב אזוי, וועגען וועמען אָדער וועגען וואָס טראַכט איהר?

— שווייגט, שטערט מיר ניט.

„נו, מילא, מילא. זאָל ער קושען. מיר איז אזוי פרעהליך און גוט. וואָס איך בין מיט איהם בייגאַכט איינע אליין אין אן אויטאָ־מאָביל. וואוהין פאָהרען מיר? פינסטער, מען קען גאָרניט ניט זעהען. א ציטער געהט אזש דורך איבער'ן לייב. און מיט וועמען פאָהר איך? מיט דעם, וועלכער ליעבט מיך, וועלכער האָט מיר דאָס בילדעל אומ־געקערט, וועלכער פאָלגט מיך ווי א קליין אינגעל. און דער עיקר, דער עיקר, מיין סימע איז פריי. באַלד וועל איך איהם נעביך נעמען אהיים, אויסבאָדען איהם, געבען איהם עסען און אוועקלייגען שלאָ־פען. אך, ווי גוט, ווי וואויל.

— טייערע דאָראָטשקע, — האָט פראַק געחזר'ט, — איך פאַר־

לאַנג א קוש. אויב איהר זאָגט זיך אָפּ, שפּרינג איך ארויס פון אויטאָמאָביל און זאָל מיט מיר געשעהען אן אומגליק.

— רעדט ניט קיין נארישקייטען, פּראטשעק, ווי וועט איהר מיך איבערלאָזען איינע אליין?

— אָט אזוי וועל איך איבערלאָזען, — זאָגט פּראק פעסט און שמייכעלט אין דער פינסטער. — איהר זייט א גרויזאמע פרוי, וועל איך אויך זיין גרויזאם. און צו וואָס דאַרפט איהר מיך איצט? איך האָב שוין אלץ אָפּגעטאָן און מעג פארשווינדען. איך בין אן אומאינטערעסאנטער, א פרעמדער, א לאנגווייליגער, אפשר נאָך ערגער. טאָ צו וואָס זאָל איך דאָ זיצען אוןווארטען? ווען איך וואָלט אייך ניט ארויסגעזוכט אזוי אומאינטערעסאנט, לאַנגווייליג, אָפּשטויסענד, אומאַנגענעהם און אפשר נאָך ערגער און ערגער, וואָלט איהר דען געקענט ניט האַלטען וואָרט? איהר וואָלט געוועזן גליקליך צופרידען, איהר וואָלט זיך געפרעהט, וואָס איהר מוזט מיר א קוש טאָן. נאָר אזוי ווי איך בין אזא מיאוס'ער, שלעכטער, בייזער...

— וויפיעל ווערטער. ווי איך האָב ליעב זיינע ווערטער! — האָט דאָראָטשקע געטראַכט און ענטציקט. — פּערעל שיטען זיך איהם פון מויל. וואָס זאָל איך איהם ענטפערען? — א, אלץ איינס.

— גוט, — האָט דאָראָטשקע ענטשלאָסען געזאָגט. — איך וועל אייך א קוש טאָן. ניין, ניין ווארט א ווייל און רוקט זיך אָפּ. אזוי טאָר מען ניט. ביז איך האָב אייך ניט געזאָגט דארפט איהר זיצען שטיל און ניט ריהרען זיך. איך וועל אייך א קוש טאָן, ווייל עס איז מיין חוב אייך א קוש צו טאָן. נאָר א קוש טאָן וועל איך אייך פאר סעמיאָן גריגאָריעוויטש'ן אין די אויגען. איך וועל איהם זאָגען אזוי: "מעגסט זאָגען, וואָס דו ווילסט, אָבער איך וועל חבר פּראק'ן א קוש טאָן דערפאר, וואָס ער האָט פאר אונז געטאָן". געהט איהר איין דארויף?

— איהר ווילט מיך אראָפּפיהרען פון זינען, — האָט פּראק א פארצווייפעלטער פּראָטעסטירט. — וואָס הייסט, פאר'ן מאן אין די אויגען? וואָס פאר א קוש וועט עס זיין פאר'ן מאן אין די אויגען? איך דארף ניט פאר'ן מאן און ניט פאר'ן טאטען און ניט פאר וועלכען ניט איז אנדערען קרוב אין די אויגען. איך דארף א קוש פון אויג אויף אויג, אין דער פינסטערער נאכט, אין אויטאָמאָביל. איך דארף אייער ציטער, דאָס פלאטערען פון אייערע נאָזלעכער,

דאָס אָטעמען פון אייער נשמה, איך וויל אייך אינגאנצען ארייננעמען אין זיך מיט דעם קוש, וועלכער וועט זיין אומענדליך. ער וועט דויע־רען א שעה, צוויי, דריי אפילו, און די גאנצע נאכט וועל איך אייך ניט ארויסלאָזען פון מיינע אָרעמס, רייצענדע, גרויזאמע פרוי, צו־ליעב וועלכער איך האָב זיך קאָמפּראָמאָטירט אין די אויגען פון חבר'טע מאשא, איהר זייט דאָך א בורזשויקע און איך א באָלשעוויק, און איך פארשטעה ביז איצט ניט וואָס מיך ציהט צו אייך.

— פראטשעק, — האָט דאָראָטשקע אויסגעצויגען, — איך האָב אויף אייך רחמנות.

— אויב איהר האָט אויף מיר רחמנות, — האָט פראַק גע־זאָגט, — טאָ גיט מיר א קוש.

— גוט, גוט, — האָט זיך דאָראָטשקע ענטשלאָסען און צו־געמאכט די אויגען פאר שרעק. — אָבער איהר האלט מיך ניט. איך וועל אייך אליין א קוש טאָן, ווייל איך האָב עס צוגעזאָגט, ווייל איהר זענט א גוטער און נאָך דערפאר, ווייל איך האָב אויף אייך רחמנות.

זי האָט פּאמעלעך צוגערוקט צו איהם איהר קאָפּ, אויסגע־שטרעקט די ליפּען, און ווען זי האָט מיט זיי אָנגעריהרט פראַק'ס ליפּען, האָט זיך איהר געדאכט, אז זי ריהרט אָן צעגליהט אייזען. און ער האָט זיך ניט געקאָנט באהערשען און שטארק זי ארומגע־נומען. אָבער דאָ האָט זיך דער אויטאָמאָביל אָפּגעשטעלט, עס האָט זיי שטארק א טרייסעל געטאָן, זי האָט זיך ארויסגעריסען פון זיינע אָרעמס און ניט וויסענדיג וואָס זי רעדט, ארויסגעשעפּטשעט: קומט, קומט...

---

סימע מאַטערט זיך אלץ אין דער פינסטער: "איינס־צוויי". א קליינינקייט דאָס איז? — איינס־צוויי. אָנטאָן זיך. אויסטאָן זיך. אָט א צרה. איצט דארף מען קריכען זוכען די שיך. ניט כדאי אָנ־צוצינדען א שוועבעלע. ער וועט שוין ווי ניט איז געפינען. האָט ער זיי ניט א וואָרף געטאָן אונטער'ן בעט, האָ? און צו וואָס עפּעס אונטער'ן בעט? מילא, קיין אנדער עצה ניטאָ, ווי ארונטערקריכען אונטער'ן בעט. דער בויך, נו, כאפּט איהם דער טייוועל, איך וועל איהם ווי ניט איז ארייינקוועטשען. איינס־צוויי. מען איז שוין אויפ'ן

וועג צו מיר? ניין, איך וועל נאָך באַווייזען. איך קאָן נאָך שטענדיג באַצייטענס אַרויסשפּרינגען דורכ'ן פענסטער. איך וועל אָפּטאָן דעם באַלעבאָס, — האָט דורכגעשוועבט אַ נייער געדאַנק. "ניין, מען דאַרף ניט רופען דעם באַלעבאָס. איך טרייסעל זיך אײַנגאַנצען. נו, מילא, נעהמט עס דער טייוועל. דו ווייז זיך נאָר פאַר'ן באַלעבאָס, וועט ער גלייך אַ געשריי טאָן: "אַזוי, איהר ווילט אַנטלויפען!" ניין, איך וויל ניט אַנטלויפען, איך וויל זיך מיט אייך דורכרעדען". "וואָס מיינט איהר, איהר ווילט ניט אַנטלויפען? יז ניט וואָלט איהר דאָך מיך ניט גערופען". "טאָ ערקלער איך דאָך אייך פאַרוואָס".

"וואָס ערקלעהרט איהר מיר? איהר וועט נאָך אפשר וועלען, איך זאָל אייך עפענען די טיהר און צופיהרען אייך ביז'ן טויער? איך וועל בעסער אַריינרופען אַהער מיין טשעקיסט, מיט איהם רעדט זיך דורך". "צו וואָס דאַרף איך אייער טשעקיסט? איך דאַרף דעם טשעקיסט ניט האָבען. האַלט איהם פאַר זיך, דעם טשעקיסט. איהר זענט מיט'ן טשעקיסט גוטע ברידער, טאָ זיצט מיט איהם, שמועסט, פאַרנאַרט צו זיך אומשולדיגע מענשען, וואָס האָבען זיך אייך אָנגעטרויט, און איך וועל זיך טאָן מיינס. אָט האָב איך צוליב אייך אָנגעטאָן דעם שוך ניט אויפ'ן ריכטיגען פוס. ווי קאָן מען זיך דאָ איינס און צוויי אָנטאָן?"

— וועגען וואָס אַזוינס האָב איך געטראַכט? — האָט זיך מיט אַמאָל סימע געפרעגט און אַז ער האָט אַריינגעקוקט צו זיך אין מוח, האָט ער דערזעהן, ווי אַלע געדאַנקען זענען זיך צעלאָפען ווי מייז, און ווי הינטער אַ פאָרהאַנג באַהאַלטען זיי זיך אין מח. בלויז די נעזלאַך אַרויסגעשטעקט און וואַרטען ווען צוריק אַרויסצולויפען.

— ניין, איך טראַכט וועגען גאָרניט, — האָט ער צו זיך גע־געזאָגט. — אָבער איך האָב יאָ געטראַכט און קען זיך ניט דערמאָנען וואָס. איך וואָלט וועלען וויסען וועגען וואָס, כאָטש עס איז ניט שטאַרק אינטערעסאַנט. דאַכט זיך, איך האָב עפּעס אַ טומעל, נאָר עס איז ניט ,קיין טומעל, נאָר די שטילקייט איז געוואָרען טומעל און דער טומעל שטילקייט. און ווידער איינס־צוויי, איינס־צוויי, דאַכט זיך, איך הער אפילו זאָגען: "איינס־צוויי", און אַלץ העכער, נאָר פון דער ווייט, און אפשר פון דער נאָהנט. און איצט איז דער טומעל ווי באַוואַקסען מיט וואָל.

—מען פאָהרט! — האָט ער זיך מיט אַמאָל געכאַפּט און

מיט איין געדאנק אַלץ פארנומען און פארשטאַנען. — דאָס איז נאָך מיר. — און ווי אַ בליץ האָט ער זיך ערגעץ אַ וואָרף געטאָן אין דער פינסטער. אַן אויטאָמאָביל. ווער פאָהרט? איך וועל זיך ארויסוואַרפן פון פענסטער. שטיל. דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט. וועסט ניט אנטרינען דורך דער פאָדלאָגע. און עפּעס אַ שוויים, אַ קלעפּיגער, איז אויף דעם שטערן, אויף די הענט. אַ שווערער שוויים. מען געהט. וואוהין לויפט מען? אונטער׳ן בעט. אוממעגליך, דער בויך, אָבער איך וועל פּרואוון.

ער האָט זיך ווידער אַ ריס געטאָן ווי אַ בליץ אין דער פינס־טערניש, ארייַנגעשטעקט ערגיץ די פיס און דערנאָך גענומען זיך ארייַנשטופּען אינעווייניג מיט׳ן הינטען.

עס האָט זיך האסטיג געעפענט די טיר. סימע האָט ווי אין שלאָף געזעהן, ווי עס איז אריינגעקומען דאָראָטשקע מיט אַ ליכט, הינטער איהר איז געשטאַנען פראַק. און דערהערט נאָך, ווי דאָ־ראָטשקע האָט ארויסגעלאָזט אַ ״אך!״

— דאָס ביזטו? — האָט פּלוצים סימע איינפאך געפרעגט, פּונקט ווי ער וואָלט געווען אין דער היים. וואָס, מען איז געקומען נאָך מיר? מען דאַרף געהן. פון דער טשע־קאַ? איך וויס, איך וויס. מען קאָן זיך ניט העלפען. איך בין גרייט. שטענדיג גרייט.

— וואָס ליגסטו אויפ׳ן דיל, טייערער? — האָט דאָראָטשקע אויסגערופען — הויב זיך גיכער אויף. וואָס פאר אַ טשע־קאַ? קום, לאָמיר פאָהרען אהיים. דו ביזט ניט אויפ׳ן צעטעל. ניין, ניין, מיר האָבען זיך אַלץ דערוואוסט.

— וואָס? האַ? וואָס? — האָט סימע געפרעגט דערשטוינט, ניט גלויבענדיג און אָנגעהויבען ארויסקריכען פון אונטער׳ן בעט. ער האָט אויסגעזעהן אומגעהויער לעכערליך. — פראַק איז דאָ, — האָט ער געמורמעלט און געקוקט אַן ענטציקטער אויף פראַק׳ען, וועמענס פּנים עס האָט געלויכטען מיט יונג גליק. גאַר צוליעב אַן אנדער אורזאַך.

אַ טייערער מענש, דער חבר פראַק, אַן אויסגעצייכענטער מענש.

— יאָ, נאָר הויב זיך גיכער אויף, — האָט דאָראָטשקע גערעדט. — איהר זעהט, חבר פראַק, איך האָב אייך געזאָגט, אַז ער קאָן

נאָך גאַט ווייסט וואָס אַנטאָן פון שרעק. ער האָט אַזאַ שרעקעדיג און איבערגעבענדיג די ליכט פּראַק׳ן האָט זי זיך א וואָרף גע־טאָן צו איהם, געקושט איהם, געהאַלפען זיך אויפהויבען.

— ווער האָט א שרעקעדיג הארץ? — האָט סימע געמורמעלט, נאָך אַלץ ציטערענדיג פון גליק און פיהלענדיג ווי פרייד צעגיסט זיך איבער אַלע זיינע אברים. — ווילסט מיך פאַרשטעלען פאַר׳ן חבר ווי א טרוס, איך בין אפילו א העלדישער מענש.

— א העלדישער, א העלדישער, — האָט דאָראַטשקע געזאָגט, לאַכענדיג פון גליק. לאָמיר פאָהרען אהיים. אין דער היים איז אָנ־געגרייט א וואנע, טיי, צובייסען, און דערנאָך וועסטו זיך לייגען שלאָפען.

— נו, חבר פּראַק, ווי זאָל מען ניט ליב האָבען אַזאַ ווייב? עס איז דאָך ניט קיין ווייב, נאָר אַן אוצר. ביזט אַן אוצר, דאָראַטשקע. וואָס איך האָב דאָ איבערגעלעבט... איך וועל אין דער היים דער־צעהלען. אזוי, בין איך ניטאָ אין צעטעל. וואָס־זשע האָב איך אויס־געטראכט, אַז איך בין אויפ׳ן צעטעל? חבר פּראַק, גיט מיר אייער האנט. איהר האָט מיך געראטעוועט, און איך וועל מיין גאַנצע נשמה אריינלייגען אין דעם האנטדרוק.

— עס ציהט שרעקליך א קוש צו טאָן איהם די האנט, — האָט ער געטראכט. — נאָר עס איז א חרפּה. איך וועל א קוש טאָן און ער וועט ניט פאַרשטעהן און איך וועל זיך מאכען לעכערליך.

— דארפסט איהם געבען עפּעס זעהר א טייערע און גוטע מתנה, — האָט דאָראַטשקע געזאָגט. — זאָל די מתנה דינען פאַר אַן אָנדענקען וועגען אונז.

סעמיאָן גריגאָריעוויטש, — האָט זיך איצט פּראַק אָפּגערופען, — איך בין ניט קיין סענטימענטאַלער מענש, נאָר איך פאַרזיכער אייך, אַז איך בין זעהר גערוהרט פון אייערע ווערטער. מען דאַרף ניט קיין שום מתנה, אזוי איז אויך גוט.

— לאָזט מיר אייך אַ קוש טאָן, איינגעשפּארטער באָלשעוויק, וואָס איהר זענט, — האָט סימע געזאָגט און צעשפּרייט די אָרעמס.

— איהר זענט אַן אמת׳ער פריינד, — האָט ער ווייטער גע־רעדט, — איהר זענט אונזער הויז־פריינד און פון היינט אָן בין איך אייך א פריינד אויף לעבען און אויף טויט.

— פאַרט א וואוילער מענש, — האָט סימע געטראכט, באַשי־

טענדיג איהם מיט קושען, ווי מען קושט א וואנט. — אמת, דאר ווי א טשוואָק. וואָס האָב איך ארומגענומען, א סקעלעט? און א באָרד וואקסט איהם אויפ'ן הארצען. מעהר וועל איך ניט זיין אויף איהם אייפערזיכטיג. זאָל איהם נאָר דאָראָטשקע דערזעהען אָהן א רעקעל, וועט זי ווענען ברעכען. יא, ער איז א וואוילער, — האָט ער איהם ווייטער געקושט, אָנקלאפענדיג זיך מיט'ן פנים אָן זיין לאנגער נאָז. — אפילו א קוש טאָן איהם איז ניטאָ וואו. און פונדעסט־וועגען א נישקשה'דיגער מענש, — האָט ער אלץ געטראכט.

— איצט — האָט ער געזאָגט — דארף מען באצאָהלען די טייערע מענשען, געבען זיי א צוואנציג, דרייסיג טויזענט. ווי דענקסטו, דאָראָטשקע?

— צופיעל, — האָט זיך פראק ארייגעמישט. — גיט א צוויי־דריי טויזענד.

— סטייטש, צוויי טויזענד, וואָס רעדט איהר? — האָט זיך סימע פארוואונדערט. — איך וואָלט זיך אליין ניט געקאָנט אָנקוקען. דאָראָטשקע, רוף זיי אריין און באצאָהל זיי אזוי, אז דו זאָלסט זעהן טרערען פון פרייד אין זייערע אויגען, ווי דו האָסט געזעהן אין מיינע. און דערנאָך אהיים. אהיים. אך, וואָס פאר א טאָג. און יאַ־קאָבסאָן? מען האָט געגעבען צו וויסען זיין ווייב? נו, גוט, אהיים. איך בין דאָך נאָך אינגאנצען א צעשרויפטער. מען דארף אָבדרעהען די שרייפלאך, און ערשט דעמאָלט וועל איך קומען צו זיך.

אין אויטאָמאָביל איז סימע געזעסען ווי אויף שפילקעס. מינוּ־טענווייז פלעגט ער זיך פארטראכטען, ווי איינגעשלאָפען און זעהען שוידערליכע חלומות. מען האָט איהם דערשאָסען, ער איז צוריק לעבעדיג געוואָרען, מען האָט איהם ווידער דערשאָסען. מען האָט איהם געשלעפט פאר די האָר איבער'ן פארבלוטיגטען דיל און מען האָט איהם געוויזען יאקאָבסאָנ'ען א דערשאָסענעם. עס זענען פאר־ביַיגעפלויגען שוואנען און נאָהנט, נאָהנט ארייגעקוקט אין זיינע אויגען, שווארצאפעל אין שווארצאפעל. און מען האָט געשלעפט די שוואנען איבער'ן פארבלוטיגטען דיל, און ער האָט געוויינט, געבעטען זיך רחמים. געקושט א פארבלוטיגטען שטיוועל...

און ווידער אויפגעלעבט געוואָרען, דער אויטאָמאָביל איז אונ־טערגעשפרונגען. דאָראָטשקע'ס וואַרימע הענט האָבען געגלעט זיין האנט. באלד וועט קומען זיין היים, א וואנע, ליבע שמועסען, ליבע...

## VII

אויף מאָרגן האָט מען ארעסטירט יאַקאָבסאָנ׳ס וואַזשנע מאַ־יעסטעטישע פרוי און אוועקגעפיהרט אויף א דראָזשקע אין דער טשעקא. מיט צוויי שעה שפעטער איז יאַקאָבסאָן געפלויגען אין דער טשעקא באפרייען זי און אליין זיצען. איהם האָט זיך ניט געגלויבט, אז מען וועט איהם דערשיסען. די פרוי האָט גלייך גע־דארפט אָנהויבען זיך משתדל זיין, און די ערשטע שעה׳ן האָט זיך איהם געדאכט, אז מען דארף זיך ניט שטארק באאומרוהיגען. אָבער בייטאָג, ער ווייסט ניט פארוואָס, האָט גענומען וואקסען דער אומרוה. די הויט האָט זיך גענומען ריהרען אויפ׳ן קאָפּ. אין הארצען האָט זיך צעפלאקערט א זיסער, רונדער פייער, א נאָגעניש. עס איז זעהר האסטיג געוואָרען דער אָטעם, און דער מוח האָט זיך ווי באדעקט מיט שפינוועבס.

— נאָך קיינמאָל אזוינס ניט געפיהלט, — האָט ער געטראכט, שפרייזענדיג איבער דער קאמער און אָנשטויסענדיג זיך אָן אנדערע ארעסטאנטען, אויך לעבעדיגע משכנות, וועלכע האָבען אויך ארומ־געוואנדעלט מיט געלע פנימ׳ער. "מאָדנע".

דער טאָג האָט געדויערט הונדערטער יאָהרען, טויזענטער יאָה־רען, נאָר אז ער האָט זיך געענדיגט, האָט זיך געדאכט, אז ער איז גאָרניט געווען.

דער אָוועגד האָט געבראכט מיט זיך א פייער. און עס האָט זיך געדאכט, אז באלד שטארבסטו פון איהם. דער פייער איז געווען אין די אויגען, אין בויך, אין די שפיץ פינגער. פון יעדען ווינקעל פון דער קאמער האָט זיך געטראָגען א שווייגען, און אויפ׳ן קלענסטען שאָרך הינטער׳ן טיר האָט מען געענטפערט מיט א פארשטיקטען יאָמער.

ניין איז מען אריינגעקומען און אָנגעהויבען ארויסרופען. מען האָט געיאָמערט, געשוויגען, געלעגען אויף דער פּאָדלאָגע ווי אויף א צלם און געוואָיעט מיט ווייבערשע קולות...

אוועקגעפיהרט. אָפּגעפיהרט אין הויף...

דער לעצטער הימעל. הייסע לופט. און ווי פון אן אנדער וועלט דער שטילער, געטליכער רויש פון דער גאס.

א שטאל מיט אן אספאלטענעם דיל, דער שוועל פון אייביגקייט, מיט אן אייזערנעם צוואנג האט מען געריסען דעם ברוסט־קאסטען, און א ווארימער קנויל אינעווייניג, פון וועלכען עס ווילט זיך ברעכען, אויסגעשטעלט דעם בויך. א ברומען און א וואָיען.

טרייסלענדיג זיך, האט זיך יאקאָבסאָן אויסגעטאָן, אויסגעצויגען זיך א נאקעטער און זיך אליין אויסגעוויזען אומגעוועהנליך הויך. טרערען זענען גערונען איבער'ן פנים, נאָר ער האט עס ניט געוואוסט. עס איז פארביי געשוואומען די מאיעסטעטישע פרוי — אלמנה. ער איז געגאנגען דער דריטער.

א הענקער אין קורצע הויזען. א צעמענטענער נאסער דיל, וואנט און בלוט.

און דער סוף.

***

דראָטשקע האט גע'חלש'ט. יאקאָבסאָנ'ס פרוי האט זיך אָנגעהאנגען סימע'ן אויפ'ן האלז. זי וואָיעט. סימע איז פארשטיינערט געוואָרען און שעפטשעט איהר עפּעס.

— אלע זענען אין דער פּעטליע — טראכט ער, — און איך בין משוגע. די פארשאָלטענע רעוואָלוציע.

פּראָק איז געקומען, דערזעהן יאקאָבסאָנ'ס פרוי און דערהערט איהר וואָיען. פארשטאנען. זיינע ליפּען האָבען גענומען ציטערען, בלוי געוואָרען. ער איז געשטאַנען מיט א געבויגענעם קאָפּ פאר דער אלמנה, אויסגעדרעהט זיך און מיט שטילע טריט ארויס פון צימער. סאָניע און זינע מיט פארוויינטע אויגען, געבויגענע פון צער און ברעכענדיג זיך די הענט, האָבען איהם באגלייט צו דער טיר.

# נײַנטער עפּיזאָד.

## I

סימע האָט אין די געדאַנקען דורכגעפֿיהרט א דיאַגאָנאַל אין זײַן גאַסט־צימער, אויפֿגעשפּילעט דאָס אויבערשטע קנעפּעל פֿון די הויזען, אויפֿגעשפּילעט דאָס וועסטעל, פֿאַרשפּילעט דאָס רעקעל און גענומען אַרומגעהן ווי איבער דעם ד י אַ ג אָ נ אַ ל. די הויזען האָבען געהאַלטען בײַ אַראָפּפאַלען, ער האָט זיי יעדע ווײַלע מעכאַניש און מיט רוגזה אויפֿגעהויבען (״די הויזען פֿאַלען אַראָפּ, אַה?״) און אַליין ניט וויסענדיג פֿאַרוואָס איהם איז שווער און אומבאַקוועם, האָט ער זיך געסטאַרעט ניט אַראָפּצוגעהן פֿון דער אָנגעמערקטער ליניע. ווי א וואונק געטאָן צו אימיצען, נאָר געמיינט האָט עס ניט, אַז ער וועט זיך האַלטען אויף דער ליניע, נאָר אַז ער וועט קיינעם ניט דערצעהלען דעם סוד, ניט נאָר קיינעם ניט, נאָר זיך אַליין אויך ניט. קאָנספּיראַציע און שטרענגער שווייגען. קיינעם קיין וואָרט ניט. קיין אָנצוהערעניש ניט. ווײַל אַן אָנצוהערעניש געהט איבער אין אַן השערה, די השערה אין א מעגליכקייט, די מעגליכקייט אין א זיכערקייט, די זיכערקייט זאָגט מען אַרויס קאָנספּיראַטיוו דעם פֿריינד פֿון יענעם, וואָס האָט געגעבען די אָנצוהערעניש, עס הויבט אָן צו קלינגען, דער קלאַנג צעטראָגט זיך אויף איין גאַס, דערנאָך אויף אַן אַנדערער, געהט פֿון גאַס אין הויז, פֿון הויז אין צימער, און אין א טאָג אַרום וועט די גאַנצע שטאָדט וויסען, אַז סימע האָט באַשלאָסען צו אַנטלויפֿען. דעמאָלט וועלען קומען א צוויי־דריי סאָלדאַטען פֿון דער טשעקאַ, און אין אָווענט וועט מען איהם און זי דערשיסען. הייסט עס, אַז עס איז קלאָר, אַז דער וואַליוטניק מײַערסאָן וועט

שיקען א מענשען, וועלכער וועט זיי איבערנעהמען איבער דער גרעניץ. מען מוז שווייגען, און ניט נאָר שווייגען, נאָר שטום שווייגען. אלץ איז גוט, אָבער פארוואָס דאכט זיך איהם פונדעסטוועגען, אז ער האָט אימיצען געזאָגט וועגען דעם? האָט ער אימיצען געזאָגט, צי ניט געזאָגט, אָט וואָס די פראַגע איז. אָבער איבער דער דיאגאָנאל געה, נאָר איבער דער דיאגאָנאַל! און דער גאנצער טומעל נעהמט זיך דערפון, — האָט איצט שטילער געקלונגען ביי איהם אין קאָפּ, — וואָס אייערנעכטען האָט מען צוליב א טעות דערשאָסען כעלעש'ן, דעם טייערען מענשען, אָנשטאָט אן אנדער כעלעש, א רויבער. וויין ניט, סימען יאָ, דערשאָסען און דעם טעות האָט מען אויפגעדעקט באלד ווי מען האָט איהם דערשאָסען. און א גאנצע נאכט, א גאנצע נאכט ביז באגינען איז ער, סימע, אָפּגעזעסען אין גאראזש אין געזעהן, טויזענד מאָהל געזעהן, ווי מען שטעלט צו כעלעש'ן צו דער וואנט און מען שיסט אויף איהם, און ער פאלט. יאַקאָבסאָנ'ען האָט מען דערשאָסען, איצט קומט ער, סימע, סיידען ער וועט אנטלויפען. יא, די קאמפאניע ווערט אלץ קלענער. וואָס ווילען אלץ די הויזען אַראָפּפאַלען? די הויזען פאלען, הא? די גאנצע שטאָדט איז געגאנגען כאָדאָראָם. כעלעש — א קינד מיט באקענבערד. ניט וויינען, סימע. געה איבער דיין דיאַגאָנאל. יא, וועגען וואָס וויכטיגעס האָב איך נאָר וואָס געטראכט? וואָס איז מיר אזוי ענג אויפ'ן הארצען? איך וועל אָפּקנעפּלען דאָס רעקעל. טאָמער קנעפּעל איך אָבער צו דאָס רעקעל, וועלען מיר אראָפּפאַלען די הויזען. וויל איך, אז עס זאָלען זיך האלטען די הויזען, טאָר איך ניט אָפּשפּילען דאָס רעקעל. אָט א פארציהעניש! עס איז קלאָר ווי דער טאָג, אז מען טאָר קיינעם וועגען דעם ניט דערצעהלען. אָבער איך האָב דאָך אימיצען יאָ דערצעהלט. וועמען־זשע האָב איך דערצעהלט? האָב איך טאקע אימיצען דערצעהלט, צי עס דאכט זיך מיר נאָר, אז איך האָב דערצעהלט? און אויב שוין יאָ דערצעהלט, טאָ וועמען? יא, גאָר קיין צווייפעל ניט, אז איך האָב אימיצען דערצעהלט. אָט אן אומגליק, איך קאָן זיך ניט דערמאָנען. און אפשר האָב איך פאָרט ניט דערצעהלט? ווי וואָלט איך אויסזאָגען אזא גרויסען סוד! און פונדעסטוועגען פיהל איך, אז איך האָב דערצעהלט. אז איך בין א פּלוידערזאק. איך האָב אודאי דערצעהלט. א נו, לאָמיר זיך נאָר דערמאָנען. יאָ, דאכט זיך אין "איספּאָלקאָם" דערצעהלט אימיצען. איך בין צו־

געגאנגען צו דעם... יאָ, ווי רופט מען איהם? נו, כאַפּט עם דער טייוועל, זיין פאַמיליע. צוגעגאַנגען און געזאָגט: "ווייסט אהיר, חבר, איך און מיין פרוי האַלטען ביים אנטלויפען קיין אויסלאַנד. דאָס געלט און ציערונג נעהמען מיר מיט".

— יאַ, זיכער געזאָגט, — טראַכט סימע, א טויטער פון שרעק און געהט פאָרזיכטיג איבער דער דיאַגאָנאַל, צוהאַלטענדיג בשעת מעשה מיט ציטערדיגע הענט די הויזען. — אפילו דעם קול מיינעם געדענק איך. איך דערמאָן זיך, ווי איך האָב ניט געוואָלט זאָגען, ניט געקאָנט זיך איינהאַלטען און פאָרט געזאָגט. און דער, ווי רופט מען איהם? נו, געהט צום שווארץ יאָהר זיין פאַמיליע. איך וועל זיך שוין דערנאָך דערמאָנען די פאַמיליע. דער איז אודאי אוועק צום נאַטשאַלניק, און דער נאַטשאַלניק האָט אודאי געלאָזט וויסען אין דער טשעקאַ.

— מערדער! — האָט אַ קוויטש געטאָן ביי איהם אין מוח. — וואָס האָסטו געטאָן?!

— און אפשר ניט געזאָגט. ווי האָב איך געקענט זאָגען, אז איך שמעק גאָר קיינמאָל ניט אריין אין "איספּאָלקאָם"? וואָס מאַ־טערסטו מיך? האָט מען מיך ווינציג פאַרמאַטערט? איך האָב שוין קיין האַרץ ניט. איך שלאָף ניט גאַנצע נעכט. קלאָג גאַנצע נעכט. אָהן פריינד געבליבען. פאַרוואָס זשע פּיהל איך, אז איך האָב געזאָגט. אפילו זיין פּנים זעה איך. און זיין ביטערען שמייכעל, נו, ווי רופט מען איהם דאָרט? כאַפּט עם דער טייוועל. מסתמא צוליב בעלעש'ם טויט אוים מענש געוואָרען און אוועק צו אימעצען און געזאָגט. ניין, ניט געזאָגט. יאָ געזאָגט! האָסט מורא זיך מודה צו זיין און לייַ־קענסט, אז דו האָסט געזאָגט. מערדער! — איז ווידער דורכגעפלויגען אין א זיג־זאַג ליניע פון איין שלעף צום אנדערען, און דורכגעלאָפען פון נאַקען צום שטערען.

ער איז געבליבען שטעהן און פיינליך געקנייטשט דעם שטערען, און טאָמער האָט ער טאַקע דערצעהלט? געשטאַנען ווי א אידיאָט און גערעדט: "און איך, חבר, פאָהר מיר אוועק מיט מיין פרוי". הא, איך האָב עס ניט געזאָגט. און איך זאָג, אז איך האָב יא געזאָגט. וואָס בין איך, א משוגע'נער? ניט קיין משוגע'נער, נאָר קאָן פשוט קיין סוד ניט איינהאַלטען. גאָט מיינער, ווער וועט מיך באַפרייען פון דעם צווייפעל? איך פּיהל, אז איך האָב געזאָגט. פּיהלען פּיהל

איך טאקע, אָבער איך ווייס, אז עס איז אן אוממעגליכע זאך. און מעג איך אפילו הונדערט מאָל פיהלען, וועל איך אויך ניט גלייבען. נו, האָט ער שטרענג געפרעגט זיין "איך", האָב איך געזאָגט, צי האָב איך ניט געזאָגט? וואָס ווילסטו פון מיר? איך וויל, אז איך זאָל מעהר ניט דארפען צווייפלען. געזאָגט, ניין, ניט געזאָגט. עס הויבט זיך ׳שוין׳ ווידער אָן. גוט, איך וועל דיר אָנלערנען, וועל אי־מיצען זאָגען און וועל זיך אויפהערען מאטערען. איך וועל וויסען אויף געוויס, אז איך האָב געזאָגט, און א סוף מיט אן עק. אָנטאָן זיך, שנעל. איך וועל דיך, משוגע׳נער, אויסהיילען, איך וועל דיר דעם טייוועל ארויסיאָגען פון דער נשמה. נו, נאָך אמאָל: יאָ געזאָגט? ניט געזאָגט. צום שווארץ יאָהר!

ער האָט זיך פיבעריש גענומען אָנטאָן. זאָל עס זיין אפילו אין טשעקא, אבי פטור ווערען פון צווייפעל. קנעפעלעך עפעס, א פאר־שיווער שמייכעל אויפ׳ן פנים. איך וועל דיך, משוגע׳נער, אָנלערנען. זאָלסט זיך ניט דערוועגען ארויסצושטעקען די צונג. באהאלט די צונג. אָט אזוי. וואָס טוסטו? — האָט ער זיך געוואָלט בארעבענען. — וועסט שוין וויסען, האָט ווי אן עכאָ געענטפערט א ווייטער גערדאנק.

אין א ווײַלע ארום איז ער שוין געווען ביי דער פאראדנער טיר, אָפגעוואַרט הינטער דער טיר, כדי ניט צו טרעפען זיך מיט קיינעם פון די היימישע, און ארויסגע׳גנב׳עט זיך אויף די טרעפען. געפלויגען פון די טרעפען. אָט איז די גאס. א טויטע גאס. נו, נעהמט זי דער טייוועל, באלד ווער איך פון איהר פטור. ווער מען זאָגט מען? דעם אינגעל, וואָס שטעהט מיט פאפיראָסען. עס וואָלט געווען ווי חוזק. איך וועל בעסער זאָגען דער גויע, וואָס שטעהט מיט ווײַנטרויבען.

— וויפיעל קאָסטען די ווײַנטרויבען? — האָט ער געפרעגט ביי דער גוי׳ע, גענומען א הענגעל טרויבען און באטראכט עס:

— דרייהונדערט א פונט, — האָט געענטפערט די גוי׳ע, א צעפאטעלטע, אין אַ צעפליקטער קאָפטע.

— איהר אליין וועט גוט זיין צו זאָגען. זי אליין זעהט אויס ווי אן איבערגעשראָקענע הון, — האָט סימע געטראכט. — נו, האָב איך געזאָגט אימיצען, צי ניין? אָט באלד וועסטו ביי מיר וויסען, צי דו האָסט געזאָגט. איך וועל דיך אָנלערנען.

— גיט מיר א האלב פונט, — האָט סימע כלומר׳שט רוהיג גע־

זאָגט, פיהלענדיג ווי דאָס חיות געהט איהם אויס פון דעם חשק אויס־צוזאָגען דעם סוד.

און בשעת זי האָט געהאלטען אין מיטען וועגען אויף עפּעס א טשיקאווער וואָג, האָט זיך סימע אומגעקוקט אויף דער פּוסטער גאַס, געזעהן, אז קיינער איז ארום ניטאָ, און נאָהנט זיך צוגערוקט צו דער גוי׳ע און אויף גיך געזאָגט:

— ווייסט איהר, מוהמעשע, אז איך און מיין פרוי פאָהרען פון דאנעט איינגאנצען אוועק קיין אויסלאנד? מיר ווארטען דאָ נאָר אויף איינעם א מענשען. מיר פארנעהמען מיט זיך אלצדינג — דאָס געלט און די ציערונג.

— הונדערט פופציג, — האָט די גוי׳ע געזאָגט, אָנקוקענדיג איהם ווי א משוגע׳נעם.

סימע איז שוין ניט געוואָרען. ער איז געווען איבערגליקליך: געזאָגט! קיין צווייפעל ניט, אז ער האָט געזאָגט. די וויינטרויבען טויגען אויף כּפּרות, אבער נעהמט עס דער טייוועל, אויסגעצייכענטע וויינטרויבען. אפשר נעהמען נאָך א פינף פונט? ניין, מען דארף ניט. זי וועט נאָך געדענקען מיין פּנים און מיך פאר׳מסר׳ן. דער עיקר איז, איצט ווייס איך. מיט אן אמת געזאָגט, געזאָגט אזוי, אז אן אנטיק. געזונד געוואָרען. דער צווייפעל אריבער. ווי דען? צו־געגאנגען פּשוט און געזאָגט. אויסגעצייכענטע וויינטרויבען, כאָטש זיי טויגען אויף כּפּרות. ווי, איך האָב געזאָגט? געזאָגט! וועמען? א גוי׳ע. געוויס? געוויס. ביזט א מאָלאָדיעץ, איז מיר איצט טאקע גרינג און גוט. איך וועל איצט אריבערגעהן צו מיין סושקאָוו׳ן. מיר וועלען שמועסען אביסעל וועגען געשעפט און איך וועל זאָגען, אז אימיצער פאָהרט אוועק. ניט מיר, פארשטעהט זיך, נאָר אימיצער. געהן, צי ניט געהן? נו, נעהמט עס דער טייוועל. אָט איהר אלע, וועמען איך זעה דאָ אין גאַס, בלייבט זיך דאָ מיט דער טשעקא און איך וויל ניט מעהר. נו, וואָס, אידהאָב געזאָגט? געזאָגט. וועמען? א מוהמען. מאָדנע, ווי עס איז ליכטיג געוואָרען אויפ׳ן הארצען. אזא וויכטיגען סוד געגאנגען און דערצעהלט און גאָרנישט. און גע־פעהרליך אויך ניט און גרינג. איך וועל כאפּען א שמועס מיט שוס־קאָוו׳ן וועגען געשעפט פּונקט ווי איך וואָלט נאָך זיין א היגער, אָבער שוין אין דער העלפט אין אויסלאנד, און איך וועל זאָגען, אז אימיצער האלט ביים אָפּפאָהרען. איך וועל זעהען, אן אָפּענע קראָם,

אן אפּטייק, א רעסטאָראַן, און זיי ניט. וואָס איז דען דאָ? דאָ איז דאָך דער טויט. איהר זיצט זיך דאָ, און איך דאָרט.

צו סוּשקאָוו׳ן איז ער ניט געגאנגען, און עס האָט איהם נאָך לאַנג געטראָגען איבער די גאַסען. א האַלב־טויטער פון מידקייט האָט ער זיך דערנאָך דערשלעפּט אהיים.

II

— וואו ביזטו געווען? — האָט איהם דאַראָטשקע מיט פּאַר־וואורף באַגעגענט. — איך זיץ דאָ ווי אויף שפּילקעס. שוין מעהר ווי א שעה. אז אין גאַסט־צימער וואַרט אויף דיר איינער. ער זעהט אויס ווי אַן אמת׳ער באָלשעוויק.

— א באָלשעוויקן — האָט זיך סימע דערשראָקען. די אַלטע האָט מיך גע׳מסר׳ט, — האָט זיך דורכגעטראָגען אין קאָפּ.

— קום, — האָט דאַראָטשקע געענטפערט. לאָמיר גלייך צו איהם אריינגעהן. ער האָט ניט געוואָלט זאָגען זיין נאָמען. צוליב וואָס ער איז געקומען, האָב איך אויך ניט געקענט דערגעהן. ער זאָגט, אז ער וועט עס נאָר דיר אליין זאָגען.

— און אפשר גאָר ניט אריינגעהן צו איהם, נאָר גלייך אין שטעלכעל אריין, — האָט סימע גענומען פּלאָנטערן מיט דער צונג.

— וואָס איז דאָס שטעלכעל? — האָט דאַראָטשקע געענטפערט שעפּטשענדיג. — קום אריין, ער איז דאָך שוין סיי ווי דאָ.

— ביזט געגרעכט. אָבער ווי קען דאָס זיין? — האָט סימע פארטראכט געזאָגט. — וואו איז סאָניע, זינע? זאָלען זיי אריינגעהן, וועט מיר אלץ גרינגער זיין.

ער איז אריין אין קאבינעט און דאָרט דורכ׳ן שליסעל־לעכעל א קוק געטאָן, ווי דער אומבאַקאַנטער זעהט אויס. יענער איז געזעסען צו איהם מיט דער פּלייצע און סימע האָט נאָר באַמערקט, אז ער האָט העלע שיטערע האָר אויפ׳ן קאָפּ.

— מען קאָן זיך ניט העלפען. מען דאַרף געהן. הא, געזאָגט! געזאָגט! וועמען? א גוי׳ע. אויסגעצייכענט. איך בין פריי.

ער האָט געעפענט די טיר און ׳שנעל אריין. דער אומבאַקאַנטער האָט זיך אויפגעהויבען און ליבליך א שמייכעל געטאָן, ווען ער האָט

דערזעהן סימע׳ן. אין דערזעלבער רגע איז אין צימער אריין דאָ־ראָטשקע מיט די דאמען. סימע האָט גרינדליך באטראכט דעם גאסט. דער אומבאקאנטער האָט געטראָגען צעריסענע, לייווענטענע שיך אויף די באָרוויסע פיס. דאָס ליוסטרינענע רעקעל איז געווען פאַ־נאנדערגעשפּילעט, און דאָס העמד דעקאָלטירט ביז׳ן לעפּעלע. אויף דער הוילער ברוסט האָט זיך געטונקעלט א ברוינע ראָדימקע ארום־געוואקסען מיט שווארצע האָר.

— א שפּיאָן, — האָט סימע גלייך באשלאָסען. דער גאסט איז דערווייל ליבליך צוגעגאנגען צו די דאמען און אינטים, מיט אָנגע־נעהמער זיכערקייט געקושט זיי די הענט.

אז ער האָט אָפּגעקושט די דאמען די הענט, איז ער צוגעגאנגען צו סימע׳ן, און אלץ אזוי ליבליך און אינטים שמייכלענדיג געזאָגט, אויסשטרעקענדיג א האנט מיט זומער־שפּרינקלאך:

— ערלויבט זיך פאָרצושטעלען: נאָאום יעווגעניעוויטש שפּריץ. איך קום צו אייך צוליב זעהר אן אינטימער אָנגעלעגענהייט.

— אייגענטליך — האָט סימע פאָרזיכטיג אָנגעהויבען, — ער־לויבט מיר צו וויסען וועגען וועלכער אינטימער אָנגעלעגענהייט. ווייל איך מוז אייך זאָגען, — האָט ער פאָרטגעזעצט א דערשראָקענער — איך, איך האָב קיין שום סודות ניט. אויב אן ענין עפּיס, איז אלענפאלס ניט קיין אינטימער. איך נעהם קיינעם ניט אויף וועגען אינטימע אָנגעלעגענהייטען.

— און ניט קוקענדיג דארויף, — האָט דער גאסט פריילין געזאָגט, אויסהערענדיג סימע׳ן מיט אומגעדולד און פאָכענדיג מיט זיין געשפּרינקעלטער האנט, — קום איך צו אייך וועגען אן אינ־טימער אָנגעלעגענהייט. אויב איך וועל אייך אָנרופען דעם נאָמען פון דעם מענשען, וועלכער האָט מיר געשיקט צו אייך, וועט איהר גלייך אוועק מיט מיר אין צווייטען צימער, אויב איהר ווילט, אז די דאמען זאָלען ניט וויסען וועגען דעם סוד, און איהר וועט מיט מיר רעדען, ווי איהר וואָלט מיך קענען הונדערט יאָהר. האָט איהר א פּאפּיראָס?

— ביטע, — האָט סימע געזאָגט, ארויסגענומען א פּאפּיראָס און דערלאנגט איהם.

— מיך האָט צו אייך געשיקט, — האָט שפּריץ געזאָגט, מיט פארגעניגען ארויסלאָזענדיג דעם רויך, — מייערסאָן, דער וואָליוטניק,

און איך נעהם זיך גערן אונטער אייך אריבערצופיהרען קיין אויס־לאנד און שוין פאר איינוועגס זיך אליין אויך.

— טאקע? — האט סימע היציג אויסגעשריען. — וואס־זשע האט איהר געוואָרט? פארוואס האט איהר באלד ניט געזאגט. איך האב דאך אייך אנגענומען פאר א שפיאָן, אויף מיין וואָרט. דאָ־ראָטשקע — האט ער געזאגט, גאר אן אויפגעלעבטער. — הערסט? סאָניע, דאס איז דער מענש, וועגען וועלכען איך האב מיט אייך גערעדט. זעצט זיך, מאָדנער מענש וואס איהר זענט, קאָמעדיאנטשיק אזא! גלייך געדארפט מיין פרוי זאגען. קאָמעדיאנטשיק וואס איהר זענט, — האט ער מיט התפעלות אלץ איבערגע'חזר'ט דאס וואָרט, וואס איז איהם געפעלען געוואָרען. — נו, זעצט זיך, זעצט זיך און דערצעהלט.

— מיט פארגעניגען, חבר, ענטשולדיגט, צוגעוואוינט צו רופען אלעמען "חבר", כאָטש ווער איז דען איצט ניט א חבר?

ער האט זיך פארטראכט, ארומגעקוקט זיך און אוועקגעזעצט זיך נעבען סאָניע'ן, וועלכע איז איהם זעהר געפעלען.

— אלזא, חבר שפריץ, — האט סימע געזאגט, — הויבט אן...

— נאר ניט חבר, — האט שפריץ פראָטעסטירט. — א חבר בין איך "דאָרטען", אבער געוועהנליך בין איך נאאום יעווגעניעוויטש. אדער שפריץ. שפריץ איז נאך בעסער. קורץ, און פארשטעהט איהר מיך. עס איז גרינג צו געדענקען. פשוט שפריץ, אויב איהר האט ניט דאגעגען ,א שפריץ אזא, איהר פארשטעהט? אויסגעפוצט ווי א חבר, נאר דאס איז א מאסקע. פאר זיי, אין סיביר, וואו איך בין פאר־שיקט געוואָרען נאך לאנג פאר דער רעוואָלוציע, האט מען מיך גע־רופען פראנק. א צונאָמען אזא, פארשטעהט איהר מיך. אבער דאס איז ניט וויכטיג. דאס איז פארגאנגענהייט. געזעסען אויך אין צאַ־רישע טיורמעס, אבער קיין אויפטו איז דאס ניט. לויט פראָפעסיע בין איך א געוועזענער יובעליר, נאר דאס איז אויך ניט וויכטיג. דא האב איך געארבייט אין די שפייז־קאָמיטעטען, צונויפגעגראמבעלט אביסעל געלט, וואס דאס איז אויך ניט וויכטיג, ווייל פון דעם געלט איז שוין קיין זכר ניט פארבליבען.

און איצט קלייב איך זיך גאר אריבערצושפרינגען קיין ענגלאנד אדער דייטשלאנד. עס ציהט, פארשטעהט איהר מיך. די גאנצע וועלט פאָהרט אוועק. איינעם אליין איז עפעס שווערליך, אבער מיט

קאָמפּאני — אדרבא, זעהר אָנגענעם. מיט נאָך א מענשען, פאר־שטעהט איהר מיך, איז פרעהליכער. נו האָט מיר מייערסאָן אויף אייך אָנגעוויזען. מייערסאָן וועט אייך געבען וועגען מיר פולע אינ־פאָרמאַציע, אויב איהר געטרויט איהם, פארשטעהט זיך.

סימע האָט געפיהלט ווי די שמחה זיינע וואקסט און שטראָמט אריין ווי א טייך אין דער נשמה. א קאָמעדיאַנט, א אמת׳ער קאָמע־דיאַנט. און א צונג האָט עס ווי א גלאָק. און האלט זיך, ווי דו וואָלסט איהם הונדערט יאָהר געקענט. און האָב איך געזאָגט? גע־זאָגט. ועמען? א גויה.

— און איהר למשל ווייסט, — האָט סימע אָנגעהויבען, ווי ער וואָלט נעמען יענעם אויף אן עקזאמען, — אז אונזער גראָבינקער באנקיר איז שוין אין אויסלאַנד.

— ניט נאָר ווייס איך, — האָט שנעל און וויליג שפּריץ גע־ענטפערט, — נאָר טאקע וועגען איהם האָב איך געוואָלט מיט אייך ריידען, וויל ער וועט אונז צונוץ קומען.

— ווי אזוי איז ער איבערגעגאַנגען דעם גרעניץ? ווי איז עס איהם אָפּגעגאָלטען?

— ווי אזוי ער איז איבערגעגאַנגען און וואָס פאר א מין צעטעלע ער האָט צוגעשיקט זיינע פריינד וועל איך אייך טאקע גלייך דערצעהלען.

— וואָס איז געשטאַנען אין צעטעלע? — האָט סימע נייגעריג געפרעגט.

— אין צעטעלע איז אָט וואָס געשטאַנען, — האָט שפּריץ אויפ׳ן שטעל געענטפערט, קוקענדיג איינצייטיג אויף סאָניע׳ן און אויף סימע׳ן, — ״נאַראָנים זיצען דאָרט און חכמים דאָ״. גאַנץ גיפטיג, האָט א שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ און איבערגעגאַנגען איז ער דעם גרעניץ אָט אזוי: געדונגען א וואָגען ביי איינעם א מערקווירדיגען פויער. איך קען דעם פויער. אונז וועט אויסקומען צו האָבען מיט איהם צו טאָן. יענער האָט אוועקגעפיהרט דעם באנקיר צום טייך. און אויף דער אנדערער זייט האָט געוואַרט אן אנדער מערקווירדיגער פויער. אלץ איז געגאַנגען ווי געשמירט, פארשטעהט איהר מיך, — האָט זיך שפּריץ מיט א מאָל לוסטיג צולאכט.

— איז דאָך עס גאָר א קלייניגקייט איבערצוגעהן די גרעניץ, — האָט סימע געזאָגט אַן ענטציקטער, ניט אויפהערענדיג צו שיסען

מיט די אויגען אין דאָראָטשקע'ן און די איבעריגע דאמען. — וואָס־זשע שרייט מען דאָ וועגען געפאהר? ווי געשמירט, — האָט ער איבערגע'חזר'ט א פאר'שיכור'טער און געזעהען זיך שוין אויף דער צווייטער זייט. — אט אזוי שפריץ דארפען מיר טאקע אויך טאָן. איך רוף אייך איינפאך שפריץ, ווי איהר אליין פארלאנגט עס. נאָר איך וואָרן אייך, אז איך וויל דוקא האָבען צו טהון מיט אייער פויער.

— געווים מיט מיין פויער, — האָט שפריץ אונטערגעכאפּט, וואָרפענדיג דאָס מאָל א גנעדיגען בליק אויף זינע'ן, וועלכע איז איהם פלוצים אויף געפעלען געוואָרען, — נאָר מיט מיינעם. וועגען קיין אנדערען רעד איך גאָרניט. איך בין דאָך א מענש. — איז ער מיט אמאָל געוואָרען אָפענהערציג, כאָטש קיינער האָט עס איהם ניט געבעטען, — א מענש, וואָס איז דורכגעגאנגען דורך פייער און דורך וואסער. און אז איך קלייב אויס א וועג, מעגט איהר זיך פארלאָזען, אז עס איז א ריכטיגער און קורצער וועג. אין אזא געפעהרליכער אונטערנעהמונג טאָר מען ניט מאכען קיין טעות. איך האָב, למשל, אויף קאַטאָרגע געהאָלפען עטליכע ארעסטאנטען אנטלויפען, האָבען זיך דערנאָך די וועכטער פאר די האָר געכאפּט. איך וועל אייך אמאָל דערצעהלען. מאָרגען, למשל, דארף א חברה־מאן באשטראָפט ווערען. קומט שפריץ און טוט אויף וואונדער.

— אך, גאָט מיינער, — האָט זיך סימע איבערגעשראָקען און גלייך אָפּגעקיהלט געוואָרען. — אויב איהר רעדט שוין וועגען אזעלכע וואונדער, איז אפשר גאָר ניט אזא גרינגע זאך צו שווארצען דעם גרעניץ.

— און אויב אפילו יא, — האָט שפריץ מוטיג געענטפערט.

— וואָס, פרעג איך אייך, קען עס אונז ארען? איך וועל אייך דורכפיהרען ווי א פאָדים דורכ'ן אויערל פון א נאָדעל. אויב א פאָדים ליידט פון אזא אָפּעראציע, וועט איהר אויך ליידען. איך בין דורכגעגאנגען דורך פייער און וואסער און אנדערע געפעהרליכע פלעצער.

— איך זעה שוין, אז איהר זייט א מאָלאָדיעץ, — איז סימע פרעהליכער געוואָרען און ווידער מיט ענטציקונג א קוק געטאָן אויף דאָראָטשקע'ן. — אזוי אז ווען צום ביישפיעל מיר פאָהרען היינט ארוים מיט אייער מוזשיק, זענען מיר מאָרגען ארום צוועלף אין אויסלאנד. זעהסט, דאָראָטשקע, ווי גרינג דאָס איז. און מיר זענען דאָ געזעסען און געמוטשעט זיך.

— איך וואָלט וועלען, — האָט דראַטשקע געזאָגט, — אַז הער שפּריץ זאָל אונז גאַראַנטירען אַז מיר וועלען גרינג אַריבערגעהן די גרעניץ.

— איך שווער אייך ביי מיין לעבען, — האָט שפּריץ אויס־געריפען, אויפגעהויבען זיך דערביי, גלייך זיך ווידער אוועקגעזעצט און א קוק געטאָן גנעדיג אויף דראַטשקע'ן, ווייל זי איז איהם אויך זעהר געפעלען. — אריינגעזעצט זיך צו מיין מוזשיק אין וואָגען, דערפאָהרען ביז'ן טייך. און אויף דער אנדערער זייט ווארט שוין א צווייטער מוזשיק, און אין א שעה ארום זענען מיר אין אן אויס־לענדישען שטעדטעל.

— און פון וואנען וועט דער צווייטער מוזשיק וויסען, אז דער ערשטער האָט אונז געבראכט? — האָט זינע ניט דרייסט געפרעגט.

— פרעגט ניט — האָט שפּריץ שנעל און גאַלאַנט געענטפערט.

— אין אזעלכע אַנגעלעגענהייטען שטעלט מען בכלל קיין פראַגען ניט. פויערים זענען א כיטרע פאָלק, — האָט ער ווייטער גערעדט און איינגעגראָבען די אויגען אין זינע'ן. און ווילט איהר ניט מיט מיין פויער, זענען פאראן אנדערע וועגען.

— צום ביישפּיעל? — האָט סימע געריג געפרעגט, ערשטווינט דערפון, וואָס עס זענען פאראן נאָך וועגען.

— צום ביישפּיעל אזוי, — האָט שפּריץ מיט פארגעניגען גע־פּרואווט ערקלערען. — מען באשטעלט א וואָגען ביי דעם ערשטען בעסטען פויער, אפילו ניט ביי קיין מערקווירדיגען. ער ווארט אויף אייך הינטער'ן שטאָדט. מיר קומען מיט אונזער באגאזש.

— מיט'ן באגאזש? — האָט דראַטשקע זיך דערפרעהט. — אויב אזוי פארנעהם איך אלע מיינע קליידער.

— געוויס מיט'ן באגאזש, — האָט שפּריץ גאַלאַנט איינ־געשטימט.

— ווי־זשע וועלען מיר דעם באגאזש פיהרען איבער די גאסען? — האָט סימע געצווייפעלט.

— וואָס האלט איהר אין איין פרעגען? — האָט זיך שפּריץ כמעט באליידיגט. — אין אזעלכע אַנגעלעגענהייטען שטעלט מען ניט קיין פראגען. אויב איך זאָג, הייסט עס אז מיר וועלען קענען פיהרען. מאלע וואָס. איך האָב שוין געהאָלפען מענשען צו אנט־לויפען, און עפּעס א באגאזש וועל איך ניט קענען דורכפיהרען!

— יא, יא, איהר זייט גערעכט, — האָט זיך סימע איבערגע־שראָקען פאר אזא מין לאָגיק. אויב אזוי זייט איהר גערעכט...

"מען דארף איהם ניט אויפרעגען מיט נארישע פראגען", האָט ער געטראכט. "מען קען איהם נאָך איבערשרעקען און ער וועט זיך גאָר אָפּזאָגען. וואו וועל איך געפינען נאָך אזא טייערען מענשען? ער איז דאָך אן אוצר, א מלאך. יא, נאָר עס איז דאָך דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך קלייב זיך צו אנטלויפען. ער דארף פארשטעהן מיין אומרוהיגקייט.

— און איהר דארפט אויף מיר ניט זיין אין כעס, שפּריץ, — האָט ער הויך געזאָגט.

— שוין מוחל געווען און פארשטאנען, — האָט שפּריץ גלייך געענטפערט, קוקענדיג איצט זעהר מילד אויף דאָראָטשקע'ן, — אלזאָ, — האָט ער זיך אויפגעהויבען און גלייך זיך צוריק אוועק־געזעצט.

— דאמען, זייט שטיל, אום גאָטעס ווילען, — האָט סימע געבעטען.

— פארוואָס? — האָט זיך שפּריץ פארוואונדערט, פלירטע־ווענדיג איצט מיט אלעמען, — זיי שטערען אונז, דארפט איהר וויסען.

עפּעס קוקט ער מיר צופיעל אויף די דאמען, — איז סימע אויף א רגע אָפּגעקילט געוואָרען.

— אלזאָ, — האָט שפּריץ איבערגע'חזר'ט: — באשליסט, ווילט איהר מיין ערשטען פויער, נעמט דעם ערשטען פויער, אָבער מען קען עס טאָן אויך אויף אן אנדער אופן.

— ניין, — איז סימע ווידער געוואָרען אויפגעלעגט. — מיר געפעלט אייער ערשטער פויער.

— יאָ, — האָט זיך דאָראָטשקע ארייגעשטימט. — איך וויל אויך דעם ערשטען פויער.

— אלזאָ, דעם ערשטען, — האָט זיך שפּריץ אָפּגערופען, ווי ער וואָלט עס פארשריבען. איצט קומט אן אנדער וויכטיגע פראגע: וועגען די ציערונג. איהר האָט דאָך אודאי ציערונג? גוט, וועלען מיר עס אויסגעצייכענט באהאלטען. איהר דארפט זיך גאָרניט זאָרגען. קיינער וועט עס ביי אונז ניט געפינען.

— און די ציערונג דאַרף מען באהאלטען, — האָט סימע א בלייכער איבערגע'חזר'ט, ווידער אָפּגעקיהלט געוואָרען און פארלאָרען

א ביסעל דעם צוטרויען. — וואָס־זשע זאָגט איהר, אז עס איז קיין שום געפאהר ניט?

— וואָס האלסטו אין איין שטעלען פראגען? — האָט זיך דאָ אריינגעמישט דאָראָטשקע. — האָסט שוין גאָר דעם קאָפּ פארלאָרען. ווי דען זאָל מען פאָהרען, אויב ניט באהאלטען די ציערונג?

— אָבער אז עס איז דאָ א פּויער, — האָט זיך סימע פארענטפערט. — היינט ארויסגעפאָהרען און מאָרגען ארום צוועלף איז מען שוין אין אויסלאַנד.

— סעמיאָן גריגאָריעוויטש, — האָט שפּריץ צערטליך געזאָגט. — די ערשטע זאך, וואָס איך וועל ביי אייך בעטען, איז האָבען פאָלשטענדיג צוטרוי צו מיר. און צי בין איך ווערט, אז מען זאָל האָבען צו מיר אזא צוטרויען — וועגען דעם פרעגט מייערסאָנ׳ען. צווייטענס: א מענש, וועלכער האָט שוין אזויפיעל מאָל געשווארצט די גרעניץ, ווייסט וואָס ער רעדט, גלויבט מיר. איבערגעהען די גרעניץ איז דאָך פּאָרט א שטיקעל אונטערנעמונג.

— אונטערנעמונג? — איז סימע צוטומעלט געוואָרען. — דאָס הייסט, איהר ווילט זאָגען, אז עס איז געפעהרליך? הא? דאָראָטשקע, וואָס זאָגסטו? געפעהרליך?

— וואָס מיינט איהר "געפעהרליך"? — האָט זיך שפּריץ פארוואונדערט. — און אז איהר געהט אראָפּ פון די שטיגען, קענט אהיר דען ניט צוברעכען א פוס? אלץ איז געפעהרליך און ניט געפעהרליך, דאריבער דארף מען שטענדיג אויסרעכענען, אז עס קען זיין ריזיקאליש. אויפ׳ן וועג קען זיך אמאָל מאכען אן אָבלאווע, אן איבערפאל, און, ענטשולדיגט מיר, ווייס דער טייוועל אליין, וואָס עס קען זיך מאכען. מיך קען מען דאריבער קיינמאָל ניט איבערראשען. דערצו זענען טאקע דאָ געפאהרען, כדי מען זאָל זיי קענען באזיגען. מיט איין וואָרט, קוים איך האָב זיך גענומען צו דער זאך, האָט איהר זיך אבסאָלוט ניט וואָס צו זאָרגען.

— אודאי, אודאי, — האָט סימע א פּינטעל געטאָן מיט׳ן אויג, איינגאנצען געציטערט און ווידער פיעלבאדייטענד א קוק געטאָן אויף דאָראָטשקע׳ן.

— הייסט עס, — האָט שפּריץ ווייטער גערעדט, — איך האָב אייך וועגען אלץ געוואָרענט. און וואָס וועט זיין ווייטער וועל איך אייך לאָזען וויסען. איהר דערווייל גרייט זיך צו דער רייזע. איצט

מוז איך זיך לײדער מיט אײך געזעגנען. איך האַלט דאָ אין פאַרענדיגען אַ װיכטיג שטיקל געשעפט, אָבער איבערמאָרגען קום איך. אגב, זײט װיסען, איך בין אַ מזיק אױף אַלץ: פאַרשטעה זיך אױף באַנקגעשעפט, אױף װאַלד־געשעפט, בין אַ אױסגעצײכענטער יובעליר. איך האָף, אַז איך װעל אײך אין אױסלאַנד צונוץ קומען. איהר װעט מיך אָפּשאַצען און איך האָף, אַז איהר װעט מיך ליעב קריגען. מײן קאָסטיום איז אַ מאַסקע. אױף װידערזעהען, אָדער ריכטיגער, ניט אױף װידערזעהען. איך בין אײערער, אָדער אױב איהר װילט, זײט איהר מײנער. איך װינש אײך אַלס־דאָס־גוט און פאַרגעסט ניט: נאַום יעװגעניעװיטש שפּריץ.

אַזױ האָט שפּריץ געענדיגט, און װען סימע איז צו זיך געקומען, איז יענער שױן ניט געװען אין צימער, ער איז פאַרשװאונדען. אָבער נאָך לאַנג האָט געשפּיעלט זײן געשטאַלט פאַר די אױגען פון סימע'ן און פון די דאַמען.

## III

מען האָט געעפענט אַלע באַהעלטענישען, װאו מען האָט פאַרשטעקט די זאַכען, אױס מורא פאַר רעקװיזיציעס, און מען האָט זיך גענומען צו דער אַרבײט. עס האָבען געאַרבײט דאָראָטשקע, סאָניע, זינע, און סימע האָט זיך ברײט אװעקגעזעצט אױפ'ן פאָטערשטול און בלױז אַכטונג געגעבען. ער האָט זיך גיך געדאַרפט אױפהױבען, װײל מען האָט געדאַרפט דעם שטול, אױף װעלכען ער איז געזעסען. סימע'ן האָט אַרומגעכאַפּט אַ שרעק, װען ער האָט דערזעהען דעם באַרג מיט זאַכען און װי דער צימער װערט בּיסלעכװײז פאַרװאַנדעלט אין אַ סקלאַד. עס זענען אַרױס אױף דער יועלט דרײ זײנע זומערדיגע מאַנטלען און דרײ האַלב־זומערדיגע, צװײ פוטערס, זעקס קאָסטיומען, צװײ װיזיטקעס, צװײ פּאָר שװאַרצע הױזען און שטיקער שטאָף פאַר מענערשע און דאַמסקע זאַכען. דערנאָך האָט מען גענומען טראָגען דאָראָטשקע'ס גאַרדעראָב און סימע האָט מיט אױסגעשטאַרטשעטע אױגען געקוקט אױף די פוטערס, מאַנטלען, פּעלערינעס, זײדענע, װאָלענע און טוליענע קלײדער און אױף די היטעלאַך אין די שאַכטלען. דערנאָך האָט מען גענומען טראָגען

וועש. א טויזענד העמדער און נאכטהעמדער, טאשענטיכלאך, לייליכער, און מען האָט נאָך אַלץ געטראָגען און געטראָגען, און עס האָט זיך געדאכט, אז עס וועט דערצו קיין סוף ניט נעמען. סימע האָט זיך פארלאָרען א קוק געטאָן אויף דאָראָטשקע'ן, וועלכע האָט זיך געפרעהט מיט אזוי פיעל האָב און גוטס און בייז געזאָגט:

— וואָס, מיינסט טאקע צו שלעפּען די אלע שמאטעס קיין אויסלאנד? מיינסט טאקע, אז איך בין משוגע? דו ווייסט, — האָט ער טראגיש געפרעגט, — וויפיעל באגאזש דאָ איז? צוועלף קאסטענס. צוועלף, — האָט ער באטאָנט. — וועלכער מוזשיק וועט עס וועלען פיהרען 12 קאסטענס באגאזש?!

— נארעלע, — האָט דאָראָטשקע געגעבען צו פארשטעהען, שטאָלץ באטראכטענדיג איהרע אוצרות, — וואָס דען, לאָזען דאָס אלץ די באָלשעוויקעס. אז ניט דערלעבען זאָלען זיי. דער מוזשיק וועט נעמען אפילו צוואנציג קאסטענס, אבי מען זאָל איהם נאָר גוט באצאָהלען.

— זינע, — האָט סימע מיט כעס אויסגערופען, — איהר הערט? ניין, איהר הערט כאָטש וואָס די פרוי רעדט? באצאָהלען. עס איז דיר דען געוועהנליכע צייטען. קיין פליג טאָר דאָך ניט זעהען, אז מיר פאָהרען אוועק. און דו האלטסט זיך מיט דיינע שמאטעס. און איך בין זיכער, אז ווען שפריץ וועט דערזעהען דעם גאנצען כלאָם, וועט ער זיך דערשיסען פון צער.

— דערשיסען? — האָט זיך דאָראָטשקע פארוואונדערט, אָבער באלד זיך בארוהיגט. — נו, זאָל ער זיך דערשיסען.

— און ווי וועסטו דאָס אלץ פיהרען איבער דער גרעניץ? — איז סימע ביי זיך אראָפּגעפאלען פון איהר ענטפער.

— לאָז מיך צורוה, — האָט זיך דאָראָטשקע אָנגעבייזערט. — מיר וועלען האָבען אזא געזונטען פויער, אזעלכע געזונטע פערד, אזא שפריץ'ן, און ער שטעהט צו מיר צו מיט זיינע נארישע שאלות. פאַר וואָס־זשע צאָהלסטו געלט, אויב מענשען וועלען זיך שיסען, צוליעב יעדען פוטער? א חוץ דעם, זעהט דיין שפריץ גאָר ניט אויס ווי איינער, וואָס וועט זיך גיין שיסען צוליעב אזא נארישקייט. ערשטענס, — האָט זי אָנגעהויבען אויסצורעכענען — איז דיין שפריץ דורכגעגאנגען דורך פייער און וואסער, א מענש וואָס איז אויף אלץ א ספּעציאליסט, נישקשה, ער וועט שוין געפינען

אן עצה. צווייטענס, — האָט זי ווייטער געטענה'ט — האָט דיין שפּריץ געהאָלפען אנטלויפען אזויפיעל מענשען, וועט ער דען ניט קענען העלפען די זאכען צו אנטלויפען, איך וועל עס קיינמאָל ניט גלויבען. און דריטענס, אזעלכע מענשען ווי שפּריץ האָבען ליעב צו שפּיעלען זיך מיט געפאהרען, ביזט ארום און ארום אומגערעכט. אָט האָסטו דיר, און שווייג, און לאָז ארבייטען.

— פון וואנען ווייסטו, אז שפּריץ, — ערשטענס ניט מיינער נאָר אונזערער — וועט צוליעב די שמאטעס געהען ריזיקירען מיט'ן לעבען?

— איך וויים — האָט דאָראָטשקע אָפּגעשניטען, סאָניע, איך זעה ניט מיין סאמעטענעם מאנטעל.

— איהר פארשטעהט, סאָניע, — האָט סימע זיך געווענדעט צו איהר ניט וויסענדיג וואָס צו ענטפערען דאָראָטשקע'ן, — אז איך זאָג, אז שפּריץ וועט זיך דערשיסען, ווען ער וועט דערזעהען דעם בארג מיט זאכען, האָט זי אנדערש ניט פארשטאנען נאָר אז ער וועט טאקע נעמען א רעוואָלווער און אויסשיסען. איך האָב נאָר געוואָלט זאָגען, אז ער וועט זיך אין די גערצנקען דערשיסען.

— אין די גערצנקען! — האָט דאָראָטשקע געזאָגט, אָפּמעסטענדיג סימע'ן מיט א בליק, — איז דאָך אודאי גוט. זאָל ער זיך שיסען וויפיעל מאָל זיין הארץ גלוסט. מיר ארט ניט. אָט דאָס פוטערל וועל איך איבערלאָזען פאר די באָלשעוויקעס? זעהט, סאָניע, ווי עס קליידט מיר — האָט זי געזאָגט, שנעל אריינפאָהרענדיג זיך אין די ברייטע ארבעל. — אין אויסלאנד וועל איך דאָך מאכען א פוראָר אין דעם.

— לאָמיר זאָגען, אז דו ביזט גערעכט — האָט סימע געזאָגט, איבערראשט פון דעם פּרעכטיגען פוטער, וועלכען ער האָט לאנג ניט געזעהן, — אָבער איך רייד ניט דוקא וועגען דעם מלבוש. — וועגען וועלכען דען רעדסטו? — האָט דאָראָטשקע גיפטיג געפרעגט. — אפשר וועגען דעם קאטיקאווען מאנטעל, — און זי האָט איהם אויף גיך אָנגעמאָסטען, אָדער וועגען דער פּעלערינע, — אָדער וועגען דעם היטעלע מיט די שטרויס-פּעדערען, — און זי האָט אָנגעטאָן דאָס היטעלע. — טאָ וועגען וואָס-זשע רעדסטו? האָב איך דען כאָטש איין בילליגע זאך? וועש כאָטש פאר א קייסערינע, זיידענס, טייערע שפּיצען, אדרבא, קוק נאָר אָן...

— יאָ, מיר זענען פאַרלאָרען, — האָט סימע מיט פאַרצווייפלונג געזאָגט.

— וועלכער שוואַרץ יאָהר, וועט עס וועלען שלעפּען, און אפילו אז עס זאָל ווערט זיין מיליאָנען, קיין צוועלף קאסטענס קען מען פאָרט ניט ארויספיהרען.

— און איך וועל דאָ די זאכען ניט לאָזען, — האָט דאָראָטשקע ענטשלאָסען געזאָגט, — גיט מיר די ראָטאָנדע, זינע, ניין, ניט די, די בלויע, אָט די ראָטאָנדע וועל איך איבערלאָזען? — אויב אזוי בין איך דיר מוחל דאָס גאנצע פאָהרען.

— שוין זי איז מיר שוין מוחל דאָס פאָהרען! — איז סימע געוואָרען אן אויפגעקאָכטער, — וואָס פאַר א מאָדנע פרוי דו ביזט, — האָט ער זיך געחידוש'ט, — די שמאטעס זענען דיר טייערער פאר מיר אינגאנצען.

— ניין, ניט טייערער. א ליגען, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט, דערזעהענדיג זיך פאַר'ן שפּיגעל, — נאָר אויב דו צאָהלסט געלד, דאַרף זיין אלץ ווי איך וויל. אויב דיין אומגליקליכער שפּריץ קען עס ניט טאָן, טאָ צי וואָס טויג ער? אומזיסט וועלען מיר איהם קיין געלד ניט צאָהלען. און דאָס היטעלע איז דאָך א פּראַכט.

— איך בין זיכער, אז דו וועסט דעם אומגליקליכען שפּריץ'ן פארמוטשען, — האָט סימע געזאָגט, ניט אראָפּנעמענדיג פונדעסט־וועגען קיין אויג פון דאָראָטשקע'ן, וועלכע האָט איהם אויסגעזעהען צויבערליך שעהן אין דער בלויער ראָטאָנדע און פוטערן היטעלע. — אונזער העלדישער שפּריץ וויים גאָר ניט, אויף וואָס ער האָט זיך צו ריכטען. ער וועט שפּייען מיט בלוט.

— זאָל ער שפּייען, — האָט דאָראָטשקע קאַלטבלוטיג געענט־פערט, אָהן חשק אויסגעטאָן די ראָטאָנדע און צוריק זיך גענומען צו דער ארבייט. — אז ער האָט געהאָלפען אנטלויפען רעוואָלוציאָ־נערען, האָט ער ניט געשפּיגען מיט בלוט און צוליעב באגאזש וועט ער נעמען שפּייען מיט בלוט! אויב אזוי, וועל איך אזא גאָרנישט גאָר צו זיך אויפ'ן שוועל ניט לאָזען. זאָל ער זוכען אנדערע נאַ־ראָנים.

סימע האָט פּלוצים געלאָזט וויסען, אז ער איז הונגעריג. עס איז שוין געווען אכט א זייגער אין אָוועגט. אלע האָבען זיך דער־

מאָנט, אז זיי האָבען נאָך ניט געגעסען קיין אָווענט־ברויט, און מען
האָט זיך אויך גענומען צו אַן אנדער מין ארבייט. מען וועט פריהער
אָפּעסען און דערנאָך וועט מען ווייטער פּאקען. מען דארף א טראכט
טאָן מיט די טעפּיעכר, מיט די שטיקער שטאָף. א סך זאכען זענען
באהאלטען ביי דער פּעטערסאָן, ביים דוואָרניק, ביי א באהן־קאָנדוק־
טאָר. סימע, אז ער האָט עס דערהערט, האָט זיך געוואָלט אָנכאפּען
ביים קאָפּ, אָבער חרטה געקראָגען און אריין אין עס־צימער. מען
האָט געגעסען אין איילעניש, אָבער מיט גרויס אפּעטיט. זינע האָט
דערצעהלט, אז עס איז ניטאָ קיין איין פאמיליע, פון וואנען מען
זאָל ניט אוועקפאָהרען. אָבער מען האָט זיך ווינציג וואָס צוגעהערט
צו איהר. אז דאָראָטשקע האָט אָפּגעגעסען, איז זי גלייך אריינ־
געלאָפען אין גאסטצימער און אז זי האָט דערזעהען איהר האָב און
גוטס, איז זי דורכגענומען געוואָרען פון א שפּאָגעל־נייער שטימונג.
סימע איז אריין, ווישענדיג זיך די וואָנצעס, און געפרעגט: "נו,
וואָס נאָך וועט מען שלעפּען?" דאָראָטשקע האָט א קוק געטאָן אויף
א'הם מיט פאָרוואורף, אָפּגערייניגט פאר זיך א שטיקעל פּלאָץ אויף
דער סאָפע, איינגעוויקעלט זיך אין א סויבעלנעם קראגען און צעוויינט
זיך. זי האָט מיט אמאָל דערפיהלט דעם שרעקליכען חורבן. "געוועזן
א באלעבאָסטע, אוים גביר'טע, לויף ערגעץ וואו די אויגען טראָגען,
און מען ווייס אפילו ניט פארוואָס און פאר ווען. אז גאָט האָט גע־
האָלפען און נאָך 24 יאָהר פון שווערער פראצע איז זי אויפגעריכט
געוואָרען, דארף מען מיט אמאָל אלץ אוועקוואַרפען און אנטלויפען.
וואוהין? עפּעס אין אויסלאנד. צו וואָס דארף זי אויסלאנד, אז זי האָט
דאָ ליעב יעדען ווינקעלע, יעדען שכן, יעדען באקאנטען, יעדע גאס.
אפילו דעם דוואָרניק איז זי איצט מקנא; ער האָט זיך זיין ווינקעלע
און וועט איהם קיין מאָל ניט דארפען אוועקגעבען. ער וועט קיין
איין שמאטקע זיינע ניט דארפען אוועקגעבען, און זי, זי מוז אלץ
אוועקוואַרפען. אוועקוואַרפען אזא זאל, אזא שלאָפצימער—די בעטען
אליין האָבען דאָך אָפּגעקאָסט א פארמעגען, — אזא צאצקע א קאָ־
בינעט: ערשט ניט לאנג נייע מעבעל אריינגעשטעלט. און אזויפיעל
זאכען, און הייזער און דאטשעס. אָבער מעהר פאר אלץ איז איהר
שווער זיך צו געזעגנען מיט איינעם, און זי וויל זיך אליין אין דעם
ניט מודה זיין: מילא, גאָט איז מיט איהם.

— וואָס־זשע ווינסטו? — האָט זיך פארוואונדערט. —

איך פארשטעה דיך ניט, דאָראָטשקע. אין עטליכע טעג ארום וועלען מיר מיט גאָט'ס הילף זיין אין אויסלאנד, און איך וועל גאָר אָפּלעבען. איך וועל ווערען ווי פריהער פרעהליך, רוהיג, אָהן א זאָרג אויפ'ן קאָפּ און וועל שלאָפען ביינאכט, ניט האלטען אין איין ציטערען ווי איצט. אינדערפריה וועלען מיך ניט משוגע מאכען די דעקרעטען, נייעס וועגען נייע הינריכטונג און נייע אידיאטסקע שטיק.

— וואָס האָבען מיך געארט זייערע דעקרעטען? — האָט דאָראָטשקע געענטפערט, — אונז האָבען דען עפּעס געשאָדט זייערע דעקרעטען? מיר האָבען געלעבט ניט ערגער ווי שטענדיג. צו אונז קומען געסט, און מיר געהען צו גאסט, געטאנצט, אין טעאטער געגאנגען, האָסט זיך זעהר גוט איינגעארבייט מיט זיי. וואָס האָט אונז געפעהלט? אמת, מענשען האָבען זיך געמאטערט. און פריהער האָט מען זיך ניט געמאטערט? און אז מיר זענען געוועזען אָרימעלייט, האָבען מיר זיך ניט געמוטשעט? אָן אָרימאן מוז זיך שטענדיג מוטשען. און ווי זאָל איך זיך שיידען מיט מיין גאנצען האָב און גוטס. מען וועט דאָך אַלץ צושלעפען. ווען וועל איך עס ווידער האָבען. אויסלאנד! אודאי איז גוט זיך דורכצופאָהרען קיין אויסלאנד, אָבער ניט אזוי ווי מיר וועלען עס טאָן. די גאנצע צרה איז וואָס דו ביזט א טרוס און שטענדיג האָסטו פאר עפּעס מורא. פארוואָס האָב איך ניט קיין מורא? פארוואָס זאָל מען דיך וועלען דערשיסען. ביזט קיין שום פארברעכען ניט באגאנגען, און מען וואָלט דיך אפילו ניט געשלעפּט.

— אודאי א טרוס, — האָט זיך סימע אָפּגערופען, — דיר איז גוט צו רעדען. און יאקאָבסאָן? און בעלעש נעביך, און הונדערטער אנדערע? עס איז ניט אומזיסט, אז א גאנצע שטאָדט אנטלויפט.

— מילא, מיט יאקאָבסאָנ'ען איז טאקע געשעהען אן אומגליק, איך רעד ניט. מיט בעלעש'ן אויך אמת. אָבער דיך האָט מען דאָך ניט געטשעפּעט. ניט אַלעמען דערשיסט מען. מען דארף לעבען פּאָרזיכטיג, וועט מען דיך ניט טשעפּען, ווי מען טשעפּעט ניט צעהנדליגער טויזענדער אנדערע. און אויב דו וועסט חלילה שטארבען אין אויסלאנד, וואָס וועט פון מיר ווערען?

— איז אפשר זאָלען מיר ניט פאָהרען? — האָט סימע געזאָגט, קוקענדיג אויף איהר ווייך און צערטליך.

„וואָס עפּעס ווילט זיך מיר פאַרענטפערען פאַר איהר?״ איז דורכגעלאָפען אַ געדאַנק.

— איז ווי דו ווילסט. אויב דו ווילסט ניט, וועלען מיר ניט פאָהרען.

— סטייטש ניט פאָהרען, ווען דו האָסט מורא. ווען דו וואָלסט געקענט ניט מורא האָבען איז אַן אַנדער זאַך. נאָר אַז מיר וועלען באַשליסען צו בלייבען, וועסטו דאָך ווידער גאַנצע נעכט ניט שלאָפען.

— אויב אַזוי זאָלען מיר פאָהרען — האָט זיך סימע פאַר־לאָרען.

— וואָס ווילט זיך מיר אַלץ ענטשולדיגען פאַר איהר? — האָט ער זיך גענומען מוטשען.

— און ווי פאָהרט מען, — האָט זיך דראַטשקע ווידער צוגע־וויינט, — אַז איך ווייס ניט ווי דאָרט וועט זיין. קיינער איז נאָך פון דאָרט ניט געקומען אונז דערצעהלען, ווי עס לעבט זיך דאָרט. דאָ בין איך אַ באַלעבאָסטע, אַ גביר'טע. געמוטשעט זיך אַזויפיעל, וועלען מיר זיך נאָך אַ ביסעל מוטשען אפשר אַ יאָהר, אפשר צוויי, אָבער ווען עס איז וועט זיך דאָך עס ענדיגען. דערפאַר וועלען מיר האָבען אונזער גאַנץ פאַרמעגען, ווען עס וועט זיך אָנהויבען אַ ניי לעבען.

— גוט, לאָמיר פאַרבלייבען, — האָט אַלץ ווייכער געענטפערט סימע, טראַכטענדיג וועגען זיינס: „אַ וואוילע ווייב. צעהן יאָהר אַז מיר לעבען צוזאַמען. וואָס וויל איך פון איהר?״

— ווי־זשע בלייבט מען, אַז דו ביזט אַ טרוס? ווען דו וואָלסט געהאַט מוט, ווי אין למשל, און וואָלסט געוועזען אַ קאָלטבלוטיגער. אָבער אַזוי האָב איך אויף דיר רחמנות, אַזאַ רחמנות.

זי האָט זיך צוגעוויינט, צוגעלאָפען צו איהם, אָנגעקוקט איהם און צערטליך אַרומגענומען.

— איך מיין, — האָט סימע געריהרט געזאָגט, — אַז ווען אַנ־דערע קלייבען זיך פאָהרען, שפּאַרען זיי זיך ניט וועגען דעם אַזוי־פיעל ווי מיר.

— ווייל אַנדערע זענען קבצנים, און מיר זענען ניט קיין קבצנים, — האָט דראַטשקע געענטפערט. — זיי האָבען ניט וואָס צו פאַרלירען, און מיר פאַרלירען אַלץ.

— פאַרוואָס־זשע האָסטו איינגעשטימט צו פאָהרען?

— אזוי האָסטו מיך דען ווייניג געמאַטערט? — האָט דאָראָ־טשקע געענטפערט. — לאָמיר אוועקפאָהרען, זאָל זיין וואָס עס וויל זיך. אָבער די באָלשעוויקעס לאָז איך גאָרניט ניט איבער. מיר וועלען נעמען צוויי מוזשיקעס, דריי. איך אליין וועל רעדען מיט שפּריץ׳ן, — האָט זי ענטשלאָסען געזאָגט.

אָבער דאָ זענען אריין זינע און סאָניע, און דאָס אמפּערען זיך האָט פון זיך אליין אויפגעהערט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

צוויי אזייגער ביינאכט האָט זיך סימע לויט זיין געוואוינהייט אויפגעכאַפּט. און ווי דער שטייגער איז האָט ער זיך גענומען טענה׳ן צו זיך, אז מען דאַרף שלאָפען, אָבער ער האָט ניט געקענט איינ־שלאָפען. מיט אַן אָנגעשפּיצט אויער האָט ער זיך צוגעהערט, געדרעהט **זיך** פון איין זייט אויף דער אנדערער און דערמאָנט זיך אָן אַלערליי זאכען. דערנאָך פארטראכט **זיך וועגען בעלעש׳ן, חתונה געמאכט פאר איינוועגס** יאקאָבסאָנ׳ס אלמנה מיט א אָנגעזעהענעם סוחר, פון ״פּראָדאָקאָם״ און אָנגעהויבען אומבאמערקט טראכטען וועגען דער רייזע. אמת טאקע, ווען ער איז ניט קיין טרוס, וואָלט ער גע־דאַרפט בלייבען. דאָראָטשקע איז גערעכט. איבעראיהאָר צי איבער צוויי יאָהר וועלען די באָלשעוויקעס אראָפּ פון בענקעל. דאָס זאָגען אַלע. אויב ער פאָהרט אוועק, וועט זיין אָרט פארנעמען אַן אנדערער און אויף זיין חשבון רייך ווערען. אויסלאנד איז טאקע גוט, די פראגע איז נאָר פאר וועמען זי איז גוט? ווען מען וואָלט געקענט דערגעהען, וואָס איז געוואָרען מיט די, וואָס זענען אוועק קיין אויסלאנד. מען פאָהרט דאָך ווי אויף יענער וועלט, און קיינער איז נאָך ניט געקומען דערצעהלען, ווי עס לעבט זיך דאָרט. און אפשר איז דאָרט נאָך ערגער ווי דאָ? מיר וועלען מיטפיהרען די בריליאנטען און אָנהויבען זיי פאר־קויפען. אויף ווי לאנג קענען קלעקען די בריליאנטען? און אָהן לשון, ווי קען מען זיך נעמען צום געשעפט? וועסט נאָך אריינפאלען צו זשוליקעס אין די הענד און בלייבען אַן אָרימאַן א קבצן.

״יאָ, דאָראָטשקע איז גערעכט, און דאָ בין איך ביי זיך, וויים ווי איין און ווי אוים, דאָס פארמעגען וואקסט. יאָ, אָבער אז מען וועט דערשיסען. האָט דען ניט געקענט פאסירען מיט מיר ווי מיט בעלעש׳ן. אָט ליג איך און הער זיך צו צום מינדעסטען שאָרך. איינ־

דערפריה ווען איך וועל אויפשטעהען, וועל איך איבערלייענען די נייעס און וועל ארומגעהען ווי א צומישטער ביז ביינאכט. עס איז פון פריהעריגען לעבען שוין קיין סימן ניט געבליבען. מיט ווענען דו רעדסט ניט, וויל יעדער איינער אנטלויפען. אָבער ניט אלע קענען, און איך קען יאָ. דאָס איז דער אונטערשיעד. די גאנצע שטאָדט וואָלט אנטלאָפען, ווען ס'איז נאָר מעגליך. דארפען מיר פאָהרען. וואָס דרעהסטו מיר א קאָפּ: דאָ יאָ פאָהרען, דאָ ניט פאָהרען. איך הויב ניט אָן צו וויסען, וואָס צו טאָן. איך ווייס נאָר, אז איך בין אומגליק־ליך און ווי זיך ארויסצוראטעווען פון אן אומגליק ווייס איך ניט. אי דאַראָטשקע איז גערעכט, אי איך בין גערעכט. שוין אלץ ארומ־געטראכט און איצט וועל איך שלאָפען. און שפּריץ? ווער איז ער דער שפּריץ? פון וואנען האָט ער זיך גענומען? זעהר א מאָדנער מענש, א קאָמעדיאנט, נאָר ווער איז ער, וואָס איז ער? רעוואָלוציאָנערען געהאָלפען אנטלויפען און אליין איז ער געווען א יובעליר. עפּעס מאָדנע. וואָס איז עס פאר א חסרון אויב "מאָדנע"? איצט איז אלץ אין לעבען מאָדנע. אָבער דו קענסט דאָך שפּריץ'ן. אפשר איז ער א פארדעכטיגער פארשוין? ווער, שפּריץ? און פארוואָס ניט? קענסט דען שפּריץ'ן? ווי קען מען זיך אָנטרויען אן אומבאקאנטען מענשען? און מייערסאָן? וואָס קען דאָ העלפען מייערסאָן? נו, וואָס רעג איך זיך אויף צוליעב נארישקייטען. איך וועל שוין ביז אין דער פריה קיין אויג ניט צומאכען. א טייער לעבען דאָ א ביסעל. איך וועל דאָ בשום אופן ניט פארבלייבען. דאָרט וועל איך כאָטש קענען שלאָפען ביי־נאכט. כאפּט עס דער טייוועל, איך פאָהר. קיינער וועט מיך ניט אי־בערעדען. איך פאָהר. און שפּריץ, וואָס שפּריץ? וועלכע רעוואָלו־ציאָנערען האָט ער געהאָלפען. וואָס פאר א באָבע־מעשיות. פּשוט א שפּיאָן. איך האָב גלייך דערזעהען, אז עס איז א שפּיאָן און איצט זעה איך, אז איך האָב קיין טעות ניט געהאט. פון וואָס זעהסטו דאָס? ניט דיין זאך. שלאָף. הער זיך אויף ארומצושלאָגען מיט זיך אליין. שלאָף, איך בעט דיך, און אויב א שפּיאָן? האָט זיך אימיצער גע־נומען רייצען מיט איהם. ניט "אויב", נאָר אן אמת'ער, לעבעדיגער שפּיאָן. מאניערען ווי ביי א שפּיאָן, דער קול ווי ביי א שפּיאָן, וואָס עפּעס גלייך נעהמען א מענשען דערצעהלען וועגען רעוואָלוציאָנערען, און אז ער איז געווען דער גאנצער מאכער ביי זייער אנטלויפען. ווען? ווער איז געווען דערביי? און ווי האָב איך זיך גלייך ניט געכאפּט

און אויסגעשטעלט מויל און אויערן און געהערט. איך פאָהר ניט מיט איהם. איך וועל מיט איהם בשום אופן ניט פאָהרען. טאָמער קומט ער, טרייב איך איהם ארויס. איך פאָהר ניט, און א סוף אן עק. איצט וועסטו מיך שוין ניט איבערשפּארען. כאַפּט עס דער טייוול, איך וועל דאָ בלייבען, לעבען זיך שטיל, פאָרזיכטיג און ניט ריהרען זיך פון אָרט. און אויב מען וועט מיך אפילו ארעסטירען, הייסט עס נאָך אויך ניט, אז מען וועט מיך דערשיסען. ווינציג מענשען האָט מען ארויסגעלאָזט פון דער טשעקא? געהאַלטען א ווײַלע און ארויס־געלאָזט. אָדער אפשר פאָרט פאָהרען? נעהמט עס דער טייוועל. איך וועל פונדעסטוועגען פאָהרען. איך פאָהר. מיט א שפּיאָן? מיט א שפּיאָן. און אפשר איז עס גאָרניט קיין שפּיאָן? פארוואָס עפּעס פּלוצים א שפּיאָן? ער האָט טאַקע געטאָן ווי מען באדארף, אַלץ אויסדער־צעהלט וועגען זיך, אז איך זאָל וויסען מיט וועמען איך האָב צו טאָן. א חוץ דעם, איך קען זיך דאָך נאָכפרעגען וועגען איהם. ער וואָלט ניט אויסגעטראכט. מייערסאָן קען דאָך איהם. איך מיין, מען דארף זיך מישב זיין מיט דאָראָטשקע׳ן. — דאָראָטשקע! — האָט ער א רוף געטאָן אויפהויבענדיג זיך אויפ׳ן עלענבויגען.

— וואָס איז? — האָט זי זיך מיט אַמאָל אויפגעכאַפּט.

— דו ווייסט, וואָס מיר איז איינגעפאלען?

— שלאָפסט נאָך ניט? — האָט זי זיך פארוואונדערט.

— וואָס שלאָפען איך ווער פארברענט פון געדאַנקען.

— טאָ נעהם איין בראָם, — האָט זי איהם אן עצה געגעבען און א געניץ געטאָן.

— בראָם וועל איך דיר נעהמען! — האָט ער קאַלט געזאָגט — שפּריץ איז א שפּיאָן.

— וואָס? — האָט זיך דאָראָטשקע א כאַפּ געטאָן, גלייך קו־מענדיג צו זיך — א שפּיאָן? ווער? שפּריץ?

— אודאי שפּריץ, — האָט סימע געענטפערט. — ווער דען, איך? און וואָס טראכסטו? דיר זעהט ער ניט אויס ווי א שפּיאָן?

— הויבסט שוין אָן מיט דיינע מעשיות. לאָז מיך צורוה און שלאָף.

— ווי־זשע קאָן איך שלאָפען, אז מיר דאכט זיך אז ער איז א שפּיאָן?

— אָבער פארוואָס זאָל זיך דיר דאכטען? — האָט דאָראָטשקע

מיט כעס געגומען איהם באווייזען. — ביזט געווען דערביי, האָסט געזעהען, אז ער איז א שפּיאָן?

— און אויב איך בין דערביי ניט געווען, הייסט עס שוין, אז ער איז קיין שפּיאָן ניט?

— אך, לאָז מיך שלאָפען און לאָמיר זיך איצט ניט שפּארען. אין א מינוט ארום וועט ער זיין ביי דיר א גאנצער הייליגער, וואָס זשע בין איך אין דעם שולדיג? האָסט שוין אזא טבע ארומצופאָהרען אהין און צוריק. טו עס געזונדערהייט אליין, אָבער מיך לאָז צורוה. נעהם איין בראָם.

— א פרוי זאָל אזוי ווינציג איבערטראכטען האָב איך נאָך ניט געזעהן: געהערט ווערען א מוזשיק און שוין גרייט אָנצוטרויען אַלץ וואָס זי האָט א ווילד פרעמדען מענשען, — האָט סימע אָנגעהויבען מיט זיינע טענות. — זי איז שוין גרייט די נשמה אוועקצוגעבען. וואָס פאר א מוזשיק, ווערכער מוזשיק, קיינער האָט דעם מוזשיק ניט געזעהען, אפשר איז גאָר אזא מוזשיק אויף דער וועלט ניט געווען, און זי גלויבט. דאַרף מען א טראכט טאָן, און זי מיט איהר בראָם.

— ניין! — האָט דאַראָטשקע אויסגעשריען א דערצאָרנטע אי דערפון, וואָס ער האָט איהר דעם שלאָף קאליע געמאכט, אי דערפון, וואָס ער טשעפּעט זיך צוליעב נארישקייטען. — איך קאָן עס ניט אויסהאַלטען! איך האָב געבראכט אהער שפּריצ'ן? איך האָב מיט איהם גערעדט?

— נו, איז וואָס־זשע איז? ביזט א ווייב — שטעל מיך אָפּ. און טאָמער איז ער גאָר א פּארדעכטיגער פּארשוין און וועט נאָך אריי־בערברעגגען אהער עטליכע טשעקיסטען? פאָהרען פאָהר איך, כאפּט עס דער טייוועל, נאָר זאָל זיין מיט א ראיעלען מענשען.

— און איך זאָג דיר, אז דו זאָלסט איינגעהמען בראָם, — האָט דאַראָטשקע געזאָגט.

— איך פייף אויף דיין בראָם, — האָט סימע געענטפערט. איך בין שטאַרקער ווי דיין בראָם. אָדער ניט פאָהרען, האַ? כאפּט עס דער טייוועל? לאָמיר דאָ בלייבען, — האָט ער פּלוצים געזאָגט.

דאַראָטשקע האָט איהם אָנגעקוקט און שווייגענדיג זיך אויסגעדרעהט צו איהם מיט דעם רוקען.

„נו, גאָט איז מיט איהר. איך וועל אויך פּרואווען איינדרימלען.

אַט נעכטעלאַך" — האָט ער געטראַכט. — „ניין, איך וועל ניט איינ־שלאָפען, איך האָב מורא".

— דאַראַטשקע, — האָט ער זיך מיט אמאָל גענומען בעטען, — דאַראַטשקע, נעהם מיך צו זיך...

— און רעדען וועסטו ניט? — האָט זי געפרעגט איהם נאָך א קורצען שווייגען. — נו, געה, דרעה זיך איבער צו דער וואנט און שלאָף.

# IV

חבר פראק איז ארויפגעלאָפען אויף די שטיגען, וואָס דער מאר־מאָר האָט זיך ניט אָנגעזעהן אונטער דער געדיכטער בלאָטע. ער האָט א טרייסעל געטאָן מיט זיינע לאנגע האָר און אנטשלאָסען און טראגיש אָנגעקלונגען ביי סימע'ס פאראדנע טיר. אויפ'ן קלונג איז ארויסגע־קומען זינע און אז זי האָט דערזעהן פראק'ן האָט זי א שמייכעל גע־טאָן צו איהם. ער האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף איהר שמייכעל און אַלץ מיט דער זעלבער ענטשלאָסענקייט געפרעגט: „סעמיאָן גרי־גאָריעוויטש איז דאָ?". „ניין, ער איז ניטאָ אין דער היים", האָט זינע געענטפערט אביסעל פארוואונדערט פון זיין קול און פון דער טרא־גישקייט, וואָס זי האָט געזעהן אין זיינע אויגען. „נאָר דאַראַטשקע איז דאָ אין דער היים", האָט זי איהם פרובירט ווייכער מאַכען.

— איך וויים, — האָט ער שטאָלץ און מיט א געוויסער בי־טערקייט געענטפערט. — גיט איהר איבער, אז איך דארף מיט איהר רעדען.

— קומט אריין אין גאַסט־צימער, — האָט זי איהם העפליך געבעטען, און איך וועל איהר באלד זאָגען, אז איהרווארט אויף איהר.

— אַ דאַנק.

געוואָלט האָט ער זאָגען „חבר" נאָר דערמאָנט זיך, ווער זי איז און נאָר געזאָגט: — איך דאַנק אייך זעהר, — האָט ער צוגעגע־בען, אליין ניט וויסענדיג, פאַרוואָס ער איז אזוי ליבענסווירדיג.

ער איז אריין אין גאסטצימער ווי אן אייגענער מענש, אוועק־געזעצט זיך אין טיעפען שטול, געוואַרט א ווײַלע, אויפגעהויבען זיך

פון אומגעדולד, צוגעגאנגען צום שפיגעל, לאנג באטראכט זיין געשפרינקעלטע נאָז מיט דער אָפגעשיילטער הויט, דערנאָך אריינגעכאַפט מיט׳ן גרויסען און מיטעלסטען פינגער די קינבאקען און פרובירט זיי א רוק טאָן פון אָרט, איינגעגראָבען דעם בליק אין זיינע ברוינע אויגען און געבליבען מיט זיך צופרידען. מיט א קורצען שיטערען קעמעל האָט ער א פיהר געטאָן איבער די האָר, צוגעגרייט דעם קול, א וואָרף געטאָן צוריק דעם קאָפ און אָנגעהויבען נערוועז און ביי א געוויסען גראד טראגיש ארומשפאנען איבער׳ן צימער.

ווען דאָראָטשקע האָט דערהערט פון זינע׳ן, אז חבר פראק וויל מיט איהר רעדען, האָט זי דערפיהלט ווי די פיס הויבען איהר אָן צו ציטערען. צוערשט איז זי פון אויפרעגונג רויט געוואָרען, דערנאָך בלייך געוואָרען און פריהער פון אלץ זיך א וואָרף געטאָן צום שפיגעל. האָט זיך אָנגעהויבען א מוטשעניש מיט די האָר. די האָר האָבען זיך איינגע׳עקשנ׳ט און ניט געוואָלט אָננעהמען די פאָרמע, וועלכע זי האָט זיי געוואָלט געבען. דערצו האָבען נאָך געציטערט די הענט. זי האָט אויפגעשלאָגען די האָר דאָ אזוי און דאָרט אזוי. דאָ האָט זי אויפגעדעקט די אויערען, אזוי אז עס האָבען זי געזעהען די גרויסע לעכלעך פון די אויערינגען, און דאָ זיך דערשראָקען פאר די לעכלעך און איינגעדעקט זיי מיט קרייזלאך האָר, און האָט אלץ ניט געוואוסט ווי עס איז בעסער —מיט אָפענע אויערען און ניט שעהנע לעכלאך, אָדער מיט איינגעדעקטע אויערען נאָר ניט שעהנע קרייזלאך. האלב פארשטעלט די אויערען. די דינסטע בלוזקע. קורצע ארבעלאך. א שווארץ קלייד, לאקירטע טופליעלאך און דינע זאָקען, ווי שפינוועבס. פודער, פארפיום און א בלויער באנד ארום שטערען. מיט א שטארק קלאפענדיג הארץ איז זי אריין אין גאסטצימער.

אז פראק האָט זי דערזעהן — אזא פרישע אינטערעסאנטע, האָט זיין פנים גלייך אויסגעדריקט פולשטענדיגע ענטציקונג, אָבער פון זיין טראגישקייט האָט ער זיך ניט אָפגעזאָגט. ער איז צו איהר ענטשלאָסען צוגעגאנגען, א קנאק געטאָן מיט די קנאפעל, א קוש געטאָן איהר פארפיומירטע האנט און קוקענדיג איהר גלייך אין די אויגען. איהרע אויגען האָבען זיך דערפון ווי א וואקעל געטאָן געפרעגט, אונטערשטרייכענדיג די ווערטער:

— איך האָף, קיינער וועט אונז ניט שטערען?

— קיינער ניט, — האָט דאָראָטשקע געענטפערט, אויסמיידענ־

דיג זיין בליק. — סעמיאָן גריגאָריעוויטש איז ערשט ניט לאַנג אוועק. יעדענפאַלס וועל איך דערקענען זיין קלוגג, אויב ער קערט זיך אום.

— אויב אזוי איז גוט, — האָט פראק געזאָגט. — איהר זייט גרייט מיך אויסצוהערען?

— אָבער וואָס איז דען? פארוואָס אזא טאָן? — האָט דאָראָטשקע געפרעגט און אויפמערקזאם איהם אָנגעקוקט. לאָמיר זיך זעצען אויף דער סאָפע.

— ניין, איך וועל זיך אויף דער סאָפע נעבען אייך ניט זעצען, — האָט חבר פראק געזאָגט מיט א טראגיש קול, אָנכאַפּענדיג זיי פלוצים ביי דער האנד. — ווידער די סאָפע, ווידער רייצען זיך מיט מיר. ניין, גענוג פאַר מיר, גענוג.

דאָראָטשקע'ן איז אזא אָנהויב זעהר געפעלען געוואָרען, זי האָט דערפיהלט איהר מאכט און אָנגעהויבען רעדען קאָקעטיש, צערטליך, אומשולדיג:

— ווער רייצט זיך מיט אייך, סאשא? אויף דער סאָפע וועט אונז זיין זעהר באקוועם צו רעדען. זייט ניט איינגעשפארט, זעצט זיך און זאָגט מיר ועגען וואָס עס האַנדעלט זיך.

— ניין. אויף דער סאָפע זעץ איך זיך ניט, — האָט פראק זיינם גע'טענה'ט. — אויף דער סאָפע האָב איך דעם קאָפּ פאַרלוירען. איהר געדענקט, ווי איך האָב דעם קאָפּ פאַרלוירען אויף דער סאָפע? — האָט ער געפרעגט. — איהר געדענקט ניט. וואָס בין איך פאַר אייך? א שפּיעלצייג, א פּילקע, א אינגעל, מיט וועלכען מען קען זיך א שפּיל טאָן און דערנאָך אוועקוואַרפען, ווען עס ווערט דערעסען. ניין, איהר לאָזט ניט אַראָפּ די אויגען. ענטפערט. איך פאָדער פון אייך אן ענטפער. אויב איך בין א גאָרנישט, א אינגעל, וויל איך עס פון אייך הערען, אויב איך בין א שפּיעלצייג, א פּילקע, טאָ צו וואָס האָט איהר זיך גידאַרפט שפּילען מיט מיין לעבען?

— וואָס הייסט, איך האָב געשפּיעלט מיט אייער לעבען? — האָט דאָראָטשקע געזאָגט דערפילענדיג זיך שולדיג, וואָס זי האָט גע־האַלטען פון איהם בסוד איהר אָפּפאָהרען. — ווען האָב איך גע־שפּילט מיט אייער לעבען?

— איהר פרעגט ווען? — האָט זיך פראק פארוואונדערט. — שטענדיג. איך דאַרף ניט, אז איהר זאָלט זיך מיט מיר שפּיעלען. איך בין נאָך א בלום. שפּיעלען זיך דאַרפען אפשר אָפּגעלעבטע מענשען,

אָפּגעשוואכטע, אויסגעלאָסענע, אָבער ניט איך. איך דאַרף האָבען א געזונט געפיהל.

— אך ווי ער רעדט עס, ווי ער רעדט, — איז דראָטשקע ענט־ציקט געוועןן און ווידער געפיהלט זיך אין דער מאכט פון דער שטאַר־קער שטימע.

— סאשא, — האָט זי צערטליך געזאָגט, — וואָס ווילט איהר פון מיר?

— וואָס הייסט, וואָס איך וויל? איהר פרעגט ביי מיר, וואָס איך וויל. איך דאַרף ביי אייך פרעגען, וואָס ווילט איהר פון מיר. איך וויל אַלץ, און אויב ניט, דאַרף איך קיין זאך ניט. גענוג. איך בין געקומען מאכען א סוף. אייערער בין איך, צי ניט אייערער? פאַרוואָס האָט איהר ביי מיר צוגענומען די פאָטאָגראפיע?

— פארוואָס, — האָט זיך דראָטשקע פארלוירען, — נו, איהר ווייסט אליין.

— איך ווייס ניט, — האָט פראק געענטפערט. — דאָס איז געוועןן א פּראָפּאנאציע, א באַליידיגונג פאר מיין טיעף געפיהל.

— סאשענקע, — האָט זי מיט געבעט געזאָגט. — לאָמיר זיך ערנסט דורכרעדען.

— איך וויל ניט רעדען ערנסט. איך וויל רעדען וועגען מיינע געפיהלען, און בייגאכט, — האָט ער זי אָנגעהויבען שטעכען, — איהר געדענקט אין אויטאָמאָביל, וואָס איז דאָס געוועןן?

— וואָס זשע האָב איך געקאָנט טאָן, — האָט זיך דראָטשקע פארענטפערט, — אז איהר האָט זיך אָנגעהויבען ערלויבען.

— יאָ, האָט פראק געזאָגט. — איך האָב זיך ערלויבט, דאָס איז אמת. אָבער איהר וואָלט ערלויבט אן אנדערען אויך, ווען יענער ערלויבט זיך.

— אָבער איך בין אייך געוועןן אזוי דאַנקבאר, — האָט זיך דראָטשקע אַלץ פארענטפערט, פּיהלענדיג, אז ער איז גערעכט.

— הייסט עס, אז אויס דאַנקבארקייט קען אן אנשטענדיגע פרוי, — האָט פראק אָנגעהויבען גרויזאם באווייזען, — ערלויבען זיך צו האַלזען און קושען. און ווי אזוי האָב איך אייך געקושט, געדענק איך אויך. איך פיהל נאָך איצט דעם ריח פון אייער פנים. ניין, אן אנשטענדיגע פרוי וואָלט ניט ערלויבט, מען זאָל זי קושען. הייסט עס, אז איהר זייט אָדער אן אומאַנשטענדיגע פרוי, אָדער איהר האָט

מיך אין יענער מינוט ליעב געהאַט. אָבער, — האָט ער אומדער־באַרמדיג פאָרטגעזעצט, — נאָכדעם ווי איהר האָט מיר געגעבען אָהן א שיעור האָפנונגען האָט איהר מיט אמאָל איבערגעריסען אונ־זער וואונדערליכע נאָהנטקייט, און דערמיט וואָס איהר האָט איבער־געריסען אונזער נאָהנטקייט, האָט איהר מיך נאָך מעהר צו זיך צו־געבונדען. איהר האָט געזעהן ווי מעלאַנכאָליש איך בין די לעצטע צייטען. איהר געדענקט, וואָס איך האָב אייך געזאָגט, ווען מיר האָ־בען געטאַנצט און ביידע אנידערגעפאַלען אויפ׳ן שטול. אָבער איהר האָט זיך געמאַכט ווי איהר הערט ניט. און איך האָב אייך געזאָגט, אז איך קען אָהן אייך ניט לעבען.

„עס איז צו ווייט פאַרגאַנגען”, האָט זיך דאָראָטשקע דערשראָ־קען. ”ווען האָבען מיר זיך עס אזוי פארפלאָנטערט? וואָס קען איך טאָן, ער געפעלט מיר, נאָר איך קען דאָך ניט פאררואטען סימע׳ן. איך קען פאר קיין פאַל ניט, ווען איך ווייס פריהער, אז עס וועט ווערען אזא פארדרעהעניש, וואָלט איך גאָרניט אָנגעהויבען. ניין, איך בין ניט קיין אמת׳ע דאמע: אן אמת׳ע דאמע וואָלט איהם שוין לאַנג נאָכגעגעבען.

”נו, איז ניט קיין דאמע, אז איך קען פאָרט ניט. מיר איז מיט איהם אנגענעהם, אָבער איך קען ניט.

— סאַשאַ, — האָט זי געזאָגט. — זאָל זיין, אז איהר זייט גע־רעכט, און מיר זענען ביידע אומגליקליך. אלץ, וואָס איהר האָט מיר געזאָגט איז אמת. נאָר אנדערש קען עס ניט זיין. איך פאָהר אויף שטענדיג אוועק, — האָט זיך איהר געוואָלט זאָגען, נאָר זי האָט זיך אָפּגעהאַלטען, נאָר ביים געדאַנק וועגען אָפּפאָהרען האָט זיך איהר פארוואָלט וויינען. — יאָ, איך בין אפשר שולדיג געגען אייך, אפשר בין איך געווען לייכטזיניג, ניט פארטראכט זיך ווי געהעריג. איהר זייט יונג, סאשא, און אפשר וועט אן אנדער פרוי... און איהרע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרערען....

— ווידער בורזשויסקע ווערטער! — איז פראק אויפגעבראכט געוואָרען. — ווען וועט די פרוי ענדליך באפרייט ווערען. איהר זייט יונג, — האָט ער סארקאסטיש איבערגע׳חזר׳ט. — אפשר אן אנדער פרוי. איך האָב ליעב מיין מאַן; א קאָשמאר! און איך פיהל דאָך, אז איך בין אייך סימפאטיש, אז איהר... ליעבט מיך. אויסגעצייכענט,

האָט אייך ליעב אייער מאַן! פאַר מיר איז איצט די פראַגע פולשטענ־דיג קלאָר. מעהר וועל איך זיך צו דעם ניט אומקעהרען...

— אָבער איך קען דאָך ניט אוועקוואַרפען מיין מאַן, — האָט דאַראָטשקע ניט דרייסט געזאָגט, באַדויערענדיג וואָס דער ליעבער ראָמאַן האַלט זיך ביים ענדיגען.

— איך האָב אייך ניט געזאָגט, אַז איהר דאַרפט אוועקוואַר־פען אייער מאַן, — האָט פראַק שנעל פּראָטעסטירט. די גאַנצע שעהנ־קייט פון אונזער ליעבע וואָלט געווען, וואָס זי בלייבט אַ סוד.

— יאָ, — האָט דאַראָטשקע געזאָגט, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ. — אייך איז גרינג צו רעדען, ווייל איהר זייט ניט פאַרהייראַט. און אויב מיין מאַן האָט מיך ליעב.

— דאָס מאַכט גאָרניט אויס, וואָס ער האָט ליעב. אָט האָב איך דאָך אייך אויך ליעב. — האָט פראַק געענטפערט. — איהר האָט געדאַרפט זאָגען דעם מאַן: פון היינט אָן וועלען מיר לעבען ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער.

,,זאָגען סימע'ן אַז ער זאָל מיט מיר לעבען ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער", — האָט דאַראָטשקע אַ טראַכט געטאָן און צולאַכט זיך ביי דעם געדאַנק. ,,פיין וואָלט ער עס אויפגענומען".

— איהר לאַכט, — האָט פראַק ביטער געזאָגט. — איהר זייט גערעכט. איך בין ווערט מען זאָל פון מיר לאַכען, אויב איך האָב אייך כאָטש איין רגע געקענט גלויבען. אדיע. איך ווייס ווי זיך אויס־צוהיילען פון ליעבע. איך וועל אייך פאַראַכטען און פאַרשעלטען. איך וועל זוכען אַן אַנדער פרוי, און ווען איך וועל זיך פאַרליעבען, ערשט דעמאָלט וועל איך קומען צו אייך. אַך, ווי גרינג מיר וועט דעמאָלט זיין. און איהר, זייט אַזוי גוט, האָט זיך ליעב אייער מאַן. איהר וועט זיך האָבען אייער מאַן און איך — געליעבטע, טויזענדער געליעבטע. אַדיע, — האָט ער איבערגע'חזר'ט און דערלאַנגט איהר די האַנט.

— ניין, — האָט דאַראָטשקע געזאָגט, מאַכענדיג אַ פּאָר טריט אויף צוריק און דערפיהלענדיג אַ וועהטאָג אין האַרצען פון זיינע ווערטער. — איך וועל אייך די האַנט ניט געבען. גוט, זוכט אייך געליעבטע, איהר זייט געווים צופרידען, וואָס איהר קענט עס איצט טאָן. אפשר האָט איהר זיך שוין געפונען אַ געליעבטע. איך בין זעהר צופרידען, איך ווינש ערפאָלג איהר און אייך.

— טאָ וואָס זשע ווילט איהר פון מיר, גרויזאַמע פרוי! — האָט

פראק לײדענשאַפטליך אױסגערופען. — איהר שטױסט דאָך מיך אָפּ און ניט איך אײך, — און ער האָט אָנגעכאַפּט איהר האַנט און באַדעקט זי מיט קושען.

— פּראַטשעק, פּראַטשעק, װאָס טוט איהר?

— איך טו קײן זאַך ניט, טײערע, איך טו דען עפּעס. אבסאָלוט קײן זאַך ניט. לאָזט אָפּ מײן האַנט ליעבע פרױ, געליעבטע פרױ.

— פּראַטשעק, הערט אױף און רעדט ניט קײן נארישקײטען. איך װעל בײז װערען.

— איך װעל אױפהערען. נאָר אײן קוש אױף די ליפּען. נאָר אײנעם, װי דעמאָלט, איהר געדענקט?

— רעדט ניט קײן נארישקײטען, קײן אײנעם ניט, — האָט דאָראָטשקע געענטפערט, גרײט זיך צוצװײנען, װאָס זי פאָהרט אװעק, און װאָס דער װאונדערליכער ראָמאַן האָט זיך אױף אײביג געענדיגט.

— נײן, איך װעל רעדען נארישקײטען, ליעבע, צארטע פרױ. אײן קוש. פאר'ן געזעגענען. אײן אײנציגען. און ער װעט דױערען א רגע, א שעה, צװײ, אפשר דרײ.

— דער לעצטער, — האָט דאָראָטשקע איבערגע'חזר'ט און מיט א שטארק קלאַפּענדיג הארץ דערנעהנטערט צו איהם איהר געזיכט.

עס האָט זיך דערהערט א קלונג. דאָראָטשקע האָט זיך א װאָרף געטאָן צום טיר.

— סעמיאָן גריגאָריעװיטש איז געקומען, — האָט זי געזאָגט — איהר זעהט, אז מען קען ניט. ניט באַשערט.

און פארשװאונדען. פראק איז צוגעגאנגען צום שפּיגעל, באַטראכט זיך און טיעף אָפּגעזיפצט.

## V

שפּריץ איז פארשװאונדען. שפּריץ איז װי אין װאסער ארײן. שפּריץ האָט זיך ניט געװיזען, װאוהין איז אהינגעקומען שפּריץ, דער קאָמעדיאַנט, דער זשוליק, דער העלד, װעלכער האָט געהאָלפען אַנטלױפען אזױ פיעל רעװאָלוציאָנערען. װי װאָלט זיך װידער װעלען זעהען זײן לאַכעדיג פּנים, די געשפּרינקעלטע סימפּאטישע הענט און די קאָמישע ברױנע ראדימקע אױף זײן הארצען. א טאָג איז פאראי־

בער און שפּריץ איז ניט געקומען. דער צווייטער טאָג, דער דריטער טאָג און ניטאָ שפּריץ, פאַרפאַלען, קיין זכר ניטאָ. געלאָפען צו מייערסאָנ׳ען. שפּריץ איז ניטאָ. וואו־זשע האָט ער געקענט אַהינקומען? דער אכטער טאָג, דער צעהנטער טאָג, שפּריץ איז ניטאָ!

יעדען טאָג לאָזט זיך סימע ארוים אויף יאגד נאָך שפּריץ׳ן. אָהן שפּריץ׳ן קען ער ניט לעבען. וואָס ווייטער, ווערט איהם אַלץ טייערער דער דאָזיגער מענש, וועלכער האָט איהם א מאניע געטאָן מיט ליכט און פרייהייט און איצט געלאָזען אין דער פינסטער. מיט טויזענד און טויזענד מאטערנישען. א מיליאָן פאר שפּריץ׳ן. צוויי מיליאָן פאר שפּריץ׳ן. און פאָהרען אפילו דאַרף מען ניט אין ערגעץ, אבי געפינען איהם און דערזעהן, פארשטעהן פארוואָס ער איז פארשוואונדען. די געדאנקען טראָגען אזוי סימע׳ן, אז איהם דאכט זיך, ער פליהט. אָט איז ער אויף איין גאַס, און אָט שוין אויף דער אַנדערער. דער קאָפּ עקספּלאָדירט ביי איהם. דער אָפּגעריסענער ווילען טראָגט זיך איבער׳ן ים פון זיין באוואוסטזיין, און דאָס זעלבסטבאוואוסטזיין איז צושפּאָלטען געוואָרען אויף א רייהע קליינע באוואוסטזיינס, איינס איינגעפלאָכטען אין דעם אנדערען. א שפּאַס דאָס איז! — שוין צעהן טעג ווי ער לעבט אין אויסלאנד און זיין קערפּער איז נאָך אַלץ דאָ. און דאָ זענען אי שפּיאָנען אי פּראָוואָקאַטאָרען, אי טשעקיסטען, אי רויבער, א גאנצער וואלד מיט חיות, צוליעב וועלכע מען קען זיך קיינמאָל ניט אויסשלאָפען, קיינמאָל ניט אָפּעסען רוהיג, קיינמאָל ניט רוהיג א טראכט טאָן, א שמועס טאָן, קומען צו זיך, וואו־זשע איז שפּריץ? אָהן א מוזשיק קען מען ניט אַריבערפאָהרען, און דער מוזשיק איז ביי שפּריץ׳ן אין קעשענע. און שפּריץ איז ניטאָ. א מוזשיק קען מען געפינען. פארוואָס זאָל מען ניט קענען? אָבער עס איז ניט דער מוזשיק. קאָנסט נאָך אַמאָל ארייַנפאלען צו אזא, וואָס איז א פּראָוואָקאַטאָר, א גנב, א מערדער, אָדער נאָך עפּעס ערגערס. אז מען זאָל צונויפשטוקעווען שפּריץ׳ן מיט׳ן מוזשיק, באקומט זיך, וואָס מען דאַרף. אָבער שפּריץ איז ניטאָ. מוזשיקעס זענען פאראָן, אָבער וואָס קומט ארוים דערפון, אז דו ווייסט ניט, צי דו וועסט קריגען דעם ריכטיגען, און אויב שוין יאָ דעם ריכטיגען, וועט ער דאָך סיי ווי אָהן שפּריץ׳ן ניט אויסזאָגען, אז דאָס איז ער טאַקע, יענער מוזשיק, וועלכען מען דאַרף האָבען.

א בלאָנדינטשיק איז פארבייגעשפּרונגען. ניין, דאָס איז ניט

שפּריץ. דאָס איז גלאַט אַזוי זיך אַ בלאָנדינטשיק, און שפּריץ איז אַנ׳אַנדערער, אַזעלכע סימפּאַטישע הענט, באַשאָטען מיט זומער־שפּרינקעלאַך. און אַ ראָדימקע. דער איז גאָר אָהן אַ ראָדימקע, כאָטש דאָס האַרץ איז ביי איהם אָפען ווי ביי אַלעמען. איך דאַרף אַ מענשען מיט אַ ראָדימקע. ווי אַ מייזעלע האָט די ראָדימקע אויסגעזעהען. ניטאָ קיין צוויי מענשען מיט אַזאַ מייזעלע, הייסט עס, עס איז שפּריץ. און ווי האָב איך ניט פאַרשטאַנען, אַז שפּריץ קען טאַקע זיין אַט אַזאַ־אַ: קומען און אַ מאַניע טאָן און אויף אייביג פאַרשווינדען. דאָ האָט מען איהם געדאַרפט פאַרשטעלען דעם וועג. האַלטען איהם אונטער׳ן שלאָס און זיץ דאָ ביי מיר. רעד מיט דיין סימפּאַטיש קול, דערצעהל דיינע מעשיות, שמייכעל און זשמורע דיינע קליינע אויגלאַך. און איך האָב איהם אָפּגעלאָזט. דאָס גליק אָפּגעלאָזט. וואָס איז דאָ עפּעס? אַ מאַרק. אַ חוזק און ניט קיין מאַרק. שוין לאַנג פאַרמאַכט און עס געהט נאָך אַלץ אונטער׳ן נאָמען פּראַק. וואָס האָט דאָ ווידער פאַרבייגעשוועבט? דער „איספּאָלקאָם”. נו, איך וויל אויפ׳ן „איספּאָלקאָם” אפילו קיין קוק ניט טאָן. און אפשר איז דאָרט שפּריץ? נו, וואָס האָט ער צו טאָן אין „איספּאָלקאָם”? און ווער איז דאָרט ביים ראָג־גאַס? ניט שפּריץ. און אפשר יאָ שפּריץ. איך וועל צולויפען. ניין, ניט שפּריץ. יעדען טייוועל קענסטו טרעפען, אָבער שפּריץ׳ן טרעפסטו ניט. דאָ דאַרף מען שפּריץ׳ן, נו, געהט ער צום טייוועל. שפּריץ קאָן טאַקע זיין, און פונדעסטוועגען ועסטו ניט פאָהרען. מעגליך טאַקע, אַז איך וועל ניט פאָהרען, אָבער שפּריץ׳ן דאַרף איך. מיר ווילט זיך אויף זיין מייזעלע נאָך אַמאָל אַ קוק טאָן. היים. מיר איז פון גרויסען בויך היים, און איך לויף. איך וועל טראַכטען וועגען בויך. גענוג שוין שפּריץ. איך וועל געהן אַהיים און צולייגען זיך אָפּרוהען. איך וועל טראַכטען וועגען בויך? פאַרוואָס עפּעס וועגען בויך? מען דאַרף. איך וויל טראַכטען וועגען בויך. דאַכט זיך, דאָרט געהט שפּריץ! הוראַ! שפּריץ דער בלאָנדינטשיק. וואָס חלומ׳ט זיך מיר כסדר שפּריץ ווען איך זאָל ניט אָנטרעפען. אַלע זעהען אויס ווי שפּריץ. אָט איז ווידער דורכגעלאָפען אַ שפּריץ האַלאָדראַניעץ. לויפען דעריאָגען איהם, ניט כדאי. איך וועל אַנ׳אַנדערען טרעפען. אָט געהט ווידער עפּעס אַ שפּריץ. זיי זענען אַזוי פיעל, אַ שרעק! וואָס־זשע איז זיך דאָ צו יאָגען? וועט אַוועק איינער, וועט קומען אַן אַנדערער. ווער איז פאַרבייגעגאַנגען? שפּריץ. דער בלאָנדינ־

טשיק. ווער קומט עס איצט אַן נעהענטער צו מיר? אפשר שפּריץ? גאַט מיינער, וויפיעל שפּריץ'ען! און אַלץ טראַגט זיך, לויפט, פליהט, שטויסט זיך צוזאמען, לויפט זיך פונאַנדער און קומט זיך ווידער צונויף, געהט אויף איהם ווי א גאנצע מחנה, און הינטער יעדען — א נייער בארג מיט געדאנקען, און געדאנקען איינגעפלאָכטען אין געדאנקען, און ווידער פליהט אַלץ און שוועבט.

שוין־זשע שפּריץ? טאקע שפּריץ! שלעפּט זיינע דינע פיסלאך. יאָ, ער שפּריץ! שפּריץ! איך וועל דיר מיין לעבען אוועקשענקען, אויב דאָס איז שפּריץ. שפּריץ! און אָט איז שפּריץ נעבען איהם, א לעבעדיגער, אמת'ער, שטעהט און שמייכעלט ווי קיינמאָל גאָרניט, און דאָס מייזעלע קוקט זיך ארוים פון הינטער דער פּאַכווע, אויסגע־שטרעקט זיינע סימפּאטישע, געשפּרינקעלטע הענט און אַלץ האָט זיך אָפּגעשטעלט. פארגליווערט געוואָרען. אוים ציטער. רוה, וואָכעדיג־קייט.

— וואו־זשע זענט איהר פארפאלען געוואָרען? — זאָגט סימע, איינקוקענדיג זיך אין איהם. און ווי אזוי האָב איך אייך געפונען?

— און איך האָב זיך היינט, ווייסט איהר, געקליבען צו אייך,

— ענטפערט פרייליך שפּריץ. — איך וועל נאָר אויף איין מינוט ארייינלויפען ערגיץ וועגען געשעפט און באלד צו אייך.

— ניין, איך לאָז אייך ניט אָפּ, קאָמעדיאַנט איהר איינער, — האָט זיך סימע צעלאכט. — איהר וועט ווידער אנטלויפען. וואו וועל איך אייך געהן זוכען?

— איך וועל קומען, — האָט זיך שפּריץ צעלאכט. — שוין אַלע געשעפטען, פארשטעהט איהר מיך, געענדיגט, און איך קאָן געהן צו אייך. נאָר איין קלייניגקייט נאָך געבליבען א געשעפטעל אויף פינף מינוט.

— ניין, איך לאָז ניט אָפּ. איהר וועט אוועקגעהן אויף פינף מינוט און קומען איבער־א־יאָהר. קומט גלייך צו מיר. און וואָס הערט זיך וועגען אייער מוזשיק? געזעהען זיך מיט איהם?

— וועלכער מוזשיק? — האָט זיך שפּריץ פארוואונדערט.

— סטייטש וועלכער? — האָט זיך סימע אויך פארוואונדערט.

— אייער מוזשיק.

— אך, יענער, — האָט שפּריץ געענטפערט און ווידער צע־לאַכט זיך. ניין, איך וועל מיט יענעם ניט פאָהרען. דאַכט זיך, מען האָט איהם דער׳הרג׳עט. מיר וועלען פאָהרען מיט אַן אנדערען. נו, זייט געזונט. אין אַ האַלבע שעה ארום וועל איך זיין ביי אייך.

— קאָמעדיאַנט איהר איינער, — האָט איהם סימע אויפגע־וואָרפען. — קומט צו מיר פריהער. וואָס איז אייך דער אונטער־שייד? נו, גוט. איהר האָט אַ זייגער?

— איך האָב אַ זייגער, — האָט שפּריץ געענטפערט.

— טאָ גיט מיר דאָס פאַר אַ משכּן, אַז איהר וועט קומען, — האָט סימע פאָרגעשלאָגען. — נאָכ׳ן זייגער וועט איהר שוין זיכער קומען.

— עס געהט, — האָט זיך שפּריץ צעלאַכט. — נעהמט דעם זייגער. דאָס איז אַ גוטער איינפאַל.

— נו, — האָט סימע געזאָגט, האַלטענדיג אין די הענט שפּריצ׳ס זייגער, — איהר ווילט זיך צעקושען, קאָמעדיאַנט איהר איינער? — האָט ער זיך מיט׳ן בויך צעלאַכט. — נו, מיר האָבען זיך ניט וואָס צו קושען, — האָט ער חרטה געקראָגען, ווען שפּריץ האָט זיך שוין צוגעגרייט צום קוש. — נו, מילא, לאָמיר זיך צוקושען, האַ? אָדער מען דאַרף ניט? כאַפּט עס דער טייוועל. — איז ווען קומט איהר?

— אין אָווענט וועל איך ביי אייך זיין, — האָט שפּריץ גע־ענטפערט. — זעהט, פאַרלירט ניט מיין זייגער.

— קאָמעדיאַנט איינער, — האָט סימע געענטפערט. — איך וועל ניט פאַרלירען.

— איז עס געווען שפּריץ, צי ניט שפּריץ? — האָט זיך סימע געפרעגט, ווען זיין נייער דינפּיסיגער פריינט איז פאַרשוואונדען. — יאָ! איך האָב דאָך געזעהן זיין מייזעלע.

# VI

מען האָט געאַרבייט ביז צום אָוועקהלש'ען און אין משך פון דריי טעג איז מען געווען פאַרטיג. דאָס געלט האָט מען באַהאַלטען אין א וואַליז מיט א דאָפּעלטען דעק. די בריליאַנטען האָט מען איינגענעהט אין די וועסטען. און פאַר די פּערעל האָט שפּריץ צוגעטראַכט אַזאַ מין באַנדאַזש, וועלכען דראַטשקע האָט קרעכצענדיג אָנגעטאָן אויפ'ן בויך. פון א סך טייערע זאַכען האָט מען זיך געמוזט אָפּזאָגען מיט טרערען און מיט געוויין און לאָזען זיי דאָ. מען האָט אָנגעבראָטען קאַטשקעס און הינדלעך, און אין די רייזע־קליידער מיט די נויטיגע דאָקומענטען, וועלכע שפּריץ האָט באַזאָרגט איז מען אריבער אין דעם פאַרוויסטען גאַסט־צימער. עס איז געווען דריי בייטאָג, און מען האָט זיך געזעצט וואַרטען אויף שפּריצ'ן, כדי צו ריהרען זיך אין וועג אריין.

דער סעפּטעמבער־טאָג איז געווען א ווייסער, הילכיגער, זילבערנער. די זון איז אין געבראָכענע קוואַדראַטען געשוואומען איבער דער מעבעל. עס זענען אריינגעפלויגן צוויי פליגען פון עס־צימער און אוועקגעזעצט זיך דאָ אויף דער סאָפע זיך וואַרימען. זינע און סאָניע זענען געזעסען שטיל אין די טיפע שטולען, ניט וואָגענדיג צו צושטערען דאָס שווערע שווייגען. דראַטשקע האָט שטיל געוויינט. סימע האָט געשפּרייזט א מרה־שחורה'דיגער איבער'ן גאַסט־צימער, אביסעל א צעדרעהטער און געפּיהלט, אז איצט קומט פאַר עפּעס אַזוינס אין זיין לעבען, וואָס מען וועט קיינמאָל ניט קענען פאַרריכטען.

„אנו, ווער נאָר פרעהליכער", האָט ער געטראַכט. „וואָס נעהם איך זיך צום האַרצען? איך פאָהר אוועק, איך בין געזונט, איך נעהם מיט מיט זיך מיין דראַטשקע'ן. געלט און בריליאַנטען האָב איך גענוג. איך וועל זיך דאָרט נעהמען צו געשעפט. איך בין א מזל'דיגער. דאָ האָב איך פאַרלוירען די הייזער, וועל איך דאָרט קויפען אַנדערע, נאָך בעסערע. איך וועל ווערען א פראַנצויז, א דייטש, אָן ענגלענדער. לאָמיך ווערען פרעהליכער. איך וועל מעהר אין די פריהמאָרגענס ניט לייענען קיין דעקרעטען, איך וועל זיך כאָטש אויסשלאָפען. איך וועל מעהר ניט האָבען פאַר די אויגען די שטאָדט, וואָס איז געוואָרען א בית־עולם, איך וועל זיך טרעפען מיט לעבעדיגע

מענשען. אנו, לאָמיר נאָר ווערען פרעהליכער. קיינער וועט מיר ניט סטראשען צו דערשיסען. און פריינט און ווייטע באַקאַנטע וועט מען אויך ניט דערשיסען. איך וועל פּרואווען זינגען א מארש. פון מאַרש וועט ווערען פרעהליכער אויפ'ן האַרצען"...

„אלע ווינקעלאך זענען מיר דאָ טייער", האָט דאָראָטשקע געטראכט. „וואוהין פאָהר איך? צו וואָס פאָהר איך? ווייל סימע איז א טרום דאַרף מען אלץ אוועקווארפען. ווער האָט עס אויף אונז אָנגעשיקט די צרה, דעם שפּריץ'ן? ער האָט פארדרעהט דעם קאָפּ סימע'ן, געוואָרען דאָ דער גאַנצער באלעבאָס! וואָס שפּריץ וויל, דאָס טוט מען. אלע זאכען געמוזט צוליעב איהם איבערלאָזען. איך האָב זיך ביי איהם געבעטען: לאָמיר אָפּלייגען דאָס פאָהרען כאָטש אויף איין חודש. שפּריץ לאָזט ניט. אזוי אונז אָנגעשראָקען, אז איך האָב זיך גאָר אויפגעהערט צו שפּארען. געווען א גביר'טע און איצט א בעטלערקע. זינע און סאָניע וועלען דאָ זיין די באלעבאָסטעס. וועלען שלאָפען אין אונזערע בעטען. אלץ וואָס איך האָב איבערגעלאָזען וועט מען צע'גנב'ענען, צענעהמען, צעטראָגען. און וואָס טו איך? פאַרוואָס בין איך אויף דעם איינגעגאנגען?. איך האָב געדארפט זאָגען: ניין. אז סימע האָט ניט קיין כאראקטער. וואָס מען קען מיט מיר טאָן: איך וויל ניש פאָהרען און פאָהר. איך בין א מענש אָהן כאראקטער, און סימע איז אַ מענש אָהן כאראקטער, און יעדער זשוליק קאָן מיט אונז מאכען וואָס ער וויל. עס קומט אויס, אז אויב שפּריץ דאַרף פון דאַנעט אנטלויפען, דאַרף איך רואינירט ווערען און אנטלויפען צוליעב איהם. סאשענקע'ן נעביך, פארטריבען. און וואָס האָט מיך געארט סאשא? איך האָב אפילו סאשענקע'ן צוליב דעם עקעלהאַפטען שפּריצ'ן, מקריב געווען. איך קאָן שפּריצ'ן ניט אָנקוקען."

— וואָס־זשע וויינסטו? — האָט סימע אויפגעהערט זיינע מארשען, ווען ער האָט א קוק געטאָן אויף דאָראָטשקע'ן.

— איך וויין! אזוין עס איז מיר פרעהליך צו פאָהרען, מיינסטו? זאָל דיין שפּריצ'ן זיין אזוי פרעהליך, — האָט דאָראָטשקע געענטפערט.

— שפּריצ'ן? — האָט סימע איבערגעפרעגט. — וואָס האָט עס צו טאָן מיט שפּריצ'ן? אויב דו ווילסט בלייבען, איז נאָך ניט שפּעט. מיר האָבען מיט שפּריצ'ן ניט געמאכט קיין קאָנטראקט.

אויב דו ווילסט ניט, קאָן מען בלייבען. ווילסטו, פאָהרען מיר, ווילסטו ניט, וועלען מיר בלייבען.

— איצט, אז מען האָט זיך שוין אזוי פיעל אָנגעמוטשעט, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט, פון אלץ א תל געמאכט, הינדלאַך אָפּגעבראָטען. שפּריץ וועט קומען צו אונז רייסען פון אונז די הויט.

— איך פייף אויף שפּריצ'ן. וואָס שטעכסטו מיך אלץ מיט שפּריצ'ן? איך האָב מורא פאר שפּריצ'ן, אָדער איך פאָהר דען צוליעב איהם? ער האָט געארבייט, וועלען מיר איהם באצאָהלען, און א סוף מיט אן עק. איך שלעפּ דיך ניט. ווילסט, וועלען מיר פאָהרען. אויב ניט, קאָנען מיר בלייבען. אז מען וועט מיך דערשיסען ווי יאַקאָבסאָנ'ען, אָדער איך וועל אומקומען ווי כעלעש, איז פארפאלען. איך גיב זיך אונטער.

,,אנו, לאָמיר נאָר ווערען פרעהליכער", האָט זיך געטראָגען ביי איהם אין קאָפּ. ,,עפּעס איז מיר זעהר אומעטיג. איך וועל קומען קיין דייטשלאנד אָדער פראנקרייך, וועט מען זיך מיט מיר דאָרטען זעהר דערפרעהען, מיר וועלען זיך באלד א נעהם טאָן צו געשעפט. איך בין א מזל'דיגער. איך וועל קויפען א הויז אין פאריז, און איך וועל פייפען אויף אלע דעקרעטען. אנו, לאָמיר נאָר ווערען פרעהליכער!"

— איך וויל דען מען זאָל דיך דערשיסען? — האָט דאָראָטשקע פאר'צער'ט געזאָגט. — דאריבער האָב איך דאָך איינגעשטימט צו פאָהרען. און דו אליין פיהלסט דען, ווי שווער עס איז צו שיידען זיך מיט אונזער וואוינונג. מיר האָבען דאָך זי אזוי ליעב געהאט. טו נאָר אַדרבא א קוק, וואָס פאר א וואוינונג דאָס איז. וואו וועסטו געפינען אזא? און אויב דו וועסט יאָ געפינען, ווער ווייסט, צי מיר וועלען שוין זיין אימשטאַנד זי צו נעהמען. מיר וועלען זיך וואלגערען אין עפּעס א האָטעל. די פוטערוואַרג דאָ געלאָזען. ווען וועסטו מיר דען קענען קויפען נאָך אמאָל אזא פוטערוואַרג? מען וועט זיך דערוויסען, אז מיר זענען אוועקגעפאָהרען, וועלען די באָלשעוויקעס באלד צעשלעפּען אלץ, וואָס מיר האָבען דאָ איבערגעלאָזט. ביזט אן אמת'ער שטיין. שפּרייזט זיך ארום און זינגסט מארשען. אפילו דעם אינטערנאַציאָנאל אָנגעהויבען זינגען פון גרויס שמחה. און איך וואָלט יעדע וואנט אונזערע געקושט און געוויינט.

— טייערע דאָראָטשקע, — האָט זינא זיך אָנגענומען מיט

מוט און זיך ארײנגעמישט. — עס איז דאָך נאָך ניט שפּעט, איהר קענט נאָך חרטה האָבען.

— יאָ, איך קען, — האָט יענע געענטפערט, — ווי קען איך? און שפּריץ? ער וועט דאָך אונז ניט לאָזען לעבען, דער מערדער.

—האָב ניט מורא, — האָט זיך סימע אָפּגערופען, — ער וועט דיר שוין לאָזען לעבען. נאָר אויב דו ווילסט, אז מען זאָל מיך דער־שיסען, אויסגעצייכענט, — ווּעלען מיר פארבלייבען.

— און ווער האָט עס געזאָגט, אז אין אויסלאַנד איז אזוי גוט?

— האָט דאָראָטשקע גערעדט, ניט הערענדיג איהם. — ווער איז פון דאָרט אַ שטייגער געקומען? שפּריץ זאָגט! ער איז א קבצן. ער האָט חשק זיך דורכצופאָהרען קיין אויסלאַנד אויף אונזער חשבון. און איך וויים, אז בעסער ווי דאָ וועט אונז קיינמאָל אין ערגעץ ניט זיין. דאָ איז סימע ביי זיך, ער קען אַלעמען, אַלע קענען איהם. און דאָרט וועט איהם דער ערשטער שאַרלאַטאַן ארײנשלעפּען אין א גע־שעפט, אָפּנארען פון קאָפּ ביז די פּיס און מיר וועלען בלייבען אָרי־מעלייט. און די בלויע ראָטאָנדע ניט גענומען, און דעם הוט מיט די שטרויס־פעדערען ניט גענומען, און דעם קאָטיקענעם מאַנטעל מיינעם ניט גענומען — האָט זי זיך צעוויינט. — מען וועט אַלץ צעכאַפּען, און א וועלכע ניט איז באָלשעוויטשקע וועט געהן אין מיינע זאַכען, און איך וועל זיין א קבצנ׳טע. איך קאָן דיין שפּריצ׳ן ניט אָנקוקען, — האָט זי זיך מיט אַמאָל צעשריען.

— ווידער שפּריץ, —האָט סימע מיט פארדראָס געזאָגט. — און אָהן שפּריצ׳ן האָב איך דען ניט געוואָלט אנטלויפען? איך האָב דאָך איהם געזוכט, ניט ער מיך. נו, זאָג, — איז ער געבליבען שטעהן נעבען איהר, — ווילסט בלייבען? זאָג שוין אמאָל.

— ווי־זשע קאָן איך וועלען בלייבען, אז מיר זענען שוין אויפ׳ן וועג? טו נאָר א קוק, צי האָסט אָנגעטאָן דאָס וועסטעל מיט די ברי־ליאַנטען. האָסט דאָך געקענט אין דער לעצטער מינוט אָנטאָן אַן אַנדערס.

— דאָס, דאָס וועסטעל, וואָס דיר פאַלט איין. נו, זעה, צי איז עס? קענסט דאָך נאָך דערנאָך זאָגען, אז איך האָב אָנגעטאָן ניט די.

— יאָ, דאָס, וואָס־זשע דרינגט דערפון, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט, אָפּווישענדיג די טרערען.

— גאָרניט דרינג דערפון, — האָט ער געענטפערט. — און דיין באנדאזש האָט זיך ניט אויפגעבונדען? טו נאָר א קוק. זיי מוחל.

— ניט אויפגעבונדען, — האָט דאָראָטשקע געענטפערט, ארומטאַפּענדיג זיך. אזא זים לעבען ווינש איך שפּריצ'ן, ווי מיר איז איהם זים צו טראָגען. א באַנדאַזש מיט אמאָל. ער איז פון זינען גע־ריהרט דיין שפּריץ. צווינגען א פרוי, וועלכע הויבט ניט אָן צו וויסען פון קיין באנדאזשען, צו טראָגען אזא פּאַסקודסטווע. קיין קליגערע זאך ניט געקענט צוטראַכטען. גאָט מיינער, ווען וועל איך כאָטש פּטור ווערען פון שפּריצ'ן.

— שפּיעלסט מיר אָפּ א פיינע חתונה פאר'ן פאָהרען, — האָט סימע פאַרגעוואָרפען. — אנשטאט צו פרעהען זיך, וואָס מען ווערט פּטור פון די אַלע צרות, איז טרעהרען, א לויה. מען זידעלט אזא טייערען מענשען, ווי שפּריץ. טו נאָר א טראַכט ווי גיך און גוט ער האָט ער אלץ איינגעאָרדענט.

— בעסער וואָלט ער זיך געפיהרט צו דער לויה, איידער מיך איבער דעי גרעניץ, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט, פּלוצים ארומגע־כאַפּט פון דעם געדאנק, ווי אומגליקליך זי איז. זי איז מקנא זינע'ן, סאָניע'ן. איבערגעלאָזט זיי א סך געלט,, איבערגעגעבען זיי די גאַנצע באַלעבאטישקייט, אלע קליידער, דיוואנעס, שטיקער שטאָף, וועקס־לען, פּאַפּירען. זיי וועלען זיך דאָ לאָזען וואוילגעהן, כאָטש זיי מאַ־כען זיך איצט וויינענדיג. פראק וועט קומען צו זיי צו גאסט, פאר־ברענגען מיט זיי, און זי נעביך, וועט זיך דאַרפען זוכען אַן אָרט, וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרען.

— גוט, אויב דו ווילסט ניט, וועלען מיר פארבלייבען, — האָט סימע ווידער געזאָגט, דערפיהלענדיג מיטלייד צו איהר. — כאַפּט איהם דער טייוועל. צו וואָס זיך אזוי פיעל אָפּעסען דאָס האַרץ? אויב מיר קענען ניט, דאַרף מען ניט. מיט איין וואָרט, ווי דו ווילסט, געהט עס צום טייוועל.

— און דו ווייסט סימע, פון דער מינוט אָן, וואָס איך האָב דערזעהן שפּריץ'ן ביי אונז אין הויז, האָט זיך ביי מיר אָנגעהויבען א האַרצקלאַפּעניש. און דאָס האַרץ זאָגט מיר אזוי פיעל שלעכטס.

— זאָג איך דאָך דיר, אז מיר פאָהרען ניט. מען דאַרף ניט. נו, מיר האָבען זיך אָנגעהאָרעוועט, צוגעגרייט זיך, און חרטה געקראָ־גען. וואָס איז, איך האָב ניט קיין רעכט חרטה צו האָבען? דאָס פיהרט

זיך ביי אנדערע, אז געזאָגט א וואָרט, איז כאָטש שטאַרב, וועט ער עס טאָן. און ביי מיר איז אַנדערש. וויל איך, טו איך. הער איך אויף וועלן, טו איך ניט. נו, ווי בלייבט — מיר פאָהרען צי ניט? איך קען אי אַזוי אי אזוי.

— וואָס איז, מיר האָבען עפּעס געמאַכט אַ קאָנטראַקט מיט שפּריצ'ן? — האָט דראָטשקע געפרעגט, און ווי איינע וואָס איז גערעכט אַ קוק געטאָן אויף זינע'ן און סאָניע'ן.

— אודאי, — האָבעןביידע אין איין קול געזאָגט.

— מיר האָבען זיך טאַקי אַ היבש ביסעל אָנגעאַרבייט. — האָט סימע געזאָגט, — ביז מיר האָבען עס געקראָגען די פּאַפּירען און א וויזע, אויסגעגראָבען פון קעלער די שקאַטולקע, איצט דאַרף מען זי דאָרט ווידער באַשטאַטען.

יאָ, און טאָמער וועט מען דיך חלילה דערשיסען, — האָט דראָטשקע געזאָגט, — וועט אויסקומען, אז איך בין שולדיג אין דיין טוידט, ניין, לאָמיר שוין בעסער פאָהרען, האָט זי זיך ווידער צע־וויינט.

— זאָגט, איך בעט אייך, פארוואָס זאָל מען מיך דערשיסען!

— האָט סימע געענטפערט. — ניין, טאקע פארוואָס? איך בין א מזל'דיגער. וויפיעל האָט מען שוין דערשאָסען, אָבער מיך האָט מען ניט געטשעפּעט. בלויז איינמאָל ארעסטירט און דאָס איז אויך אריבער כשר. פארוואָס זאָל מען מיך דערשיסען? — האָט סימע געפרעגט, ניט פיהלענדיג די מינדעסטעס געפאהר, ווייל ער האָט געהאט א וויזע אין קעשענע. — איך בין ניט קיין קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, איך בין א "סאָוובויר". איך האָב פארבינדונגען. פּראַק איז דאָ. פארוואָס זאָל איך דאַרפען אוועקפאָהרען?

— אָט דאָס טענה איך דאָך.—האָט דראָטשקע איהם אונטער־געהאָלפען, —אָבער אז איך טו א טראכט, אז פאר דיר איז דאָ די קלענסטע געפאהר, דארף איך דעמאָלט קיין זאך ניט. ביזט ביי מיר א מזל'דיגער. מיר וועלען זיין אין אויסלאנד, וועסט דאָרט פיהרען געשעפטען און וועסט מיר קויפען נאָך טייערע פוטערס, ווי די וועלכע מיר לאָזען דאָ. דאָרט אז מען וועט קויפען א הויז, וועט עס זיין געקויפט. קיינער וועט עס ניט צונעמען. מיר וועלען דאָרט האָבען פיינע באקאנטשאפט, איך וועל זיך אָנטאָן לויט דער

לעצטער מאָדע. און דאָ איז וואָס? קענסט זיך אפילו ניט אויס־שלאָפען, ווי עס באדארף צו זיין. דעקרעטען און ווידער דעקרעטען.

— עס איז גאָר ניט אזוי, — האָט סימע ניט געוואָלט איינ־שטימען. די דעקרעטען האָבען אונז קיינמאָל ניט געארט. וואָס זענען אונז אָנגעגאנגען די דעקרעטען. האָבען דיר די דעקרעטן גע־שטערט אין עפּעס? מיר לעבען ווי מיר האָבען שטענדיג געלעבט, נאָך בעסער. קיינער דערוועגט זיך איצט ניט צו טשעפּען א אידען. איך פיהל דען, אז איך בין א איד? עס איז אויס גלות. קיינער דער־וועגט זיך ניט א פּיפּס צו טאָן. בין מיט אלעמען אויסגעבינדען, אויב ניט אליין, איז דורך באקאנטע באָלשעוויקעס. צי וואָס דאָס פאָהרען? עס וועט אריבער א יאָהר, צוויי, אלץ וועט זיך איינ־אָרדנען, און מיר וועלען זיין מיליאָנערען. אין איוסלאנד וועלען אלע זיין קבצנים, און איך אליין וואָלט אויך געוואָרען א קבצן. איך פאָהר ניט, נעמט עס דער טייוועל.

— ער פאָהרט שוין ניט, — האָט דאָראָטשקע אויסגערופען דערפרעהט אוני צו דערזעלבער צייט דערשראָקען, וואָס מען מוז בלייבען און ריזיקירען מיט סימע'ס לעבען. — עס איז אונז גרינג אָנגעקומען דאָס קלייבען זיך. ניין, לאָמיר שוין פאָהרען. זאָל זיין וואָס עס וועט זיין. טאָמער וועט מען דיך אמאָל ארעסטירען, וועל איך זיך ניט מוחל זיין. ניין, מיר מוזען פאָהרען. א שאָד טאקע — האָט זי זיך ווידער צואוויינט, — ביזט גערעכט, נאָר איך האָב מורא. ניין, מיר וועלען פאָהרען. מיר האָבען באשלאָסען, וועלען מיר פאָהרען.

— אָבער ווער וועט מיך ארעסטירען, וואָס פאלט דיר איין, — האָט סימע זיך אָנגעהויבען אמפּערן. — פארוואָס? איך ארבייט עהרליך. בין ניט קיין סאבאָטאזשניק. איך פאָהר ניט; נעהמט עס דער טייוועל. אוועקוואַרפען אזא פארמעגען, פארוואָס? האָב איך דען ניט געארבייט ווי א פערד? אין יעדער זאך דאָ ליגט מיין פראצע, מיין מוח. ניין, איך האָב באשלאָסען, איך פאָהר ניט. איצט וועל איך שוין קיין חרטה ניט האָבען. ווארף פון זיך אראָפּ די רייזע־זאכען. זינע, סאָניע, בין איך דען ניט גערעכט, וואָס זאָגט איהר? ערשט איצט וועלען מיר דאָך דערפיהלען, ווי גוט עס איז אונז דאָ. איך שווער זיך, אז מעהר וועל איך זיך שוין ניט שרעקען. ווער עס וויל זיך זאָל זיך שלעפּען איבער די וועגען, אפשר אין

רעגענס און אין בלאָטע, און איך וויל ניט. איך שווער זיך, אז איך וועל אויפהערען מורא האָבען. פאַרוואָס זאָל איך דאָ מורא האָבען, אז מען קען מיך אונטערוועגס אויך דער׳הרג׳ענען און באַראַבעווען. איך פאָהר ניט.

— ניין, — האָט זיך דאָראָטשקע אַלץ מעהר געשראָקען, — פאַרפאַלען. צוגעגרייט זיך, דאַרף מען פאָהרען. לויף ניט איבער׳ן צימער. זעץ זיך צו, וועלען מיר זיך רוהיג דורכריידען. דו האָסט דאָך שוין אזא טבע ארומצופאָהרען הין און צוריק, און איך בין אַן אנדער מענש. אַז איך האָב געזאָגט, האַלט איך וואָרט. לאָמיר זיך נאָך אמאָל דורכגעהען. לאָמיר זיך נאָך אמאָל א קוק טאָן אויף אונזער ליעבע טייערע וואוינונג און זיך געזעגנען מיט יעדען ווינ־קעלע. מיין גאָט, ווי גליקליך איך בין דאָ געווען. פאַרפאַלען, מיר פאָהרען, מסתמא באַשערט אַזוי. דיין לעבען איז מיר טייערער ווי אַלץ אין דער וועלט.

— און איך בלייב, — האָט סימע געזאָגט. — געווען א נאַ־רישקייט דאָס קלייבען זיך. נאָר נאָך נארישער וועט זיין, אויב איך וועל נאָך דער ערשטער, טאָן א צווייטע ערגערע נאַרישקייט. א קלוגער מענש מעג וועלען און אויפהערען וועלען. איך פאָהר ניט, נעמט עס דער טייוועל. האַ? אָדער יאָ פאָהרען?

עס האָט זיך דערהערט א קלונג. סימע איז בלייך געוואָרען און הילפלאָז אַלעמען אָנגעקוקט.

— דאָס איז שפּריץ, — האָט ער געזאָגט. — איז ווי, פאָהרען מיר צי ניט? נו, באַשליסט.

—האָסט דאָך שוין ניט געוואָלט פאָהרען, — האָט דאָראָטשקע געזאָגט און ווידער צואווײנט זיך.

— אָבער דו האָסט דאָך שוין געוואָלט פאָהרען, — האָט סימע אָפּגעענטפערט. ״א־נו לאָמיר ווערען פרעהליך״, האָט ער געטראַכט. ״איך וועל ווערען א פראַנצויזישער אונטערטאַן, וועל טראָגען א צילינדער. ניין, עפּעס פרעהט עס ניט. א־נו לאָמיר נאָר ווערען פרעהליך״...

זינע האָט אריינגעפיהרט שפּריץ׳ן. ער האָט געשטראַלט און געטראָגען אין האַנד א קליין פּעקעלע.

—זייט איהר גרייט? — האָט ער געזאָגט צו סימע׳ן, דער־

לאנגענדיג איהם זיין סימפאטישע געשפרינקעלטע האנד. — דאָס וועטער, פארשטעהט איהר מיך, איז אויסגעצייכענט.

— איהר ווייסט, — האָט זיך סימע אָנגעהויבען זאאיקען, — עפּעס זענען מיר ניט איגנאנצען גרייט. מיין דראָטשקע, ווי איהר זעהט, האַלט אין איין קלאָגען.

— וואָס לייגסטו אלץ אָפּ אויף מיר? — האָט זיך דראָטשקע באלײדיגט. — און וואָס האָסטו אליין גערעדט ביינאכט? און דו ביינאכט האָסט ניט געוויינט?

— קינדערייען, — האָט שפּריץ ענערגיש געזאָגט, — קיין שום פארברעכער וואָלט ניט געדארפט מיט אזא שמחה אנטלויפען פון דאנענט, ווי איהר.

— הערט, שפּריץ, — האָט סימע ניט דרייסט פאַרגעשלאָגען, — אפשר וואָלטען מיר געשיקט צום טייוועל די גאנצע רייזע? צו וואָס, למשל, דארפט איהר פאָהרען? איהר זייט יונג, געזונט, צו וואָס זאָלט איהר זיך שלעפּען קיין אויסלאנד? וואָס וועט איהר דאָרט טאָן?

— דאכט זיך, איך האָב זיך מיט אייך ניט געהאלטען קיין עצה וועגען מיין פאָהרען, — האָט זיך שפּריץ פארוואונדערט. — און איך בין איצט ניט געקומען צו אייך פרעגען אייער מיינונג, וואָס איך דארף איצט טאָן.

— געוויס, געוויס, — האָט זיך סימע דערשראָקען פאר זיין טאָן, — איהר זייט גערעכט. נאָר וואָס וועל איך טאָן אין אויסלאנד? נו, זאָגט אדרבא, — פונקט ווי ער וואָלט ערווארט פון שפּריץ'ן נייע שטארקע ארגומענטען, וואָס זאָלען איהם צווינגען צו פאָהרען. — וואָס וועל איך טאָן מיט איהר אין אויסלאנד? מען וועט דאָך דאָרט פון אונז לאכען אין די פויסטען. און דאָ זענען מיר ווי א פיש אין וואסער.

— האָט איהר עס געדארפט פריהער באטראכטען, — שפּריץ'ן איז שווער געווען צו קאָנטראָלירען זיין כעס איבער דעם, וואָס די זאך האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרניט.

— וואָס מאכט עס אויס, אויב איך האָב זיך איצט באטראכט.

— האָט סימע געענטפערט. — וואו וועלען מיר זיך מיט איהר ארומשלעפּען. און קוקט נאָר אָן, עס וועט דאָך פאָהרען א מת, — הינטער איהר. נעמט עס דער טייוועל, לאָמיר בלייבען.

— און פאר אייך וואָלט אויך גלייכער געווען צו בלייבן, — האָט דראָטשקע געזאָגט.

— דאָס ווייס איך שוין אליין וואָס פאר מיר איז גלייכער פאָהרען צי בלייבען, — האָט שפּריץ מיט כעס געענטפערט.

— נאָר ניט בייז זיין, טייערער שפּריץ, — האָט סימע גע־בעטען. — איך האָב דאָך קיין קאָנטראַקט מיט אייך ניט געמאכט.

— בלייבט אויך, — האָט דראָטשקע פאָרגעשלאָגען. איהר זייט א יונגערמאן. סעמיאָן גריגאָריעוויטש וועט שוין זעהען, אז איהר זאָלט זיך דאָ גוט איינאָרדנען, מיר האָבען גרויסע באקאנט־שאפט. אָט צום ביישפּיעל חבר פּראק, ער איז אונזערער א נאָהנטער באקאנטער און קען אלץ טאָן. אמת, סימע, חבר פּראק וועט אלץ טאָן?

— געוויס, — האָט סימע געענטפערט. — פּראק איז מיין פריינד. ער קען אלץ.

— ווייסט איהר וואָס — האָט שפּריץ געזאָגט, — איך האָב זיך אָנגעזעהען גענוג מענשען אין מיין לעבען, נאָר אזעלכע מאָדנע מענשען האָב איך נאָך ניט באגעגענט. אזויפיעל זיך אָנלויפען, אָנ־ארבייטען, מיט אזוי פיעל מיה קריגען די ערלויבניש אוועקצו־פאָהרען און איינמאָל פּטור ווערען פון דער משוגענער שטאָדט, און אין דער לעצטער מינוט זיך אָפּזאָגען, אזוינס איז נאָך אין דער וועלט ניט געהערט געוואָרען. אָבער, מענש איינער, ווי איז אויב מען וועט אייך מאָרגען דערשיסען? איהר וועט דאָך מיך פארשעלטען וואָס איך האָב אייך דאָ געלאָזט בלייבען.

— און אויב טאקע, סימע, — האָט זיך דראָטשקע איבער־געשראָקען. איך זאָג: מען דארף פאָהרען.

— טאָ לאָמיר פאָהרען, נעהמט עס דער טייוועל, אויב אזוי. איך זאָג, אז איך וועל ניט פאָהרען. נאָר אויב דו ווילסט... גוט, לאָמיר זיך אָנהויבען געזעגנען, — האָט ער געזאָגט.

זינע און סאָניע האָבען זיך אויפ'ן קול צואוויינט און אויפ־געהויבען זיך.

סימע איז געשטאנען, געוואַרט און געטראַכט: "א־נו, לאָמיר פרעהליך ווערען."

— אָדער ניין, מיר פאָהרען ניט. נעהמט עס דער טייוועל! — האָט ער זיך אליין צעלאַכט. — עפּעס דאָס הארץ לאָזט ניט פאָהרען.

האָ?! דאָראָטשקע, וואָס זאָגסטו? אָדער מיר פאָהרען יאָ? איך בין גרייט. האָ? אָדער מיר בלייבען, שפּריץ טייערער — האָט סימע געזאָגט פיינינגענדיג זיך פון צווייפעל און ווענדיג, אז אימיצער זאָל פאר איהם באשליסען די פראגע. — דאָראָטשקע, מיר בלייבען! — האָט ער אויסגעשריען. — איך בלייב.

— זייט איהר א טשיקאווער מענש! — איז שפּריץ ענטציקט געוואָרען פון סימע'ן. — ניין, מיט אייך איז א געפאהר צו פאָהרען. איהר קאָנט זיך נאָך אומקערען פון דער סאמע גרעניץ. איז טאקע שוין גלייכער צו בלייבען. אויב אזוי, גראטוליר איך אייך מיט אייער צוריקקומען אהיים.

— און איך גראטוליר אייך אויך — האָט זיך סימע צע־לאכט. — טייערער שפּריץ, זייט ניט אין כעס אויף מיר. איך וועל אייך אזוי ניט לאָזען. איצט בלייבט אונז צו טאָן איין זאך: אריינ־געהען אין עסצימער און נעהמען זיך צו דער קאטשקע, וועלכע מיין דאָראָטשקע האָט אזוי ליעב.

— און איך האָב זיי נאָך אזוי גוט צוגעבראָטען! — האָט סאָניע א גליקליכע געזאָגט.

— יאָ — האָט דאָראָטשקע באשטעטיגט. — די קאטשקעס האָבען זיך איינגעגעבען, אז עס איז אן אנטיק. איהר וועט זיך אין דעם באלד איבערצייגען.

— איצט — האָט סימע געזאָגט — לייגט אוועק, טייערער שפּריץ, אייער פעקעל וואָס איהר האָט זיך אָנגעגרייט אין וועג אריין, און קומט אין עסצימער. זינע, סאָניע, טייערינקע, גיט אונז עסען. איך בין זעהר הונגעריג. און דערלאנגט וויין, און בראָפּען אויך. נעהמט עס דער טייוועל! אָדער מיר פאָהרען? — האָט ער זיך אויסגעדרעהט צו דאָראָטשקע'ן. — ווי דו ווילסט. ווייסט דאָך, אויב פאָהרען, וועלען מיר פאָהרען. אויב דו ווילסט ניט, וועלען מיר ניט פאָהרען.

— גענוג שוין, גענוג — האָט שפּריץ געלאכט. — איך האָב קיינמאָל ניט גערעכנט זיך, אז עס וועט זיך אזוי מאָדנע אויסלאָזען. און איך האָב געארבייט, די שוועלען אָפּגעשלאָגען, נאָך קיינמאָל ניט אזוי פיעל ניט געסטארעט זיך.

— דערפאר זייט איהר אָבער געקומען קיין רוסלאנד — האָט דאָראָטשקע געזאָגט.

איצט האָט איהר שפּריץ אָנגעהויבען שטאַרק געפּעלען.

"און אפשר נאָכ'ן עסען פאַרשלאָגען, אז מען זאָל אוועקפאָהרען?", האָט סימע געטראכט געהענדיג מיט שפּריץ'ן אין עסצימער אריין. "וואָס בין איך פאר א מענש? א שרעק, א שרעק!"

אויפ'ן טיש איז געשטאנען די קאטשקע, פארבייסענס און בראָנפען.

— פאר אונזער היים! — האָט סימע פאַרגעשלאָגען א טאָסט.

— ווייל עס איז ניטאָ קיין בעסערע זאך אין דער וועלט ווי אן אייגענע היים!

"און אפשר פאַרט אוועקפאָהרען?", האָט זיך געטראָגען ביי איהם אין מוח. "אָדער בלייבען, הא?"

אלע האָבען מיט א שמייכעל אויפגעהויבען די גלעזלאך.

—איהר ווייסט? אזעלכע משודאקעס ווי איהר האָב איך נאָך אין מיין לעבען ניט געטראָפען. זאָל זיין פאר דער אייביגער, ליע־בער, הארציגער היים! — האָט שפּריץ געזאָגט און אריינגעגאָסען אין זיך א גלעזעל.

# אינהאלט:

# ס ע מ י א ן
# יושקעוויטש

### ג ע ז א מ ע ל ט ע  ש ר י פ ט ע ן
### א ו י ף  א י ד י ש

I. אידען; די אונשולדיגע; אין א ווינקעלע.

II. פיעסען.

III. עפיזאדען.

